דאָס סאָוועטישע פֿאָלק
איז אַרײַנגעטראָטן
אינעם צווייטן יאָר
פֿון דעם צוועלפֿטן פֿינפֿיאָר.
עס שטייט פֿאַר צו פֿאַרווירקלעכן
גראַנדיעזע פּלענער פֿון אויפֿבוי און איבערבוי,
וואָס עס וועט זײַן
די ווירדיקסטע מאַטאָנע
צום 50־טן יאָרטאָג
פֿון דעם גרויסן אָקטיאַבער.
אין אָט דער וווּנדערלעכער
פֿאַר אונדזער סאָציאַליסטיש היימלאַנד צײַט
ווינטשן מיר די לייענער
א גליקלעך
שעפֿעדיק נײַ־יאָר!



# סאָוועטיש היימלאַנד

ליטעראַריש-קינסטלערישער
כוידעש-זשורנאַל

אָרגאַן פון שרײַבער־פאַרבאַנד פון ססרר

דערשײַנט פון 1961

פאַרלאַג „סאָוועטסקי פּיסאַטעל"
מאָסקווע

יאַנוואַר

1

1987

# אינהאַלט

# אף דער פײַערלעכער פאַרזאַמלונג, געווידמעט דער באַלוינונג פונעם זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד“ מיטן אָרדן פון פעלקער־פרײַנטשאַפט

רעדע
פונעם פאָרזיצער פון דעם שרײַבער־
פאַרבאַנד פון פססר
גענאַדי מאַרקאָוו

טײַערע כאַווײרים!

כאַשעווע געסט!

ס'איז געוואָרן 25 יאָר, זינט עס האָט זיך באַוויזן אף דער ליכטיקער שײַן דער זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד“. נאַטירלעך, אז הײַנט זײַנען אונדזערע געדאַנקען געווענדט קוידעמקאָל צו די גראַנדיעזע איבערגעשטאַלטיקונגען, וואָס קומען פאָר אין אונדזער לאַנד לויטן ווילן פון דער פאַרטיי און פונעם סאָוועטישן פאָלק און וועלכע לייגן אַרוף אף די טויער פונעם אידעאָלאָגישן פראָנט, אף די טויער פון דער ליטעראַטור און קונסט, אף אַלע דרוק־אויסגאַבעס ערנסטע היסכײַוועסן.

דער VIII צוזאַמענפאָר פון די סאָוועטישע שרײַבער, וועלכער איז דורכגעגאַנגען זומער הײַנטיקס יאָר, האָט א קער געטאָן אונדזער שעפערישן פאַרבאַנד מיטן פּאָנעם צו די מערקווירדיקע באַנײַונגס־פּראָצעסן אין אַלע ספערן פונעם סאָציאַל־עקאָנאָמישן און געזעלשאַפטלעך־פּאָליטישן לעבן אין לאַנד, צו די אויפגאַבן, וועלכע ווערן דיקטירט מיצאַד די מאַסשטאַבן פון איבערבויונג, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן נאָך דעם אַפּרעל־פּלענום פון צק פון קפּסס און איז באַווייליקט געוואָרן מיצאַד דעם XXVII צוזאַמענפאָר פון דער קאָמוניסטישער פאַרטיי פונעם סאָוועטנפאַרבאַנד.

דער זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד“, זײַן רעדקאָלעגיע, די רעדאַקציע־אָפּטיילן, זײַן אויטאָר־קאָלעקטיוו האָבן געמאַכט ריכטיקע אויספירן פון יענע אויפגאַבן, וועלכע די צײַט האָט געשטעלט פאַר אונדזער ליטעראַטור. אף די שפּאַלטן פונעם זשורנאַל נעמט אָן קראַפט די טעמע וועגן דער סאָציאַל־עקאָנאָמישער פאַרשנעלערונג און די ענדערונגען אין דעם לעבן פון דער געזעלשאַפט. די שריפטשטעלער, עסייִסטן און פובליציסטן, וועלכע שרײַבן אף ייִדיש, האָבן אונטערגענומען נאָך ערעוו דעם XXVII פאַרטיי־צוזאַמענפאָר א ברייטע שעפערישע עקספּעדיציע אין דער געדיכטעניש פונעם פאָלקס־לעבן, און אין רעזולטאַט דערפון האָבן די לייענער באַקומען פיר טעמאַטישע נומערן, וועלכע זײַנען פולקום אָפּגעגעבן געוואָרן דעם דאָקומענטאַלן פאַרצייכענונגס־זשאַנער. אין די דאָזיקע ביכלעך פון „סאָוועטיש היימלאַנד“ ווערט געפירט אָן אָפענער און פרינציפּיעלער שמועס וועגן דעם לעבן פון די סאָוועטישע ייִדן אין די 80־ער יאָרן פון אונדזער יאָרהונדערט, וועגן זייער אָרט אין דער ברידערלעכער מישפּאָכע פון די סאָוועטישע פעלקער, וועלכע בויען דעם קאָמוניזם. נאַטירלעך, אז די דאָזיקע אַרויסטרעטונגען פונעם זשורנאַל האָבן געשפּילט זייער ראָליע אין אונדזער קאָנטרפּראָפּאַגאַנדיסטישער אַרבעט, וואָס איז באַרופן צו דעמאַסקירן דעם שעקער פון די אַנטיסאָוועטשיקעס וועגן דעם לעבן אין אונדזער לאַנד, די אָנפאַלן אף דער לעניניסטער נאַציאָנאַלער פּאָליטיק פון דער קאָמוניסטישער פאַרטיי.

דער זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד“ ווײַזט אַרויס שוין פונעם ערשטן נומער זײַנעם א קאָנסעקווענטע אַקטיווקײַט אינעם דערציִען זײַנע לייענער אין גײַסט פון פּראָלעטאַרישן אינטערנאַציאָנאַליזם און סאָוועטישן פּאַטריאָטיזם. דער קאַמף פאַר שאָלעם אף דער וועלט, פאַר דער שאַפונג און אויפבלי פון די פעלקער, קעגן די אונטערצינדער פון א נוקלעאַרער מילכאָמע — דאָס איז די הויפּט־טעמע

פונעם זשורנאַל. באַגלײַך מיט די ליטעראַטן, וועלכע שרײַבן אויף יִדיש, האַלטן זיך פאַר אוטאָרן פונעם יִדישן זשורנאַל די בעסטע פאָרשטייער פון דער רוסישער, אוקראַיִנישער, ווײַסרוסישער, גרוזינישער, קירגיזישער און פון אַנדערע ליטעראַטורן. ניט צופעליק טרעפן מיר אויף די שפּאַלטן פונעם זשורנאַל טשינגיז אײַטמאַטאָוון און סערגיי באַרוזדינען, וולאַדימיר קאַרפּאָוון און אַנאַטאָלי איוואַנאָוון, יורי גריבאָוון און יעגאָר איסײַעוון, יאַנקאַ ברילן און דמיטראָ פּאַווליטשקאָן, אַנדריי לופּאַנען און גריגאָל אַבאַשידזען, געאָרגי גוליִאַן און מיכאַיל לוואָוון און פיל אַנדערע שריפטשטעלער. דער שעפערישער פרײַנטשאַפט־בונד פון די יִדישע סאָוועטישע שריפטשטעלער, וועמענס אויטאָריטעט אינעם אַלגעמיין־ליטעראַרישן פראָצעס איז אומפאַרענדערלעך, מיט די שריפטשטעלער פון אַנדערע נאַציעס און פעלקערשאַפטן איז אַ וויכטיקער סטימול אין זייער טעטיקייט. אין דער לעצטער צײַט האָבן די יִדישע שריפטשטעלער דערפרייט די לייענער מיט דער אויסגאַבע פון אַן אינהאַלטסרײַכן יאָרבוך „יאָר נאָך יאָר", מיט אַן אַנטאָלאָגישן זאַמלבוך פון דער סאָוועטישער יִדישער פּאָעזיע פונעם נאָך־אָקטיאַבער־פּעריִאָד.

מע קאָן נישט הײַנט ניט דערמאָנען וועגן די 247 ביכער פון יִדישע שריפטשטעלער, וואָס זײַנען דערשינען פאַרן פאַרגאַנגענעם פּעריִאָד אין דער איבערזעצונג אויף רוסיש בלויז אין אונדזערע צענטראַלע פאַרלאַגן „סאָוועטסקי פּיסאַטעל", „כודאָזשעסטווענאַיאַ ליטעראַטורא", „דיעטסקאַיאַ ליטעראַטורא". צוזאַמען מיט די 127 ביכער, וועלכע ס'האָבן אַרויסגעגעבן די סאָוועטישע יִדישע שריפטשטעלער אויף זייער מאַמע־לשון יִדיש, ווי אויך מיט די 132 ביכער, וואָס זײַנען דערשינען אין דער איבערזעצונג פון יִדיש אין ליטע, מאָלדאַוויע, ווײַסרוסלאַנד, אוקראַיִנע, כאַבאַראָווסקער קאַנט, האָט דער אַלפאַרבאַנדישער לייענער באַקומען אַ גאַנצע ביבליִאָטעק פון דער סאָוועטישער יִדישער ליטעראַטור.

די פאַרוואַלטונג פונעם אַלפאַרבאַנדישן שרײַבער־פאַריין האָט מיט צופרידנקייט אָפּגעמערקט אַ ריי איניציִאַטיוון פונעם זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד", מיט וועלכע ער איז אַרויסגעטראָטן. איינוויניק אין דער עצם אויסגאַבע זײַנען געפונען געוואָרן די נייטיקע מיטלען — אַ פּאַפּיר־ און האָנאָראַר־פאָנד, — קעדיי אַרויסלאָזן אַ כּוידעשלעכע ביכער־בײַלאַגע. עס איז באַוווּסט, אַז אָט די דערפאַרונג



פון „סאָוועטיש היימלאַנד“ האָבן אויסגענוצט אויך אנדערע זשורנאַלן, בא וועלכע ס׳האָבן אויך זיך באַוויזן אַזעלכע ביי־לאַגעס. „סאָוועטיש היימלאַנד“ איז אין מעשעך פון אַלע יאָרן געווען א בײַשפּיל פון קעמפערישקייט, ווען ער האָט דעמאַסקירט די פאַשיסטישע פאַרברעכער און זייערע ציוניסטישע נאָכבאָמקער. דער זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד“ האָט רעכטצײַטיק פאַנאַנדערגעוויקלט אף זײַנע שפּאַלטן א באַשטענדיקע רובריק „דאָס קאָסמישע ווינקל“, אין וועלכן עס זײַנען שוין פּובליקירט געוואָרן ווערק פון די רומפולע העלדן פונעם קאָסמאָס געאָרגי בערעגאָוואָי, פּאַוועל פּאָפּאָוויטש, פּיאָטער קלימוק אאַ.

פאַרשטייט זיך, אז דער זשורנאַל פאַרמאָגט נאָך גענוג רעזערוון, קעדיי פאַרבעסערן די אַרבעט, און מיר האָפן, אז סײַ די רעדקאָלעגיע, סײַ דער אווטאָר־קאָלעקטיוו וועלן צולייגן אַלע באַמיִונגען צו העכערן אף ווײַטער די קוואַליטעט פון די פּובליקירטע ווערק, זייער אידייִש־קינסטלערישן ניוואָ.

מיר פאַרשאַפט גרויס פאַרגעניגן אויסצופילן דעם אופטראָג פונעם פּרעזידיום פון דעם אויבער־סאָוועט פון פּססר און איבערגעבן פון זײַן נאָמען די הויכע רעגירונגס־באַלוינונג — דעם אָרדען פון פעלקער־פרײַנטשאַפט — דעם ליטעראַריש־קינסטלערישן זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד“, דעם אָרגאַן פון דער פאַרוואַלטונג פונעם שרײַבער־פאַרבאַנד פון פּססר.

טײַערע פרײַנט!

דערלויבט מיר איצט איבערלייענען דעם אוקאַז פונעם פּרעזידיום פון אויבער־סאָוועט פון פּססר וועגן באַלוינען דעם זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד“ (געאָרגי מאַרקאָוו לייענט דעם אוקאַז, פעסטיקט צו דעם אָרדען פון פעלקער־פרײַנטשאַפט צו דער פאָן פונעם קאָלעקטיוו פון דעם זשורנאַל).

כאַווייריִם!

דערלויבט מיר האַרציק באַגריסן די רעדקאָלעגיע פונעם זשורנאַל, דעם קאָלעקטיוו מיטאַרבעטער און די אווטאָרן, די לייענער מיטן יויוול, מיט דער הויכער באַלוינונג פונעם היימלאַנד און ווינטשן אײַך אַלעמען נײַע דערפאָלגן אין דער אַרבעט, נײַע שעפערישע דערגרייכונגען צום גונסטן פון אונדזער גאַנצער סאָוועטישער פילנאַציאָנאַלער ליטעראַטור, א טריומף פון שאָלעם און פרײַנטשאַפט אף אונדזער פּלאַנעטע!






## רעדע
## פון דעם הויפּט־רעדאַקטאָר פונעם זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד“
## אַרן ווערגעליס

טײַערע פרײַנט!

דאָס האַרץ באַ יעדן פון אונדז איז אין אָט די מינוטן פול מיט פרייד, און דאָס איז פאַרשטענדלעך, ווײַל דער מעלוכע־אָרדען, וואָס איז אָקאָרשט צוגעפּעסטיקט געוואָרן צו דער פאָן פונעם זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד“, שײַנט שוין אױף דער ברוסט באַ יעדן פון זײַנע אווטאָרן און לייענער, באַ אַלע שעפער זײַנע. ס'איז אויך פאַרשטענדלעך דאָס געפיל פון דאַנקבאַרקײַט פאַר דער ברייטהאַרציקער באַלוינונג, דער יאַשער־קויעך, וואָס איז געווענדט צום צענטראַל־קאָמיטעט פון אונדזער פּאַרטיי, צו דער סאָוועטישער רעגירונג, צום פּרעזידיום פונעם אויבער־סאָוועט פון פססר. ווען אױף דער הילע פונעם זשורנאַל, אױף וועלכער ס'זײַנען אַרופגעטראָגן די ווערטער „סאָוועטיש היימלאַנד“, וועט געפינען אַן אָרט דער אָנגעצייכנטער אָרדען מיט די ווערטער „פעלקער־פרײַנטשאַפט“, וועט יעדערער, ווער עס וועט דאָס זען, ניט קאָנען אויסמײַדן צו אָפּשאַצן און באַוווּנדערן, ווי נאַטירלעך עס איז דער איינקלאַנג דאָ אױף אָט דעם אָרט פון די ביידע הייליקע פאַר אונדז — סאָוועטיש היימלאַנד און פרײַנטשאַפט פון פעלקער — באַגריפן. דער הײַנטיקער אַקט פון איבערגעבן דעם ייִדישן ליטעראַריש־קינסטלערישן כוידעש־זשורנאַל די רעגירונגס־באַלוינונג איז אַן אויסדרוק און אַ פויעל־יויצע פון דער לעניניש[e]ר נאַציאָנאַלער פּאָליטיק און, אַגעוו, אַ פאַרשטענדלעכער פאַר אַלעמען ענטפער די געמיינע רעכילעס־טרײַבער, וועלכע פאַרשפּרייטן קלאַנגען, אַז נישט נאָר מיר זײַנען ניט געשעצט און דערהויבן אין דער סאָוועטישער געזעלשאַפט, — קלוימערשט, מיר זײַנען ביכלאַל ניטאָ אַלס סאָוועטישע ייִדישע ליטעראַטור, וואָס איז די איינציקע אין אָפּהיטן און ווײַטער אַנטוויקלען די דויערסדיקע ליטעראַרישע ווערטן באַם ייִדישן פאָלק.

ס'זײַנען דאָ מענטשן, פאַר וועמען דער אַרופגאַנג פונעם זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד" ביז צו ווערן, ווי ס'איז אָנגענומען צו זאָגן, אַ קאַוואַלער פון אַ זייער כּאָשעווען מעלוכע־אָרדען, איז אַ סאָד אויף זיבן שלעסער. ווי קומט עס, פרעגן זיי זיך אָן אין זייער אויסלענדישער דערווײַטערטקייט פון אונדזערע סאָוועטישע לעבנס־נאָרמעס, ווי קומט עס, אַז דער קאָלעקטיווער פּרעזידענט פון אַ מעכטיקער מע־דינע — דער פּרעזידיום פונעם אויבער־סאָוועט פון פססר — זאָל געפינען צײַט צו פאַרנעמען זיך מיט פעסטשטעלן די מײַלעס פון אַ ליטעראַרישער צײַטשריפט, וואָס ווערט אַרויסגעגעבן אויף דער שפּראַך פון אַ נאַציאָנאַלער מינדערהײַט, און עס זאָל טאַקע געמאָלדן ווערן פאַר דעם גאַנצן אָנבריגיקן לאַנד זײַן הויכער באַשלוס צוצווייגענען דער צײַטשריפט אַן אָפיציעלע באַלוינונג?

דער זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד" האָט אין זײַנע 285 ביז איצט דערשינענע בענדער אַליין געגעבן אַן ענטפער אויף די פראַגן, וואָס נײַגעריקע מענטשן שטעלן אַרויס אין צוזאַמענהאַנג מיט זײַן 25־יאָריקן שפּעריישן ווענ. דער ענטפער זײַנען די ראָמאַנען, לידער און פּאָעמעס, די דערציילונגען, דראַמעס, עסייען, קינסטלערישע פאַרצייכענונגען, וועמענס אַוטאָרן, סאָוועטישע יידישע שריפטשטע־לער שוין פון עטלעכע דורות, האָבן פאַרעפנטלעכט אויף די זײַטן פונעם זשורנאַל, שטעלנדיק פאַר זיך אַ ציל צו אָפּשפּיגלען עמעסדיק און הויך־קינסטלעריש די צײַט, אין וועלכער זיי לעבן. דערבײַ איז נייטיק אונטערצושטרײַכן, אַז אָן דער ברייטהאַרציקער שטיצע פון דער סאָוועטישער מעלוכע, פונעם פּילנאַציאָנאַלן שרײַבער־פאַרבאַנד פון פססר, וואָלט ניט מעגלעך געווען בישט נאָר דער הויכער גראַד פון אונדזער שאַפונג, נאָר דאָס עצעם רעגולער דערשײַנען פונעם זשורנאַל און פון די ביכער, מיט וועלכע מיר קומען שוין אין מעשעך פון אַ פערטל יאָרהונדערט צום יידישן לייענער.

בא דער געלעגנהײַט וועל איך זאָגן מיט דער גאַנצער פאַראַנטוואָרטלעכקײַט, אַז פאַר די 200 יאָר, זינט עס עקזיסטירט אַן אַנדער מעכטיקע מעדינע — די פאַרייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע, אין וועלכן די צאָל יידן איז אין דרײַ מאָל גרעסער, איידער אין סאָוועטנפאַרבאַנד, האָט די אַדמיניסטראַציע פון אָט דעם לאַנד ניט אויסגעגעבן קיין איין דאָלאַר אויף אַנטוויקלונגס־צוועקן פון דער אַמעריקאַנער יידישער ליטעראַטור, זי האָט ניט אַרײַנגעלייגט קיין איין צענט אין אַרויסגעבן אַ יידישן בוך. וועגן באַלוינען מיט אַ מעלוכע־אָרדען אַ יידישע אויסגאַבע איז קיין רייד ניטאָ.

איז לאָמיר, טײַערע כאַווײרים אַוטאָרן און לייענער פון „סאָוועטיש היימלאַנד" צוזאַמען מיט די ליבע געסט פון אַרגענטינע, אורוגוויי, יִיסראָעל, פוילן, פראַנקרײַך, פשא, נאָכאַמאָל אויסדריקן אונדזער פרייד מיטן יאָמטעוו פון דעם יידישן סאָוועטישן זשורנאַל, וועלכער האָט שוין דורכגעשפּאַנט, קיין אײַנהאָרע, די ערשטע פינף און צוואַנציק יאָר און איז פולקום גרייט, ווי מיר זעען, אָוועקצולאָזן זיך איבער די וועגן, וואָס וועלן אים פירן ווײַטער, אין דער צוקונפט.



# דערקלערונג

## פון די אָנטיילנעמער פון דעם „רונדן טיש“ בײַ דער פײַערונג פונעם 25־יאָריקן יוביל פון „סאָוועטיש היימלאַנד“

מיר, ייִדישע שרײַבער, זשורנאַליסטן, קולטור־ און געזעלשאַפטלעכע טוער פון אַרגענטינע, אורוגווײַ, ייִסראָעל, פּוילישער פאָלקס־רעפּובליק, סאָוועטנפאַרבאַנד, פאַרייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע, פראַנקרײַך, זײַנען אין די טעג פונעם 8־טן ביזן 14־טן אָקטיאַבער 1986 זיך צונויפגעקומען אין מאָסקווע אויף דער פײַערונג פונעם 25־יאָריקן יוביל פון דער ליטעראַריש־קינסטלערישער צײַטשריפט „סאָוועטיש היימלאַנד“. מיר האָבן דורכגעפירט אַ מיינונגס־אויסטויש אַרום אַ „רונדן טיש“, געווידמעט דער פראַגע וועגן דער ראָליע פון דער הײַנטצײַטיקער ייִדישער ליטעראַטור און פּרעסע אינעם קאַמף פאַר שאָלעם אויף דער וועלט, פאַר אויסמײַדן אַן אַטאָם־קאַטאַסטראָפע, פאַר אַ גערעכטיקן און פעסטן שאָלעם אויפן נאָענטן מיזרעך.

מיר גיבן דאָ אַרויס די פאָלגנדיקע דערקלערונג.

אין איצטיקן מאָמענט איז ניטאָ קיין וויכטיקערע אויפגאַבע איידער שאַפן אַן אַלזײַטיקע סיסטעם פון צווישנפעלקערלעכער זיכערקײַט, וועלכע דאַרף ברענגען צו אַ זיכערן שאָלעם אויף אונדזער פּלאַנעטע. די פולע ליקווידאַציע פון דעם אַטאָם־וואָפן און פון אַנדערע מינים באַוואָפענונגען פון מאַסן־פאַרניכטונג, דאָס אויסמײַדן די מיליטאַריזאַציע פונעם קאָסמאָס, דאָס פאַרלעשן די לאָקאַלע קאָנפליקטן און מילכאָמעס אויף פאַרשיידענע קאָנטינענטן — אָט וואָס עס קאָן זיכערן דער מענטשהײַט אַ רויִק לעבן אין דער צוקונפט.

אונדז, טוער פון דער ייִדישער קולטור, באַאומרויִקט באַזונדערס די לאַגע אין נאָענטן מיזרעך, ווו עס ווערן ניט פאַרשטילט די בלוטיקע מילכאָמעס, וועלכע ברענגען פיל ליידן און אומגליקן פאַר מיליאָנען אומשולדיקע מענטשן.

דער קאָנפליקט אין נאָענטן מיזרעך קאָן ניט געלייזט ווערן אָן דער פאַרזיכערונג פון די רעכט פונעם פּאַלעסטינער פאָלק, אײַנגעשלאָסן דאָס רעכט אויפצושטעלן אַ זעלבשטענדיקע מעלוכע באַגלײַך מיט מעדינאַס־ייִסראָעל.

ס'איז קיין סאָפעק ניט, אַז הײַנט, ווי קיינמאָל ניט ביז איצט, איז אומבאַדינגט נייטיק, און מע טאָר ניט אָפּלייגן, דאָס צונויפרופן די אינטערנאַציאָנאַלע קאָנפערענץ איבערן מיטעלן מיזרעך מיטן אָנטייל פון אַלע פאַראינטערעסירטע צדאָדים, אַרײַנגערעכנט ייִסראָעל און די אָרגאַניזאַציע פאַר באַפרײַען פּאַלעסטינע, פון די באַשטענדיקע מיטגלידער פונעם זיכערהײַט־ראַט פון דער אָרגאַניזאַציע פון די פאַראייניקטע נאַציעס.

אין דער דאָזיקער גורלדיקער צײַט ווענדן מיר זיך צו אַלע ייִדישע שרײַבער, זשורנאַליסטן, קולטור־טוער, צו אַלע ייִדישע געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס, אומאָפּהענגיק פֿון זייערע פּאָליטישע און פֿילאָסאָפֿישע אָנשויונגען, מיט אַ רוף, זיי זאָלן פֿאַרשטאַרקן די באַמיִונגען, אָנשליסנדיק זיך אין געמיינזאַמען קאַמף פֿון אַלע שאָלעמליבנדיקע קויכעס, פֿאַר אַ פֿעסטן שאָלעם אויף גאָר דער וועלט. קיינער טאָר איצט ניט שטיין אין אַ זײַט פֿון אָט דער נאָבעלער זאַך, און זאָל הײַנט יעדער ייִדישער שריפֿטשטעלער, זשורנאַליסט, געזעלשאַפֿטלעכער טוער פֿאַרנעמען זײַן אָרט אין די רייען פֿון די שאָלעם־קעמפֿער!

אין נאָמען פֿון די דעלעגאַציעס:

דווון סיניי, עסטער רימער – אַרגענטינע

פֿישל טאָביאש, כאַנע טאָביאש – אורוגוויי

יעהושוע איזגע, יוסאָף ליפּסקי, אמאָס לעווין – ייִסראָעל

שימען שומיעי – פּוילישע פֿאָלקס־רעפּובליק

ליויס מאָראָוז – פֿאַראייניקטע שטאַטן פֿון אַמעריקע

שאַרל דאָבזשינסקי, אַנאַ ווילנער, דאָרע טײטלבוים, שאַרל לעדערמאַן, שאַרל שפּיימאַן – פֿראַנקרייך

כאַים [illegible], שמועל גאָרדאָן, סעוויע גען, אַרן ווערגעליס, אַלעקסאַנדער טווערסקאָי, נאָטע לוריע, באָריס מאָגילנער, הערשל פּאָליאַנקער, יוסעף שטסער, יעכיעל שרייבמאַן – סאָוועטנפֿאַרבאַנד

מאָסקווע, 12 אָקטיאַבער 1986

## אין פּרעסע־צענטער פֿונעם אויסערן־מיניסטעריום פֿון פֿססר

דעם 16 אָקטיאַבער 1986 איז אין פּרעסע־צענטער פֿונעם אויסערן־מיניסטעריום פֿון פֿססר פֿאָרגעקומען אַ באַגעגעניש פֿון די סאָוועטישע און אויסלענדישע זשורנאַליסטן מיט דער רעד־קאָלעגיע און רעדאַקציע פֿונעם זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד“.

דער הויפּט־רעדאַקטאָר פֿונעם זשורנאַל אַרן ווערגעליס האָט דערציילט וועגן דעם וועג, וואָס די אויסגאַבע האָט דורכגעמאַכט פֿאַר אַ פֿערטל יאָרהונדערט.

אויף די פֿראַגן פֿון די קאָרעספּאָנדענטן איז אויף דער פּרעסע־קאָנפֿערענץ געגעבן געוואָרן אַן אויספֿירלעכער ענטפֿער.

# אַרויסטרעטונגען אַף דער פּלענאַרער זיצונג פֿון דער רעדקאָלעגיע פֿונעם זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד" און באַם „רונדן טיש"



**ר ו ו ן ס י נ ײַ,**
דיכטער, זשורנאַליסט, הויפּט־רעדאַקטאָר פֿונעם זשורנאַל „טיעמפּאָ"
(אַרגענטינע)

מיר באַדויערן זייער, וואָס אונדזער אַרגענטינער דעלעגאַציע איז אַרויסגעפֿלויגן פֿון בוענאָס־איירעס מיט אַ פֿאַרשפּעטיקונג און האָט ניט באַוויזן איבערלעבן דעם עמאָציאָנעלן מאָמענט פֿון דער דערעפֿענונג פֿון דעם הײַנטיקן צוזאַמענקום און זיך באַטייליקן פֿון אָנהייב אין דער וויכטיקער דיסקוסיע, וועלכע איז אַלס ערשטער פּונקט אוועקגעשטעלט געוואָרן אין אונדזער פֿאָרום אַרום דעם „רונדן טיש".

אָבער ניט געקוקט אַף דעם און ריכטנדיק זיך לויט די ביז אַהער אַרויסגעזאָגטע מיינונגען פֿון די פֿריִער אָנגעקומענע אָנטיילנעמער, פֿאַרייניקן מיר זיך אָן וועלכער־ניט־איז באַוואָרעניש צו די אַרויסגעזאָגטע פֿעסטשטעלונגען וועגן דער וויכטיקייט, ליטעראַרישע ווערטן, בויערישע בײַטראָגן, וואָס „סאָוועטיש היימלאַנד" האָט אָנגעזאַמלט פֿאַר די 25 יאָר.

מיר מערקן אָפּ אין דער ערשטער ריי דעם שעפֿערישן בײַטראָג פֿון „סאָוועטיש היימלאַנד" לעטוויוועס די סאָוועטישע ייִדישע מאַסן, וועמענס קולטור־באַדערפֿענישן דריקן זיך אויס אין ייִדיש.

מיר שטרײַכן אויך אונטער די פֿאַרדינסטן פֿון „סאָוועטיש היימלאַנד" לעגאַבע דער ליטעראַטור אין פֿאַרשיידענע לענדער פֿון דער וועלט — ייִדישער און ניט־ייִדישער, צו וועלכער דער זשורנאַל האָט צוגעגעבן אָריגינעלע שעפֿערישע שטריכן אין פּראַט פֿון פֿאָרם און אינהאַלט, אין העסקעם מיט דער הײַנטצײַטיקער קולטור־אַנטוויקלונג.

מיר דריקן אײַנצײַטיק אויס אונדזער דאַנקבאַרקײַט „סאָוועטיש היימלאַנד" פֿאַר זײַן צושטײַער אין שווערן קאַמף קעגן דער רעאַקציע באַ אונדז אין לאַנד, אַף וויפֿל דער זשורנאַל העלפֿט אונדז אָפּשלאָגן דעם באַשטענדיקן אַנטיסאָוועטיזם אין דער אַרגענטינער עפֿנטלעכקײַט און אַף וויפֿל דער אַנטיסאָוועטיזם, וואָס ספּעקולירט אַף ייִדישער טעמאַטיק, איז דער וויכטיקסטער און מער גענוצטער אידעאָלאָגישער און פּאָליטישער וואָפֿן פֿונעם אימפּעריאַליזם און פֿון דער אַלגעמיינער רעאַקציע קעגן דער איינִיקײַט פֿון די פּראָגרעסיווע קויכעס, וועלכע קעמפֿן פֿאַר שאָלעם, פֿאַר אומאָפּהענגיקײַט פֿון די לאַטײַן־אַמעריקאַנער לענדער, פֿאַר סאָציאַלן יוישער. ס'איז קלאָר, אַז ווען מיר שלאָגן אָפּ דעם אַנטיסאָוועטיזם, טוען מיר דאָס קוידעמקאָל לעטויוועס אונדזער אייגענעם פּראָגרעס און דעמאָקראַטישן ווילזײַן.

איך וויל דאָ ברענגען איין בײַשפּיל פֿון טויזנטער. אַ כאַווער, ניט קיין ייִד, האָט געבעטן באַ אונדז באַווײַזן, אַז אין סאָוועטנפֿאַרבאַנד פֿאַרפֿאָלגט מען ניט די ייִדישע קולטור (אַז מע פֿאַרפֿאָלגט זי האָט ליב צו שרײַבן די קאָמערציאָנאַלע און ייִדיש־רעאַקציאָנערע פּרעסע). ער דאַרף עס האָבן, קעדיי איבערצײַגן אַ באַקאַנטן, וועלכער געפֿינט זיך אונטער דער ווירקונג פֿון דער דאָזיקער פּראָפּאַגאַנדע. האָבן מיר אים געגעבן אַ נומער פֿון „סאָוועטיש היימלאַנד". אין אַ צײַט אַרום האָט יענער כאַווער אונדז אומגעקערט דעם זשורנאַל און געבעטן נאָך איין נומער, דערציילנדיק, אַז אַדאַנק דעם פֿריִערדיקן נומער האָט זײַן באַקאַנטער זיך אָנגעשלאָסן אין די רייען פֿון דעם קעמפֿערישן פֿאָלקס־פֿראָנט. יענער באַקאַנטער, האָט זיך אַרויסגעוויזן, איז אויך ניט קיין ייִד, אָבער ער האָט ייִדישע כאַווײרים, וועלכע האָבן

זיך ביז דאַן געפונען אונטער דער ווירקונג פון דער ציוניסטישער פראָפאַגאַנדע.

ווי געזאָגט, זײַנען מיר, ארגענטינער, ניט גע־קומען צו דער צײַט אויף דעם יאָמטעוו פון „סאָוועטיש היימלאַנד" און מיר האָבן זיך ניט געקאָנט אָנזאַפן מיט דער פײַערלעכער אטמאָספער, וואָס איז געווען כאַראַקטעריסטיש פאַר די ערשטע זי־צונגען. מיר האָבן ניט פאַרכאַפט א טייל פון דער פראָגראַם מיט אָנגעצייכנטע דיסקוסיע־טעמעס. דעריבער וויל איך זאָגן עטלעכע ווערטער וועגן דעם צוזאַמענהאַנג פון ייִדיש (אַלץ אומגאַנגס־שפראַך) און דער ייִדישער קולטור.

דאָס איז א פערזענלעכע פראַגע בײַ מיר. ייִדיש איז, מיין איך, ניט מײַן מאַמע־לאָשן — אין דעם זין, וואָס מײַן גײַסטיקער געבוי און באַוווּסט־זײַן דריקן זיך ניט אויס אין ייִדיש. עמעס, איך שטאַם פון א ייִדישער קאָלאָניע אין ארגענטינע, מײַן פאָטער איז געווען א ייִדישער לערער (אַגעוו, דער ערשטער ייִדישער זשורנאַליסט, וועלכער האָט ארויסגעגעבן די ערשטע ייִדישע צײַטשריפט אין אונדזער לאַנד), און אין מײַן היים האָט מען גע־רעדט ייִדיש. פונדעסטוועגן, איז מײַן שפראַך די לאַנד־שפראַך — שפאַניש. מיט איר לעב איך 24 שאָ פון מײַן לעבנס־מעסלעס. איך לייען, לערן זיך, שרײַב ליבע־לידער מײַן פרוי, רעד מיט מײַנע טעכטער, שפיל זיך מיט מײַנע אייניקלעך און פיר מײַן טאָגטעגלעכע געזעלשאַפטלעכע און פאָליטי־שע ארבעט אין שפאַניש.

דאָס האָט מיר, נאַטירלעך, ניט געשטערט מיטצואַרבעטן אין דער שאַפונג און אין דער שטי־צע פון ייִדישע פראָגרעסיווע צײַטונגען און אינ־סטיטוציעס, פאַרשפרייטן ייִדישע קולטור, ארויס־טרעטן קעגן די סאָנים פון דער ייִדישער קולטור. דאָס האָט מיר אויך ניט געשטערט צו זײַן איינער פון די ערשטע, וועמ עס האָט ארײַנגעבראַכט אין דער ארגענטינער ליטעראַטור — אין שפאַניש — די טעמע פון אונדזער מאַרטירערטום אונטערן נאַ־ציזם.

אַזוי זעט רעאַל אויס די שפראַך־פראַגע אין מײַן פערזענלעך לעבן. דאָס האָט אויך א שײַכעס צום הײַנטצײַטיקן לעבן פון די ייִדן אין ארגענטי־נע ביכלאַל. 90 פראָצענט פון דער ייִדישער באַ־פעלקערונג בײַ אונדז אין לאַנד זײַנען שוין הי־גע־בוירענע, פונעם ערשטן, צווייטן און דריטן דאָר. זייער שפראַך איז אויך אַן אָביעקטיווע ווירקלעכ־קייט. איך האַלט, אַז מע קאָן ניט באַטראַכטן מע־כאַניש א קולטור־דערשײַנונג אין א באַשטימט אָרט און אין א געגעבענער צײַט לויט מאָסן און ווערטן פון אַנדערע סוויווען און היסטאָרישע ווירקלעכ־קייטן.

כאַראַקטעריסטיש און פילצוזאָגנדיק זײַנען בײַ אונדז די דרײַ קלאַסיקער פון דער ייִדישער קאָלעקטיוויטעט אין ארגענטינע — די שרײַבער אַל־בערטאָ גערשונאָוו — א פראָזאַיקער, סאַמועל איי־טשעלבאַום — א דראַמאַטורג, און סעזאַר טיִעמ־פאָ — א דיכטער. אָט דער דרײַלינג האָט געשריבן אין שפאַניש און איבערגעלאָזט אַן אומשטערבלעכן בײַטראָג צו דער ארגענטינער נאַציאָנאַלער ליטע־ראַטור אויף ייִדישער טעמאַטיק.

פאַר די העכער 100 יאָר, זינט ייִדן זײַנען געקומען קיין ארגענטינע, איז פון דער נאַציאָנאַ־לער סוויווע ניט ארויסגעקומען קיין איין ייִדישער שריפטשטעלער. דער גרויסער שעפער צאַלעל בליך איז צו אונדז געקומען פון אייראָפע שוין א רײַ־פער ייִדישער שרײַבער.

אונדזער בײַטראָג, דער בײַטראָג פון די שפאַ־ניש־רעדנדיקע און ייִדיש־רעדנדיקע ייִדן, דריקט זיך אויס אין אויפשטעלן די פראָגרעסיווע אינסטי־טוציעס און ארײַנברענגען דורך זיי קולטור־ווערטן (דער „איקוף" פאַרמאָגט אַזעלכע אינסטיטוציעס איבערן גאַנצן לאַנד), אין ארויסגעבן רעגולער צוויי צײַטשריפטן צו דינסט דער פאַרטיידיקונג פון דער ייִדישער קולטור, אין מאָביליזירן די ייִדישע דעמאָקראַטישע באַפעלקערונג צו פאַרטיידיקן די לאַנד־קולטור קעגן די צעשטערערישע און פאַר־קריפלערישע פרוּוון פון דער אימפעריאַליסטישער באַהערשונג, פאַר דעמאָקראַטיע און שאָלעם.

מיר האַלטן אונטער דעם פאָרשלאָג וועגן ארויסגעבן א דערקלערונג צו אַלע ייִדישע שרײַ־בער, זשורנאַליסטן, צו אַלע ייִדישע אָרגאַניזאַציעס וועגן פאַרשטאַרקן דעם קאַמף פאַר אַנטוואָפענונג, קעגן דער דראָענדיקער אַטאָם־קאַטאַסטראָפע, קעגן דעם נעאָפאַשיזם, פאַר א זיכערן שאָלעם, און באַ־זונדערס — פאַר א גערעכטן און סטאַבילן שאָלעם אויפן נאָענטן מיזרעך, וואָס קלײַגנדיק אין יעסאָד די גערעכטע און יוישערדיקע אינטערעסן פון אַלע פאַראינטערעסירטע צדאָדים.

מיר באַגריסן דעם צוזאַמענקום פון די פאָר־שטייער פון דער ייִדישער פראָגרעסיווער געזעל־שאַפטלעכקייט פון א ריי לענדער אין צוזאַמענהאַנג מיטן 25־יאָריקן יוביליי פון „סאָוועטיש היימלאַנד" — ווי א היסטאָרישע דערגרייכונג אויפן וועג פון איינ־פאַרשטענדיקונג און שעפערישן דיאַלאָג פון אַלע פראָגרעסיווע ייִדישע קרעפטן אין פאַרשיידענע לענדער. דאָס וועט דינען דער הייליקער זאַך פון שאָלעם און גערעכטיקייט אויף דער וועלט.




## הערשל פּאָליאַנקער,
סאָוועטישער ייִדישער שרײַבער


אין מאָסקווע, דער גרויסער היימשטאָט פון אַלע סאָוועטישע פעלקער, זײַנען זיך צונויפגעקומען ייִדישע שרײַבער פון פאַרשיידענע רעפּובליקן און קאַנטן צוזאַמען מיט געסט — שרײַבער, זשורנאַליסטן, געזעלשאַפטלעכע טוער פון פראַנקרײַך, פּוילן, אַמעריקע, ייִסראָעל, אַרגענטינע, אורוגווײַ, קעדיי פײַערלעך אָפּמערקן דעם יובילײַ פון „סאָוועטיש היימלאַנד".

די מעלוכע-באַלוינונג, וואָס אונדזער זשורנאַל האָט דערגרייכט, האָט געבראַכט פאַר זײַנע שעפער ניט בלויז פרייד, נאָר אויך זאָרג, ווײַל אַזאַ הויכע אָפּשאַצונג פאַרפליכטעט אונדז זיך נאָך בעסער אונטערגאַרטלען, פאַרצענפאַכן אונדזערע אָנשטרענגונגען, קעדיי באַרעכטיקן די הויכע אויסצייכענונג, דעם צוטרוי פון די לייענער.

עכטע שעפער באַנוגענען זיך קיינמאָל ניט מיט זייערע דערגרייכונגען, און ווען מע פרעגט זיי, וואָס פאַר אַ ווערק זייערע זײַנען די בעסטע, די באַליבטסטע, ענטפערן זיי:

— יענע ווערק, איבער וועלכע מיר אַרבעטן.

פּונקט אַזוי ענטפערן אויך מיר, ווען מע פרעגט אונדז, צי מיר זײַנען שוין פולקום צופרידן מיט אונדזער אַרבעט באַם שאַפן דעם זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד", וועלכער איז באַרופן אָפּשפּיגלען דעם צושטאַנד פון דער הײַנטצײַטיקער ייִדישער פּראָזע, פּאָעזיע, קריטיק. מיר באַנוגענען זיך ניט מיט אונדזערע דערגרייכונגען, און דאָס איז דער בעסטער צוזאָג, אַז מיר וועלן אָפּ ווײַטער אַרבעטן נאָך בעסער, ווי ביז איצט.

אונדזער זשורנאַל איז אַלט געוואָרן — און מיר דאַכט, אַז מע קאָן זאָגן יונג געוואָרן — אַ פערטל יאָרהונדערט. דאָס זײַנען געווען יאָרן פון גרויסע שעפערישע אויפטוען. מיר האָבן אין פילצאָליקע ראָמאַנען, דערציילונגען, פּאָעמעס, לידער, אין דער ליטעראַטור-קענטעניש און קריטיק דערוויזן, אַז די ייִדישע סאָוועטישע ליטעראַטור, וועלכע גייט אַוועק מיט אירע וואָרצלען אין דער טיפעניש פון דוירעס, לעבט, ציט ווײַטער איר גאָלדענע קייט. דער אויטאָריטעט אירער וואַקסט, און אַן איידעס דערפון איז דאָס, וואָס אונדזערע ווערק, וועלכע דרוקן זיך אָפּ די זײַטן פונעם זשורנאַל, רופן אַרויס אַ שטאַרקן אינטערעס באַם לייענער, ווערן איבערגעזעצט אין אַנדערע שפּראַכן, דערשײַנען אין די בעקאַוועדיקסטע פאַרלאַגן פון אונדזער לאַנד. ס'איז שוין ניט קיין נאָווינע, ווען איבערגעזעצטע אין רוסיש ווערק פון ייִדישע שרײַבער דערשײַנען אין אַ טיראַזש פון הונדערט טויזנט עקזעמפּליאַרן און ווערן אויספאַרקויפט אין מעשעך פון געציילטע טעג און וואָכן.

טײַערע פרײַנט! מיר שטאָלצירן, וואָס אָפּ אונדזער יאָמטעוו זײַנען געקומען געשעצטע געסט פון אַלע עקן וועלט. מיר גרויסן זיך דערמיט, וואָס אין זייערע פרײַנטלעכע האַרציקע אַרויסטרעטונגען שאַצן זיי אַזוי הויך אָפּ אונדזער זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד", און זיי האָבן דאָ אויסגעדריקט זייער מיינונג, אַז דאָס איז דער שענסטער און בעסטער ייִדישער זשורנאַל אין דער וועלט, וועלכער האָט אַ שטאַרקע ווירקונג אָפּ די ברייטע מאַסן לייענער.

דערפון איז געדרונגען, אַז מיר טוען אַ וויכטיקע אַרבעט, באַקאַנען די ברייטסטע לייענער-קרײַזן פון אַ סאַך לענדער מיטן לעבן פון אונדזער פאָלק, מיט די היסטאָרישע דערגרייכונגען אין איבערבויען דעם קיִעם אָפּ סאָציאַליסטישע יעסוידעס. יאָ, מיר באַקאַנען די לייענער מיט אונדזער אַרט לעבן, מיטן מעסירעסנעפעשדיקן קאַמף פון אונדזערע זין און טעכטער קעגן דער פאַשיסטישער בעסטיִע בײַס דער פאָטערלענדישער מילכאָמע, מיט דעם אָנגעשטרענגטן קאַמף פאַר שאָלעם, קעגן די אונטערצינדער פון אַ נײַער וועלט-סרייפע, קעגן דער צוגרייטונג צו אַן אַטאָם-קאַטאַסטראָפע.

פון די ווערק, וועלכע דרוקן זיך אין „סאָוועטיש היימלאַנד", ווייעט דער אָטעם פון פרידן, פון פרײַנטשאַפט צווישן פעלקער און מעדינעס.

אין זיי וועט איר ניט באגעגענען קיין סימען פון מענטשן־האס. די סאָוועטישע ייִדישע שרײַבער זײַנען טרײַ די גרויסע הומאניסטישע טראדיציעס פון אונדזערע קלאסיקער — פרידן, פעלקער־פרײַנטשאפט, הומאניזם.

אף די שפּאלטן פונעם זשורנאל דרוקן זיך אלץ אָפטער ווערק פון אונדזערע אויסלענדישע פרײַנט. „סאָוועטיש היימלאנד" באקאנט זײַנע לייענער מיט די שעפערישע דערגרייכונגען פון דער רוסישער, אוקראַיִנישער, מאָלדאווישער, ווײַסרוסישער ליטעראטורן, און דאָס איז איינער פון די באווײַזן, אז מיר לעבן און ארבעטן אין איין ברידערלעכער מישפּאָכע פון פעלקער. איר, טײַערע געסט, האָט געהאט א מעגלעכקייט פאר די טעג, וואָס איר לעבט דאָ, זיך איבערצײַגן, סארא פרײַנטשאפט עס הערשט בא אונדז צווישן די ייִדישע שרײַבער און די שרײַבער פון אנדערע נאציאָנאליטעטן.

אפן טאָגסיידער פון אונדזער פלענום שטייט א צווייטע וויכטיקע פראגע. איך גלייב, אז די וויכטיקסטע! אָן דעם שאָלעם אף דער וועלט איז ניט מעגלעך די אנטוויקלונג פון ליטעראטור און קולטור, אָן אים האָט דאָס לעבן קיין גראָשן ניט די ווערט.

די לעבנס־פראגע פון אונדזער צײַט איז — קאמף פאר שאָלעם! איבער דער וועלט לויערט ווידער די שרעקלעכע געפאר פון א מילכאָמע. נאָך ביזן הײַנטיקן טאָג כאָלעמען זיך מיר די קאָשמארן פון דעם צווייטן וועלט־קריג, וועלכע איך בין דורכגעגאנגען אין די רייען פון דער סאָוועטישער ארמיי, אָנהייבנדיק פונעם ערשטן טאָג, ווען די פאשיסטישע בעסטיִע איז אָנגעפאלן אף אונדזער לאנד, ביזן לעצטן טאָג. צוזאמען מיט מיר האָבן די אנדערע אָנטיילנעמער פונעם היסטאָרישן פּאראד פון די זיגער אפן רויטן פלאץ געטראכט, אז מער קיין מילכאָמעס וועלן שוין ניט זײַן, יעדערער פון אונדז האָט געגעבן א שוווּע, אז מער וועלן מיר ניט דערלאָזן צו אזא שוידערלעכער קאטאסטראָפע, אין וועלכער די סאָוועטישע פעלקער האָבן פארלוירן 20 מיליאָן זין און טעכטער, דאָס ייִדישע פאָלק — זעקס מיליאָן.

דאָ אין זאל זיצן באנאנד מיט מיר מײַנע פרײַנט, שרײַבער, וועלכע האָבן זיך אין די מילכאָמע־יאָרן אף די פראָנטן מעסירעסנעפעשדיק געשלאָגן מיט די פארהאסטע פאשיסטישע כאיאָלעס און אף וועמענס לײַבער עס זײַנען נאָך ניט פארהיילט געוואָרן די ווּנדן. דאָ זיצן די געוועזענע שלאכטלײַט ארן ווערגעליס און נאָטע לוריע, באָריס מאָגילנער און טעוויע גען, אוראן גוראלניק, זאלמען ליבינזאָן, שמועל גאָרדאָן, פיניע פלאָטקין, יויסעף שוסטער, מאָטל גרוומאן, אלעקסאנדער ליזען, די מיטארבעטער פון דער רעדאקציע כאַיִם אָסטראָווסקי, באָריס גערשמאן און א סאך אנדערע. זיי אלע ווייסן דעם טאם פון די בלוטיקע שלאכטן אף די פעלדער פון סטאלינגראד און פונעם קורסקער בויגן, אין די פינסקער בלאָטעס, אין די זומפּן פון פּאָמעראניע באם פאָרסירן די ווײַסל, דעם אָדער...

איז דען א כידעש, פארוואָס אף די זײַטלעך פון אונדזער זשורנאל קלינגט קעסיידער דער גלאָק, וואָס רופט קעגן מילכאָמע, קעגן א נײַער וועלט־קאטאסטראָפע!

ווען איר קומט ארײַן אינעם מאָסקווער ליטעראטן־הויז, אין די שרײַבער־קלובן פון קיִעוו, מינסק און אנדערע שטעט, שטעלט זיך אָפּ בא די מירמלנע טאָוולען, אף וועלכע עס זײַנען אויסגעקריצט און מיט גאָלדענע אויתיעס פארשריבן די נעמען פון אונדזערע ברידער־שרײַבער, געפאלענע אין די שלאכטן. אין דעם גרויסן צעטל אומגעקומענע, צווישן די נעמען פון רוסישע, אוקראַיִנישע, ווײַסרוסישע שרײַבער, וועט איר געפינען באקאנטע נעמען: גאָדינער, ווינער, ראָסין, זעלדין, אָליעווסקי, הארצמאן, כאשטשעוואצקי, אראָנסקי, דיִאמאנט, גאָלדענבערג און נאָך א סאך, וועלכע האָבן אָפּגעגעבן זייער לעבן, קעדיי עס זאָל מער קיינמאָל ניט אויסברעכן קיין מילכאָמע. מיר האָבן נאָך ניט באווײַנט אונדזערע קאָרבאָנעס, עס זײַנען נאָך ניט פארהיילט געוואָרן אונדזערע מילכאָמע־ווּנדן. הונדערטער טויזנטער מאמעס, גראָו־געוואָרענע קאלעס ווארטן נאָך ביז הײַנט אף זייערע זין און טעכטער, אף זייערע מענער און כאסאנים.

און ווידער לויערט שוין די געפאר פון א נײַער מילכאָמע, פון א נײַער וועלט־קאטאסטראָפע, וועלכע קאָן זײַן צענפאָך שרעקלעכער פון יענער, וואָס מיר האָבן איבערגעלעבט, ווײַל דאָס וועט זײַן אן אטאָם־פארניכטונג פון אונדזער פלאנעטע. ווידער האָבן זיך געיאווועט אף דער ערד אונטערצינדער, וועלכע טרוימען וועגן א בלוטבאָד.

בייס די דײַטשישע הענקער האָבן מארשירט איבער די רויִנען פון ווארשע, געבויט זייערע טײַוולאָנישע טויט־פאבריקן, די גאז־קאמערן און קרעמאטאָריעס, קעדיי פארניכטן מיליאָנען אומשולדיקע מענטשן, האָט א קלונג געטאָן אין קראקאָוו די באריימטע רוף־ליד פונעם ייִדישן פאָלקס־שרײַבער מאָרדכע געבירטיג:

ס׳ברענט, ברידערלעך, ס׳ברענט!
אוי, אונדזער אָרעם שטעטל, נעבעך, ברענט!
...מיט בלוט פארלעשט דאָס פײַער!..

ווידער דערטראָגט זיך צו אונדז, לעבעדיקע, די שטים: „ס׳ברענט!". מיר, לעבעדיקע, טאָרן ניט דערלאָזן קיין נײַע סרייפע! מיר מוזן אויספילן די

הײליקע צוואָע פֿון די געפֿאלענע — מער ניט קיין מילכאָמע! ניט פֿארגעסן! ניט מויכל זײַן!

איך, ווי איר ווייסט, קום אהער פֿון דער שטאָט קיִעוו, וועלכע רעכנט זיך פֿאר ן וויגעלע פֿון דער נײַער יידישער ליטעראטור, דאָרט זײַנען געבוירן געוואָרן, געארבעט און געשאפֿן אונדזערע גרויסע קלאסיקער מענדעלע מויכער־ספֿאָרים, שאָלעם־אלייכעם, דאָוויד בערגעלסאָן. אין עטלעכע צענדליק קילאָמעטער פֿון אַט דער שטאָט, וואָס זי האָט, דאכט זיך, ניט קיין גלײַכן לויט דער שיינקײַט און פּראכט אין גאנץ אייראָפּע, אין דעם אויסגעוואקסענעם שטעטל טשערנאָביל אפֿן טײַך פּריפּיאט האָט מיט א האלבן יאָר צוריק אויסגעבראָכן א שרעקלעכער אומגליק. דאָרט, צווישן דעם דניעפּער און דעם פּריפּיאט־טײַך, ווו עס ארבעט שוין פֿופֿצן יאָר אַן אטאָם־עלעקטראָסטאנציע, האָט זיך צעבושעוועט דער פֿרידלעכער אטאָם, און ס׳האָט אויסגעבראָכן א סרייפֿע אפֿן רעאקטאָר. ניט ווייניק לעבנס האָט די קאטאסטראָפֿע אוועקגעטראָגן! הײַנט שטעלט איר זיך פֿאָר, וואָס עס איז אַזוינס דער מיליטערישער אטאָם, וועלכער קאָן זיך צעבושעווען אויף דער וועלט, אויב די אימפּעריאַליסטישע מאניאקעס וועלן אָנהייבן אַן אטאָם־מילכאָמע!

מיר טאָרן זיך ניט בארויִקן אויף קיין איין מינוט, ניט אָפּשטעלן אויף קיין רעגע דעם קאמף קעגן א נײַער וועלט־קאטאסטראָפֿע, וואָס דראָט אונדז. מיר טאָרן ניט בלײַבן גלײַכגילטיק צו דעם.

פֿון די ארויסטרעטונגען פֿון א רײ כאווײרים האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז אין די וויכטיקסטע פּראָבלעמען פֿון דער הײַנטצײַטיקײַט זײַנען מיר איינהײַטלעך, אונדזערע מיינונגען אויף קארדינאלע פֿראגן גייען זיך ניט פֿאנאנדער. עמעס, עס זײַנען נאָך פֿאראן פּראָבלעמען, וואָס שטייען פֿאר אונדז, און מע דארף זיי ערנסט באטראכטן. אָבער איינס ווייסן מיר, און דאָס איז, דאכט זיך, דער איינציקער אויספֿיר פֿון אונדזער דיסקוסיע אויף דער זיצונג אונדזערער: צוזאמען מיט אלע פּראָגרעסיווע קויכעס אין דער וועלט דארפֿן מיר אויסקעמפֿן דעם שאָלעם. און דאָס מיינט דעם שאָלעם סײַ אין גלאָבאלע מאסשטאבן פֿון דער גאנצער פּלאנעטע, סײַ אין דעם רעגיאָן פֿונעם מיטעלן מיזרעך.

און ווען מיר וועלן געווינען אַט די דאָזיקע וויכטיקסטע שלאכט פֿון אונדזער עפּאָכע, דאן וועלן מיר בײַ פֿרידלעכע טישן האָבן די מעגלעכקײַט צו לייזן אלע אנדערע קלענערע און גרעסערע פּראָבלעמען לעטויוועס אונדזער קולטור און ליטעראטור.

# יויסעף ליפּסקי,

זשורנאַליסט
(ייִסראָעל)



דאָס אײַנלאדן צו דער פֿײַערונג פֿונעם 25־טן יויוול פֿון „סאָוועטיש היימלאנד“ אין מאָסקווע פֿאָרשטייער פֿון יידישע פּראָגרעסיווע צײַטשריפֿטן און אָרגאניזאציעס פֿון פֿארשיידענע לענדער באטראכט איך אלס א געשעעניש פֿון וויכטיקער באַדײַטונג. איך האלט, אַז דאָס איז אין איינקלאנג מיט דער ליניע פֿון דעמאָקראטיזאציע אין אלגעמיינעם סאָוועטישן לעבן.

ס׳איז דאָך א פֿאקט, אַז פֿאָרשטייער פֿון דער יידישער סאָוועטישער געזעלשאפֿטלעכקײַט האָבן זיך אין דער פֿארגאנגענהײַט ניט באטייליקט אין קיין שום אינטערנאציאָנאלע קאָנפֿערענצן פֿון יידישע פּראָגרעסיווע אָרגאניזאציעס. פֿאָרשטייער פֿון דער סאָוועטישער יידישער געזעלשאפֿטלעכקײַט האָבן אין 1937 יאָר ניט גענומען קיין אָנטייל אין אלוועלטלעכן יידישן קולטור־קאָנגרעס און אויך אין 1948 אין דער יידישער קולטור־קאָנפֿערענץ אין פּאריז. איך באטראכט דעריבער די איצטיקע אײַנלאדונג פֿון יידישע פּראָגרעסיווע טוער פֿון פֿארשיידענע לענדער צו דער יויוול־פֿײַערונג פֿון

1*

„סאָוועטיש היימלאַנד" אַלס אַ וויכטיקן שריט אין דער ריכטונג צו פאַרשטאַרקן און פאַרברייטערן די קאָאָפּעראַציע צווישן יידישע פּראָגרעסיווע קרייזן, אַ באַמיִונג צו פאַרשטאַרקן דאָס יידישע פּראָגרעסיווע געזעלשאַפטלעכע קולטור־לעבן, צוציִען ברייטערע יידישע מאַסן צום קאַמף פאַר פאַרמײַדן אַ נײַע מילכאָמע, פאַר דערפירן צו שאָלעם.

איך וויל אונטערשטרײַכן, אַז „סאָוועטיש היימלאַנד" האָט געמאַכט אַ פּרוּוו נאָך מערער אויסצוברייטערן די ראַמען פון דער איצטיקער קאָנפערענץ אַרום די פײַערונגען פונעם 25־טן יוביל, אײַנלאַדנדיק פון יִסראָעל די אָנגעזעענע דיכטער יוסעף פּאַפּערניקאָוו און י.־כ. בילעצקי. לײדער האָבן די צוויי פּאָעטן איבער פּערזענלעכע סיבעס ניט געקאָנט קומען צו דער יוביל־קאָנפערענץ אין מאָסקווע. איך וויל אָבער באַגריסן דעם דאָזיקן וויכטיקן פּרוּוו פון דער רעדאַקציע פונעם סאָוועטישן יידישן זשורנאַל.

באַם אָפּשאַצן די גרויסע וויכטיקײַט פון די פײַערונגען פון „סאָוועטיש היימלאַנד" האַלט איך פאַר נייטיק אָנצוווײַזן, אַז די דאָזיקע אימפּאָזאַנטע יוביל־אַקאַדעמיע איז די בעסטע און בוילעטסטע אָפּלייקענונג פון דער אַנטיסאָוועטישער העצע־פּראָפּאַגאַנדע וועגן דעם, אַז די יידישע קולטור ווערט קלוימערשט געררודיפט. דער עצעם פאַקט פון דורכפירן אַזאַ פײַערונג, פון צוטײלן „סאָוועטיש היימלאַנד" אַ הויכע מעלוכישע אויסצייכענונג איז דער בעסטער באַווײַז פון דער גרויסער מאָראַלישער און מאַטעריעלער שטיצע מיצאַד דעם סאָוועטישן שרײַבער־פאַרבאַנד, מיצאַד דער סאָוועטישער מעלוכע פאַרן יידישן זשורנאַל. פירער פון סאָוועטישן שרײַבער־פאַרבאַנד זײַנען געקומען צו דער באַגעגעניש מיטן רעדאַקציע־קאָלעגיום, מיט די יידישע סאָוועטישע שרײַבער און מיט געסט, געזעלשאַפטלעכע און קולטור־טוער, וואָס זײַנען געקומען צו דער יובילײ־פײַערונג פון „סאָוועטיש היימלאַנד" און אַרויסגעבראַכט גרייטקײַט צו העלפן נאָך מער אויסצוברייטערן דעם יידישן ליטעראַרישן זשורנאַל.

אָפּ נאָך אַ וויכטיקן מאָמענט וויל איך אָנווײַזן. ווען מיר שאַצן אָפּ די באַדײַטונג פון „סאָוועטיש היימלאַנד", איז אומבאַדינגט נייטיק אָנווײַזן אָפּ דעם אונטערשייד צווישן די יידישע אויסגאַבעס אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער און אין סאָוועטנפאַרבאַנד. די בירגערלעכע יידישע פּרעסע פּריידיקט, אַז אין רעזולטאַט פון די רעדיפעס, גייט אונטער דאָס יידישע קולטור־לעבן אין סאָוועטנפאַרבאַנד. וואָס זײַנען אָבער די פאַקטן? אָפּ דער קאָנפערענץ פון יידישע זשורנאַליסטן פון די קאַפּיטאַליסטישע לענדער, וואָס איז אָרגאַניזירט געוואָרן מיצאַד דעם אַזויגערופענעם „וועלט־ראַט פאַר יידיש און יידישער קולטור" (19.1.1986) האָט מען גערעדט וועגן דעם, אַז אויב אין 1966 זײַנען דערשינען 14 טאָג־צײַטונגען אין דער יידישער שפּראַך, דערשײַנען אין 20 יאָר אַרום, אין יאָר 1986, ניט מער ווי 4 טאָג־צײַטונגען. צווישן די 4 טאָג־צײַטונגען ווערט אַרײַנגערעכנט דער „ביראָבידזשאַנער שטערן".

דער ניו־יאָרקער זשורנאַליסט ש. ל. שנײַדערמאַן שרײַבט אין דער „יידיש וועלט" (סענטיאַבער, 1986), אויסגאַבע אין טעל־אַוויוו פונעם „וועלט־ראַט פאַר יידישער קולטור", אַז: „פיל ערגער איז די מאַראַכע פון יידיש אין די טפוצעס, אײַנגעשלאָסן דעם 6־מיליאָניקן יידישן יִשעוו אין אַמעריקע. די גרעסטע יידישע אויסגאַבעס, דער „פאָרווערטס" אין ניו־יאָרק, די טעגלעכע „די פּרעסע" אין בוענאָס־אײַרעס און די איינציקע יידישע טאָג־צײַטונג אין אייראָפּע, דאָס פּאַריזשער „אונדזער וואָרט" זײַנען אַלע אין דער סאַקאָנע אונטערצוגיין, ניט כאָלילע צוליב מאַנגל אין לייענער, אָדער געלט, נאָר דערפאַר, ווײַל עס איז, לײדער, ניטאָ, ווער עס זאָל פאַרנעמען דאָס אָרט פון די שרײַבער, וואָס גייען אַוועק אין דער אײביקײַט". ד״ר הערשל קלעפּפיש רופט אויס אין דער זעלבער אויסגאַבע אָפּן אַדרעס פונעם „וועלט־ראַט פאַר יידיש און יידישער קולטור", דער פּאָרזיצער פון וועלכן יִצכאָק קאָרן האָט זיך צעשריגן וועגן דעם, אַז יִסראָעל ווערט אַ צענטער פאַר יידיש, אַז: „ניט דורך אויפהענגען אַ שילדל אַנטשטייט אַ גײַסטיקער צענטער" („יידיש וועלט", סענטיאַבער, 1986).

און אָפּ נאָך אַ וויכטיקן מאָמענט איז נייטיק אָנצוווײַזן. די יידישע בירגערלעכע זשורנאַליסטיק און די שרײַבערישע וועלט אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער זײַנען דורכגעזאַפּט מיט אומגלויבן און פּעסימיזם, פאַרשליסנדיק זיך דערבײַ אין אַ גײַסטיקער געטאָ, ניט ווילנדיק זען די אַרומיקע וועלט, די אַרומיקע ווירקלעכקײַט.

אין טעל־אַוויווער „בײַ זיך" (נום. 29) שרײַבט ד״ר הערשל קלעפּפיש אין אַן אָפּהאַנדלונג וועגן מוישע מענדעלסאָנען, אַז: „שימען אַוויראָוויטש, דער מיזרעך־אייראָפּעישער פאָרשער, האָט געשריבן אין פּעריאָד צווישן די צוויי וועלט־מילכאָמעס, אַז מוישע מענדעלסאָן האָט אָפּגעשלאָסן די געטאָ־עפּאָכע... מענדעלסאָן האָט אָבער ניט אָפּגעשלאָסן די געטאָ־טקופע... מיט ווייטיק קומט אונדז אויס פעסטצושטעלן, אַז „דאָס יידישע פאָלק איז אַ שרעקלעך פאַריינזאַמט פאָלק, אָבער דאַפקע אין זײַן איינזאַמקײַט איז פאַראַן זײַן עכטקײַט"...

דער דאָזיקער גײַסטיקער צוגאַנג פון יִיעש, פּעסימיזם און דאָס פאַרהערלעכן די אָפּגעזונדערטקײַט דאָמינירט אין דער אַטמאָספער פון דער יידישער בירגערלעכער פּרעסע און ליטעראַטור. דאָס איז געמישט מיט אַ גרויסער דאָזע אַנטיסעמיטיזם.

דעריבער איז דערמונטערנדיק דער פאַקט, וואָס „סאָוועטיש היימלאַנד“ קאָן קומען צו דער יוביליי־פייערונג מיט אַזאַ פּרעכטיקן באַלאַנס פון קענען ווידמענען אַ גאַנצן נומער דער פּלעיאַדע יונגע יידישע שרייפטשטעלער, פאַרעפנטלעכן שאַפונגען פון 31 יונגע שרייבער און דיכטער. קיין שום יידישע צייטשריפט אין דער מערבֿדיקער וועלט קאָן ניט באַווייזן, אַז ער האָט מיטאַרבעטער, שרייבער, דיכטער, וואָס זיינען געבוירן געוואָרן נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה. קיין שום יידישע צייטשריפט, קיין שום אָרגאַניזאַציע פון יידישע שרייבער אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער קאָן זיך ניט דערלויבן צו שרייבן: „עס ווערט געשטעלט אויפן פאָדערפלאַן די צוקונפט פון אונדזער ליטעראַטור“.

ווי לעכערלעך, ווי נעבעכדיק קלינגען אין דער ליכט פון אָט די פאַקטן די ווערטער פון איטשע גאָלדבערג (אין ניו־יאָרקער זשורנאַל „יידישע קולטור“, נומ. 5—6, 1986): „איך מיין, אַז דער אונטערגאַנג פונעם יידישן לעבן, פון דעם יידישן פאָלק אין סאָוועטנפאַרבאַנד, ניט קוקנדיק אויף אַלע אויפבליצן, האָט זיך אָנגעהויבן אַזוי פרי ווי אין 1918—1919—1920, ווען מע האָט פאַרבאָטן די יידישע רעליגיע, פאַנאַנדערלאָזנדיק די הונדערטער ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס...“

לויט דעם דאָזיקן פריידיקער פון אַנטיסאָוועטיזם, וועלכער רופט אין זיין יאוש און פאַרצווייפלונג צוריקצוגיין אין דער סינאַגאָגע, איז גאָר דער עצם זיג פון דער סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע אין סתירה צו די אינטערעסן פונעם יידישן פאָלק. צי קאָן דער דאָזיקער „כויזער בעטשוווע“ אָנווייזן אויף אַן אויסוועג, אַרויסשטעלן אַ פּערספּעקטיוו? ניין!

דעריבער איז דערמונטערנדיק דאָס דערשיינען פון „סאָוועטיש היימלאַנד“, וואָס איז ניט אָפּגעריסן, ניט איזאָלירט, נאָר אַ טייל, אַ וואָגיקער טייל פון דער גרויסער משפּחה פון סאָוועטישע ליטעראַטור־טריבונעס. דער זשורנאַל, וואָס שפּיגלט אָפּ די סאָוועטישע ווירקלעכקייט און דאָס לעבן פון יידישע מענטשן אין דער גרויסער פעלקער־משפּחה, אָט דער זשורנאַל איז דורכגעדרונגען מיט האָפענונג און גלויבן אינעם מאָרגנדיקן טאָג, ער ווייזט אָן אויף אַ ליכטיקער פּערספּעקטיוו, — נאָר און בלויז דורך פאַרמיידן אַ מלחמה קאָן מען זיכערן דאָס לעבן פון אַלע פעלקער, אַריינגערעכנט דאָס יידישע פאָלק. אין דער היינטיקער גורלדיקער צייט איז דער קאַמף פאַר שלום אַ לעבנס־וויכטיקע, צענטראַלע פראַגע.

אין אָט דער גורלדיקער פאַר דער מענטשהייט צייט איז „סאָוועטיש היימלאַנד“ — די שטים פון מאָביליזאַציע פון די ברייטסטע יידישע מאַסן קעגן דער געפאַר פון נאָך אַ מלחמה. דאָס דאַרף זיין דער הויפּט־מאָטיוו אין די שאַפונגען פון „סאָוועטיש היימלאַנד“ — אַפּעלירן צו אַלע יידישע פאָלקס־מענטשן, ניט אָפּשטעלנדיק זיך פאַר די מיינונגס־פאַרשיידנהייטן, צו אַקטיוויטעט פאַר פאַרמיידן אַ מלחמה.

ס'איז נייטיק אונטערצושטרייכן, אַז ניט קוקנדיק אויף דער ווילדסטער אַנטיסאָוועטישער העצע, רייסן זיך דורך אין די שאַפונגען פון די ישׂראלדיקע שרייבער טענער פון פאַרנונפט און פאַרשטענדעניש פאַר דער לעבנסוויכטיקייט פון אַ סאָוועטיש־ישׂראלדיקער קאָאָפּעראַציע, פון קעגנערשאַפט צו דער מלחמה־היסטעריע. אין זיין ליד (אין „ביי זיך“, נומ. 28) שרייבט דער באַוווּסטער דיכטער י.־כ. בילעצקי, אַז: „רייכער, רייכער דיין מאַכאָרקע, איך מיין ליולקע צינד היינט אָן, זאָל מיין ברענער זיין דיין גאָרקי, ווייל נאָענט איז מיר דיין גאָרקיס טאָן“.

ס'איז דעריבער וויכטיק, אַז „סאָוועטיש היימלאַנד“ זאָל פאַרברייטערן זיין אַקטיוויטעט און זאָרגן קוידעם־כּל פאַר פאַרבעסערן די באַציונגען צווישן די פּראָגרעסיווע יידישע קרייזן מיט „סאָוועטיש היימלאַנד“, עס זאָלן איינגעשטעלט ווערן ענגערע קאָנטאַקטן, אַן אויסטויש פון אינפאָרמאַציע און מיינונגען צווישן די יידישע פּראָגרעסיווע שפּעריישע קרעפטן און „סאָוועטיש היימלאַנד“, ווייל דאַן וועט זיין מעגלעך צו מאָביליזירן די ברייטסטע יידישע פאָלקס־קרייזן צום גורלדיקן קאַמף פאַר פאַרמיידן אַ מלחמה און פאַר שלום.

דאַנקענדיק פאַרן כּבֿוד איינגעלאַדן צו ווערן צו דער פייערונג פון 25 יאָר „סאָוועטיש היימלאַנד“ אין מאָסקווע, ווינטש איך אייך ווייטערדיקע דערפאָלגן אין אייער דערהויבענער און געבענטשטער אַרבעט, און זאָלן מיר האָפן, אַז מיר וועלן באַווייזן צו פאַרמיידן אַ נייע גרויליקע מלחמה, און מיר וועלן לעבן אין אַן אַטמאָספער פון שלום אויף דער וועלט, אַריינגערעכנט דעם מיטעלן מיזרח. זאָל לאַנג לעבן „סאָוועטיש היימלאַנד“ אַלס אַ ווירדיקער טייל פון דער גרויסער ליטעראַטור־משפּחה פון די סאָוועטישע פעלקער!

# ליויס מאָראַז,

פובליציסט, הויפּט־רעדאַקטאָר פון דער צײַטשריפט „דזשויִש אַפּערס" (פשא)



„סאָוועטיש היימלאַנד" איז אַ גלענצנדיקער בײַשפּיל פון דעם, וויאַזוי אין סאָוועטנפאַרבאַנד אַנטוויקלען זיך די ליטעראַטורן אויף אַלע שפּראַכן. דאָס איז אַ באַווײַז פון דער לעניִנישער פעלקער־פרײַנטשאַפט, וועלכע גיט אַ מעגלעכקײַט פאַרן אויפבלי פון די נאַציאָנאַלע קולטורן.

פון זינט עס דערשײַנט די צײַטשריפט „דזשויִש אַפּערס" האַלטן מיר אונטער ענגע פאַרבינדונגען מיט „סאָוועטיש היימלאַנד". מיר האָבן געשטעלט פאַר זיך אַ ציל צו קעמפן קעגן בורזשואַזן נאַציאָנאַליזם און שאָוויניזם, וועלכע די רעאַקציע פאַרשפּרייט צווישן די ייִדישע מאַסן פון אַמעריקע און בכלל אין דער קאַפּיטאַליסטישער וועלט. אין משך פון צענדליקער יאָרן פירן די אימפּעריאַליסטישע קרײַזן פון פשא און ייִשׂראל אַ העצערישע אַרבעט צווישן די דאָזיקע מאַסן, און „דזשויִש אַפּערס" איז איינע פון די אויסגאַבעס, וועלכע זײַנען באַרופן צו עפענען די אויגן אויף אַט דער גיפטיקער טעטיקײַט.

אונדזער טיראַזש איז דערווײַל נאָך אַ באַשיידענער, נאָר די ווירקונג פון דער צײַטשריפט ווערט אַלץ גרעסער און ברייטער. מיר קומען צו די לייענער מיטן לאָזונג: „פאַר אַ פּראָגרעסיוון אַנאַליז פון די איקערדיקע געשעענישן פון דער הײַנטצײַטיקײַט, פאַר קלאָרקײַט אינעם קאַמף קעגן ראַסיזם, אַנטיסעמיטיזם און שאָוויניזם, פאַר אַ פּראָגרעסיווער קולטור פונעם אַרבעטער־קלאַס, וואָס זאָל דינען דעם סאָציאַליזם און דעם שלום!"

מיר געפינען זיך אין אַ פאַרביטערטן געראַנגל מיט די אימפּעריאַליסטישע, שאָוויניסטישע און נאַציאָנאַליסטישע קויכעס, אַנטפּלעקנדיק פאַר די ברייטע מאַסן די רעאַקציאָנערע ראָליע פון דער ייִדישער בורזשואַז־נאַציאָנאַליסטישער אָנפירונג און אירע קלאַסן־פאַרבינדונגען מיט די רייגאַנישע גלאָבאַלע העגעמאָניסטן.

אַ שטענדיקע אַרבעט פירן מיר דורך צווישן דער אַמעריקאַנער ייִדישער יוגנט. אין אָנהייב פון די 70־ער יאָרן איז געשאַפן געוואָרן אַ יוגנטלעכער קאָמיטעט „ברירה". ער האָט אַרויסגערוקט אַ פּראָגראַם פון קאַמף קעגן שאָוויניזם, וועלכער באַהערשט די בירגערלעך־נאַציאָנאַליסטישע פּאָזיציעס פון דער ייִשׂראלדיקער און אַמעריקאַנער ציוניסטישער אָנפירונג. די ציוניסטן האָבן באַלד אָנגעהויבן אַ העצע־קאַמפּאַניע קעגן „ברירה" — סײַ פּאָליטיש, סײַ אויסנוצנדיק די טעראָריסטישע „דזשויִש דעפענס ליג". שפּעטער האָט דער קאָמיטעט זיך פאַרברייטערט און אָנגערופן זיך „נײַע ייִדישע אַדזשענדע". אין איר האָבן זיך אַרײַנגענאָסן נײַע קויכעס. איצט איז דאָס אַ וואַקסנדיקע און אָפּעראַטיווע קראַפט, וועלכע קעמפט פאַרן פּראָגרעס און ווײַזט אַרויס אַקטיווקײַט אין לייזן די פּראָבלעמען, וואָס שטייען פאַר די אַמעריקאַנער ייִדן און פאַרן גאַנצן אַמעריקאַנער פאָלק.

די מיטגלידער פון דער „נײַער ייִדישער אַדזשענדע" זײַנען נאָך ניט אינגאַנצן אייניקײַטלעך אין זייער קאַמף, עס זײַנען פאַראַן מיינונגס־פאַרשיידנהײַטן בנוגע דער פראַגע וועגן דעם, וויאַזוי צו דערגרייכן אַ שלום אויפן נאָענטן מיזרח. אָבער די מערהײַט פאַרשטייט די נויטווענדיקײַט פון אַ צווישנפעלקערלעכער קאָנפערענץ, וועלכע קאָן קומען צו אַ פאַרשטענדיקונג וועגן אַ יושרדיקן און סטאַבילן שלום אין אָט דעם רעגיאָן.

מע קאָן ניט פאַרבײַגיין צו אָנווײַזן אויף יענע ייִדישע קרײַזן אין אַמעריקע, וועלכע זײַנען פאַרבונדן מיטן מיליטעריש־אינדוסטריעלן קאָמפּלעקס און פירן אַ פּרינציפּלאָזע קאַמפּאַניע קעגן דעם סאָוועטנפאַרבאַנד, פאַרשפּרייטנדיק שקרים וועגן דעם קלוימערשטן „סאָוועטישן אַנטיסעמיטיזם". זיי באַמיִען זיך אויף אַזאַ אויפן אַרײַנציִען די אַמעריקאַנער ייִדן אין אַ העצערישער היסטעריע קעגן דעם סאָוועטנפאַרבאַנד. „דזשויִש אַפּערס" טרעט אַרויס

קעגן אזא העצע, וואָס איז געצילט אַף אונטערצורייַסן דעם שאָלעם־פּראָצעס אין דער וועלט. ניט לאַנג צוריק האָבן מיר פאַרעפנטלעכט א פּאַמפלעט אונטערן נאָמען „ראַטעווענדיק די סאָוועטישע ייִדן", אין וועלכן מיר דעמאַסקירן די רעכילעסטרייַבער.

פון טאָג צו טאָג וואַקסט די אומצופרידנקייַט און די אָפּאָזיציע בענעגייע דעם רעכטן פליגל פון אַמעריקאַנער ייִדישן קאָמיטעט, דעם אַרויסגעבער פון דער אַרכי־קאָנסערוואַטיווער כוידעש־שריפט „קאָמענטערי", און בענעגייע דעם אַמעריקאַנער־ייִסראָעלדיקן קאָמיטעט פאַר געזעלשאַפטלעכע איניאָנים, דער רופאַר פון די ייִסראָעלדיקע הערשנדיקע קרייַזן. אין 1980 האָבן בא 63 פּראָצענט אַמעריקאַנער ייִדן געשטימט פאַרן פּרעזידענט רייגאַן, און אין 1984 האָבן 73 פּראָצענט געשטימט קעגן אים.

צו אונדז פאַרייניקן זיך אַלץ מער פּראָגרעסיווע קויכעס. די אַמעריקאַנער ייִדן, פון וועלכע 15—20 פּראָצענט לעבן אַפן נידעריקסטן אָפּיציעלן דאַלעס־ניוואָ, ווערן אַלץ ברייטער אַרייַנגעצויגן אין די פּראָפאַרייַנען, אין יוגנטלעכע און פרויען־אָרגאַניזאַציעס, וועלכע פאָדערן צו ענדערן די אימפּעריאַליסטישע פּאָליטיק פון די רעגירנדיקע קרייַזן. צווישן די לאָזונגען, וועלכע ווערן אַרויסגערוקט, געפינען זיך פאָדערונגען צו פאַרקלענערן דעם אומגעהייער גרויסן מיליטערישן ביודזשעט, קעדיי די געלט־מיטלען אויסנוצן אַף עפעקטיוו לייזן די פּילצאָליקע פּראָבלעמען פון איינזאַמע זקיינים, היימלאָזע, אַרבעטלאָזע, קעדיי פאַרבעסערן די לאַגע פון די קינדער־שולן, ליקווידירן דעם אַנאַלפאַבעטיזם.

באַנאַנד מיט אַנדערע פּראָגרעסיווע קויכעס פאַרשטייט די רעדאַקציע פון „דזשויִש אַפּערס" איר פאַראַנטוואָרטלעכקייַט אין דער זאַך פון שטיצן און פאַרשטאַרקן די מאַסן־שטרעבונג צו שאָלעם דורך רעאַלע אופטוען. און אין אָט דער אַרבעט ניצן מיר אויס די דערפאַרונג פון „סאָוועטיש היימלאַנד", די ווערק, וועלכע דרוקן זיך אין אייַער זשורנאַל.

דער יאָמטעוו פון „סאָוועטיש היימלאַנד" איז אויך אונדזער יאָמטעוו. האַנט בא האַנט גייען מיר אין קאַמף פאַר שאָלעם און פּראָגרעס, און מיר גלייבן, אַז דאָס איז דער ריכטיקסטער וועג צו אונדזער ליכטיקער צוקונפט.



## שמועל גאָרדאָן,

סאָוועטישער ייִדישער שרייַבער

ווי יעדן איינעם פון די בייַוווינדע אַף דער הייַנטיקער פאַרברייטערטער פּלענאַרער זיצונג פון דער רעדקאָלעגיע, פרייט מיך ביז גאָר, וואָס אַף אונדזער גרויסן יאָמטעוו זע איך צווישן די פאַרבעטענע געסט אויך שעליכים פון אויסלאַנד, באַוווסטע ייִדישע פּען־קאָלעגן און קולטור־טוער.

בייַזייַן אַף אזא יאָמטעוו, אָנטיילנעמען אין אָט די פייַערונגען איז פאַר יעדן איינעם פון אונדז אי א גרויס גליק, אי א גרויסער קאָוועד. צוזאַמען אָבער מיט אָט די אַלע פייַערלעכע באַגריסונגען און ווונטשן זייַנען דאָ אַרויסגעזאָגט געוואָרן אויך איניקע געדאַנקען, וועלכע האָבן א שייַכעס ניט אזוי צום באַל־יוּוֹל, ווי צו דער ייִדישער ליטעראַטור און קולטור ביכלאַל.

לאָמיר, טייַערע כאַווײרים, זייַן אופריכטיק. ווער פון די בייַוווינדיקע קאָן אָנרופן נאָך איינעם אזא באַדייַטונגספולן און ווירקזאַמען צענטער פון דער ייִדישער ליטעראַטור בא הייַנטיקן טאָג, ווי מיר פאַרמאָגן אים בא אונדז אין סאָוועטנפאַרבאַנד?

ס'איז שוין ניט איין מאָל באַטאָנט געוואָרן אין די אַרויסטרעטונגען פון די כאַווייִרים, אַז די פייַערונג פון 25 יאָר „סאָוועטיש היימלאַנד" איז אַ וויכטיקע היסטאָרישע געשעעניש אין דעם פילדוירעסדיקן דורכגעמאַכטן וועג פון אונדזער ליטעראַטור. ווײַבאַלד ס'איז באַנוצט געוואָרן, און מיט פולער רעכט, דער דאָזיקער אויסדרוק, וועל איך אין צוזאַמענהאַנג דערמיט זיך דערלויבן מאַכן אַ קורצן געשיכטלעכן איבערזיכט פון דעם, וואָס עס האָט פּאַסירט מיט אונדזערע שעפערישע אויצרעס אין דער צווייטער גרויזאַמער וועלט־מילכאָמע, קעדיי טיפער באַנעמען די דערשייַנונג „סאָוועטיש היימלאַנד" און די אויפגאַבן, וואָס שטייען פאַר אונדז אַלס קעמפער פאַר שאָלעם.

פון די פאַרמילכאָמעדיקע דרײַ גרויסע ליטעראַרישע צענטערס מאָסקווע—וואַרשע—ניו־יאָרק איז דער וואַרשעווער כאָרעוו געוואָרן שוין אין סאַמע אָנהייב פונעם קריג. אַ שרעקלעכער גורל איז אויך אויסגעפאַלן אויף דער יידישער באַפעלקערונג פון אַ רײַ אָקופּירטע דורך די פאַשיסטן סאָוועטישע רעפּובליקן. צוזאַמען מיטן פאָלק זײַנען אומגעקומען פיל זײַנע שרײַבער. די מערהייט פון זיי אַלס שלאַכטלײַט אויפן פראָנט, געוועזן זײַנען אויך קדושים־שרײַבער אין די געטאָס. ניט געליטן האָט בלויז, ווי מיר ווייסן, דער אַמעריקאַנער צענטער פון דער יידישער קולטור.

פרעגט זיך, וויאַזוי איז דאָס געשען, וואָס גראַדע דער פילגעליטענער סאָוועטישער ליטעראַרישער צענטער איז הײַנט, אין פיל יאָרן נאָכן קריג, פאַרבליבן דער איינציקער לעבעדיקער שטראָם, כאָטש אין די פאַרייניקטע שטאַטן, אין אַ טייל לאַטײַן־אַמעריקאַנער און אייראָפּעיִשע לענדער, אין יִסראָעל, געפינען זיך נאָך שריפטשטעלער, עס דערשײַנען פעריאָדישע אויסגאַבעס, ניט ווייניק ביכער?

איך נעם זיך ניט אונטער צו געבן דערויף אַן אויסשעפּלעכן ענטפער. איינס איז פאַר מיר אָבער קלאָר. מאָסקווע איז געוואָרן דער הויפּט־צענטער פון דער הײַנטצײַטיקער לעבעדיקער יידישער ליטעראַטור הויפּטזאַכלעך דערפאַר, ווײַל מיר זײַנען געוואָרן די באַלפּיִנקעסן ניט פונעם אָוואַר, ניט פונעם נעכטן און אייערנעכטן, נאָר פונעם הײַנט און פון דעם מאָרגן. דאָס הייסט ניט, אַז מיר, די יידישע סאָוועטישע שרײַבער, זײַנען פאַרבײַגעגאַנגען און גייען פאַרבײַ דאָס געשעענע מיט צוגעמאַכטע אויגן און מיט פאַרשטאָפּטע אויערן. איך וואָלט געקאָנט אָנרופן צענדליקער און צענדליקער ווערק, אין וועלכע עס איז ברייט און טיף, מיט גרויסער קינסטלערישער מײַסטערשאַפט, עמעסדיק געשילדערט דער כורבן. די פאַרטיליקונג פון די מיליאָנען יידן ווערט אָבער געשילדערט ניט אָפּגעזונדערט פון די שרעקלעכע פאַרלוסטן, וואָס עס האָבן געליטן אויך אַנדערע פעלקער פונעם סאָוועטנפאַרבאַנד, פונקט ווי וועגן דער אַרויסגעוויזענער גוואורע פון די יידישע שלאַכטלײַט אויפן פראָנט און אין די פאַרטיזאַנישע אָטריאַדן, ווערט דערציילט ניט אָפּגעזונדערט פון דער גוואורע, וועלכע ס'האָבן באַוויזן די זין און טעכטער פונעם פילנאַציאָנאַלן סאָוועטנפאַראַבנד.

גרויס, זייער גרויס איז דער ווייטיק פון די שרעקלעכע פאַרלוסטן, אָבער דאָס לעבן האָט זיך ניט אָפּגעשטעלט, עס ווערט פאָרגעזעצט. באַווײַזן עמעסדיק, וויאַזוי דאָס רויִנירטע לעבן ווערט אויפגעריכט, צו דעם האָט גערופן די שרײַבער אונדזער זשורנאַל פונעם ערשטן טאָג פון זײַן עקזיסטענץ, גערופן אונדז זיך אײַנשליסן אינעם קאָך פון דעם לעבן.

די אוטאָרן פונעם זשורנאַל זײַנען נאָך דער מילכאָמע געוואָרן מעראַגלים. זיי האָבן נאָכגעפאָלגט נאָך די פּראָצעסן, וואָס קומען פאָר אינעם לעבן פון די יידישע מאַסן ניט פון דער זײַט. מיר זײַנען נאָכגעגאַנגען און מיטגעגאַנגען מיטן פאָלק. ווער פון אונדז עס האָט זיך אַוועקגעלאָזט אין די גרויסע אינדוסטריִעלע שטעט, ווו עס האָבן זיך אויף שטענדיק באַזעצט די עוואַקויִרטע בײַס דער מילכאָמע, געשעפּט דאָרט לעבעדיקן שטאָף פאַר נײַע ווערק, ווער ס'האָט זיך אַוועקגעלאָזט איבער די שטעט, שטעטלעך און דערפער, וועלכע זײַנען פאַר דער מילכאָמע געווען קימאַט דורכויס יידישע, און דערציילט וועגן דעם אין זייערע ביכער. איך, צום בײַשפּיל, האָב לויט דער פאַרגעבונג פונעם זשורנאַל דורכגעמאַכט נעסיִעס אינעם ווײַטן קאַזאַכסטאַן, אין די געוועזענע יידישע יִשוּווים פון קרים, אין די אַמאָליקע יידישע שטעטלעך פון אוקראַיִנע. די אַלע רײַזע־בילדער זײַנען געווען פאַרעפנטלעכט אין אונדזער זשורנאַל און דערנאָך איבערגעדרוקט אין פאַרשיידענע אויסלענדישע פעריאָדישע אויסגאַבעס.

ווי מיר איז באַוווּסט, האָט וועגן מײַן פאַרצייכענונג „צעלינאַ" זיך אָפּגערופן די אויסלענדישע יידישע פּרעסע מיט אַ טײַנע: „וואָס איז עס פאַר אַ יידישער זשורנאַל, פאַר אַ יידישע ליטעראַטור? פון ווען אָן איז צעלינאַ געוואָרן אַ יידישע טעמע?" די דאָזיקע קריטיקער, פאַרבלענדטע פון סינע און קינע, האָבן פּאָשעט פאַרזען, אַז צעלינאַ איז שוין פון לאַנג אַ טוישעוו אין דער יידישער ליטעראַטור. די קרימער און אוקראַיִנער סטעפּעס זײַנען דען אין די צוואַנציקער און דרײַסיקער יאָרן בײַסן באַזעצן דאָרט טויזנטער יידישע מישפּאָכעס ניט געווען קיין צעלינאַ? און ביראָבידזשאַן? דערײַבער האָב איך געענטפערט דעם העלד פון דער פאַרצייכענונג, דעם רעדאַקטאָר פון אַ ראַיאָנער צײַטונג, ווען ער האָט מיך געפרעגט ווי איז אויף יידיש צעלינאַ, אַז צעלינאַ אויף יידיש איז... אויך צעלינאַ. אַלץ, וואָס עס קומט פאָר בײַ אונדז אין לאַנד איז ליבלעך נאָענט דער יידישער ליטעראַטור.

מיר זײַנען געוווינט באַשיידן אָפּ זיך ניט אײַנברעגעמען מיט דער צאָל יידישע ביכער, וועלכע זײַנען פאַר די פינף און צוואַנציק יאָר דערשינען בײַ אונדז. איך ווייס ניט, מעגלעך, אַז אין אַמעריקע איז זי אַפילו אַ גרעסערע. מיר האָבן אָבער הײַנט אַלע געהערט ווי נישטיק קליין ס׳איז דער טיראַזש, די צאָל עקזעמפּליאַרן פון אַ יידישן בוך אין אויסלאַנד און ווי טרויעריק עס איז דער מאַצעוו פון די יידישע שרײַבער, בײַס בײַ אונדז אין לאַנד זײַנען ביז איצט דערשינען יידישע ביכער אין אַ צאָל פון 6 און 7 טויזנט עקזעמפּליאַרן און אייניקע אַפילו אין 10 און 15 טויזנט. עמעס, די צאָל איז מיט דער צײַט געפאַלן. די סיבע איז אַ גאַנץ פאַרשטענדלעכע. דער יידישער לייענער געהערט הויפּטזאַכלעך צום עלטערן דאָר, און קיינער לעבט דאָך ניט אייביק. דער צופלוס פון נײַע לייענער, וואָס געהערט צום יינגערן דאָר, איז דערווײַל נאָך ניט אַזאַ גרויסער. וואָס שײַעך דער לאַגע פון די יידישע סאָוועטישע שרײַבער, איז זי אַזאַ, אַז מע מעג אין אַנדערע מעקוימעס מעקאַנע זײַן. אונדז זײַנען געגעבן די בעסטע מעגלעכקײַטן פאַר פּרודוקטיווער שעפערישער אַרבעט. קיינמאָל האָט דער יידישער שרײַבער אין קיין שום לאַנד פון דער וועלט ניט געהאַט אַזעלכע באַדינגונגען, ווי ער האָט אין סאָוועטנפאַרבאַנד. אונדז זײַנען געגעבן די זעלבע רעכט און מעגלעכקײַטן ווי אַלע סאָוועטישע שרײַבער, און פונקט ווי בײַ אַלעמען, איז אויך בײַ אונדז בלויז אָפּגענומען דאָס רעכט צו שרײַבן שלעכט. פאַר גוטער יידישער ליטעראַטור קעמפט אַלע יאָרן אונדזער זשורנאַל. דערפאַר האָט ער דערגרייכט אַזאַ הויכע אידייִשקײַט און קינסטלערישע רײַפקײַט.

ס׳איז מאַמעש צו באַוווּנדערן ווי בילדעריש־רײַך און פאָלקסטימלעך־זאַפטיק עס איז די שפּראַך פון דער סאָוועטישער יידישער ליטעראַטור. ניטאָ שוין מער קיין יידישע שטעט און שטעטלעך, קיין יידישע דערפער, ווו פאַר דער מילכאָמע האָט מען קימאַט דורכויס גערעדט יידיש, אָבער די מוטערשפּראַך אונדזערע האָט זיך פאַרהיט, זי אַנטוויקלט זיך ווײַטער, ווי דאָס איז צו זען פון יעדן נײַ־דערשינענעם בוך. ווען איך רעד וועגן אונדזערע ביכער, האָב איך אין זינען דעם זשורנאַל, ווײַל אַלץ, וואָס עס איז בײַ אונדז דערשינען אין אַ בוך־פאָרם, איז פריער געווען פאַרעפנטלעכט אויף די שפּאַלטן פון „סאָוועטיש היימלאַנד“.

ניט צופעליק פאַרנעמט די פראַגע וועגן שפּראַך אויף אונדזער איצטיקן סימפּאָזיום אַ באַדײַטנדיק אָרט. שפּראַך איז ניט בלויז אַ מיטל פון פאַרקער, זי באַטײַט פיל מער, זי איז אין אַ געוויסער מאָס די נעשאָמע פונעם פאָלק.

איך בין אַ יידישער סאָוועטישער שרײַבער ניט בלויז, ווײַל איך שרײַב וועגן יידן. אין דער רוסישער און וועלט־ליטעראַטור זײַנען געווען ניט ווייניק שעפער, און זיי זײַנען איצט אויך פאַראַן, אין וועמענס שאַפונג דאָס לעבן פון די יידן פאַרנעמט אַ בעקאָוועדיק אָרט. זיי זײַנען אָבער ניט קיין יידישע שרײַבער, נאָר רוסישע, אוקראַיִנישע, ווײַסרוסישע, טשעכישע, ענגלישע און אַזוי ווײַטער. אַ יידישער שרײַבער איז פאַר מיר דער, ווער עס שרײַבט אויף יידיש. קיין צוויי מיינונגען, דוכט מיר, קאָנען דאָ ניט זײַן.

צולעצט ווילט זיך מיר זאָגן וועגן דעם סאַמע וויכטיקסטן, וואָס באַאומרויִקט אונדז, וועגן דער געפאַר פון אַ נײַער מילכאָמע. וועגן דעם איז דאָ פיל שוין גערעדט געוואָרן. דאָך איז מיר אַלץ נאָך שווער צו באַנעמען, אַז צווישן די יידן קאָנען זיך געפינען אַזעלכע, וואָס גאַרן אַ נײַע מילכאָמע. צי זײַנען פאַר זיי ווייניק די זעקס מיליאָן קדוישים?! ס׳איז מיר אויך שווער צו באַגרײַפן, וויאַזוי עס עפנט זיך אויף דאָס מויל בײַ אַ יידן, ווו ער זאָל ניט זײַן, צו וואַרפן שמוץ אויף אונדזער לאַנד. ווי מאַכט מען זיך עס צו פאַרגעסן, אַז דער סאָוועטנפאַרבאַנד האָט געראַטעוועט הונדערטער טויזנטער יידן, ניט בלויז סאָוועטישע בירגער, פון זיכערן אומקום, בעסויכעם אויך פיל פון די, וואָס זײַנען איצט געוואָרן כאַזאָנים און מעשוירערים אינעם אַנטיסאָוועטישן כאָר.

ליבע פרײַנט! איינע פון מײַנע ליטעראַרישע נאָטיצן האָב איך געהאַט אַ נאָמען געגעבן: „ניין, מיר זײַנען ניט די לעצטע“. געשריבן האָב איך עס מיט זייער פיל יאָרן צוריק. דעם עמעס געזאָגט, בין איך דעמאָלט ניט געווען אינגאַנצן זיכער, אַז עס איז ווירקלעך אַזוי, און אוואַדע און אוואַדע בין איך ניט געווען זיכער, אַז צום פינף־און־צוואַנציקסטן יאָר פונעם זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד“ וועל איך פונסנײַ קאָנען אַרויסברענגען בעקאָלראָם: „ניין, מיר זײַנען ניט די לעצטע“. דאָס לעבן, די ווירקלעכקײַט האָט דערוויזן, אַז אויך הײַנט זײַנען גילטיק די דאָזיקע ווערטער. אונדזער יידישע ליטעראַטור און די יידישע שפּראַך אין סאָוועטנפאַרבאַנד לעבט און אַנטוויקלט זיך.

ניין, מיר זײַנען ניט די לעצטע, מיר האָבן יאָרשים, און דאָס איז איינע פון די גרעסטע פאַרדינסטן פון „סאָוועטיש היימלאַנד“, וועלכער האָט מיט זײַן דערשײַנען געעפנט אַ נײַ ליכטיק קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון דער פילדווירעסדיקער יידישער ליטעראַטור און קולטור.

# פ י ש ל  ט אָ ב י א ש,

ליטעראַטור־פֿאָרשער
(אורוגווײַ)



דער פֿײַערלעכער פּלענום פֿון „סאָוועטיש היימלאַנד", געווידמעט די 25 יאָר זינט עס איז דערשינען דער ערשטער נומער, איז פֿאַר אונדז, ייִדישע קולטור־טוער פֿון דער לאַטײַן־אַמעריקאַנער רעפּובליק אורוגווײַ, בעעמעס אַ היסטאָרישע געשעעניש. ס׳איז מער ווי אַ סאַכאַקל. עס איז אַ שוווּנג אין דער צוקונפֿט, ווײַל די ייִדישע סאָוועטישע ליטעראַטור, וועלכע ווערט ווירדיק פֿאָרגעשטעלט מיצד דעם זשורנאַל, געפֿינט זיך אין סאַמע בלי און איז רײַך מיט שעפֿערישע פּלענער.

מיר איז שוין ניט איין מאָל אויסגעקומען צו רעדן וועגן „סאָוועטיש היימלאַנד". איך האָב געגעבן מײַנע אָפּשאַצונגען מיט יאָרן צוריק, ווען דער זשורנאַל האָט אָנגעהויבן זײַן וויכטיקע אַרבעט אין געביט פֿון פֿאָרזעצן די בעסטע טראַדיציעס פֿון דער ייִדישער פּראָגרעסיווער ליטעראַטור און קולטור. איצט, ווען מיר מערקן אָפּ אַ פֿערטל יאָרהונדערט פֿון דער דאָזיקער אַרבעט, זעען מיר באַשײַמפּערלעך, וואָס דער בעסטער ייִדישער ליטעראַריש־קינסטלערישער זשורנאַל האָט אויפֿגעטאָן פֿאַר אָט דער צײַט.

דאָס וויכטיקסטע, וואָס ער האָט אונדז געבראַכט און וואָס ער זעצט פֿאָר צו ברענגען, איז דאָס, וואָס פֿון זײַנע שפּאַלטן זײַנען אַרײַן אין דער ייִדישער ליטעראַטור ווערק, וועלכע שילדערן לעבעדיקע, פֿולבלוטיקע מענטשן, יעדער איינער מיט זײַן ציל אין לעבן. מיר זעען, אַז דער ייִדישער שרײַבער אין סאָוועטנפֿאַרבאַנד שטעלט פֿאַר זיך די אויפֿגאַבע צו דינען מיט זײַן ליטעראַרישער שאַפֿונג דעם פֿאָלק, העלפֿן גײַסטיק געשטאַלטיקן דעם נײַעם סאָוועטישן מענטשן, שטעלן די ליטעראַרישע שעפֿערישקײַט מיט דער גאַנצער אידעאָלאָגישער צילגעווענדטקײַט אין רעשות פֿון די היסטאָרישע אויפֿגאַבן צו בויען די קאָמוניסטישע געזעלשאַפֿט.

אַזעלכע נײַע טענער, נײַע שטרעבונגען, אַזעלכע צילן זײַנען אַ בעעמעס נײַע ריכטונג, אַ נײַע עסטעטישע שול אין דער ייִדישער ליטעראַטור, בײַ וועלכער עס קאָן און מוז זיך לערנען די ייִדישע ליטעראַטור אויך אין די לענדער, פֿון וועלכע מיר זײַנען געקומען אויף דער פֿײַערונג. ווי באַוווּסט, איז ליטעראַטור אַן אָפּשפּיגלונג פֿונעם לעבן. די ייִדישע סאָוועטישע ליטעראַטור האָט אַ שפּאַן געטאָן פֿאָרויס און זעט דאָס אָנקומען פֿון אַ ברידערלעך־גליקלעך מענטשלעך לעבן. אַזאַ איז די גרויסע אידיי, וואָס באַפֿליגלט די ייִדישע שרײַבער אין סאָוועטנפֿאַרבאַנד. דערפֿאַר איז זייער שאַפֿונג אַזאַ לעבנספֿולסירנדיקע, אַזאַ ווירקנדיקע, אַזאַ אָנרעגנדיקע צו מײַסים, צו נעמען פֿאַר אַ בײַשפּיל דעם געשילדערטן העלד, צו ווערן אַזאַ, ווי דער העלד.

טוט אַ קוק אויף די דאָזיקע העלדן. דאָס זײַנען געזונטע ייִדישע אַרבעטער אויף די פֿאַבריקן און זאַוואָדן, ייִדן אינזשענירן, ייִדישע פֿאָלקס־מענטשן, וועלכע מיִען זיך אין אַלע געביטן פֿון דער פֿאָלקס־ווירטשאַפֿט. מיר זעען זיי אין שטוב, בײַ דער אַרבעט, שטענדיק אין זאָרג פֿאַר אַנדערע מענטשן, פֿאַר דער בויונג, פֿאַרן לאַנד. דאָס איז דער אינהאַלט, דער ציל פֿון זייער לעבן. און ווי קאָרליק־קליין און טעמפּ זײַנען די ייִדישע בירגערלעכע רעאַקציאָנערע ליטעראַטור־קריטיקער, ווען זיי פּרוּוון אָפּפֿרעגן דעם נאַציאָנאַלן טאָך פֿון דער סאָוועטישער ייִדישער ליטעראַטור בלויז דערפֿאַר, וואָס זי איז סאָוועטיש־פּאַטריאָטיש און ניט אַלוועלטלעך־ייִדישיסטיש. דאָס קומט, ווײַזט אויס, פֿון ניט קענען באַגרײַפֿן די עכטע פֿרײַנטשאַפֿט, וואָס עס הערשט צווישן אַלע סאָוועטישע פֿעלקער, און אַז די ייִדישע סאָוועטישע ליטעראַטור איז אַ נאַטירלעכער באַשטאַנדטייל פֿון דער פֿילנאַציאָנאַלער סאָוועטישער ליטעראַטור.

מיר האָבן דאָס געוווּסט שוין פֿון לאַנג, מיר האָבן דאָס געזען פֿון סאַמע אָנהייב, ווען ס׳איז דערשינען דער ערשטער נומער „סאָוועטיש היימלאַנד". איצט האָבן מיר דאָס געזען באַשײַמפּערלעך אין די טעג פֿון די פֿײַערונגען פֿונעם יובילײ פֿון דעם זשורנאַל, ווען די גאַנצע ליטעראַרישע געזעלשאַפֿטלעכקײַט, און ניט בלויז די ייִדישע, האָט אַרויסגעוויזן אַזאַ געזונטן אינטערעס צו דער ייִדישער ליטעראַטור, ווען דאָס אָנערקענען די

פאַרדינסטן פון „סאָוועטיש היימלאַנד" איז אויסגעדריקט געוואָרן מיט באַערן דעם זשורנאַל מיט אַ הויכער מעלוכישער באַלוינונג.

מיר האָבן געוווּסט, אַז די ווערק פון די ייִדישע סאָוועטישע שרײַבער לייענט מען אין גאַנצן סאָוועטישן לאַנד אַדאַנק די איבערזעצונגען אויף פאַרשיידענע שפּראַכן. איצטער האַלטן מיר אין די הענט דעם ערשטן נומער פון דעם יאָרבוך „יאָר נאָך יאָר", וועלכער באַשטייט פון דער איבערזעצונג אויף רוסיש פון ווערק פון די ייִדישע שרײַבער, גענומענע פונעם זשורנאַל. מיר בלעטערן די אַנטאָלאָגישע זאַמלונג „סאָוועטישע ייִדישע דיכטונג", וועלכע ס'האָט אַרויסגעגעבן איינער פון די בעקאַוודיקסטע רוסישע פאַרלאַגן אין מאָסקווע. איך רעד שוין ניט וועגן אַ גרויסער צאָל ביכער, וואָס די רעדאַקציע האָט אויסגעשטעלט — באַזונדערע אויסגאַבעס פון די ווערק פון ייִדישע סאָוועטישע שרײַבער, וועלכע דערשײַנען רעגולער אין פאַרשיידענע פאַרלאַגן אויף פאַרשיידענע שפּראַכן.

מע דאַרף עס באַגרײַפן. די ייִדישע סאָוועטישע ליטעראַטור איז דורכויס סאָוועטיש און טיף ייִדיש. די פילנאַציאָנאַלע סאָוועטישע ליטעראַטור איז דער געפלעכט פון טענער אויף פאַרשיידענע שפּראַכן, וואָס אַלע צוזאַמען זינגען האַרמאָניש איין העראָיִשע קאַנטאַטע פאַר דעם גליק פון אַלע סאָוועטישע פעלקער, פאַר דער צוקונפט פון דער סאָציאַליסטישער וועלט.

דער וויכטיקסטער אויספיר, וואָס מע דאַרף איצט מאַכן, האָט זיך אויסגעפורעמט בײַ אונדז, ייִדישע שריפטשטעלער פון די קאַפּיטאַליסטישע לענדער, אין משך פונעם פערטל יאָרהונדערט זינט עס דערשײַנט דער זשורנאַל. ער באַווײַזט, אַז „סאָוועטיש היימלאַנד", ווי אַ נײַע עסטעטישע שול אין אונדזער ייִדישער ליטעראַטור, ווירקט און באַווירקט אַ סאַך ייִדישע שעפער אין דער וועלט צו שטעלן זייער פען און זייערע ווערק צו דינסט דעם סאָציאַלן פּראָגרעס. ייִדישע שרײַבער אין פאַרשיידענע לענדער קאָנען האָבן אין „סאָוועטיש היימלאַנד" אַן אָפענע שול אויף צו לערנען זיך. און ס'איז ניטאָ קיין בעסערער, קיין שענערער, קיין מער בעקאָוועדיקער לימעד, ווי דאָס באַגרינדן דעם טעזיס, אַז קונסט דאַרף דינען דעם מענטשן, דעם פאָלק, די ליכטיקסטע אידעאַלן.



## שאַרל שטיינמאַן,

גענעראַל־סעקרעטאַר פון „אוניאָן"
(פראַנקרײַך)

---

אין נאָמען פון דער פּראָגרעסיווער ייִדישער געזעלשאַפטלעכער אָרגאַניזאַציע אין פראַנקרײַך „אוניאָן" האָב איך דעם קאָוועד צו באַגריסן דעם צוזאַמענטרעף אין דער הויפּט־שטאָט פונעם סאָוועטנפאַרבאַנד, אין וועלכן עס נעמען אָנטייל ייִדישע שרײַבער, זשורנאַליסטן און קולטור־טוער פון אַ גאַנצער ריי לענדער אין שײַכעס מיט אונדזער אַלעמענס יאָמטעוו, וועלכן ס'האָט געבראַכט אויף דער ייִדישער ליטעראַרישער גאַס דער פּראַכטפולער ליטעראַריש־קינסטלערישער און קולטור־געזעלשאַפטלעכער זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד". גופא דער פאַקט, וואָס עס קומט פאָר אַזאַ וויכטיקע באַגעגעניש, איז אַ געשעעניש פון ערשטראַנגיקער וויכטיקײַט פאַר די שעפערישע קויכעס אין דער ייִדישער קולטור. דאָס איז, לויט מײַן פולער איבערצײַגונג, אַ פויעל־יויצע פון פרישע ווינטן, וואָס ווען מיט דער צײַט פאַרבײַטן אין דער ייִדישער סוויווע די אַטמאָספער פון קאָנפראָנטאַציע.

מיר זײַנען מאַמעש פאַרכאַפּט און באַגײַסטערט פון דער באַערונג, מיט וועלכער די סאָוועטישע מעלוכע און דער אַלסאָוועטישער שרײַבער־פאַרבאַנד האָבן אַרומגערינגלט דעם ייִדישן ליטעראַרישן זשורנאַל. אין דעם מערקן זיך אָן די ווײַטערדיקע פּאָטענציעלע מעגלעכקײַטן פון אַפּסנײַ און ווידעראַמאָל אויסצוברייטערן די ייִדישע קולטור־אַרבעט אינעם ערשטן לאַנד פון סאָציאַליזם.

דאָס איז און וועט זײַן אַ נײַער קלאַפּ איבער דער אַנטיסאָוועטישער פּראָפּאַגאַנדע אַפֿן מיזרעוו.

עס איז אויך פֿון אַ גאָר גרויסער וויכטיקייט, אַז די פּרינציפּיעלע דערקלערונג, וואָס מיר אַלע וועלן אָננעמען אַפֿן צוזאַמענטרעף, זאָל דערגיין צו די ברייטסטע שיכטן ייִדישע שריפֿטשטעלער, זשורנאַליסטן, קולטור- און געזעלשאַפֿטלעכע טוער מיט דער האָפֿענונג, אַז זיי וועלן זיך אָנשליסן אינעם הייליקן קאַמף אױף צו ראַטעווען די מענטשהייט און בעמיילע דאָס ייִדישע פֿאָלק פֿון אַן אַטאָמישן קאַטאַקליזם.

לעבן זאָל „סאָוועטיש היימלאַנד"!

געשטאַרקט זאָלן זײַנע רעדאַקטאָרן און מיטאַרבעטער!

## באָריס מאָגילנער,

סאָוועטישער ייִדישער שרײַבער



אַ פֿריידיקע אונטערשטע שורע פֿאַרסאַכאַקלט אונדזער פֿינף-און-צוואַנציקיאָריקן וועג: סײַ מיר זײַנען דאָ אַלס שעפֿעריש-טעטיקע הײַנטצײַטיקע ליטעראַטור, סײַ מיר פֿאַרמאָגן אַ העמשעך. ניט וויניק נעמען פֿון ייִדישע ליטעראַטן האָבן אין גאַנג פֿון די יאָרן זיך אומגעקערט אין דער ליטעראַטור אַדאַנק „סאָוועטיש היימלאַנד". צו דעם זײַנען מיר שוין צוגעוווינט. לאָזט זיך אָבער אויס, אַז אונדזערע קוואַלן זײַנען טאַקע אומויסשעפּלעך. איך וואָלט וועלן, נאָר איך קאָן זיך ניט אײַנהאַלטן, לעמאָשל, פֿון אַרויסברענגען אַ רעדאַקציאָנעלן סאָד, דעהײַנע — אַז נאָך דער גאַנץ היפּשער מאַכנע יונגע, וועלכע האָט וועגן זיך געמאָלדן אין דעם פֿאַראיאָריקן יובל-נומער פֿון אונדזער זשורנאַל, פֿאַרמאָגן מיר שוין נײַע שפּראָצלינגען — אומבאַוווּסטע דערווײַל אַביטוריענטן פֿאַר דער סאָוועטישער ייִדישער ליטעראַטור. זייערע נעמען זײַנען נאָך ניט אָנגערופֿן אױף די זײַטלעך פֿון „סאָוועטיש היימלאַנד", נאָר די מאַנוסקריפּטן זייערע, פֿיל צוזאָגנדיקע, ליגן שוין אינעם פּאָרטפֿעל פֿון דער רעדאַקציע...

„סאָוועטיש היימלאַנד" פֿאַרמאָגט וווּנדערלעכע לייענער. וועגן דעם דערציילן אונדז טאָגטעגלעך די בריוו, וועלכע דער זשורנאַל באַקומט. אָבער, דעם עמעס זאָגנדיק, שטעלן מיר זיך ניט שטענדיק פֿאָר, ווי גרויס עס איז די צאָל פֿון אונדזערע פֿאַרערער. צום בריוו-אויסטויש פֿון דער רעדאַקציע מיט זײַנע קאָרעספּאָנדענטן האָב איך אַ שטיקל שײַכעס, און מיר איז בעסער, איידער אַנדערע כאַווייִרים, באַוווּסט, אַז די געאָגראַפֿיע פֿון אונדזערע לייענער איז זייער אַ ברייטע. און דאָך האָט אַפֿילע מיך פֿאַרוווּנדערט די יובילייפּאָטשט פֿונעם זשורנאַל.

אין צוזאַמענהאַנג מיטן יובילײ און מיט דער מעלוכישער באַלוינונג איז אַ שטורמישער שטראָם בריוו, פּאָסט-קאַרטלעך, טעלעגראַמעס געפֿלאָסן אין רעדאַקציע פֿון אַלע עקן וועלט — פֿון די טראַדיציאָנעלע ערטער, ווו עס וווינען פֿון שטענדיק אָן אונדזערע לייענער, און פֿון יענע מעקוימעס, אין וועלכע זוכן פֿאַרערער פֿונעם ייִדישן וואָרט פֿאַלט פּאָשעט ניט אײַן. לויט די פּאָטשט-שטעמפּלען האָבן מיר דערזען אונדזערע לייענער אין יאַקוטסק און אין קורגאַן, אין פּסקאָוו און אין קאַליִנינגראַד, בערעזניעגאָוואַטע, ניקאָלײַעוו געגנט, און אין נורלאַט, וואָס געפֿינט זיך אין טאַטאַריע, אין אַזעלכע שטעט ווי קאָסטראָמאַ און פּערוואָ-אוראַלסק, אַקטיובינסק און אירקוטסק, און אין נאָך און נאָך ייִשוּווים, אַאולן, דערפֿער, קיין אײַנהאָרע, ניט איבערצוציילן זיי. אין יעדער פֿאַרבאַנדישער רעפּובליק זײַנען פֿאַראַן אונדזערע אַבאָנענטן: איך רעד שוין ניט וועגן אוקראַיִנע, ווײַסרוסלאַנד, מאָלדאַוויע, ליטע, ווו עס איז דאָ אַ היפּשער קאָמפּאַק-

טער קאָנטינגענט ייִדיש־קענער, אומעטום שרײַבט מען אויס „סאָוועטיש היימלאַנד" — אין טאשקענט, אין אשכאבאד, אין ווילנע, אין פרונזע, אין באקו, אין טביליסי... די פּאָטשט־שטעמפּלען זײַנען אויך געווען אויסלענדישע: ניו־יאָרקער און מעלבורנער, פּאַריזשער און וואַרשעווער, טעל־אָוויווער, לאָנדאָנער, בוקאַרעשטער, בוענאָס־אײַרעסער.

איך וויל ניט אַרײַנפּאַלן אין קעלבערנער היספּײַלעס, לויבנדיק ביזן זיבעטן הימל אַלץ און אַלעמען בא אונדז. מיר האָבן איבערגענוג פּראָבלעמען, ניט קיין געלייזטע. גאָר ניט אָפּט באַווײַזט זיך אין דער סאָוועטישער ייִדישער ליטעראַטור דער פּראָדוציר־אַרבעטער, דער אַוואַנגאַרדיסט, דער נאָוואַטאָר. אויך דער הײַנטצײַטיקער ייִדישער ערדאַרבעטער איז ניט קיין אָפּטער אַרײַנקומער אין אונדזערע ווערק. ס'איז אַ פאַקט, און דאָס וועט קיינער ניט קאָנען אָפּלייקענען, אַז אין די זאַוואָדן, אונטערנעמונגען אַף פאַרשיידענע בויונגען מיִען זיך די, וועלכע וואָלטן געדאַרפט ווערן העלדן פון אונדזערע ראָמאַנען און פּאָעמעס, אין די סאָווירטן און קאָלווירטן זײַנען טעטיק ניט ווייניק ייִדן־מעכאַניזאַטאָרן, זאָאָטעכניקער, אַגראָנאָמען, מענטשן פון אַ גאַנצער וואָך.

אַקאָרשט האָב איך באַהויפּטעט, אַז לייענער האָבן מיר אַ סאַך. איך לייקן עס איצט, כאָלילע, ניט אָפּ, נאָר ס'וואָלט געווען פּאַסיקער צו זאָגן, אַז רעזערוון פון קומענדיקע אַבאָנענטן זײַנען פאַראַן בא אונדז נאָך מערער. מיר טוען דערווײַל זייער ווייניק, קעדיי פאַרגרעסערן, פאַרטאָפּלען די לייענער פון „סאָוועטיש היימלאַנד". מיר ניצן ניט אויס, צום בײַשפּיל, אין דער פולער מאָס אַזאַ פאָרם פון אַרבעט, ווי לייענער־קאָנפערענצן, באַגעגענישן מיט ליבהאָבער פונעם ייִדישן וואָרט אין פאַרשיידענע קלובן, אַף דער פרײַער עסטראַדע. ס'דוכט זיך מיר, אַז צומאָל טרײַבן מיר איבער די שוועריקײַטן אין אָט דעם איניען. ניט אַלע קאַנאַלן ווערן אויסגעניצט, ביכדיי צו רעקלאַמירן אונדזער ביכער־פּראָדוקציע. עמעס, די אַלפאַרבאַנדישע פירמע „מעזשדונאַראָדנאַיאַ קניגאַ" און דער אינערלעכער אַמט „סאָיוזפּעטשאַט" מאַנקירן ניט מיט אונדזערע אינטערעסן, אָבער דאָס איז, ווײַזט אויס, בלויז אַ טייל פון די באַמיִונגען, וועלכע דאַרפן פאָרגענומען ווערן. לאָמיר ניט מוירע האָבן טונקען די פינגער אין קאַלט וואַסער. לאָמיר זיך באַגיין אַזוי, אַז קיינער פון די, וואָס ווילן און וואָס קאָנען לייענען ייִדיש, זאָל ניט פאַרבלײַבן אָן דעם זשורנאַל. מיט אַ שטיקל צײַט צוריק איז אין דער רעדאַקציע אָנגעקומען אַ בריוו פון פראַנקפורט־אַף־מײַן. אין נאָמען פון אַ גרופּע דאָרטיקע טוישווים בעט אַרנאָ לוסטיגער, מיר זאָלן העלפן אים און זײַנע פרײַנט אויסצושרײַבן „סאָוועטיש היימלאַנד". דעם זשורנאַל פאָדערן אַרויס אויך פ. פראַנק פון מינכען, יאַ. גאָרעליק פון ניו־יאָרק, ג. ראָבערטסאָן פון אויסטראַליע, וו. עקריך פון שטעגען (דײַטשישע פעדעראַטיווע רעפּובליק), ס. דראָזנין פון פשא און פיל אַנדערע. פאַרוואָס האָט די „מעזשדונאַראָדנאַיאַ קניגאַ" ניט באַמערקט באַצײַטנס די דאָזיקע פּאָטענציעלע לייענער? מע קאָן אויך שטעלן די פראַגע אַזוי: איבער וועלכער סיבע האָבן אָט די מענטשן ניט באַמערקט בא זיך אין די לענדער די טעטיקײַט פון דער „מעזשדונאַראָדנאַיאַ קניגאַ"? וועגן דעם לוינט אַ טראַכט טאָן.

בא אונדז אין לאַנד באַגעגענען מיר זיך צומאָל אויך מיט ענלעכע פּראָבלעמען. מיר פאַרלאָזן זיך אָפּט אַף דעם באַרימטן זעלבסטפלוס. ס'איז נאָך גוט, וואָס דער גרויסער שעם פונעם זשורנאַל קאָמפּענסירט אונדזער ניט־גענוגנדיקע טעטיקײַט. נאָר וויפל איז דער שיר צו פאָרן רײַטנדיק אַף אָט דעם שעם? אויב מיר וועלן ניט זשאַלעווען קיין קויכעס, וועלן מיר האָבן לייענער נאָך מערער.

אין אויסלאַנד גלייבט מען צומאָל ניט, אַז בא אונדז זײַנען פאַראַן אַזעלכע ברייטע פּלאַסטן געבוריכער פון עכטער ייִדישער ליטעראַטור. אַפילע פאַר אונדזערע פרײַנט איז אָט די זאַך ניט פולקום קלאָר. נעכטן, אַפן פײַערלעכן אָוונט אין צענטראַלן ליטעראַטן־הויז, האָט אונדזער גאַסט פון פראַנקרײַך שאַרל שטיינמאַן, וועלכער איז געזעסן אין פּרעזידיום לעבן מיר, אַ נעם געטאָן מיר פאַרן עלנבויגן און אויסגעדריקט זײַן פאַרכידעשטקײַט, קוקנדיק אַף די יאָמטעוודיקע מענטשן אין זאַל:

— אָט דאָס איז אָן אוילעם! אַ האַמוין מאַמעש!

ער האָט מיט בײדע אויגן זשעדנע אויפמערקזאַם באַקוקט די פיל הונדערטער מאָסקווער צושויער, וועלכע זײַנען געקומען אין גרויסן זאַל פונעם שרײַבער־פּאַלאַץ צו באַערן דעם זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד".

— און אַלע זײַנען ייִדן? צי דען אַלע?! — האָט מיט נײַגער און מיט אַ געוויסן צווייפל אַרויסגעבראַכט אונדזער גוטער פרײַנט שאַרל שטיינמאַן.

יאָ, כאַווער שאַרל, אין סאָוועטנפאַרבאַנד טוט מען אַלץ ערלעך. אַ ייִדישער זשורנאַל איז פאַר ייִדישע לייענער; די ייִדישע שריפטשטעלער האָבן אויסגעכאָוועט פאַר דעם לעצטן פערטל יאָרהונדערט אַזאַ זשורנאַל און אַזאַ ליטעראַטור, וועלכע זײַנען נייטיק אַף צו באַפרידיקן זייערע קולטור־ און ליטעראַטור־באַדערפענישן.

איז לאָמיר, טײַערע פרײַנט, אָפּהיטן מיט אַלע קויכעס די ריינקײַט און די פּראָפעסיאָנעלע עכטקײַט פון אָט דעם גרויסן אוצער אונדזערן!



# עסטער רימער,

דיכטערין
(אַרגענטינע)

די גאָלדענע קייט, וואָס די אָוועס פון אונדזער ייִדישער ליטעראַטור האָבן אויסגעשמידט מיטן גײַסט פון מענדעלען, פּערעצן און שאָלעם־אַלייכעמען, איז ניט געווען גלאַט אַ קייט אַ גאָלדענע אָפּ אויסצופּוצן זיך אין די שאַבאָסים. די טאָגטעגלעכע פאָלקישע נויטווענדיקייטן און כאַלוימעס זײַנען געוואָרן אירע רינגען.

די סאָוועטישע ייִדישע שרײַבער, ווירדיקע יאָרשים פון אָט דעם קולטור־פאַרמעגן, זײַנען אויך די גרונטלייגער פון אַ ליטעראַטור מיט אייגענע קולטור־טראַדיציעס, און זיי האָבן באַוויזן צו געבן דער גאָלדענער קייט די שטאָלענע כשיוועס פון סערפּ און האַמער.

די היסטאָרישע פליכטן האָבן אָפּ איר אַוועקגעלייגט די פאַרגייער פון דער סאָוועטישער ליטעראַטור. לייב קוויטקאָ האָט דאָס פאָרמולירט אַלס „גרויסער הײַנט", עזראָ פינינבערג האָט גערעדט וועגן אַ ליטעראַטור פון דינאַמישן ריטם מיט נײַע געבאָטן: „געגאַנגען זײַנען מיר — אַ הויכע לעבעדיקע וואַנט, אַ באַרג אַ שטאָלענער, אַ לעבעדיקע פעסטונג; געגאַנגען זײַנען מיר דורך פײַער און דורך בראַנד, ס'זאָל ווערן וואַרעמער די פייגעלעך אין נעסטן!" און ווײַטער: „אוי, וויפל זײַנען מײַנע פרײַנט אין פלאַם געבליבן! געגאַנגען זײַנען מיר פאַר אַלץ, וואָס מיר כאָוועז און ליבן". און אָט דאָס, וואָס „מיר כאָוועז און ליבן", פאַרייניקט אונדז, ייִדישע שריפטשטעלער פון די מײַרעוולענדער, מיט אײַך, סאָוועטישע ייִדישע שרײַבער.

אין די טעג, ווען מיר האָבן געפײַערט דעם 25־טן יויוול פון „סאָוועטיש היימלאַנד", דעם וויכטיקסטן ייִדישן זשורנאַל אָפּ דער וועלט, האָב איך זיך דערמאָנט אָרן ווערגעליסעס שורעס: „די ערד מיר האָבן אופגעבונדן פון די קייטן, אַ שטויס געטאָן זי צו די רוימען שטראָם אַרוף, מיר זײַנען ניט געגאַנגען זי באַגלייטן — אַליין מיט בײדע פיס אָפּ איר אַרוף". אַזוי האָט מיר דער דיכטער געגעבן די געלעגנהײַט צו מאַכן דעם פּאָעטיש־רעאַליסטישן פלי צו אײַך. און איך בין דאָ מיט אײַך, מיט אַלע מײַנע כושים, מיט אַלע מײַנע געוועבן, מיט אַלע מײַנע פריידן.

ס'איז, פאַרשטייט זיך, אַ גרויסער קאָוועד פאַר מיר, וואָס מע האָט מיך פאַרבעטן אָפּ אָט דעם יאָמטעוו, אַ גרויסער קאָוועד צו דרוקן זיך איז „סאָוועטיש היימלאַנד" — אײנעם זשורנאַל, וועלכער איז אַן עמעסע בריק צום נײַעם ייִדיש, צום קולטור־פאַרמעגן, וואָס וועט פלאַקערן אין די אײַנגעווידן פון די אופקומענדיקע יונגע דוירעס פון אונדזער פאָלק.

איך וויל צוגעבן, אַז „סאָוועטיש היימלאַנד" איז באַ אונדז אין אַרגענטינע דער וויכטיקסטער קולטור־באַגלייטער אין דער גאַנצער אַרבעט, וואָס מיר פירן דורך. אונדזער פרויען־אָרגאַניזאַציע באַשטייט פון צען לייענער־קרײַזן, און וואָך נאָך וואָך זאַמלען מיר זיך צונויף, קעדיי פאַרלייענען פאָליטישע אַרטיקלען, קינסטלערישע ווערק, וועלכע דרוקן זיך אין „סאָוועטיש היימלאַנד". צוויי הונדערט מיטגלידער פון די קרײַזן האָבן זיך דערוואָרבן דעם קאָוועד פון געזעלשאַפטלעכע פאַרשפרייטער, וואָס זײַנען פאַרבונדן מיט דער אַרגענטינער פרויען־אָרגאַניזאַציע „אומאַ". דאָס איז אַ ייִדישע קאָמיסיע באַם אַרגענטינער שאָלעם־ראַט און טראָגט דעם נאָמען „עטל און יוליוס ראָזענבערג".

בײַס דער גרויליקער צײַט פון דער דיקטאַטור אין אַרגענטינע זײַנען די מיטגלידער פון דער פרויען־אָרגאַניזאַציע געווען די מאַמעס און די באָבעס פון אַרעסטירטע און בעפּויעל מאַמעש אַרויסגעוויזן הילף סײַ מיט דער אָנוועזנהײַט באַם רעגירונגס־הויז אַלע דאָנערשטיק, אָנגעטאָן מיט ווײַסע טיכלעך אויפן קאָפּ, סײַ מיט אָרגאַניזירטע מאַרשן פאַר באַפרײַען אָדער אָפּזוכן די זין און טעכטער, פאַרשלעפּטע אין די טפיסעס. ניט איין ייִדישע מאַמע האָט דעמלט פאַרזוכט דעם טאַם פון האָבן פאַרלוירן אַ קינד אָדער צוויי.

אונדזער פרויען־אָרגאַניזאַציע פירט דורך א גרויסע אַרבעט אין קאַמף פאַר שאָלעם. אין 1985, דעם 6־טן אווגוסט, צום 40־טן יאָרטאָג זינט אַף היראסימא איז אַראָפּגעוואָרפן געוואָרן אַן אַמעריקאַנער אַטאָם־באָמבע, איז אין בוענאָס־איירעס אַף איינער פון די הויפּט־גאַסן פאָרגעקומען א ריזיקע דעמאָנסטראַציע. טויזנטער מענטשן, יונג און אַלט, האָבן זיך גענומען פאַר די הענט און פּראָטעסטירט קעגן די פּרוּוון פון די אימפּעריאַליסטישע קויכעס אונטערצינדן א נייע וועלט־מילכאָמע. אין יענע טעג האָב איך אָנגעשריבן א ליד, געווידמעט אונדזער קאַמף פאַר שאָלעם:

גיב מיר דיין האַנט,
נאַ דיר מיינע.
אַזוי... אַזוי...
איך פיל דעם ריטם פון דיין בלוט.
קוק מיר אין די אויגן —
זיי ווייסן פון א ליבע,
וואָס צערייסט אַלע סינע־מויערן.
א האַנט צו א האַנט —
וועלן מיר מאַכן א ליבע־שנור,
ווי דער גוירל פון לעבן.
גיב מיר דיין האַנט
אָן מוירע.
מיר וועלן זיך אָנטאָן פליגל,
בלויע פליגל.
דער הימל איז אונדזערער,
די ערד איז אונדזערע,
דער גאַנצער רוים טוליעט זיך צו אונדזער הויט.
א טאָג קומט אויף,
ווישט זיך אויס די אויגן, ווי א קינד,
מיט בסולע־פאַרגאַפונג.
גיב מיר דיין האַנט,
נאַ דיר מיינע.
זי איז דיינע,
זי איז מיינע.
לאָמיר זיך אָנטרינקען מיט רעגן־טראָפּנס,
קלאָרע טראָפּנס —
זיי זיינען ניט פאַרסאַמט מיט אַטאָמישן סאַם.
„קיינמאָל מער!"
די זון איז ניט דער פלאַם פון א געהענעם־פייער.
די ערד, וואָס מיר באַטרעטן,
איז אונדזער געטריַיע ערד.
גיב מיר דיין האַנט,
וועלן מיר אַרומנעמען די וועלט,
וועלן מיר פאַרהיטן אונדזער בוים,
דאָס קינד,
דעם מענטשן.
דיין האַנט, מיין האַנט
קאָנען דאָס באַווייזן, זיי קאָנען!
קום, לאָמיר גיין!

# יעכיעל שרייבמאַן,

סאָוועטישער ייִדישער שרייבער



טייערע כאַווײרים און פריינט!

די ייִדישע סאָוועטישע ליטעראַטור דאַרף מען נעמען אינגאַנצן — פונעם גרויסן קלאַסישן דיכטער אָשער שוואַרצמאַן ביז דעם סאַמע ייִנגסטן דיכטער אונדזערן וועלוול טשערנין. ס'איז א ליטעראַטור זייער ניט קיין געוויינלעכע. א פאָלק קאָן שטאָלץ זיין מיט אַזעלכע קונסט־שאַפונגען. ליטעראַטור איז, ווי באַוווּסט, אי דעם פאָלקס אשירעס, זיינע אויצער־ווערטן, אי די וויבֿרירונגען, די אייבערלעבענישן, די ליידן און פריידן, דאָס פּאָנעם פונעם פאָלק. די ייִדישע ליטעראַטור אין סאָוועטנפאַרבאַנד שפּיגלט אָפּ די אַלע זאַכן רעליעף, העל, פאַרטיפט און קינסטלעריש געשטאַלטיקט. לויט די בעסטע מוסטערן אין אַלע אונדזערע נאַציאָנאַלע ליטעראַטורן.

ווער עס פאַרמאָגט א גוטע ריע און א גוטן ווילן, וועט באַלד דערזען, אַז דאָס קאַפּיטל „ייִדיש־סאָוועטיש" אין דער געשיכטע פון דער גאַנצער

ייִדישער ליטעראַטור איז בעפֿיירעש א נײַס, א נאָוואַטאָריש־זוכערישס, אי אײַנהאַלטלעך, אי קינסטלעריש, א נאָענטס און מער טאַקע א נעענטערס צום פֿאָלקס נויטן און טרוימען, געפֿילן און שטייגער. אונדזער הײַנטיקע ליטעראַטור איז נײַ און נאָוואַטאָריש, און אין דער זעלבער צײַט אַף קיין האָר ניט אָפּגעווענדט פֿונעם העמשעך פֿון די גאָלדענע טראַדיציע־פֿעדעם, וואָס ציִען זיך פֿון אונדזערע פֿאָלקס־קלאַסיקער מענדעלע, שאָלעם־אַלייכעם און פּערעץ.

דער 25־יאָריקער פּעריאָד „סאָוועטיש היימלאַנד“ האָט דאָס קאַפּיטל „ייִדיש־סאָוועטיש“ פֿאַרטיפֿערט און, דעריקער, פֿאַרברייטערט אין דער געשיכטע פֿון דער גאַנצער ייִדישער ליטעראַטור, פֿאַרטיפֿערט, באַרײַכערט און פֿאַרברייטערט. זי האָט אַרומגעכאַפּט נײַע לעבנס־ווינקלען, נײַע אַספּיראַציעס און שטרעבונגען, נײַע לאַנדשאַפֿטן, ראַכוועסן און געגנטן, וווּ דער העלד פֿון אונדזער ליטעראַטור, דער סאָוועטישער ייִד, לעבט און שאַפֿט.

דער פּעריאָד „סאָוועטיש היימלאַנד“ האָט אין אונדזער ליטעראַטור זייער א סאַך אויפֿגעטאָן. אויפֿגעטאָן פֿיל וואָגיקס און גרויס. כ'ווייס ניט, צי ס'וואָלט נאָך עפּעס אין דער ייִדישער ליטעראַטור־שאַפֿונג הײַנט געווען, ווען דער זשורנאַל אונדזערער זאָל, כאָלילע, ניט זײַן. מיר שטייען נאָך לעבן די אַוועקגעגאַנגענע פֿינף און צוואַנציק יאָר צו נאָענט, מיר זאָלן די אויפֿטוען זייערע אין דער פֿולער מאָס טיף קאָנען אָפּשאַצן. דאָס וועלן ערשט, טראַכט איך, טאָן ליטעראַרישע פֿאָרשער אין א געוויסן פּעריאָד שפּעטער, אין יאָרן אַרום, ווי פּאַראַדאָקסאַל און ניסימדיק די דאָזיקע געדאַנקען מײַנע זאָלן ניט אויסזען.

דער זשורנאַל האָט אין אונדזער עלטערן לייענער אײַנגעפֿלאַנצט פֿאַר די אַלע יאָרן אָן אָרגאַנישע ליבשאַפֿט צו אים און צו זײַנע אידייען. איך קען א סאַך מענטשן, וואָס ציילן אַלע סאָף־כוידעש די טעג, דער פּאָטשאַליאָן זאָל זיי שוין אַרײַנברענגען אין שטוב דעם נײַעם נומער; און זיי לייענען יעדן נומער איבער, פֿון טעוועלע צו טעוועלע, ניט געאײַלט, מיט גלוסטעניש און אָפּשײַ.

דער זשורנאַל האָט אויך אין א יונגן לייענער אַרויסגערופֿן כיישעק אויסצולערנען זיך דאָס לאָשן, אַף וועלכן מיר שאַפֿן, אינטערעס — אויסצוהערן אונדזער וואָרט, ווערן מיט דער צײַט אונדזער לייענער.

ווי עס ציִען זיך צו דער זון, נאָך א זומערדיקן רעגן, נײַע יונגע גרעזעלעך, האָבן אַדאַנק דעם זשורנאַל א שפּראָץ געטאָן אין אונדזער ליטעראַטור יונגע טאַלאַנטירטע דערציילער און דיכטער, און זיי וועלן, האָפֿן מיר, זײַן אונדזער העמשעך, שפּינען ווײַטער דעם פֿאָדעם פֿון אונדזער ייִדיש־סאָוועטישער ליטעראַטור־שאַפֿונג.

אין דער געשיכטע פֿון ייִדישע זשורנאַלן איז ביז הײַנט ניט געווען א ליטעראַרישע כוידעש־שריפֿט פֿון אַזאַ פֿאַרמעסט, וואָס האָט דערלעבט אַזאַ בעקאָוועדיקן עלטער, נאָך מער — וואָס איז פֿינף און צוואַנציק יאָר קעסיידער אַרויסגעגאַנגען אָן דער מינדסטער האַפֿסאָקע, פּינקטלעך, רעגולער, צו דער צײַט, כוידעש באַ כוידעש, נאַטירלעך און געזעצמעסיק, ווי אַליין די כאָדאָשים אָפֿן קאַלענדאַר — כוידעש נאָך כוידעש, יאָר נאָך יאָר.

אונדז זעט עס אויס פּאָשעט און געוויינלעך.

די רעדאַקטאָרן פֿונעם זשורנאַל, די רעדאַקציע־מיטאַרבעטער ווייסן גוט, וויפֿל מי און האָרעוואַניע, וויפֿל זוכענישן, אײַנפֿאַלן, אַקשאָנעסדיקייט, אייבערשאָען, איבערגעמאַטערטקײַט איז עס אַרײַנגעלייגט געוואָרן סײַ אין דער פּרעכטיקײַט פֿונעם זשורנאַל, סײַ אין זײַן פֿינף־און־צוואַנציקיאָריקן פּינקטלעכן און רעגולערן אַרויסגיין.

יובילײ־טעג זײַנען פֿונדעסטוועגן אויך סאַכאַקל־טעג. וואָס זאָג איך אין די טעג זיך אַליין? און מיט וואָס וואָלט איך זיך געטיילט מיט מײַנע נאָענטע כאַווייִרים שרײַבער? לאָמיר באַם שרײַבטיש, אַנטקעגן ווײַסן בייגעלע פּאַפּיר, האָבן אין זינען די סאַמע בעסטע מוסטערן פֿון דער הײַנטצײַטיקער גרויסער רוסישער ליטעראַטור. לאָמיר זיך ציִען צו זייערע הייכן, ווי עס האָבן זיך אין זייער צײַט געצויגן צו די הייכן פֿון די רוסישע קלאַסיקער אונדזערע ייִדישע קלאַסיקער. ציִען זיך צו הייכן הייסט נאָך ניט דערגרייכן זיי, נאָר אַליין אין ציִען זיך איז שוין פֿאַראַן א דערגרייכונג. אין אונדזער סאָוועטישער געזעלשאַפֿטלעכקײַט קומען איצט פֿאָר גרויסע באַנײַונגען, וואָס שפּיגלען זיך, פֿאַרשטייט זיך, אויך אָפּ אין דעם אַנטוויקלונגס־פּראָצעס פֿון אַלע נאַציאָנאַלע ליטעראַטורן. דער טראָפּ ווערט געשטעלט אַף הויכער קינסטלערישקײַט און טיפֿער אידייִשקײַט. ניט געשטאַלטיקן דאָס לעבן אויבערפֿלעכלעך, פּוסט, מיט האַלבע אָנגעטראַכטע עמעסן. דאָס קינסטלערישע וואָרט דאַרף געבוירן ווערן אָפֿן פּאַפּיר אי מיט זויבערער אויפֿריכטיקײַט, אי מיט גרעסטער אַכרײַעס. אָט וועגן אַזעלכע שרײַבערישע אַני־מאַמינס טראַכט איך איצט ווידעראַמאָל און נאָכאַמאָל.

איך באַגריס מיט אונדזער געמיינזאַמען יובילײ־יאָמטעוו אויך אונדזערע ליבע געסט, אונדזערע טײַערע כאַווייִרים פֿון פּוילן, פֿראַנקרײַך, ייִסראָעל, אַרגענטינע, אורוגווײַ, פֿאַראייניקטע שטאַטן. זײַט באַגריסט, טײַערע, אַף אונדזער ליבער סאָוועטישער ערד. לאָמיר איינעם ווײַטער ציִען דעם פֿאָדעם פֿון פּראָגרעסיווער ייִדישער פֿאָלקס־ליטעראַטור, פֿון פּראָגרעסיוון דענקען, פֿון פֿאַרברידערטקײַט און דערהויבנקײַט, פֿון אידייִשער ריינקײַט, פֿון צולייגן יעדער אַף זײַן אויפֿן א האַנט אין הייליקן קאַמף פֿאַר שאָלעם אין אַלע ווינקעלעך פֿון דער וועלט!

# כאנע טאָביאַש,

קולטור-טוערן פון דער „זשיטלאָווסקי-געזעלשאפט" (אורוגווײַ)



איך בין ניט קיין שריפטשטעלערן, שרײַב ניט קיין לידער. כ׳בין א לאנגיאָריקע אקטיוויסטקע און קולטור-טוערן פון דער פּראָגרעסיווער באַוועגונג אין אורוגווײַ, א בויערן פון אונדזער אינסטיטוציע אין מאָנטעווידעאָ, פון דער יידישער „זשיטלאָווסקי-געזעלשאפט". א הארציקן דאנק אײַך פאר דער מעגלעכקײַט אָנטיילצונעמען אין אָט דער גלענצנדיק אָרגאניזירטער אָף א געזונטן פּאָליטישן און זאכלעכן יעסאָד באַגעגעניש פון די סאָוועטישע און אויסלענדישע שרײַבער און זשורנאליסטן, וועלכע שרײַבן אָף יידיש. באַזונדערס איז אונדז אָנגענעם צו זען די יונגע יידישע שרײַבער בא אײַך אין לאנד, וועלכע זײַנען אויסגעכאָוועט געוואָרן מיצאַד דעם זשורנאל „סאָוועטיש היימלאנד" אין אן אַטמאָספער פון געזעלשאפטלעכער אכרײַעס און ערנסטער שעפערישקײַט. דער דאָזיקער פאקט איז פון באַזונדערער וויכטיקײַט, אָף וויפל אפן מײַרעוו, ווו געוויסנלאָזע ציוניסטישע פּראָפּאגאנדיסטן טרײַבן רעכילעס אָף דער נאציאָנאלער פּאָליטיק אין סאָוועטנפארבאנד, זײַנען שוין אין מעשעך פון יאָרצענדליקער ניטאָ קיין יונגע קרעפטן אין דער יידישער ליטעראטור.

גלייבט מיר, אז מײַן גאנץ ווײַטערדיק לעבן און די געזעלשאפטלעכע טעטיקײַט, וואָס דערוואַרט מיך, וועלן זײַן באַלויכטן מיטן גליק, וואָס מיר איז אויסגעפאלן צו טרעפן זיך מיט אײַך פּאָנעם-על-פּאָנעם און קאָנען דערנאָך איבערגעבן דער אורוגווײַער געזעלשאפטלעכקײַט וועגן דער ווערט און כשיווע פון אײַער שעפערישער ארבעט אין דער יידישער שפּראַך, וועגן דער ליבשאפט צו אײַך, שעפער און ארויסגעבער פון דעם רײַכן זשורנאל „סאָוועטיש היימלאנד", וועלכער איז אָנגעפילט מיט הויכקינסטלערישע ווערק וועגן דעם סאָוועטישן לאנד, וועגן דעם הײַנטיקן לעבן פון די סאָוועטישע יידן.

ערעוו דעם פאשיסטיש-מיליטערישן פּוטש, ווען „סאָוועטיש היימלאנד" פלעג אָנקומען צו אונדז אין אורוגווײַ נאָרמאל, יעדן כוידעש, איז מען שוין געווען צוגעוווינט צו דעם, ס׳איז געווען נאטירלעך. דערנאָך האָט זיך דאָס אלץ אָפּגעשטעלט. אין אורוגווײַ האָט אָנגעהויבן הערשן א מיליטערישע דיקטאטור און ס׳איז פארבאָטן געוואָרן ארײַנצולאָזן דאָס סאָוועטישע געדרוקטע וואָרט. אויב מע האָט בא עמעצן געפונען אן עקזעמפּליאר פונעם זשורנאל „סאָוועטיש היימלאנד", האָט עס „פאר פארבינדונגען מיטן קאָמוניסטישן רוסלאנד" געקאָנט דערפירן צו רעדיפעס, אפילע צום ארעסט. מיר האָבן געלעבט אין פּאכעד, ווארטנדיק אָף באַנאכטיקע אונטערזוכונגען. אייניקע האָבן געמוזט פּאָטער ווערן פון אלטע נומערן פון דעם זשורנאל, און בלויז בא ווייניק מענטשן זײַנען געבליבן אייניציקע עקזעמפּליארן פון „סאָוועטיש היימלאנד". אין מאָנטעווידעאָ איז ביכלאל שוין ניט געווען צו קריגן אָף איבערצולייענען א יידיש וואָרט. די פּראָגרעסיווע צײַטונג „אונדזער פרײַנט" האָט שוין מער ניט עקזיסטירט, און קיין אנדער ברייר איז ניט געווען, ווי זיך ניט רעכענען מיט דער געפאר און אָפּהיטן ווי א טרונק וואסער אין מידבער די אלטע נומערן פון „סאָוועטיש היימלאנד", וועלכע ווערן, אגעוו, קיינמאָל ניט אלט.

שווערע, זייער שווערע צײַטן האָבן מיר איבערגעלעבט. דורך אנדערע לענדער האָבן מיר פּאָרט אמאָל באַקומען א נומער „סאָוועטיש היימלאנד", האָט מען אים געדאַרפט באַהאלטן אונטער דער פּאָלע, קעדיי דורכגיין די גאס, און אינדערהיים אים האלטן אונטער זיבן שלעסער. דער זשורנאל פלעגט גיין פון שטוב צו שטוב, פון האנט צו האנט, און שטענדיק האָט מען אים אויפגענומען ווי דעם בעסטן פרײַנט. ווען מיר האָבן באַקומען איינעם א נומער אזש דורך האָלאנד, האָט זיך צונויפגעשטעלט א גאנצע ריי אָף איבערצולייענען אים.

הײַנט קומט „סאָוועטיש היימלאנד" אָן צו אונדז לעגאל, און ווער עס וויל, קאָן אים לייענען. איך ווייס ניט, צי ס׳איז אלעמען באַוווּסט, אז בא אונדז אין דער „זשיטלאָווסקי-געזעלשאפט" איז פאראן א לייענער-קרײַז, פארשטייט זיך, איבערהויפּט פון עלטערע מענטשן. מיר קומען זיך צונויף — אלעמאָל פערציק—פופציק מענטשן, און

אונדזער גײַסטיקע שפּײַז איז „סאָוועטיש היימלאַנד", פון וועלכן מיר שעפּן ווי פון א לעבעדיקן קוואַל. מע לייענט און מע דיסקוטירט, און דאָס איז פאַר אונדז א לעבנס־נויטווענדיקייט.

און נאָך עפּעס וויל איך דאָ זאָגן. בא אונדז איז פאַראַן א יידישע ראַדיאָ־שעה, פּונקט מיטיקצײַט, ווען יידן הערן אויס די אינפאָרמאַציע, וועגן ס'איז געשטאָרבן און קעדוימע אזעלכע זאכן. און דערווײַל באַקומט מען א פאַרציע אנטיסאָוועטיזם, רעכילעס אפן סאָוועטנפאַרבאַנד. וואָלט איך די אָפּגעסאַמטע אײַנגעלאַדן אַהער, און זאָלן זיי זען, זאָלן זיי הערן, וויאַזוי עס לעבן און וויאַזוי עס זעען אויס די סאָוועטישע יידן, — האַלעווײַ אף מײַנע יידן פון אורוגווײַ געזאָגט געוואָרן. אויך אין זין פון קולטור, און דאַפקע פון יידישער קולטור.

נעכטן אָפּדערנאַכט זײַנען מיר געווען אף דער פאָרשטעלונג פון דער ביראָבידזשאַנער שאָר־גרופּע „פריילעכס", און מיר זײַנען פּאַשעט ניספּאָעל געוואָרן. עטלעכע צענדליק מיידלעך און ייִנגלעך האָבן געגעבן אף א זאַפטיקן יידיש א ספּעקטאַקל, און ווייער אַן אינהאַלטסרײַכן ספּעקטאַקל! מע האָט דעקלאַמירט, געזונגען, געטאַנצט, און דער גרויסער פּרעכטיקער זאַל איז געווען איבערפולט. א סאַך מענטשן זײַנען געשטאַנען לעבן טעאַטער, ווײַל זיי האָבן ניט געקראָגן קיין אַרײַנגאַנג־ערטער. מיר האָבן געהאַט א יאָם פאַרגעניגן. צוזאַמען מיט אונדז איז דער קינסטלערישער אָנפירער פונעם יידישן טעאַטער פון וואַרשע שימען שערמיאַיו געבליבן געפּלעפּט. אזוינס האָבן מיר בא אונדז, אין די לאַטײַן־אַמעריקאַנישע לענדער ניט געזען.

צום סאָף — עטלעכע ווערטער וועגן די יידן אין סאָוועטנפאַרבאַנד. מיט עטלעכע יאָר צוריק האָב איך און מײַן מאַן באַזוכט יִשׂראָעל — מיר האָבן דאָרט א גרויסע מישפּאָכע, צווישן זיי — א קאָרעוו, וועלכער איז געקומען אַהין פונעם סאָוועטנפאַרבאַנד. ווען מיר און נאָך אייניקע כאַוויירים פון אורוגווײַ האָבן אים מיט יאָרן צוריק געהאַט באַזוכט אין לענינגראַד, ווו ער האָט געוווינט, האָט ער אויסגעזען זייער פײַן, שיין אָנגעטאָן, אזוי אויך די פרוי זײַנע. איצט האָבן זיי אונדז אײַנגעלאַדן צו זיך אין רעכאָוואַט. עס האָט געדאַרפט דורכגיין א צײַט, ביז מיר האָבן זיי דערקענט. מײַן קאָרעוו האָט אונדז געבעטן, מיר זאָלן גאָרניט רעדן אין דער אָנוועזנהייט פון זײַן פרוי, און צוגעגעבן: „פאַר דעם, וואָס מיר האָבן אָפּגעטאָן, דאַרף מען אונדז שטעלן צום ווענטל און דערשיסן... אָט אזא לעבן האָב איך אָנגעווירן!.." ס'איז געווען א ראַכמאָנעס אף אים צו קוקן.

ווען די סאָוועטישע רעגירונג וואָלט אָנגענומען א באַשלוס צוריק אַרײַנלאָזן די יידן, וועלכע זײַנען אַרויסגעפאָרן פונעם סאָוועטנפאַרבאַנד, בין איך זיכער, אז ניט ווייניקער פון פופציק פּראָצענט וואָלטן זיך אומגעקערט צוריק. איך זאָג — פופציק, ווײַל די אַנדערע פופציק פּראָצענט פון די אַרויסגעפאָרענע געפינען זיך אין צאָפן־אַמעריקע...

יאָ, מיר זײַנען דאָ בײַגעווען אף א גרויסאַרטיקן יאָמטעוו. און עס ווילט זיך אויסדריקן א גרויסן דאַנק דעם זשורנאַל, די סאָוועטישע שרײַבער פאַר דער אײַנלאַדונג. ס'איז א גליק געווען מיט אײַך זיך צו טרעפן, און אונדזער ווונטש איז — לאָמיר זיך טרעפן נאָר אין פריידן, און זאָל זײַן יאָמטעוו און שאָלעם אף גאָר דער וועלט!



## נאָטע לוריע,

סאָוועטישער יידישער שרײַבער

ס'קאָן זײַן, אז איך בין ניט גערעכט, נאָר עס ווילט זיך מיר אַרײַנטראָגן א טיף־פּערזענלעכן מאָטיוו אין די באַהאַנדלונגען, וואָס גייען דאָ דורך מיט אזא הויכן געזעלשאַפטלעכן ניוואָ און דינען אונטערצופירן א סאַכאַקל אונטער א פערטל יאָרהונדערט פון אונדזער געמיינזאַמען לעבן אין דער

סאָוועטישער ייִדישער ליטעראַטור. דער פּערזענלעכער מאָטיוו מײַנער איז אויך, פֿאַרשטייט זיך, אַ שעפֿערישער, און איך האָף אַפֿילע, אַז דאָס, וואָס איך וועל איצט זאָגן, וועט צוגעבן, זאָל זײַן, אַ באַשיידענעם פּראַט צו דעם בילד פֿון אונדזערע מעגלעכקײַטן און באַמיִונגען. עס גייט אַ רייד וועגן דעם, וואָס „סאָוועטיש היימלאַנד" האָט געגעבן יעדן איינעם פֿון אונדז אין דער שריפֿטשטעלערישער ביִאָגראַפֿיע. ס'איז, גלייבט מיר, קיין גוזמע ניט, אַז אויך איך האָב פֿאַר די לעצטע עטלעכע צענדליק יאָר עפּעס וועזנטלעכס אויפֿגעטאָן אין דער ייִדישער ליטעראַטור, דאַרף איך פֿאַר דעם זײַן דאַנקבאַר דעם זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד". ביז דעם אָנהייב פֿון זײַן דערשײַנען בין איך געווען דער אויטאָר פֿונעם ראָמאַן „דער סטעפּ רופֿט" און פֿון אַ צאָל דערציילונגען. איך האָב נאָך ניט געוווּסט, וועלכע שעפֿערישע אַנטדעקונגען עס שטייען מיר נאָך פֿאָר. אַלס ענטפֿער אויף אָט דער פֿראַגע האָט אין מײַן לעבן אונטערגעזאָגט דאָס אויפֿרופֿערישע און אָפּפֿרישנדיקע קאָל פֿון „סאָוועטיש היימלאַנד". יאָ, אַזוי איז עס טאַקע. „סאָוועטיש היימלאַנד" איז, דוכט זיך, ניט מער ווי אַ פֿעריאָדישע אויסגאַבע, אָבער בײַ אַ גאַנצן דאָר ייִדישע סאָוועטישע שרײַבער, מע מעג שוין זאָגן בײַ צוויי דורות און אַפֿילע בײַ דרײַ, איז ער אַ באַדײַטנדיקער טייל פֿון דער שעפֿערישער ביִאָגראַפֿיע.

מײַן ראָמאַן „הימל און ערד" וואָלט ניט געבוירן געוואָרן, ווען ס'וואָלט, כאָלילע, ניט געווען דער זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד". אַדאַנק דעם זשורנאַל האָב איך געשאַפֿן דעם ראָמאַן „די געשיכטע פֿון אַ ליבע". אַדאַנק אים — די גרעסערע דאָקומענטאַלע דערציילונגען „יאַם און הימל, הימל און יאַם", „בײַ אונדז אין אָדעס" און אַנדערע ווערק.

דאָס איז, אַזוי צו זאָגן, דער פּערזענלעכער מאָטיוו. ער איז פֿאַראַן בײַ יעדן איינעם פֿון דער היפּשער מאַכנע סאָוועטישע ייִדישע שריפֿטשטעלער. אַלס רעזולטאַט זעען מיר איצט די רעאַלקײַט פֿון אונדזער ווײַטערדיקער עקזיסטענץ, אַלס איינע פֿון די נאַציִאָנאַלע סאָוועטישע ליטעראַטורן. איך בין גליקלעך, וואָס די כאַשעווע געסט, געקומענע אויף אונדזער יאָמטעוו פֿון פֿאַרשיידענע לענדער, זעען עס צוזאַמען מיט אונדז. עס פֿילט זיך בעפֿויעל־מאַמעש, אַז בײַם באַהאַנדלען די פּראָבלעמען פֿון „סאָוועטיש היימלאַנד", דאָס הייסט פֿון דער סאָוועטישער ייִדישער ליטעראַטור, איז ניטאָ קיין אָרט פֿאַר קליינקאַליבערדיקע כקירעס און אייערנעכטיקע נאָסטאַלגיִעס. מיר פּלאַנירן הײַנט אונדזער צוקונפֿט, און די צוקונפֿט פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור איז גוט באַוואָרנט און רעאַל אין אונדזער גרויסן סאָציִאַליסטישן פֿאָטערלאַנד.

(די פֿאָרזעצונג פֿון די אַרויסטרעטונגען — אין קומענדיקן נומער)



אויף דער פּלענאַרער יובילײַ־זיצונג פֿון „סאָוועטיש היימלאַנד". די מיטגלידער פֿון דער רעדקאָלעגיע צוזאַמען מיט די אויסלענדישע געסט (פֿון רעכטס אויף לינקס): עס זיצן — שאַרל דאָבזשינסקי (פֿראַנקרײַך), פֿישל טאָביִאַש (אורוגווײַ), שמואל גאָרדאָן, דאָרע טייטלבוים (פֿראַנקרײַך), כאַנע טאָביִאַש (אורוגווײַ), אַרן ווערגעליס, עסטער רימער (אַרגענטינע), אַנע ווילנער (פֿראַנקרײַך), רוּוון סיניי (אַרגענטינע); עס שטייען — יעכיִעל שרײַבמאַן, באָריס מאָגילנער, כאַיִםביידער, שימען שערמיִאָ (פּוילן), הערשל פּאָליאַנקער, יויסעף שוסטער, יעהוישוע אירגע (ייִסראָעל), אַמאָס לעווין (ייִסראָעל), יויסעף ליפּסקי (ייִסראָעל), שאַרל לעדערמאַן (פֿראַנקרײַך)

# די אייביקע ליד

## I

### דוירעס און ראכוועסן

א דאָר מוז האָבן ראכוועסן — סײַ אין צײַט,
סײַ אין רוים, סײַ אין אידייען...

1

ערשט זיך אומגעקערט אהיים פון ווארשע,
פון פּראָג און פון קארלסבאַד,
ניט באוויזן פאנאנדערבינדן דעם פּאָלקסדעמאָקראטישן האלדזבאנד,
די פרוי — ארויסציִען די האָרנאָדלעך
און צעלאָזן דעם צאָפּ,
ווי מע קלאפּט אין טיר. מײַן לייענער...
ער וויל ניט אָפּלייגן אויף מאָרגן:
דערצייל פונעם וועג, דערצייל...

2

אין קארלסבאַד האָב איך באגעגנט אן אוילעם
כוילים,
אין פּראָג — זיך געזען מיטן גוילעם,
אין ווארשע געשטאנען באם בונקער.
אנילעוויטש, א שטאלטנער, א יונגער,
האָט געפרעגט מיך, צי זשוקאָווס ארמייען
זײַנען שוין אריבער די שפּרייע.
גאָט צו דאנקען,
איצט קאָנען מיר ריידן
אויך וועגן עפּעס אנדערס.

3

דאָ לעבן גייט,
דער קאָשמאר פון די ברוינע פארגייט...
מיטאמאָל —
א פאראדע מיט א טראסק.

מיט א קנאַק,
מיטן גאַנצן טשאַק.
טשאַקנדיק און קנאַקנדיק,
גייט א קאַרנאַוואַל,
פײַערווערק און ייוולקלאַנג,
טראָמפּייטן־שאַל —
דאָס האָבן געסט פון די אַמעריקעס
אויסגעשפּאַנט די קאַרעטע,
געפּראַוועט קיווער־אַוועס,
טאַטע ג׳הימל!

4

זיי גענומען אַפּ די רו בײַ אַנילעוויטשן.
זיי ירשענען די קעמפער פון די געטאָס!
אין יאַרמעלקעס פאַר אַנדערהאַלבן דאָלאַר,
אין פּלודערן סינטעטישע
טוען זיי אַלרײַטעווען
אַרום די זעקס מיליאָן,
און וועלכע פון דער וויַט
און פון דער זײַט
זיי האָבן מיט באַדויערונג געקוקט,
געהאָלפן מיט א קרעכץ...
אַציִנד — אין ער
אין אויסגעפּוצטער זשאַלגנער
מיט פײַערלעכן געגנדן־טראַט — אַף לינקס,
א מוירעד פון מוראַנאָ־אָרגאַס — אַף רעכטס,
דער גאַסט פון יענעם לאַנד,
וואָס גיבן הילף האָט אויסגעמיטן —
אין מיטן.
עס גייט, עס גייט א פײַערדיקע נאַכשפּיל
אַרום דער געטאָ, וואָס געקעמפט האָט און געליטן.

5

אַפּט עס טראַכט זיך וועגן טויט און וועגן לעבן.

6

דער באַוווסטזײַן... וואָס איז עס אַווינס?
איך, דער לעבעדיקער...
אויב איר וועט א שטאָך טאָן מיך אַפילע מיט א שטרוי,
וועל איך פילן ווייטיק.

7

וואָך איז דער באַוווסטזײַן...
ס׳ערשטע פלעמעלע זײַנס
און ביז דעם פּאַכעד פאַר א קלאַפּ.
ביזן ביזאַיִען
און ביז דעם קאַס.
ביזן אײַפער.
ביז דער מוירע פאַרן טויט.

8

דער טויט איז איצט געוואָרן יונג.
פון דאָרט אהער —
געטאָן א שפרונג,
אין גלעקעלע א קלונג,
ארויסגעשטעקט די צונג...
ווען וועט ער איבערברעכן דעם רונג
פון מײַן לעבן?

9

מײַן לאנג לעבן
וועט זיך ענדיקן אין אזויפיל און אזויפיל יאָרן ארום.
דאן קומט צו גיין
און נעמט בא מיר צו
מײַנע אלע מאפּאָלעס און אלע ניצכוינעס,
בלויז מײַן אייגענעם נאָמען,
איך בעט אײַך,
קערט מיר אום.
און טשעפּעט ניט די שורעס,
וועלכע איך האָב אָנגעשריבן אין דער טײַגע,
אין אָקאָפּ,
בא מײַן געליבטער אף דער ברוסט,
בא מײַן קינד און בא מײַן אייניקל אין די שווארצאפּלען.

10

קומט צו גיין און מאכט אן אָנשטעל,
אז איר פּילט אויס מײַן לעצטן ווונטש.
לייגט ארײַן מײַן דאָברי מאזל
אין א ספּוטניק,
שיקט אים אָפּ
ווײַט־ווײַט אין הימל —
אינעם ערשטן,
צווייטן,
דריטן —
אין דעם זיבעטן
הימל!
דאָרט וועט צוווארטן מײַן מאזל,
ביז אף דר׳ערד מע וועט מיך דארפן,
ביז אין ערשטן בלויען הימל
זײַן וועט שטענדיק שאָלעם.

11

האלט אים אונטער! האלט אים אונטער,
אונדזער הימל... האלט אים אונטער!
לאָזט ניט, ער זאָל זיך צעפאלן,
מענטשן אלע! זעט, דער הימל
זאָל ניט קראכן,
ניט פארלירן די לעוואָנע
און די שטערן ניט צעשיטן,

ווי ס'פּאַרלירט פּאַסאַליִעס ראַבע —
מיטן דנאָ ארוף א טעלער.
האַלט אים בעסער! האַלט אים שטאַרקער!
ליגט אים אונטער איירע דלאָניעס,
פֿרויען — פֿאַרטעכער שטעלט אונטער,
קינדער — איירע שוואַכע הענטלעך!
פֿון די זיבן הויכע הימלען
איז דער ערשטער —
אונדזער הימל.
זאָגט די ווערטער אָט אַזוי:

12

ס'וועט פֿאַר די פֿליגל סטייען הימלען,
ס'וועט סטייען אָטעם פֿאַר די הימנען
פֿון אַלע שוואַטים אין איין גאַנג.
ס'וועט סטייען רויך פֿאַר אַלע קוימענס,
ס'וועט סטייען קויכעס פֿאַרן דראַנג,
וואָס אומעגלעך עס איז אים צוימען,
און צוימען אים צי דאַרף מען דען?
אַלץ, וואָס איז איצט און וואָס געווען —
אַלץ וועט אַריינגיין אינעם כעזשבן,
דאָס יאָר — ביז אָוו, דורך שוואַט, פֿון כעשוואָן,
דאָס יאָר — פֿון טישרע און ביז עלעל,
זיך ענדיקט, נאָר עס ווערט ניט נעלעם.

13

דער ערדקויל
אין וועלטאַל אין שוואַרצן
בלוי איז
ניט אָנגערירט פֿון גאַרניט,
ריין,
אַן א שטשערב, —
א פּולער קײַלעך,
ווי ס'האָט די מאַמע אים געהאַט.
דער ערדקויל
אין וועלטאַל אין שוואַרצן —
א ציכטיקייט, א גוט באוואָרנטע פֿון פּרעמדע,
אין בלויער נאַכט־העמד
פֿאַרבאָרגן, און דאָך אָפֿן,
גאָר נאַענט, נאָר פֿאַרווערט,
א גאַנצע און א פּאַרטיקע,
א פֿעסטע ספֿער.
דער ערדקויל,
ווי אַן עפּל אויפֿן בוים, נאָך ניט פֿאַרשטאָכן,
א בסולע
אין בלויען העמד, אין כמאַרעס־בעטגעוואַנט,
א שעמעוודיקע,
פֿון פֿרעמדע אויגן ווײַט
פֿאַרבאָרגן,
נאַקעט,
אומבאַהאַלפֿן,
רוי

און אומבאשיצט,
יאָ, שעמעוודיק,
ווי ס׳פירט זיך אוף א בסולע.

14

פון קינדוויַיז אָן איז בא מיר שטארק דער קאָסמיש־הימלשער געפיל, וועלכער האָט ניט — לאָמיר גלײַך אַראָפּנעמען אײַער כשאד — קיין מינדסטן שײַכעס צו רעליגיעזער פאנאטישקײַט. עס טרעפט, איך הייב אוף די אויגן צו די הימל־ספערן און דערפיל, ווי גלײַך ס׳וואָלט צו מיר דערגאנגען א סוידעסדיקע שעפטשערײַ, וואָס קומט פון מיליאסן־ווײַטקײַטן און האלט זיך אוף אומזעבאר הארט לעבן מיר. פון זינט איך בין געקומען צום סייכל, ווארט איך, אז עפּעס ניט קיין פאַרויסגעזעענס זאָל געשען מיטן ערדקויל. איך גלייב, אז דאָס גײַסטיקע לעבן בא דעם מענטשן איז דערשײַנען ניט אדאנק פיזיאָלאָגישע קאָמבינאציעס אין זײַן קערפּער, נאָר איז אראָפּגעבראכט (בעסער — „אָנגעצונדן") געוואָרן פון אויבן, — ניין, ניט פון קיין גאָט, נאָר פון יענער געקומענער אף דער ערד סובסטאנץ, וועלכער די אורפּאָטערס אונדזערע האָבן דערפאר א נאָמען געגעבן „גאָט", ווײַל זיי האָבן זי ניט געקאָנט באזיניקן. פאראן, ווײַזט אויס, אזא צושטאנד פון מאטעריע, וועלכער איז דער לעוויש פונעם גײַסט. מיר ווייסן דערווײַל ניט וועגן אים, פונקט אזוי, ווי מיר האָבן פריער ניט געוווּסט וועגן אנטי־טיילעכלעך אין דער מאטעריע, פונקט ווי ס׳איז אונדז ניט באוווּסט די מאטעריע פון צײַט. דאָס, וואָס דאָס אש פון איינשטיינס קערפּער איז צעווייעט געוואָרן נאָך דעם, ווי אין דער לאָגישער קייט פון אָט דעם קערפּער האָט עפּעס „איבערגעברענט" — דאָס הארץ, צי דער שפּײַז־טראקט, צי די לונגען, — האָט ניט אָפּגעשאפן אין מאטעריעלן זין די אינדיווידואליטעט פון איינשטיינס גײַסט, וועלכער זעצט פאָר צו עקזיסטירן אין א וויר־וואר פון אַנצאָליקע גײַסטער, קאָן זײַן — אין אן „אנטי־וועלט", אין איינעם פון די אָנברעגיקע רעזערוואטן פון דער קאָסמאָס־ספערע. עס שטייט נאָך פאָר דער מענטשהײַט אופצוקלערן בא זיך דעם פענאָמען פון טראכטן, דענקען, טרוימען, בענקען, מאסקים זײַן, דערווידערן, טרויערן, פרייען זיך, ליב האָבן, מעקאנע זײַן, מוירע האָבן, פילן זיך גליקלעך, פילן זיך אומגליקלעך, איבערלעבן געוויסנביסן, שטרעבן צו עפּעס, פאַרויסזאָגן, זײַן צופרידן, זײַן אומצופרידן, געדענקען, פארגעסן, פײַנט האָבן, האסן, שאפן דיכטונג און מוזיק, זײַן אין קאס, נעמען זיך צום הארצן, ארויסווײַזן מיטגעפיל, זײַן גוטוויליק, גוטמוטיק, זײַן שטרענג, זײַן צעשטרייט, זײַן זאָרגלאָז, הארצלאָז, זיך באַליידיקן, זײַן אופמערקזאם, ארויסווײַזן גלײַכגילטיקײַט, צערייצטקײַט, אופגעבראכטקײַט, שטארקן ווילן אאוו. אדג. וואָס איז דאָס אַלץ, וויאזוי באקומט זיך עס? אין רעזולטאט פון מעכאנישע פארייניקונגען? אָ, ניין. אָ, ניין! דערווײַל האָבן מיר ניט די מעגלעכקײַט ארײַנצודרינגען אין די אויבנבאריטע און אין פיל אנדערע ענלעכע טיפקײַטן. עס איז איצט גרויס און שטארק בא מיר דאָס געפיל פון געהיימניס. איך זוך א מענטשן, וואָס זאָל מיר העלפן דערין...

15

דיאָגען[1], עפּעס פירסטו זיך אוף ווי צעטראָגן,
ווּעמען זוכסטו באטאָג מיט דער שײַן פון לאמטערן?
שטעלסט פארבײַגייער אָפּ אף באַרוישיקטע ראָגן,
און פון מענטשן באקאנטע דו ווילסט גאָר ניט הערן.
אין דער גאס, אפן פלאץ, וווּ עס האָוען האמוינים,
רופט מען דיך פילאָסאָף, ווי עס פירט זיך בא לײַטן,
אין די קלייטן — די סאָכרים, מעשאָרסים און קוינים,
אַלע בוקן זיך דיר, נאָר דו האלטסט זיך פונווײַטן.
ס׳לויפן קרוויוּים דיר נאָך, נאָר זעסט אויס ווי אן עלנטער,
צו א פרעמדן לויפסט צו, ווי דו וואָלסט אים געקענט שוין.
דיאָגען פון סינאָפּ, זאָג דעם עמעס — וואָס פעלט דיר?
זאָג, וואָס נישטערסטו? זאָג!
דיאָגען: — „כ׳זוך א מענטשן..."

[1] דער אלטגריכישער פילאָסאָף דיאָגען פון סינאָפּ (IV יה. ביז אונדזער ערע) האָט זיך אמאָל באוויזן אינמיטן העלן טאָג אין גאס מיט אן אָנגעצונדענעם לאָמטערן אין די הענט, דערקלערנדיק עס מיט דעם, וואָס ער זוכט א מענטשן.

## 16

...איך האָב קיין אָנהייב ניט און האָב קיין סאָף.
מײַן גאָט איז קאַראַליאָוו,
מײַנע מלאָכים —
קאָסמאָנאַווטן, ייִנגלעך דאָרפֿישע געוועזענע,
עס וועקן מיך מיט שמייכלען
מיידלעך רוסישע פֿון שלאָף,
אַזויווי כּאַוועס — אַדעמעס.
מײַן מויער האָט זיך אײַנגעבוירן אין א גוילעם,
וועלכן ס'האָט באַשאַפֿן
פֿון קאָסמאָס א שאָלײַעך אויף דער כאַאָסדיקער ערד.
ער האָט געמאַכט מיך,
קאָן אַוואַדע זײַן,
קעדיי פֿאַרווײַלן זיך און גאַפֿן,
און שפּעטער
איבער יאַם און ערד
מיך אין טיראַזש פֿאַרמערט...
אַזעלכע אַפּיקאָרסישע געדאַנקען
כ'וואָלט אַליין געפּרוּווט פֿאַרצאַמען,
ווען עמעץ זאָל מיר זאָגן,
אַז בא כאַוועס
און בא אַדעמעס
געוועזן עס איז א מאַמע...

## 17

צוויי טויזנט יאָר פֿאַר דעם בערײַשיס
געוועזן די טוירע עס איז גרייט,
האַשעם ייִסבאָרעך האָט זיך, ריישיס,
צו איר געווענדעט מיט די רייד:
פֿון דיר כ'דערוויס זיך אַלע נײַסן.
א וועלט ווי מאַכט מען? — כ'האָב געפֿרעגט.
מיט שוואַרצן פֿײַער אויף דעם ווײַסן
האָסט אָנגעצייכנט דעם פּראָיעקט.
אַצינדער — פֿרײַ שוין פֿונעם שאַפֿן —
זאָג, וואָס דעם ווערק אונדזערן פֿעלט,
דער מענטש, וואָס איז אין איר באַשאַפֿן,
גערעכטיק פֿירן זאָל די וועלט?
. . . . . . . . . .
דער נאָווי שפּעטער האָט אַן מוירע
געזאָגט: די שײַלע איז ניט קליין.
אַן ענטפֿער געבן וועט די טוירע,
וואָס שרײַבן וועט דער מענטש אַליין.

## 18

אַוואַדע ווייס איך, אַז דער וועג דער פּאַשעטער,
דער ערדישער
איז בילכער,
נאָר אויף דער ערד אין יענעם טאָג געוועזן איז נאָס,
און כ'בין אַוועקגעגאַנגען מיטן מילכוועג,
געמיינט, אַז דאָרט
די שטערן האָבן אויסגעטריקנטע און גלאַטע גרונטן,

ערשט כ׳טו א קוק —
דער רעגן איז פון אויבן,
דער סאכארער מידבער אונטן.

19

איך זאָג אײַך, מענטשן,
אז איר האָט א טאָעס:
קיין פינצטערניש אָן ליכטיקייט ניטאָ איז.
פאראנען ליכט.
און אויב זי ווערט פארפאַלן,
דער מענטש איז אַגרופן עס פינצטערניש א באַלן.
איך זאָג אײַך, מענטשן,
אז איר האָט א טאָעס:
קיין פינצטערניש אָן ליכטיקייט ניטאָ איז.
די פינצטערניש קאָן זײַן,
אויך קאָן ניט זײַן,
נאָר אײביק איז די ליכט,
די זונען־שײַן.

20

אלמעכטיקער! דו ביסט נאָך מיט די וואסערן פארטאָן?
ווי קומט עס, וואָס דו זאמסט זיך דאָרט, און ס׳איז ניטאָ קיין שײַן?
הייב אוף זיך העכער,
העכער נאָך,
און טו א זאָג: „זאָל זײַן!..״
די ערד איז וויסט און ליידיק, ניט באשווערט מיט קיין שום פרוכט,
א שטויבעלע, איר קערנדל, דאָס צווייטע שטויבל זוכט.
אָ, שײַן,
וואָס אינדערעמעסן
דו ביסט די ערשטע נײַס, —
שטעל אוף דײַן טעמפּל אָף דער ערד און טו א זאָג: „זײַ, גײַסט!..״
און זײַן וועט ער, און זײַן וועסטו, און זײַן עס וועט די ערד,
דאָס וואסער ט׳זײַן, דער הימל — זײַן. און זע: דער מענטש אויך ווערט...

21

אויסגעפלאסטערט איז דײַן מויער מיט געדאנקען און פארלאנגען.
ס׳ליבּ בא דיר איז צארט און ווארעם, ניט פון ליים און ניט פון מעש,
נאָך איין וועזן ווייסט די וועלט ניט, וואָס צו דיר עס זאָל דערלאנגען, —
ווען איך דאַרף דײַן נאָמען מעלדן, כ׳רוף מיט קאָוועד אויס:
— רעב מענטש!..
אָבער טאָג נאָך טאָג, ווען כ׳זע דיך, דײַנע טועכצן און מײַסים,
דײַנע מאנגלען און גערענגלען, דײַנע קרימעכצן און טענץ,
ווי די לעבעדיקע קעכלסט, ווי מעקאבער ביסט די מייסים, —
זאָג איך מיט א טנײַ, „רעב מענטש״ דיר, אויב דו ביסט טאַקע א מענטש.

22

דער קארגער ווארפט גראַשנס אהין און אהער
בייס פון מויל זײַנעם שיטן זיך גאָלדענע רענדלעך.
דער מענטש
קען ניט זײַן פון א מענטשן מער,
נאָר ווייניקער זײַן ער קען דאָר...

פונקט אזוי ווי איבער א קרומער פּאַרענטש,
עס גליטשן זיך איבער דער מענטשלעכקייט אייניקע.
דער מענטש
קען מעריער ניט זײַן פון א מענטש,
נאָר ער קען דאָך זײַן ווייניקער!

23

„כ׳בעט אײַך, באַווײַזט מיר, א וועלכער מעהאַלעך
איז פונעם מענטש ביז צום מאַלעך...״
ניט שטויס אין דער טיר זיך,
וואָס זי איז פאַרהאַקט און פאַריגלט,
בעסער פאַרבײַט דײַנע הענט אויף מאַלאָכישע פליגל,
אויכעט דײַן מאָקעם פאַרבײַט —
אונדזער ערד —
אויף די וואָלקנס,
און אויך די שפּײַז,
די געוווינשאַפטן ערדישע, פאַלגנד.
דעמלט דעם וועג פונעם מענטש ביז צום מאַלעך
אליין וועסט באַשליסן,
אָבער צוריק
— פונעם מאַלעך צום מענטש —
וועסט דעם וועג שוין ניט וויסן.

24

איך ברעך זיך דעם קאָפּ:
פונוואַנען דער מאַנגל אין צײַט?
די צײַט רינט אַראָפּ
אין דער צוקונפט — פון דער פאַרגאַנגענהייט.
ניט אַלץ האָט אַלציינס די ווערט:
עס טרעפט, א מינוט וועגט איבער א שאָ,
און אמאָל פאַרקערט —
שוין זעכציק מינוט, נאָר קיין שאָ איז ניטאָ...

25

די צײַט־ראָד זיך קײַקלט איבער עפּאָכעס...

26

געוויינלעך כ׳זוך די צײַט אינגאַנצן,
אפילו אויף דער לינקער זײַט,
אפילו דאָרט, ווו שיידים טאַנצן
און ס׳איז אַצינד ניט אונדזער צײַט.
זי איז סײַ פריילעך, סײַ באַשיידן,
איך זע זי באַרוועס און אין שיך.
אין איר די קויכעס — גאָר פאַרשיידן,
און דאָך פאַרבונדן צווישן זיך.
דעם הויכן קלאַנג, דעם קלאַנג דעם שטילן
צומאָל זי פלאָנטערט איבער.
דאָך
איך זע איר אײַנגעלעבטן ווילן
אַרײַנקוקן אין סאַמע טאָך.

אין אַלע אומגליקן און גליקן,
דאַן, ווען זי שטרײַט און ווען זי פּאַלגט.
צעפּירט עס זײַנען אירע בריקן,
נאָר אַף די ברעגן לעבט דאָס פּאָלק.

27

דער זיקאָרן שענקט דעם מענטשן נאָך איין לעבן — דאָס לעבן, וואָס איז געווען און איז שוין פאַרשוווּנדן. דערמאָנונג אין פאַרגאַנגענעם איז דער גרעסטער נעס. די צײַט פליסט אַף צוריק! ווו? אינעם מויעך פון דעם מענטשן. אפילע א גאַנצער יִשעוו מיט הונדערטער, טויזנטער אײַנוווינער, מיט באַלעבאַים און אוטאָמאָבילן, מיט טאָג־און־נאַכט־פּאַסירונגען, מיט פּרעסט, ווינטן, רעגנס און שנייען, מיט כאַסענעס און לעווייַעס, מיט ליבע, אײַפערזוכט, פרײַנטשאַפט און פײַנטשאַפט קערט זיך אום פון דער פאַרגאַנגענהײַט און לעבט אויף אין די געהיימע פלאַנטערנישן פון דעם מענטשנס מויעך. אויב צו דעם צוגעבן די פעיִקײַט צו זען (אויספּאַנטאַזירן) בילדער פון דער צוקונפט, וועט ניט זײַן קיין גוזמע צו זאָגן, אַז דער מענטש קאָן אַדאַנק זײַנע דערמאָנונגען און וויזיִעס דורכלעבן אין איין צײַט דרײַ לעבנס...

# II

## דער דרײַצנטער שײַוועט

צו זיך אַליין איך קום צו גיין,
קלאַפּ אָן אין טיר:
— דו ביסט, — איך פרעג, — איצט אינדערהיים?
היי, עפן מיר!

28

ניין, איבערכאַזערן מע קאָן ניט
די אַפּגעלעבטע שוין מינוט.
נאָר ווידער זאָגן ס'פאַלשע וואָרט,
צי זאָגן נאָכאַמאָל דאָס עמעסדיקע,
טאָן ס'צווייטע מאָל א טוויוע עמעצן,
צי אַפּצולאָכעס טאָן,
צום ערגערן,
צעשטערן דאָס צעשטערטע,
צעטרעטן דאָס צעטראָטענע,
צי אופהייבן א צווייטן שטאַק,
אַרויספירן פון בלאָנדזשעניש
א בלינדן נאָכאַמאָל, —
קאָן מען.
די פראַגע איז, —
וואָס גוט באַטײַט און וואָס באַטײַט ניט־גוט,
ווו איז די הייך, און ווו איז נידער.

## 29

עס טרעפט, די אַלוועלט זען מיט אויגן אייגענע איך וויל,
זען די גאַלאַקטיקע, וואָס פֿון דער זון אַפֿילע איז נאָך העכער.
כ'דערנעענטער צו זיך דעם בלויען הימל ווי א בריל,
די ווינטלעך ווישן אויס אים דורכזיכטיק ביז לעכער.
נאָר דעמלט, ווען איך האָב שוין אָט דעם ציל דערגרייכט,
ווייַזט זיך אַרויס, אַז העכער כ'בין לאַכלוטן ניט געשטיגן,
ווייַל צווישן די גאַלאַקטיקעס ניטאָ קיין נידער און קיין הייך
מיליאָסן וועלטן הין־און־הער, ווי אַף א הוידלקע, זיך וויגן.

## 30

איך גליטש אָן אופהער זיך איבער מייַן גורל
(דאָס לעבן איז געגליכן צו א גליטש),
און גרייט כ'בין ווערן נאָכאַמאָל געבוירן
אין שטעטל ליובאַר בא דעם שטילן סלוטש.
ס'וואָלט אַלץ געווען קעשורע,
ווען איר גלייבט מיר,
אַז געקומען בין איך פֿון די צוועלעף שוואָטים,
נאָר עמעץ האָט אַרויסגעלאָזט א קלאַנג,
אַז פֿון דעם דרייַצנטן איך קום,
פֿון דעם פֿאַרפֿאַלענעם,
וואָס איז געגאַן זייַן גאַנג
און זיך ניט אומגעקערט צוריק, —
פּונקט ווי צעגאַנגען אינעם רוים,
אַרייַנגעפֿאַלן אין א טהאָם
אַלע נ'איינעם,
מיטן פּי
און מיט די פּייַלן.
הערט נאָר, הערט!
א גאַנצער שייוועט...
פֿון דעמלט שוין
דרייַ טויזנט יאָר,
דרייַ צענדליק פֿולע ערעס
זייַנען דורכגעגאַן,
און לאָמיר אָפּמאַכן, אַז גראָד אין שטעטל ליובאַר
אַרויס דער שייוועט איז דער דרייַצנטער
פֿון טהאָם.
דאָרט, ווו ס'פֿאַרקערעוועט אין ליובאַר זיך דער שליאַך
צום סלוטש און צו דעם פּאַלאַץ,
אין וועלכן ס'האָט אַמאָל געלעבט
א יאַסנעוועלמאָזשנע פּאַן,
דעם פּאַלאַץ אופגעריסן און אַנטלאָפֿן
(אין איין־און־צוואַנציקסטן), —
א דענקמאָל שטייט
לעקאָוועד די דערשאָסענע סאָוודעפּן,
און באַם אַרויסגאַנג שוין פֿון ליובאַר,
בא דעם וועלדל,
שטייט א צווייטער דענקמאָל —
לעזיקאָרן זיבן טויזנט קדוישים
(דעם גאַנצן יידנטום פֿון שטעטל,
אַלע קינדער,
אַלע פֿרויען,

אלע זקיינים,
ווען מען ס'האָט דערמאָרדעט דער פּאַשיזם
אין אייך־און־פּערציקסטן).
ווייזט זיך אַרויס, אַז אינעם שטעטעלע איז פּונקט דאָס אָרט,
וווּ ס'האָט דער דרײַצנטער, אַנטרונענער, געפלאָגטער שייוועט
זיך אָפּגעזוכט:
אַרויסגעקומען פונעם דענקמאָל, וואָס לעקאָוועד די סאָוודפּן,
געלעבט אין ליקן און אין געסעלער,
פאַרשוווּנדן שוין אַף אייביק
אינעם קייווער פון די זיבן טויזנט קדושים.

31

געווען איז פרייד, געווען אויך גרויל...
זײַט מויכל, וואָס איך זאָג עס שאַרף:
איך קאָן ניט מויכל זײַן דעם גוירל
פאַר זײַן ניט טרעפן, וווּהין מע דאַרף.
געווינלעך קלאָגן זיך פאַרשפּאַרט מען,
ווײַל גרינגער פון דערפון ניט ווערט,
און דאַך איך זאָג: ס'איז דאָ און דאָרטן
דער גוירל ניט געווען גערעכט.
אויך איצטער אפּצולאָכעס טוט ער,
נאָר אלפּי סייכל כ'פּאַסקן קלאָר,
ווען ער געווען וואָלט בלויז א גוטער,
מע וואָלט אין אים פאַרגעסן גאָר...

32

פאַראַן שריפטשטעלער־היסטאָריקער (לעמאַשל, טאָינבי), וועלכע רעדן וועגן די יידן ווי וועגן אַזעלכע, וואָס רופן אַרויס אַן אַנטראָפּאָלאָגישן אינטערעס: לויט דער ביבל קאָן מען אופשטעלן דאָס פּאָנעם פון דער וועלט און פון די פעלקער אין אָפּגעווײַטערטע צײַטן. דאָס היסטאָרישע פאָלק — אַזוי רופט מען אָן די יידן. פונעם אַרכעאָלאָגישן קוק־ווינקל: דאָס אָפּגעגראָבענע פאָלק. דער יידישער פּאָעט (א קאָדעש) ייִצכאָק קאַצענעלסאָן האָט איבערגעלאָזט א פּאָעמע, וועלכע ער האָט אָנגערופן „דאָס אויסגעהאַרגעטע פאָלק”.

אָבער אַלץ איז ניט אַזוי. אין דעם באַדײַט, ווי עס ווערט דאָ דערמאָנט דאָס היסטאָרישע פאָלק, איז דער אויסדרוק פּאַסיק פאַר די כאַזאַרן און פאַר אַנדערע אַוועקגעגאַנגענע אין דער געשיכטע פעלקער. די יידן, די אַראַבער, די פּערסן, די גריכן, די איטאַליענער, אַזויווי די מאָנגאָלן, די אינדוסן, די כינעזער, זײַנען פּאַשעט אַלטע פעלקער מיט א היסטאָריע, וואָס גייט אַוועק אין די אור־צײַטן. אין אָט דעם פּראַט איז יעדעס פון זיי א היסטאָריש פאָלק. דאָס יידישע פאָלק האָט קיינער ניט אָפּגעגראָבן: ס'האָט אַליין זיך פאַרהיט אין גאַנג פון יאָרטויזנטער. די, וואָס האָבן זיך פאַרמאָסטן עס אויסצוהאַרגענען און באַגראָבן עס אין די גריבער, אין די ריוון, אין די יאַרן, האָבן אופגעשטעלט קעגן זיך דעם קויער פון דער וועלט און זיך פאַרכלינעט אין אייגן בלוט. וואָס איז שײַעך די אַנטראָפּאָלאָגן און זייער ווילן אופצושטעלן דאָס פּאָנעם פון די פעלקער אינעם אוראַלט, קאָנען זיי עס טאָן, און זיי טוען עס, אַרײַנקוקנדיק, פיגוראַל גערעדט, אין דער „ביבל” פון יעדן פאָלק. יענע יידישע כאַכאָמים און דענקער, וואָס האָבן אופגענומען די פאַרגאַנגענהײַט בלויז ווי דעם פונדאַמענט פאַר דער צוקונפט, האָבן אַזוי געמיינט, ווײַל זיי האָבן ניט געוווּסט וועגן אַרישוויץ. נאָך אָשוווענטשים איז די געשיכטע געוואָרן דערפאַרענער און ווײַטזעעוודיקער.

33

ווען די רויטאַרמייער האָבן אופּגעפּראַלט די טויערן פון אַרישוויץ,
איז צוגעלאָפן צו דער קופּע מייסים
אַן אַלטער מאַן אין ראַנג פון א מאַיאָר
און אָפּגעזוכט דאָרט א נאָך לעבעדיק יינגעלע,

גענומען אַף די הענט עס,
אָנגעהויבן וויגן
ווי מע וויגט אַ זויג־קינד:
— ביסט קליין,
בלויז אַלט אַ יאָר אַכט־ניין,
ביסט אויסגעצערט ביז ענד,
דו וועגסט — אַ קילאָגראַם אַף יעדן יאָר, דײַנס,
ביסט שוין האַלב טויט,
וועסט אָבער לעבן!...
— צוליב וואָס? — אַ פֿרעג געטאָן עס האָט דאָס גראָווע ייִנגעלע
און אָנגערופֿן דעם מאַיאָר „מײַן קינד“. —
— צוליב וואָס דאַרף לעבן, קינד מײַנס?..
דער מאַיאָר האָט זיך צעוויינט...
— דו רופֿסט מיך קינד? איך בין אַ טאַטע און אַ זיידע...
— נאָר עלטער בין איך שוין פֿון דיר... מײַן קינד...

34

יאָ, ס'טרעפֿט אַוודאי... מע פֿאַרגינט מיר ניט די זעקס מיליאָן.
אַ סוואָרע, זאָגט מען, ס'ווײַזט דער כעזשבן, אַז געווען איז ווייניקער.
זיי דינגען זיך מיט מיר... איך ווייס ניט, וואָס צו טאָן:
אַ פּאָר מיליאָן זיי אָפּטרעטן? זײַנען באַ זיי דאָך אויך דאָ קינדער קלייניקע...

35

באַ קאַרגער שײַן פֿון קאַלטע זונען־שטראַלן,
אין וואָיענדיקן וויסטן כוידעש שוואַט,
איז פֿונעם ערדקײַלעך אַראָפּגעפֿאַלן,
נאָך איין דערהאַרגעטער סאָלדאַט.
אין ברען פֿון דער אַטאַקע כ'האָב דערזען אים ליגן,
די הענט צעשפּרייט אין צערטלעכן באַריר,
פֿון דעם באַפֿרײַטן דאָרף איך האָב צו אים געשריגן:
— האַלט גוט די וועלט!
האַלט בעסער! ניט פֿאַרליר!

36

די וועלף — זיי זײַנען וואַך, ווי שטענדיק,
און אַלעמאָל באַנײַס אַ קאָן
זיי קומען, ווען די שלאַכט זיך ענדיקט,
אַנטלויפֿן, ווען זי הייבט זיך אָן.
אין טאָג, זיי מעגן זײַן כאַכאָמים,
אַפֿילע ווערן הינט אַף הענט,
זיי ווייסן ניט, וואָס ס'איז מילכאָמע,
ווען מענטשן פֿירן זיך ווי וועלף.

דער פֿײַנט איז פּגרער און טויב זײַן טראָט איז,
עס זעט אים גוט מײַן אויג מײַן שמאָלס.
אין אָנגריף וואַרפֿט ער גאַנצע ראָטעס,
ווי אין אַ הרובע בינטלעך האָלץ.
נאָר מיטן רוקן צו די סאָנים,
אין פֿעלד לעם וויאַזמע, ווו עס ברענט,
סע זיצט די צײַט
דאָס גרויע פּאָנעם
אַראָפּגעבויגן אַף די הענט...

37

דאָס פֿײַער פֿון די „קאַטיושעס"... דאָרט, וווּ עס רײַסן זיך אויף אַלע כאַזײַרימלעך (чушки), שטײַגן העכער און העכער לויכטנדיקע קוילן. ס'דערהערט זיך אַ סווישטשען פֿון אַנצאָליקע שפּליטערס. און אומדערטרעגלעכע היץ וואַרפֿט זיך אומגעריכט אַרויף אויף די מענטשן. עס שפּרייט זיך אויס איבער די אופֿרײַסן אַ שוואַרצער רויך. ס'בלײַבן איבער קליינע אַקוראַטע גריבלעך. דאָס פֿעלד ווערט אָפּגעסמאַליעט. די דײַטשן שרײַען פֿון פּאַכעד. גלײַך נאָכן ערשטן שאָס, וועלכער נעמט דעם ציל, קומט געוויינלעך דער הויפּט־זאַלפּ. די דײַטשן ווייסן עס שוין און לאָזן זיך לויפֿן...

38

מיר שטייען אײַן דאָ אינעם דאָרף, ווו דײַטשע טויבן וואָרקען
און ווו עס טײַנען קליין און גרויס, אַז די מילכאָמע האָט קיין זין.
די געאָגראַפֿיע פֿון גאַנץ אייראָפּע טראָג איך אויף מײַן גימנאַסטיאָרקע,
כ'האָב אײַנגענומען אַלע שטעט — פֿון הינטערמאָסקווע ביז בערלין.
אויך פֿאַר בערלין פֿאַראַן אַן אָרט איז אויף מײַן כאַקי־העמדל,
דער סטאַרשינאַ געבראַכט האָט די מעדאַלן מיט סנאַריאַדן אויף איין פֿור,
ער זאָגט, אַז אויף די צײַגענישן שטיין עס וועט אַ שטעמפּל
פֿון דער סאָוועטישער — אין שטאָט בערלין — קאָמענדאַטור.

39

זאָגט אין שטאַב: מיר האַלטן אײַן שוין ביידע ברעגן,
אינעם ראַפּאָרט דעם קאָמדיוו לעמאַנעשעם דערמאָנט
די, וואָס האָבן בלויז געקאָנט אַרופֿגיין אויפֿן בערגל
און אַראָפּגיין מער פֿון דאָרט שוין ניט געקאָנט.
זאָל דער אינטענדאַנט ניט געבן מער זיי עסן, אָן ראַכמאָנעס,
און די שטיוול אָפּנעמען ער זאָל, ווי ס'איז דער קלאַל,
נאָר לויטן אוסטאַוו, אין ווזוואָד פֿאַרבלײַבן וועלן די פּאַטראָנעס,
און ס'וועט יעדערער פֿון זיי אַליין באַקומען זײַן מעדאַל.

40

איך האָב אינעם אָקאָפּ אַ גאַנצע נאַכט קיין אויג ניט צוגעמאַכט,
אוקרײַנע האָט גאַנצפֿרי אַ טרער פֿאַרלוירן, כ'טרײַב ניט איבער,
עס האָט אַ פֿרעמדע האַנט אין אָט דער שוידערלעכער נאַכט
בא אונדז בא ביידן צוגענומען אונדזער שטעטל ליובאַר.
געלעגן אין אָקאָפּ איך בין אויף דער סמאָלענשטשינע, באַם דערפֿל נאָוואָיע סעלאָ,
נאָר ליובאַר איז אין אָט דער נאַכט מיר ניט אַרויס פֿון זינען.
די מאַמע מײַנע איז פֿאַרבליבן דאָרט, און ס'זאָל ניט זײַן די שאָ...
מע גראָבט דאָרט גריבער... לעם אָקאָפּ עס סווישטשען קוילן און עס זשומען בינען...

41

כ'בין אויסגעוועזן אַ וועלט מיסטאַמע
און אָפּגעלעבט ביז גראָווע האָר, —
צוריק ניט אָפּגעזוכט די מאַמע,
און ס'איז ביז איצט מיר נאָך ניט קלאָר,

אין וואַסער שײַן, מיט וועלכע פאַרבן
אַ מאַמע ווײַזט זיך נאָכאַנאַנד,
איבּ אויך אין קריג זי אײַלט זיך שטאַרבּן
פרי׳ר פאַר די זין, פון סוינס האַנט.

42

דער קלאַפּ פון אַ קויל אין קאָפּ אַרײַן איז, מיסטאָמע, אַ טרוקענער, אַ האַרטער, און דער קאָפּ כאַזוערט אים איבער, ווי, לעהאַווידל, אַ פּאַס, ווען ס׳טרעפט אין איר אַ שטיין. גלײַך נאָכן קלאַפּ קומט דער טויט. ווײַל וואָס איז אַ קאָפּ אָן געדאַנקען, און וואָס איז דאָס לעבן אָן אַ קאָפּ? דער קלאַפּ פון אַ קויל אין האַרצן איז אַן אַנדערער. ס׳צעגיסט זיך עפּעס. דער טויט קומט צו שווימען אין אַ ווארעמקייט. דאָס לעבן צעגייט זיך אויף די ראַנדן. דער לעצטער אָטעם דויערט עטלעכע סעקונדעס. אַ האַרץ קען ניט בלײַבן שטיין מיטאַמאָל. אפילו אויב ס׳פאַרבלײַבּט בלויז אַ קלײנער סימען פון דער ליבע, וואָס דאָס האַרץ האָט איבערגעלעבט, אַ מינדסטער אָפּהילך פון די פרײדן און פון די לײַדן... אפילו דעמלט קלאַפּט נאָך דאָס האַרץ. ווײַל האַרץ איז ניט פּאַשעט אַ גליד אין קערפּער פון דעם לעבעדיקן ווען. אין האַרצן איז דער קוואַל... און, אַדרעבע, טוט אַ פּרוּוו: צי קען מען אין איין מאָל אָפּשטעלן דאָס ריטשקעלע און אויסשעפּן דעם קוואַל...

43

די בערעזע, די ריאַבינע, די אָסינע
כאַלעמען זיך מיר אויף אַ פּריוואַל.
און עס ווילט זיך רוסלאַנד אָנרופן — ראָסיע,
צו דער ערד צו אירער טאָן אַ פאַל,
אײַנרוימען אַ סאָד דער ערד דער מידער,
אַז ניט מערער איידער זי כ׳בין מיד,
אַז כ׳וועל גיין זיך שלאָגן ווידער, ווידער,
און זיך שלאָגן גיין עס וועט מײַן ליד —
ביז עס וועט זיך אָפּשטעלן די סינע,
ביז דער מענטש וועט קאָנען זײַן אַ מענטש,
ביז עס וועט מײַן הייליקע ראָסיע
זײַן מיט רו אויף טאָמיד שוין געבענטשט.

44

מיר ווייסן ניט, דער קריג וועט וויפל דויערן,
צי אויף אַן עמעס איז עס טאַקע רו.
די ליד „זעמליאַנקא״ שטייט נאָך אין די אויערן
און „ושדי מעניא״, „ווּ פּריפראַנטאָוואַם לײַסו״.
מיר האָבּן אָפּגעזעגנט אַט די אַלע לידער,
ביטאַ דערווײַל קיין נײַער קאַמערטאָן.
ס׳איז היינט דער צענטער מײַ שוין, ליבע ברידער,
מיר זײַנען ווײניקער מיט צוואַנציק מיליאָן.
אַ סאַך אַצינד מיר קאָנען שוין דערגרייכן,
וואָס צוליב דעם ניט נייטיק איז קיין קריי׳ר.
קעדיי אַרוּף אויף נאָמענלאָזע הייכן,
מיר דאַרפן שוין ניט פויזען אפּן בויך.
פון באַרג מיר קוקן איצט מיט אַ קאַוואָנע
אַרופצוהייבן ס׳לעבן איבּנאָן.

אין טהאָם געפאַלן זײַנען באַטאַליאָנען,
געבליבן אַפן בארג עס איז די פאָן!
יאָ, יאָ, פאַר אַלץ מיר האָבן קיין כאַראַטע,
פאַרענדיקן דעם קריג — אַ גרויסע קונץ.
פאַר אַלע יאָר דער שטויב פון דער פעכאַטע
וועט בלײַבן ווי אַ כמאַרע איבער אונדז.
אַזױפיל צײַט מיר זוכן, זוכן, זוכן,
און קאָנען ניט געפינען — וויי און ווינד! —
דאָס קינד, וואָס האָט פאַרלוירן אַט דאָס שיכל
באַם קרעמאַטאָרי — דאָס דערשטיקטע קינד.
מיר זוכן אַף די פעלדער, אין די בלאָטעס
די גריבער, נאָך פאַרווייַעטע מיט שניי,
ווהין ס'זײַנען פאַרשוווּנדן גאַנצע ראָטעס
און גאַנצע פּאָלקן — ווינד איז אונדז און וויי.
זיי זינגען דער מילכאָמעס אַלטע לידער,
ניטאָ דערוויל קיין נײַער קאַמערטאָן.
ס'איז הײַנט דער צענטער מײַ שוין, ליבע ברידער,
מיר זײַנען ווייניקער מיט צוואַנציק מיליאָן.

45

כ'בין אַן אַן אַטעם,
גרינג און שנעל
דערלאָפן צו דעם פרילינג.
די בסולע־גרינקײַט אינעם פעלד
האָט אויסגעזען מיר ביליק.
אַ לאַנגן ווינטער
כ'האָב אין שטוב
געהאַט וואַזאָנעס, וועלכע
איך האָב געהיט פון ווינט און שטויב,
פון וועלדלער און פון קוועלכלער.
אָפט דוכט זיך מיר:
דאָס גרינס
געדיכט
איז בלויז בא דער וואַזאָנע,
כאָטש צו דעם וואַלד
באַצי איך זיך
מיט אָפשײַ, אַלקאַלפּאַנעם.
כ'וועל גיין און גיין,
פון גרינגער וועל,
פון מײַ
אַן זאָרגן פירנדיק,
כ'בין אַן אַן אַטעם,
גרינג און שנעל
דערלאָפן צו דעם פרילינג.

46

די אויגן בא אַ מענטשן זײַנען דער אַרויסגאַנג פון דער נעשאָמע, דאָס פענצטערל, דורך וועלכן זי קוקט אַרויס צו דעם אַרום, איר אַנטפּלעקונג פון די פאַרבן, פון די ליניעס, פון די אויסשטראַלונגען און איבערפלעכטונגען, פון די באַוועגונגען און פאַרגליווערטקײַטן אינעם „דרויסן". מיט די אויגן מאַכט דורך דער מענטש די דעגוסטאַציע פון דער אויסערלעכער וועלט. די אויגן קוקן ניט נאָר

ארויס, נאָר אויך, קאָן זײַן, — מערסטנס קוקן זיי אַרײַן אינעם אינווייניק און טראַנספּאָרטירן דאָס געזעענע צום סײַכל מיט מיטלען פון שטימונג־אויסדרוק. ווער ס׳מיינט, אַז די אויגן זײַנען אַן אינ־סטרומענט אױף צו קוקן, און מער גאָרניט, האָט באַך אין זײַן לעבן ניט אַרײַנגעקוקט ווי ס׳געהער צו זײַן אין עמעצנס אויגן.

47

באַגינען,
ווען די זון,
א ניט דערבאַקן ברויטל, ערשט
פון איווןן, קומט ארויס, —
דאַן רוי איז אויך דער הימל.
דערפאַר אָבער באַם זון־פאַרגאַנג
(באַברוינט מיט בוימל־בערשט
עס איז די זון
און צוגעכאַפּט עטוואָס מיט קימל), —
דאַן איז דער הימל זאַט מיט זיך אַליין
און רײַף אַזוי,
ווי ס׳פעלד אין טאַמוז,
ווען דורכגעבאַקן
איז די ערד,
מיט רעגן און מיט טוי...
...די וועלט געוואָרן עלטער אױף איין טאָג איז אין סאַכאַקל.

48

גאָרניט האָט מיר ניט פאַרשטעלט
פון דער זון דאָס ווייכע שײַנען.
וואַלד און פעלד — אַ גרין געצעלט,
און דער ווײַנגאָרטן איז מײַנער.
אין דעם ווײַנטרויב איז שוין גרייט
אַלץ, נאָך וואָס די ליפּן לעכצן,
און דאָס האַרץ איז פול מיט פרייד,
נאָר פאַרוואָס, פאַרוואָס די שמערצן?

49

דער זומער לאָזט זיך אויס אין סאָף פון עלעל.
מיר גייען אום און ברעכן זיך די קעפּ:
פאַרוואָס דער סטעפּ אָןביימער שפּרייט זיך עלנט?
פונוואַנען אָט דער בוים אינמיטן סטעפּ?
ניט גרינג איז מיר פון אומעט ס׳האַרץ פאַרהיטן,
ווײַל איך אַליין בין מיד אַזוי צו שטיין
פונקט ווי דער בוים, וואָס שטייט אין סטעפּ אינמיטן
אָן קיין שום סיבע עלנט ווי אַ שטיין...

50

די מאַן־בלימלעך —
פאַרוואָס זײַנען זיי אַזוי רויט?
פאַרוואָס אַזוי רויט
די פון שוואַרצער ערד געקנאָטענע בלימעלעך,
די מיט גרינער מילך געקאָרמעטע,
פּונקט ווי העל־גרינבלעכע קרויט,
די באַזעסענע דאָ אין פעלד,
ווו בלויערלעך איבער דער טוווּע ווימלען?..

51

די זון גייט אויף איבער די קרוינען,
און אַף די וואָרצלען זי פאַרגייט.
גענוג צו שטיין באַם בוים און שטוינען,
די זון אויך אַף אַן אָרט ניט שטייט.
דאָס ביסל מײַלעס און כעסרוינעס
גענאַשט בא דער נאַטור האָסט זעלבסט,
דו האָסט באַקומען ווי אַ לוין עס,
און היט עס אָפּ קאָלזמאַן דו לעבסט.

52

די טויטע רעדן שטיל,
די לעבעדיקע שרײַען.
אין ווײַסן אײַנגעהילט,
דער נאָווי קומט יעשײַע.
ער איז אין וווּקס ניט גרויס
און טונקל, ווי אין טרויער,
עס שפּאַרט פון אים אַרויס
אַ מוירעדיקער קויעך.
אַף מענטשן קוקט ער שטרענג,
די אויגן זײַנע גלאַנצן,
אין גאָרגל ווערט אים ענג,
ער רעדט צום קלאַל צום גאַנצן:
— „היי, לעבעדיקע, שטוינט,
די טויטע וועלן שרײַען!
אַזאַ מין בײַט עס לוינט,
אין דעם וועט זײַן אַ ראַיע...“
און דאַן ער ווערט אַליין
אין טויטן־קלעם צעבראָכן,
גלײַך פון אונטער אַ שטיין
אַקאָרשט אַרויסגעקראָכן.
ער טוט אַ פּרווו די ליכט
און טוט אַ פּרווו דעם כאַשכעס
און מיט אַ מיין זיך פירט
אַזויווי אַ מעכאַשעף.
צעשפּרייט ער האַלט די הענט,
פּונקט ווי ער וואָלט געשוואָרן, —
און דאָרט, ווו גאָרניט ברענט,

וואקסט אויס א קרעמאטאָרי,
אין וואָלכער דער געשריי
דערגייט צום הימל גרויליך,
נאָר קיינער הערט דעם ווי,
ווײַל טויב עס איז דער אוילעם.
דאַן שרײַען נעמט א ריוו
מיט קוילעס פֿון די קדושים,
דעם באָבי יאַר לעם קיִוו
הייבט אָן מיט יאָמער רוישן.
א גרוב צעשרײַט זיך הויך,
ווי שרײַען הויך א גרוב קאָן,
עס שרײַט און שפּײַט מיט רויך
די שוואַרצע דושעגובקע.
ווער שרײַט עס דאָרטן? ווער
די שטילע רו צעבויטעט?
יעשײַע פֿאָדערט: — „הערט!
דאָס שרײַען זיי, די טויטע!"
אָך, וויפֿל איז דער שיר?
וואָס ווילן זיי אונדז זאָגן?
— „זיי וואָרענען: אויך איר
וועט קאָרטשען זיך דאָרט מאָרגן,
אויב לײַכטזין דאָ און דאָרט
וועט שטערן אײַך צו הערן
מײַן אויסגעשריגן וואָרט
פֿאַר אקערס, ניט פֿאַר שווערדן".

(סאָף קומט)





# אַרום די פֿיר ווערבעס

ראָמאַן

צווייטער טייל

## 1

נעכטן האָט זיך אָנגעהויבן דער שניט. ווי אויסגעבענקט זיך נאָך דעם, צוליב וואָס זיי זײַנען באַשאַפֿן געוואָרן, זײַנען די קאָמבײַנען מיט שטילע ביגנדלעך זיך דורכגעגאַנגען דעם ערשטן גאַנג איבערן לאַנגן און ברייט־צעשפּרייטן ווייצענעם פֿעלד. די גוט אָפּגערעמאָנטירטע גלאַנצנדיקע לאַסט־מאַשינען האָבן אָפּגיך אַוועקגעפֿירט די נאָך פֿײַכטלעכע קערנער אַפֿן קאָלווירטישן טויק. און ס'איז אַלץ געוואַקסן די רייַ פֿון די שמעקנדיקע קאָפּיצעס שטרוי אויף דער נאָך ווייכער סטערניע.

ס'איז געווען ניט מער, ווי אַן אָנהייב, גיכער פֿון אַלץ אַ פּרווו, נאָר דאָס איז געווען אַ גאַנץ פֿײַערלעכער פּרווו. צום ווייצענעם פֿעלד איז זיך צונויפֿגעקומען אַ היפּשער עולם, וואָס האָט דאָ דערווײַל נאָך ניט געהאַט וואָס צו טאָן. נאָר ניט בײַזײַן בא די ערשטע שאָען פֿון שניט, די סאַמע אויסגעטרוימטע און סאַמע טײַערע שאָען פֿאַר יעדן פּויער, האָבן זיי ניט געקאָנט. ווער ס'האָט עטלעכע מאָל דורכגעטרייסלט, דורכגעבלאָזן אַ ביסל פּאַלאָווע, צי האָבן, כאָלילע, זיך ניט דורכגעשמוגלט עטלעכע קערנער; ווער ס'האָט אָנגענומען אַ זשמעניע ווייץ, זי איבערגעוואָרפֿן פֿון איין האַנט אין דער צווייטער און געשפּיגלט זיך אין זייער פֿריילעכן, לעבעדיקן גלאַנץ; ווער ס'האָט אַ נעם געטאָן

עטלעכע קערנער אין מויל און א בײס געטאָן מיט די צײן. אַלעמען האָט זיך געוואָלט דערפֿילן דעם טאַם פֿונעם פֿרישן ווייץ, וואָס האָט געשמעקט פֿאַר זיי מיט די רייכעס פֿון א נאַרוואָס אַרויסגענומע־נעם פֿונעם אויוון, נאָך וואַרעמען לעבל ברויט.

די זון האָט געליכטן יאַמטעוודיק־העל, און דער גאַנצער אַרום האָט געעטעמט מיט שטילן נאַכעס־רועה. ס'האָט זיך געקאָנט דוכטן, אַז יעדערער שעפּטשעט אַרויס אין זיך א בראָכע, עפּעס ענלעכס אַף דעם, וואָס רעגט און פֿרייט יעדן פֿויער, ווען ער דערלעבט צו אָט דער גרויסער, הייליקער שאָ פֿון שניט. אַזוי איז געווען פֿון קאַדמוינים און אַזוי וועט זײַן אייביק.

און סידאָר יערמאָלײַעוויטש... אַף זײַן פּאָנעם איז שווער געווען איבערלייענען וועגן וואָס ער טראַכט. אָט האָט אַף דעם א שײַן געטאָן א שמייכל, א גוטער שמייכל צו אַלעמען און צו זיך אַליין, און אָט איז איבער דעם דורכגעלאָפֿן א שאָטנדל, געמאַכט עס ערנסט און זאָרגפֿול. איניינעם מיט די בריגאַדירן און אַגראָנאָמען איז ער געגאַנגען נאָכן קאָמביין. אַלעמאָל זיך אָנגעבויגן און א כאַפּ געטאָן פֿון דער ערד א בינטל אויסגעדראָשענע שטרוי, זיך אײַנגעקוקט אין דעם, אָנגעשטרענגט געשמעקט און טיף אײַנגעזאַפּט אין זיך די רייכעס, מיט וועלכע עס האָבן פּאַרפּולט דעם גאַנצן אַרום די פֿרישע סטערניע, די נאָך פּײַכטלעכע שטרוי און אַליין די קערנער. די ערשטע ווייצענע קערנער, וואָס האָבן געשטראָמט פֿונעם קאָמביין אין די לאַסטמאַשינען. דערנאָך האָט ער א קוק געטאָן אַפֿן הימל, א זשמורע געטאָן די אויגן קעגן דער זון, געקוקט פֿאַרשנדיק און אויספֿרעגנדיק: וואָס פֿאַר א וועטער וואַרט אַף זיי אין אָט די אַנטשיידנדיקע טעג? צי וועט ניט א גיס טאָן א זליווע סאַמע דאַן, ווען מע דאַרף ניט, צי וועלן ניט א בלאָז טאָן די בייזע ווינטן. און אַף זײַן פּאָנעם איז טאַקע גאָר ווי א שטומע טפֿילע — צו אָט דעם אומפֿאַרשטענדלעכן הימל, וואָס איז פֿול מיט סודעס און אומדער־וואַרטקײַט...

— נו? — האָט ער זיך אָנגערופֿן צו מיר.

ס'איז געווען ניט קיין פֿראַגע. ס'איז געווען אַן אויסדרוק פֿון פֿרייד, פֿון אַנציקונג, וואָס האָט געפּאַדערט, אַז נאָך עמעצער זאָל עס באַשטעטיקן.

— זאַנגען אײנס און אײנס, — האָב איך זיך אָנגערופֿן. — און די קערנער... פֿולע, וואַגיקע.

— אַריבער דרײַסיק צענטנער פֿון א העקטאַר! — האָט ער אויסגעשריִען, ווי גערופֿן די גאַנצע וועלט פֿאַר אַן אײדעס. און ווידער א קוק אַפֿן הימל. — דער וועטער... דער וועטער זאָל ניט פּראַווען קיין שטיק. איר ווייסט דאָך...

דאָס האָב איך גוט געוווּסט. ס'האָט שוין ניט איין מאָל געטראָפֿן. סאַמע אין ברען פֿון שניט גיבן א גיס די רעגנס, צולאָכעסדיקע רעגנס, וואָס רויבן אַוועק א היפּשן טייל פֿון דער אַזוי שווער אָנגעקומענער גערעטעניש.

דעם גאַנצן טאָג און דעם גאַנצן אָוונט האָט געלעבט אין מיר א שטילער יאָמטעוו. ער האָט געקלונגען אין די אויערן מיטן גערויש פֿון די צײַטיקע זאַנגען, מיטן זינגעוודיקן הודזשען פֿון די קאָמבײַנען, מיט די פֿריידיקע שטימען און מיט שטומע בראָכעס, פֿאַר וועלכע עס זײַנען נאָך ניט צוגעטראַכט קיין ווערטער.

אַזוי בין איך אײַנגעשלאָפֿן, א פֿאַרויגטער מיט די רעגעוודיקע קלאַנגען, וואָס האָבן זיך דער־טראָגן דורכן אָפֿענעם פֿענצטער אין אונדזער קלײנינק צימערל. איך האָב בלויז באַוויזן א טראַכט טאָן וועגן מאָרגנדיקן באַגינען, וואָס וועט געוויס זײַן ענלעך אַף אַלע פֿריִערדיקע. איך וועל זיך זעצן צו מײַן שרײַבטיש, פּראָזינע וועט דורכן פֿענצטער מיר אַרײַנזאָגן דעם גוט־מאָרגן און אַוועקשטעלן א קווערטל וואַרעמע מילך. דערנאָך וועל איך הערן, ווי זי טײלט אַרויס דעם פֿרישטיק די הינער, דעם הונט, דעם כאַזער און דער קאַץ, און ווי זי שמועסט זיך דורך מיט אַלעמען אַף זייער לשון: מיטן „ציפּ־ציפּ" און מיטן „קיש־קיש", מיטן „קאַס־קאַס" און מיטן „נאַ־נאַ". און צו יעדערן מיט דער זעלבער צערטלעכקײַט און גוטסקײַט. און זיי וועלן איר אויך אָפּענטפֿערן אַף זייער אויפֿן. ווער מיט א צופֿרידענעם הורטשען, ווער מיט אַן אומגעדולדיקן קוויטש און ווער מיט א שטילן, נאָך פֿאַרשלאָ־פֿענעם קוואַכטשען.

באַקומען האָט זיך אָבער דאָס מאָל גאָר אַנדערש. ס'איז נאָך געווען זייער פֿרי. דער באַגינען האָט ערשט געדאַרפֿט זיך אַראָפּלאָזן פֿון די בערג. פּלוצלינג האָב איך דערהערט פּראָזינעס ווייטיקלעכן אויסגעשריי:

— אוי, ווי איז מיר! טאַדאַר, וווּ ביסטו דאָרטן, טאַדאַר?

טאַדאַר האָט זיך אָקאָרשט געהאַט אומגעקערט פֿון זײַן באַנאַכטיקער דעזשורסטוווע, אַפֿילע נאָך ניט באַוויזן זיך צולייגן. איך האָב פֿאַרשטאַנען, אַז ס'איז געשען עפּעס אויסערגעוויינלעכס און בין גלײַך מיט טאַדאָרן אַרויס אין דרויסן.

— וואָס פֿאַר א גוואַלד? — האָט טאַדאַר געפֿרעגט, א דערשראָקענער.

— די קאַץ! דאָס שוועלבעלע! אַזא אויסוואָרף! אַזא גאַזלען!

— ווער איז דער אויסוווּרף? — האָט טאָדאָר, ווי איך, ניט פֿאַרשטאַנען אין וואָס דאָ גייט. — און וואָס איז מיטן שוועלבעלע?

— פֿאַרצוקט! פֿאַרצוקט! אָפּ טויט דערשטיקט דאָס שוועלבעלע! אַ פּעגירע אָפּ איר. טוט אומיסטן אַ קוק! אָט...

דאָס שוועלבעלע איז געלעגן נעבן דער שוועל פֿון דער שטאַל מיטן ווײַסן בײַכעלע אַרויף, דאָס קעפּעלע פֿאַרוואָרפֿן אין אַ זײַט, און דאָס איבערגעהריזעטע העלדזעלע איז געווען פֿאַרגאָסן מיט שוין פֿאַרקילט בלוט. פֿראַזינע האָט זיך אָנגעבויגן איבער דעם און אָנגעהויבן באַווייַנען דאָס, ווי מע באַווייַנט אַ מענטשן.

— אַזאַ שטיל שוועלבעלע, אַזאַ טײַערס, אַזאַ בענימעסדיקס. און וואָס האָט זי געהאַט צו דעם, אָט די גאַזלענטע? די גאַנצע צײַט האָב איך געמיינט, אַז דאָס איז אַ שטיל קעצעלע. לאָזט זיך אויס — אַ ווילדע כײַע. מיימעסן וועל איך זי! און וואָס וועט זײַן מיט די יעסוימעלעך?

אַזוי, באַווייַנענדיק, האָט זי אַ נעם געטאָן דאָס שוועלבעלע אָפּ די הענט.

געגומען די לאָפּעטע, וואָס איז געשטאַנען צוגעשפּאַרט צו דער וואַנט פֿון דער שטאַל, האָט טאָדאָר אויסגעגראָבן אַ גריבל אונטערן נוסנבוים און שווײַגנדיק אַ ווײַז געטאָן פֿראַזינען, וויאַזוי זי זאָל דאָס אַוועקלייגן, דערנאָך האָט ער פֿאַרשיט דאָס ניט־גרויסע קייווערל. עטלעכע מינוט זײַנען מיר געשטאַנען שווײַגנדיק.

דעם גאַנצפֿרי איז שוין אַלץ געווען ניט אַזוי, ווי שטענדיק. טאָדאָר האָט געפֿילט, אַז ער וועט ניט אײַנשלאָפֿן. איך האָב אויך געפֿילט, אַז באַ מיר וועט זיך הײַנט ניט קלעפּן אַ וואָרט. טאָדאָר האָט זיך צוגעזעצט אָפּן פּריזבעלע.

— אַ מיִעסע וועלט, — האָט ער אַרויסגערעדט צו זיך אַליין. — דוכט זיך, וואָס? מענטשן לעבן אָפּ גאַנצע הוירעס אין שאָלעם און אין פֿרײַנטשאַפֿט, קומט עפּעס אָן אומלײַט, רייצט אָן איינע אָפּ די אַנדערע און עס הייבט זיך אָן אַזוינס, אַז גאָט זאָל אָפּהיטן... עס גיסט זיך בלוט ווי וואַסער.

ער האָט, אַפּאָנעם, געוואַרט, איך זאָל זיך אָפּרופֿן אָפּ זײַנע ווערטער, נאָר איך האָב געשוויגן. ניט דערוואַרט זיך אָפּ מײַן ענטפֿער, האָט ער אַ פֿרעג געטאָן:

— איר טראַכט אַמאָל וועגן גאָט?

— וואָס דאַרף איך עפּעס טראַכטן וועגן אים? — האָב איך אַ שפּאַס געטאָן. — און ער וועגן מיר טראַכט אַמאָל?

— ניט דאָס האָב איך געמיינט... — טאָדאָר האָט ווי מיר פֿירגעוואָרפֿן, וואָס איך שפּאַס וועגן אַזעלכע ערנסטע זאַכן. — כ׳האָב געוואָלט פֿרעגן, צי גלויבט איר אין גאָט.

— און איר גלויבט?

מײַן פֿראַגע איז געווען פֿאַר אים ביז גאָר אומדערוואַרט. ער האָט אַ קוק געטאָן אָפּ מיר שטאַרק אומצופֿרידן, מעגלעך, געטראָפֿן פֿון אָט דער פֿראַגע, אָפּ וועלכער אים איז שווער געווען צו ענטפֿערן. ביז איצט האָט קיינער אים ניט געשטעלט אַזאַ פֿראַגע. ער אַליין האָט זי אויך ניט געשטעלט פֿאַר זיך. און אים איז ניט אויסגעקומען פֿאַרטראַכטן זיך איבער דעם. זינט ער געדענקט זיך, איז גאָט געווען אַזאַ באַשטענדיקע, אומבאַדינגטע זאַך, אויסער יעדער צווייפֿל, ווי דער טאָג מיט דער נאַכט, דער זומער מיטן ווינטער, ווי די גאַנצע וועלט אַרום. נאָר אַזוי צי אַזוי, די דאָזיקע פֿראַגע האָט ער, אַפּאָנעם, געשטעלט ניט אַזוי מיר, ווי זיך אַליין.

— איך ווייס ניט, — האָט ער זיך מוידע געווען. — נאָר עס ווילט זיך זייער... עס ווילט זיך גלויבן אין עפּעס אַ גאָט, אין עפּעס געטלעכס, אין דעם, וואָס פֿירט אָן מיט די מענטשלעכע מײַסים, מיטן מענטשלעכן געוויסן... אָן דעם וואָלט דאָך געווען גאָר ביטער.

מיר איז ניט איין מאָל אויסגעקומען פֿירן שאַרפֿע וויקוחים וועגן גאָט און רעליגיע, דערווײַזן, אַז אַלע פֿאַרשיידענע געטער האָבן געשאַפֿן די מענטשן, אַז די געטלעכע אַסערעס־האַדיבראָס און אַנדערע זיטלעכע און מאָראַלישע דינים האָבן אויך פֿאַרפֿאַסט אַליין די מענטשן, דאָס מאָל האָב איך אָט די קאַטעגאָרישע באַהויפּטונגען ניט געקאָנט אָנווענדן. איך האָב זיך אָנגעשטויסן, אַז טאָדאָר אַליין איז פֿול מיט צווייפֿלען, און אַז אויפֿגעקומען זײַנען זיי ניט הײַנטיקן באַגינען.

— איך ווייס ניט, — האָט ער איבערגעכאַזערט, ווי געפּרוווּט אויסקלאָרן דאָס פֿאַר זיך אַליין. — נאָר אָט... די שטאַרק גלויביקע, די פֿרומאַקעס, גלייב איך ניט.

— מיט וואָס האָבן זיי זיך אַזוי פֿאַרזינדיקט? — האָב איך ווידער אַ שפּאַס געטאָן.

— די פֿאַלשע גלויביקע! — האָט ער בייז אָפּגעענטפֿערט.

און אָן אויפֿגערודערטער און אויפֿגערעגטער, האָט ער זיך צערעדט.

— טוט אומיסטן אַ קוק. די היטלעראָווצעס האָבן אומגעבראַכט מיליאָנען מענטשן און אָפּ זייערע רימענס איז געווען אָן אויפֿשריפֿט — „גאָט איז מיט אונדז״. איז דאָס דען גאָטס מײַסים? ס׳האָט דען צו טאָן מיט זײַנע געזעצן: ניט הארגענען, ניט גאַנווענען, ניט ראַבעווען, ניט לײַגן? אַלץ איז פּונקט קאַפּויר! די גאַנצע רעליגיע מיטן קאָפּ אַראָפּ און מיט די פֿיס אַרויף. און נעמט אפֿילע

איצט, אין פיל לענדער. די סאַמע מיִעסטע, די סאַמע שענדלעכסטע מײַסים װערן געטאָן אין נאָמען פון גאָט! אָט דאָס קאָן איך ניט פאַרשטײן.

פּראַזינע, אַ ביסל באַרויִקט זיך נאָך דער איבערגעלעבטער אופּטרײסלונג, איז צוגעקומען צום פּריזבעלע און זיך אָנגערופן צו טאַדאָרן:

— עפּשער װוּסטו גײן איבערבײַסן און זיך צולײגן?

טאַדאָר האָט אַ קוק געטאָן אויף פּראַזינען, די אויף אים, און אין זײערע אויגן... אַזויפיל װײטיק, אַזויפיל פּײַן! אַ ביסל שפּעטער, אין עטלעכע טעג אַרום װעל איך פאַרשטײן, מיט װאָס זײַנען איבערגעפילט געװען זײערע הערצער, װעגן װאָס האָבן זײ געטראַכט, װעגן װאָס דערמאָנט זיך.

— װער קאָן עס הײַנט אנשלאָפן װערן? — האָט טאַדאָר געענטפערט.

— אָט דאָס זיך איך און טראַכט, — האָט פאַרגעזעצט טאַדאָר, װען פּראַזינע איז אַװעקגעגאַנגען. — רעליגיעס זײַנען פאַראַן פאַרשײדענע. גלױבנס אויך פאַרשײדענע. אָבער גאָט איז שטענדיק געװען אײנער פאַר אַלעמען. צי מיט גאָטס אַ זון, צי אָן אים. און זײַנע געבאָטן אויך. װי זשע האָט אַזױנס געקאָנט געשען? איך רעד שױן ניט װעגן ערגעץ אַנדערש, נאָר בלױז אין װערבױוקע, אין די אַרומיקע דערפער און שטעטלעך! אומעטום קריסטן און ײדן. נו איז װאָס? יעדער מיט זײַנע מינהאָגים, יעדערער מיט זײַנע יאָמטױוים. נאָר אײנס האָט ניט געשטערט דעם צװײטן. מע האָט געלעבט, װי פרײַנט. נאָך מער, מע האָט ניט געקאָנט לעבן אײנער אָן דעם אַנדערן. און אַזױ איז געװען פון דאָר־דוירעס. האָב איך געגלײבט, אַז אַזױ דאַרף דאָס זײַן, נאָר דערנאָך האָב איך אופגעהערט גלײבן. נײן, ניט אין גאָט, אין די גלױביקע.

— װען דערנאָך? — האָב איך געפרעגט.

— װען די מילכאָמע האָט זיך אָנגעהױבן. אונדזערע זײַנען אַװעק, און די באַנדעראָװצעס האָבן גלײַך זיך צעבושעװעט. אויך אין נאָמען פון גאָט און קריסטלעכן קלױסטער. איר האָט מיסטאַמע געהערט, װאָס אין שכײנעסדיקן דאָרף, אין דראַגניװעץ, איז פאָרגעקומען?

— געהערט, געהערט, און געזען אויך.

— איר? װען האָט איר געזען?

— פאַראַיאָרן.

— פאַראַיאָרן? אַך, יאָ, פאַראַיאָרן. װײסט איר דאָך שױן געװיס אַלץ.

יאָ, איך װײס אַלץ... כאָטש... איך װײס ניט, װי אָט די טראַגישע געשיכטע איז אַרופגעשװוּמען אין פינף און דרײַסיק יאָר אַרום. װער האָט זי אופגעדעקט און װיאַזױ איז אָפּגעזוכט געװאָרן די גרעסטע צאָל מערדער, װעלכע האָבן זיך אױסבאַהאַלטן אין פאַרשײדענע עקן פונעם לאַנד.

נאָר ס'האָט געמוזט, געמוזט אַרופשװימען. דער ערד אַלײן איז שװער געװען אַזױפיל יאָרן טראָגן אין זיך אַזאַ שרעקלעכן סאָד, אַזױפיל דערשטיקטע גװאַלדן. זי האָט געמוזט צעעפענען פאַר דער װעלט די לײמענע גריבער און יאָרן — די פאַרבאַרגענע קװאָרים. זאָלן די לעבעדיקע דערזען און דערציטערט װערן. און זאָלן זיך אַרױסרײַסן אויף דער פרײַ די װײגעשרײען פון די דערשטיקטע קאָרבאָנעס. זאָלן מענטשן זײ דערהערן, דערפילן זײערע װײטיקן און זאָלן זײערע שטימען דערגײן צו די דוירעס, װעלכע זײַנען אױסגעװאַקסן אין אַן אַנדער צײַט, אונטער אַ פרידלעכן הימל.

שטײען מיר אַרום די אָפענע קװאָרים און קוקן צו, װי מע קלײַבט אַרױס פון די ניט־טיפע גריבער אַ בײן נאָך אַ בײן, אַ שאַרבן נאָך אַ שאַרבן... דאָס, װאָס איז אַמאָל געװען אַ מענטשלעכע האַנט, אַ מענטשלעכער פוס, אַ מענטשלעכער רוקן, אַ מענטשלעכע ברוסט... דאָס, װאָס איז אַמאָל געװען אַ לעבעדיקער מענטש און געהאַט אַ נאָמען. אַ ײדישן נאָמען.

בײנער, בײנער, בײנער... מע װעט ערשט דאַרפן אָפּרײניקן פון זײ די לײם און די בלאָטע, זײ זאָלן זיך אַ װײַז טאָן פאַר דער װעלט אין זײער נאַטירלעכן שוידער, מע זאָל קאָנען באַמערקן אויף זײ די שפּורן פון די אומענטשלעכע אַכזאָריעסן — סימאָנים פון אַ פאַשעטער קױל, פון עטלעכע קלעפּ איבערן לײַב מיט שװערע דריקלער, מיט אײַזערנע פּרענטעס. זײ װעלן אָנהײבן רעדן, די בײנער, דערצײלן װעגן די שרעקלעכע האַריגעס, װאָס זײַנען פאָרגעקומען אין יול פון אײן־און־פערציקסטן.

שטײען מיר, קוקן זיך אײַן און הערן. יאָ, מיר הערן דעם װײגעשרײ פון בײנער. מיר שטײען דערשיטערטע, װי געפּלעפטע, אַרומגעכאַפּט און דורכגענומען אויף דורך און דורך מיט אַ װײטיקלעכן גרויל. װער עס שפּעטשעט עפּעס אַרױס, װער עס פאַרברעכט די הענט, װער עס װאַרגט זיך מיט די אײגענע טרערן. װער עס צעיאָמערט זיך אַפן פולן קאָל, און װער עס טוט אַ הױכן היכץ און פאַרװאַרפט דעם קאָפּ אין אַ טיפן כאַלאָשעס. און איך אַלײן... מיר איז איצט שװער געפינען װערטער אויף אױסדריקן מײַן דעמאָלטיקן צושטאַנד. מיר האָט זיך געדוכט, אַז ס'האָט מיך אַ שלײַדער געטאָן אויף צענדליקער יאָרן צוריק, און איך זע באַשײַמפּערלעך די בערג מיט די בײנער פון טױזנטער, טױזנטער אומגעבראַכטע אין פאַרשײדענע אָשװענטשימס און טרעבלינקעס, אין די פּילצאַליקעס

באבי יאַרן, אין פיל ייִדישע שטעטלעך פון אוקראַינע און ווײַסרוסלאַנד, ווו די דײַטשישע פאַשיסטן האָבן געבושעוועט.

ביינער, ביינער... און פלוצעם — א פּראַטעז. א הילצערנער פוס, א פאַרקאָוועטער מיט אײַזערנע רייפלעך. א סאַך פיס זײַנען שוין איבערגעפוילט געוואָרן אין דער פײַכטער ערד, נאָר אָט דער הילצערנער פוס איז געבליבן גאַנץ.

— אוי! — שרײַט אויס אַן אַלטיטשקער. — ס'איז דאָך הערשעלעס פוס! איך האָב אים עפּשער צען מאָל פאַריכט! צוגעפּראָוועט אַזוי, עס זאָל אים זײַן גרינגער צו גיין. הערשעלע... און זיי, די ווילדע חיות...

— חיות, זאָגט איר? — די פרוי וויינט בײַז, האַרצרײַסנדיק, פאַרכלינעט זיך. — ערגער פון חיות! טויזנט מאָל ערגער! ווו איז דאָס געהערט געוואָרן? שטיקן מענטשן מיט די הענט! מײַמעסן מענטשן מיט דריקלעך!

און אַרום אונדז... אַזאַ שיינע און גרינע וועלט! און איבער אונדז... אַזאַ לויטערער הימל און אַזאַ ליבע זון! און גאָר ניט ווײַט, קימאַט דערנעבן — א געדיכטער וואַלד, וואָס ציט זיך באַרג־אַרויף, זעט אויס וואָס א מאָל געדיכטער און טונקעלער... יענע נאָך ניט איבעריק הויכע בערג, פון וועלכע עס הייבן זיך אָן די עמעסדיקע קאַרפּאַטן.

באַנאַכט האָט א שטיל רעגנדל באַשפּריצט די ערד, צוגעפּלעטשט דעם שטויב, נאָר דער באַגינען האָט אַלץ אַרום אויסגעלײַטערט. פונעם רעגן זײַנען געבליבן געציילטע טראָפּנס, וועלכע האָבן אײַנציקווײַז אַרויסגעגלאַנצט אויף די קוטשעראַווע בלעטער פון די בורעקעס, אויף די שטײַפע שטאַנגען פונעם יונגן פּאַפּשוי, אויף די אַלטע, צעצווײַגטע דעמבן און אויף די ניט לאַנג פאַרפּלאַנצטע קליאָנען מיט נאָך שיטערע און קינדערש פלאַטערנדיקע בלעטער. פונעם וואַלד האָט געצויגן מיט אָפּפרישנדיקער און שמעקנדיקער פײַכטקייט, מיט רייכעס פון טערפּקע באַרעלעך, זויערלעכע עפּל און זיסע פילניצעס... געוויס אַזאַ טאָג איז געווען אויך דאָן, אין יול אייך־און־פערציקסטן. פונקט אַזוי האָט דאַן אויסגעזען דער נאָענטער וואַלד, אַלץ געזען. אַלץ געהערט און געשוויגן. ער שווײַגט אויך איצט, אין פיל יאָרן אַרום, ווען מיר האָבן זיך צונויפגעקליבן אַהער אויף אַן אומגעווײנלעכער לעווײַע.

מענטשן, מענטשן! וואָס האָט איר געטראַכט, וואָס האָט איר געפילט, ווען איר האָט אַרויסגעגראָבן פון די גריבער און יאָרן די ביינער פון הונדערטער קדושים? וועגן וואָס האָט איר געטראַכט, ווען איר האָט אויסגעמײַסטרעוועט זעקס גרויסע טרונעס, אײַנגעהילט זיי אין שוואַרצן קרעפּ און באַהאַנגען מיט רויטע סטענגעלעך? זעקס טרונעס, אין וועלכע עס האָבן זיך אײַנגעמאָסטעט די ביינער פון אַריבער צוויי הונדערט הרוגים!

טויזנטער מענער און פרויען, יונג און אַלט זײַנען זיך צונויפגעקומען אַהער פון די נאָענטע און ווײַטערע דערפער. זיי גייען נאָך די טרונעס אין שטומען טרויער, מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ, דערשלאָגענע און דערשיטערטע פונעם אומגעהערטן פאַרברעכן, וואָס האָט זיך איצט אַנטפּלעקט פאַר זיי.

און אָט זײַנען מיר אויפן היגן בעסוילעם. זעקס גרויסע טרונעס, דרײַ פון רעכטס און דרײַ פון לינקס, און מיר — אינמיטן. און אַרום אונדז א טויזנטקעפּיקער המון. איך זע די רעדנער צום ערשטן מאָל, און אַזעלכע רעדעס הער איך אויך צום ערשטן מאָל. רעדעס, פול מיט ווייטיק, מיט צאָרן און מיט קלאָלעס אויף די קעפּ פון די מערדער. עס רעדט אַן אַלטע פרוי, א יונגער מאַנצבל און נאָך גאָר א קליין מיידעלע אין א רויטן האַלדזטוך. איך הער צום ערשטן מאָל די נעמען פון די אומגעבראַכטע, און יעדער נאָמען רופט זיך אָפּ אין מיר מיט א ווייטיקלעכער האַרצקלאַפּעניש. עס וואָרגט מיך אין האַלדז, עס דרייט זיך מיר דער קאָפּ און איך האַלט זיך קוים אויף די פיס. באַלד דאַרף איך אויך אַרויסטרעטן. וואָס זאָל איך זאָגן? ווי וועל איך בכלל קאָנען אַרויסברענגען א וואָרט?

אין עטלעכע חדשים אַרום בין איך אָפּגעזעסן אומדערטרעגלעך־שווערע פינף טעג אויפן געריכט־פּראָצעס, אויף וועלכן מע האָט געמישפּעט די פאַרברעכער. פינף טעג, בײַס וועלכע ס'איז מיט אַלע גענויקייטן אופגעשטעלט געוואָרן דער שוידער פון די יול־טעג פון אייך־און־פערציקסטן.

צום סאָף פון די דרײַסיקער יאָרן איז אין בוקאָווינע געווען א היפּשע נעץ פון דער אָרגאַניזאַציע פון די אוקראַינישע נאַציאָנאַליסטן. איר אַטאַמאַן איז געוואָרן פּעטליורעס א געטרײַער יורעש און נאָכפאָלגער — סטעפּאַן באַנדערא. דער אָנפירער פון די בוקאָווינער באַנדעראָווצעס איז געווען איינער א פּיאָטער ווינאָווסקי, וואָס האָט געוווינט אין טשערנאָוויץ. א האַלבער קאָמערסאַנט, א האַלבער אַדוואָקאַט, און אין טאָך אַן אַגענט פונעם דײַטשישן אויסשפּיר. די ניט־גרויסע גרופּע באַנדעראָווצעס אין דראַניוועץ האָט געהאַט איר אייגענעם אַטאַמאַן — איוואַן גוליאַ.

צו דער צײַט פונעם געריכט־פּראָצעס איז איוואַן גוליאַ שוין געווען אַן אויסגעדאַרט נעפּעשל, א יאַדישליוועַר אַלטיטשקער, וואָס האָט זיך געהויקערט אונטער דער שווערער לאַסט פון זײַנע פאַרברעכנס. אַלעמאָל איז ער זיך פאַרגאַנגען מיט א שטיקנדיקן הוסט. ער איז געזעסן מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, פאַרדעקט אַלעמאָל מיט די הענט דאָס פּאָנעם, ער זאָל ניט זען, וואָס אַרום אים טוט

זיך און ניט פילן די פײַנטלעכע בליקן פון די אַרומיקע. ער זאָל ניט זען אַפילו די אַנדערע פיר באַנדיטן, וועלכע זיצן באַנאַנד און וועמעס באַווײַזן דערמאָנען אים אין אַזוינס, וואָס זעט איצט אויס אים אַליין שוידערלעך און אומגלייבלעך. דאָס פּנים, שוין עטלעכע טעג ניט געגאָלט, איז פאַרשווארצט און אײַנגעפאַלן, און אין יעדן קער, אין דער שוואַכער, הייזעריקלעכער שטים, מיט וועלכער ער ענטפערט אויף די פראַגן פונעם פּראָקוראָר, פילט זיך אַ כּילוש, וואָס רעדט קוים אַרויס אַ וואָרט. ער פאַרהיקעט זיך שטאַרק, ער טראַכט צו פאַרשיידענע פּיזמוינעס אויף פאַרענטפערן זיך, כאָטש ער ווייסט, אַז קיינער וועט אים דעם ניט גלייבן. און ס'איז אַפילו שווער פאַרשטעלן זיך, אַז אָט דאָס נעבעכל, וואָס דעכעט קוים, וואָס בעט באַם געריכט בלויז איין זאַך — מע זאָל אים שענקען דאָס לעבן — האָט געקאָנט פאַר איין טאָג, צי פאַר איין מעסלעס אומברענגען אַזוי אַכזאָריעסדיק הונדערטער מענטשלעכע לעבנס.

אַ קאַדראָווע אָאונאָוועץ נאָך פונעם פינף־און־דרײַסיקסטן יאָר, האָט ער באַ זיך אין דאָרף געשאַפן אַ באַנדיטישע גרופּע. און אין מעשך פון פיל יאָרן אָנגעשפּיקעוועט זײַנע כעוורע מיט דער פאַרסאַמטער „אידיי" וועגן אַ „סאַמאָסטײַנע" אוקראַיִנע, שטאַרק פאַרפראַוועט מיט בייזער סינע צו די סאָוועטן, איבערגעפולט מיט ברודיקן אַנטיסעמיטיזם, געיאַרשנט פון זייער אורזיידע פּעטליורען. ער האָט אַקשאָנעסדיק געגרייט זײַנע כעוורע צו יענער צײַט, ווען זיי וועלן דאַרפן אויספילן זייער מיסיִע, דערווײַזן זייער געטרײַשאַפט צו היטלערן און זײַנע ראָצכים, פון וועמען זיי באַקומען ניט ווייניק געלט.

עס זײַנען דאָ נאָך געשטאַנען די טיילן פון דער רויטער אַרמיי, עס זײַנען נאָך געווען טעטיק די סאָוועטישע אָרגאַנען, נאָר די באַנדיטן האָבן געפילט, אַז עס דערנעענטערט זיך זייער צײַט. נאָך דאַן האָט איוואַן גוליאַ צונויפגערופן אַ געהיימע סכאָדקע אין וואַלד. ער האָט געוווּסט, וועמען צו רופן אויף דער סכאָדקע, געוווּסט, אויף וועמען אָנשפּאַרן זיך: אויף די יוסטע באַלעגופים מיקאָלאַ ווישיוואַן, מאַרטין סאַווטשוק, קאָרנעלי דאַנטשוק און נאָך אַזעלכע. זיי וועלן עס גאָר אינגיכן ווערן די ערשטע מיטהעלפער אין זײַנע פאַרברעכערישע מײַסים. דערווײַל האָט איוואַן גוליאַ געשטעלט פאַר זיי באַגרענעצטע אויפגאַבן: אויסבאַהאַלטן זיך פון דער מאָביליזאַציע אין דער רויטער אַרמיי, נאָכשפּירן נאָך די אָפּטרעטנדיקע טיילן, נאָכשטאַטעווען נאָך באַזונדערע רויטאַרמייער, זיי אַנטוואָפענען און אומברענגען. אויסנוצן אַלע אַנדערע מעגלעכקײַטן אויף קריגן געווער. און ווען עס וועט קומען די צײַט...

עס האָט זיך באַקומען אַזוי: די רויטע אַרמיי האָט פאַרלאָזט דאָס דאָרף דראַניוועץ און אַלע אַרומיקע דערפער דעם צווייטן יולי, נאָר קיין אַנדער אַרמיי, ניט די דײַטשישע און ניט די רומענישע, איז אין מעשך פון די קומענדיקע דרײַ טעג אַהער ניט אַרײַנגעקומען. געוויס איז דאָס געווען פאַרבונדן מיט די בלוטיקע געראַנגלען, וואָס אונדזער אַרמיי האָט ניט ווײַט פונדאַנען געפירט מיטן סוינע. נאָר די באַנדעראָווצעס זײַנען גלײַך אַרויס אויף דער גאַס. צוערשט האָבן זיי זיך אַרײַנגעריסן אין דאָרפראַט, געהאַרגעט דעם פאָרזיצער, נאָך עטלעכע סאָוועטישע אַקטיוויסטן און אויפגעהאַנגען אויף דער געבײַדע פון דאָרפראַט אַ געל־בלויע פּעטליורישע פאָן. זיך אַליין האָבן זיי צוגעשטעפּט געל־בלויע בענדלעך אויף די אַרבל. מיקאָלאַ ווישיוואַן האָט צונויפגערופן אַ סכאָדקע שוין ניט אין וואַלד, נאָר נעבן דער אייגענער שטוב. אייניקע זײַנען אַליין צוגעקומען, אַלע איבעריקע האָט מען צונויפגעטריבן אַהער מיט קלעפּ און מיט דראָונגען. דער אוילעם האָט זיך שוין אָנגעשטויסן, מיט וואָס דאָס שמעקט. פאָכענדיק מיט אַ פלוגבלעטל, וואָס די דײַטשישע פאַשיסטן האָבן אַראָפּגעוואָרפן, צי אַרײַנגעשיקט אַהער, האָט מיקאָלאַ ווישיוואַן געהאַלטן אַ הייסע אונטערהעצנדיקע רעדע.

— איר האָט געלייענט, וואָס דאָ שרײַבט זיך? די זשידעס און די באָלשעוויקעס זײַנען אונדזערע ערגסטע סאָנים! די יידן האָבן געקרייצט אונדזער קריסטוסן! איצט קלײַבן זיי זיך אונטערצינדן אונדזערע קלויסטערס און צעראַבעווען אונדזער פאַרמעגן! טאָרן מיר ניט זיצן און וואַרטן! מיר דאַרפן אַליין אָנהייבן! ווער ס'איז געטרײַ אונדזער קריסטוסן און דער „סאַמאָסטײַנע" אוקראַיִנע, קומט מיט אונדז פאַרניכטן די זשידעס!

צי האָבן זיי געהאַפּט דערמיט צוציִען דאָס גאַנצע דאָרף צו זייערע פאַרברעכערישע מײַסים? גיכער ניט. נאָר זיי האָבן פאַרשטאַנען, אַז דאָס וועט אַלעמען אָנשרעקן און מע וועט זיך סטאַרען וואָס ווייניקער אַרויסגיין אויף דער גאַס. וועלן זײַן ווייניקער איידעס פון זייערע פאַרברעכנס.

אויפן געהילץ־זאַוואָד, האַרט נעבן וואַלד, האָבן געוווינט פופצן יידישע פאַמיליעס, אַרבעטער און אָנגעשטעלטע פונעם זאַוואָד. די איבעריקע — באַלמעלאָכעס און קליינהענדלער — אין פאַרשיידענע עקן פונעם דאָרף. און אַלעמען, אַלעמען!

איך בין געזעסן אין פאָלגעפאַקטן געריכט־זאַל און אַלעמאָל איז מיר דורך אַ גרויל איבערן לײַב, אויסהערנדיק, ווי די באַנדיטן דערציילן גענוי און קאַלטבלוטיק, וויִאַזוי, לויט פּיאָטער ווינאָווסקיס באַפעל, זײַנען זיי צוגעטראָטן אויספילן די אַקציע. איך האָב געפילט, ווי עס שפּרינגט באַ מיר אונטער דער בלוטדרוק, ווי דער קאָפּ ווערט מאַמעש צעשפּאָלטן, און ווי דאָס האַרץ ווערט וואָס אַ

מאָל עונגער. עס קאָן שוין מער ניט, עס האָט שוין ניט וווּהין אַרײַנעמען אַזויפֿיל שוידער! עס ווערט מאַמעש געשוואָלן פֿון ווייטיק! אַזוי איז געווען יעדן טאָג. און באַנאַכט האָב איך געזען שרעקלעכע כאַלוימעס.

זיי זײַנען געווען זייער דערפֿינדעריש אין זייערע אַכזאָריעסן, די באַנדיטן. די ייִדן, וואָס האָבן געוווינט אויף דער טעריטאָריע פֿונעם זאַוואָד, האָבן זיי צונויפֿגעטריבן אַפֿן הויף, און מיט דריקלעך, יאָ, פּאַשעט מיט דריקלעך, וועמען איבערן קאָפּ, וועמען איבער די פּלייצעס און וועמען איבער דער ברוסט: פֿון די קאַרבאַנעס האָט גערונען דאָס בלוט, זיי האָבן שוין קוים געלעבט. ווער ס'האָט זיך נאָך געהאַלטן אויף די פֿיס און ווער ס'איז שוין אומגעפֿאַלן. און זיי, די צערייצטע ראָצכים, אַלץ מיט די דריקלעך, שוין איבער די טויטע. דער ברוכהאַלטער פֿונעם זאַוואָד אוּראַם פּורוטש, וועלכער האָט צו לאַנג געגויסעט, האָט אויסגעשריִען:

— וואָס מוטשעט איר מיך אַזוי לאַנג? מאַכט שוין אַ סאָף, מיט אַ קויל אין האַרצן!

און איוואַן גוליאַ דערציילט, וויאַזוי ער האָט זיך מעראַכים געווען איבער אים, געשענקט אַ קויל. די צווייטע קויל האָט ער געשענקט דער פֿרוי יענטע הירש, וועלכע האָט זיך אויך צו לאַנג געמוטשעט.

די אַנדערע ייִדן, וואָס האָבן געוווינט אין פֿאַרשיידענע עקן פֿון דאָרף, האָט מען אומגעבראַכט אייניציקווײַז, פֿאַמיליעסווײַז. וועמען געכאַפּט אויף דער גאַס, צו וועמען זיך אַרײַנגעריסן אין שטוב. וועמען גלײַך דערשאָסן, וועמען צעשפּאָלטן דעם קאָפּ מיט אַן אײַזערנער פֿרענט און וועמען פּאַשעט דערשטיקט.

קעדיי קיינער זאָל ניט אַנטלויפֿן, זיך ניט אויסבאַהאַלטן, האָבן זיי אַ טייל ייִדן פֿאַרשפּאַרט אין אַ פּוסטער שטוב. זיי וועלן זיך, הייסט עס, נעמען פֿאַר זיי, ווען זיי וועלן זיך אָפּפֿאַרטיקן מיט אַלע איבעריקע. בלויז איין מייער שולמאַן איז אַ האַלבּ־נאַקעטער אַרויסגעקראָכן באַנאַכט דורכן פֿענצטער פֿון יענער שטוב און זיך אויסבאַהאַלטן בײַ אַן אוקראַיִנישן פֿרײַנט.

איך בין געזעסן, זיך צוגעהערט צו די באַווײַזן פֿון די באַשולדיקטע און פֿון די איידעס. די הענט האָבן בײַ מיר ניט אויפֿגעהערט ציטערן, ווען איך האָב געפּרוווט עפּעס פֿאַרצייכענען אין בלאָקנאָט. און פֿאַר די אויגן איז אַלעמאָל דורכגעשווומען אַן אַנדער בילד, איינס שרעקלעכער פֿונעם אַנדערן. איך האָב אַלעמאָל געכאַפּט אַ קוק אויף די, וואָס זיצן אין זאַל. ווער ס'האָט געקרעכצט, ווער ס'האָט געווישט די אויגן. כ'האָב אָבער אויך באַמערקט אַזעלכע, וועלכע האָבן פֿאַרביסן די ליפּן. מיר האָט זיך געדוכט, אַז איך הער, ווי זיי קריצן מיט די ציין. צי דען? צי דען זיצן אין זאַל אויך אַזעלכע, נאָך ניט קיין דעמאַסקירטע?

מיט דער זעלבער קאַלטבלוטיקייט האָבן די באַנדיטן דערציילט, וויאַזוי זיי האָבן פֿאַרגוואַלדיקט אַ מיידל און דערנאָך זי דערשאָסן. איר נאָמען האָבן זיי ניט פֿאַרגעדענקט. צי עפּשער געמאַכט זיך, אַז זיי האָבן פֿאַרגעסן. אַ צווייטע, אידע זוסמאַן, האָבן זיי שוין געמוזט אָנרופֿן באַם נאָמען. זי איז געווען אין די לעצטע כאַדאָשים. זיי האָבן זי אַזוי לאַנג געטראָטן מיט די פֿיס, ביז שוין אַ האַלבּ־טויטע, האָט זי מאַפּל געווען. און גלײַך אויסגעגאַנגען.

— גאָט מײַנער, — האָט אויסגעשריגן איינע אַ פֿרוי, און נאָך איר נאָך עטלעכע שטימען.

— מערדער, גאַזלאָנים, צעשיסן דאַרף מען זיי!

— רויקער, בירגער, — האָט דער פֿאָרזיצער פֿון געריכט געוואָרנט און אַ קלינג געטאָן מיטן גלעקל. — איך בעט ניט שטערן.

ניט שטערן, ניט שטערן... נאָר ווי האָט מען געקאָנט רויִק אויפֿנעמען די באַווײַזן וועגן דעם, אַז איינע אַן אוקראַיִנישע פֿרוי איז אַראָפּ פֿון זינען, צוקוקנדיק די אַכזאָריעסן? און אַ צווייטע האָט זיך אויפֿגעהאַנגען!

אָפּגעפֿאַרטיקט זיך מיט די ייִדן אין דראַניוועץ, האָבן זיי באַשטימט מאַכן יודנריין אויך די אַרומיקע דערפֿער. און טאַקע, ווי האָט מען געקאָנט דערלאָזן, אַז אין שראַדאָווקע זאָל בלײַבן לעבן אַ ייִדישע פֿאַמיליע?

שויעל באַלעגאָלע האָט געלעבט אַפֿן סאַמע ברעג פֿון יענעם דאָרף. צו זײַן שטוב האָט מען געקאָנט צוקומען אַזוי, אַז קיינער זאָל ניט באַמערקן. זיי זײַנען צוגעפֿאָרן אויף צווי פֿורן. פֿריִער אַרויסגעשלעפּט פֿון דער שטוב אַלץ, וואָס דאָרטן איז געווען. דערנאָך...

זיי זײַנען שוין אָפּגעווען גיך, די מערדער, מיד און פֿאַרשיקערט פֿונעם פֿאַרגאָסענעם בלוט, און זיך געגײַטיקט אין פֿרישע קרבנות. מיקאָלאַ ווישיוואַן האָט געגעבן אַן אייצע:

— אָט וועל איך באַלד ברענגען אַ באַכעריל פֿון קאַראַפּעטשיווו. ער וועט אָפּטאָן אַלץ, ווי מע דאַרף.

יענץ באַכעריל, געאָרגי קרעצקי, איז דאַן אַלט געווען איינגאַנצן זעכצן יאָר.

ער האָט זיך אויפֿגעהויבן פֿון זײַן אָרט, געאָרגי קרעצקי, ווען ס'איז געקומען זײַן ריי זיך מיס־וואַדע זײַן פֿאַרן געריכט. איצט האָט ער שוין געהאַלטן בײַ די פֿופֿציק, געווען בריײטפּלייציק און

האַרטנעקיק, אַ ביסל צוגעפּלעטשט און ניט ווייניקער כוצפּעדיק. די אויגן זײַנען בײַ אים צוגעמאַכט, מע זאָל ניט זען די רעציכע, וואָס פֿלאַקערט אין זיי, מע זאָל ניט באַמערקן דאָס, וואָס ער וויל אויסבאַהאַלטן. נאָר עפּעס אויסבאַהאַלטן איז שוין, אײַגנטלעך, געווען אומעגלעך. די פֿאַרלויפֿיקע אויספֿאָרשונג האָט פֿעסטגעשטעלט אַלץ, ביז דער מינדסטער קלייניקײַט. מוז ער שוין דערציילן.

צוערשט האָט גוליאַ אַ כאַפּ געטאָן דאָס וויג־קינד און דערלאַנגט עס קרעצקין. ס'האָט שטאַרק געוויינט, דאָס קינד, און מע האָט דאָס געדאַרפֿט ווי־ניט־איז אײַנשטילן. קרעצקי האָט אַ שלײַדער געטאָן דאָס קינד אַף דער ערד און צוגעקוועטשט מיט די פֿיס דאָס בײַכעלע, דערנאָך נאָך אַ קוועטש געטאָן מיטן פֿוס דאָס העלדזעלע. און שוין... אַ נעם געטאָן דאָס פּיצל מיט די פֿאַרבלוטיקטע ווינדעלעך און אַוועקגעטראָגן אין גרוב אַרײַן.

דער צווייטער קאָרבן איז געווען אַ פֿינפֿיאָריק ייִנגעלע. אים האָט מען דערשטיקט אַף דעם זעלבן אויפֿן. מיטן עלטערן אוילעם איז מען זיך באַגאַנגען לויטן דראַניוועצער נוסעך. פֿאַרוואָרפֿן אַפֿן האַלדז אַ שטריק, אַרויסגעשלעפּט אַפֿן הויף, און מיט דריקלעך.

נאָך דעם אַלעמען האָבן די באַנדיטן גאַנץ רויִק גענומען טיילן דאָס אָנגעראַבעוועטע. וועמען אַן אַלטע שאַפֿע, וועמען אַ פּאָר אויסגעקרימטע בענקלעך, וועמען אַ פֿאַרשמאַלצעוועט העמדל און וועמען אַ קישן.

— וויאַזוי איז זיך אײַך געשלאָפֿן אַף די קישנס פֿון אײַערע קאָרבאָנעס? — פֿרעגט דער פֿאַרזיצער פֿון געריכט.

אַלע באַשולדיקטע שווײַגן און לאָזן נאָך מערער אַראָפּ די קעפּ. די צווייטע פֿראַגע שטעלט דער פּראָקוראָר דירעקט קרעצקין:

— פֿאַרוואָס האָט איר געשטיקט די קינדער מיט די פֿיס?

— נו... — קווענקלט זיך דער מערדער. — מיט די הענט דאַרף מען דאָך נעמען דאָס ברויט צום עסן.

סאַראַ שרעקלעכע, בעעמעס ווילדע, כײַעשע לאָגיק פֿון מערדער! צי דען האָבן זיי געמיינט, אַז זייערע הענט קאָנען אַמאָל ריין ווערן, אין וויפֿל וואַסערן מע זאָל זיי ניט אויסוואַשן?

דער געריכט גייט. מע מישפּעט בלויז פֿינף מערדער: איוואַן גוליאַ, געאָרגי גאַוודון, וואַסיל קושנירוק, געאָרגי קרעצקי און איוואַן נאָוואַק. אַלע איבעריקע פֿאַרברעכער זײַנען שוין אַף דער וועלט ניטאָ. און עפּשער... עפּשער איז נאָך עמעצער פֿון זיי ניט דעמאַסקירט? נאָר ניט אין דעם גייט עס. מע מישפּעט דאָ ניט בלויז די פֿינף. מע מישפּעט דעם אוקראַיִנישן בורזשואַזן נאַציאָנאַליזם, דעם דײַטשישן פֿאַשיזם און ראַסיזם, אַלע פֿינצטערע רעאַקציאָנערע קויכעס, וועלכע זייען סינע צווישן די פֿעלקער, רייצן אָן איין פֿאָלק אַפֿן צווייטן, קעדיי פֿאַרווירקלעכן זייערע פֿאַרברעכערישע פּלענער. וועגן דעם האָט גערעדט דער פּראָקוראָר. ער האָט דערבײַ אויסגעלייענט אַ לאַנג צעטל פֿון די אומגעבראַכטע, אַ מין ייִזקער־צעטל, וואָס זאָל פֿאַרקריצט ווערן בײַ אַלעמען אין זיקאָרן, זאָל ניט אויפֿהערן זיך רודעווען אין מענטשלעכע הערצער. מייער ריבנער, יויִנע ריבנער, די ברידער לייב און אַווראָם פּורוטש און זייער שוועסטער יענטע, אידע זיסמאַן, מוישע קולטשיק, ביניאָמין קעלער, הערשל שמוקלער, כאַציע וואַגנער, שויעל און זײַן גאַנצע פֿאַמיליע, די מישפּאָכע זאָענבערג און נאָך און נאָך. אַ לאַנג צעטל פֿון קימאַט צוויי הונדערט קאָרבאָנעס.

טאָדאָר איז אַרײַן צו זיך אין צימערל. פֿונדעסטוועגן האָט ער געדאַרפֿט אַ ביסל זיך אויסשלאָפֿן. ער דאַרף דאָך אין אָוונט ווידער גיין אַף זײַן דעזשורסטווע. נאָר די פֿרימאַרגנדיקע פּאַסירונג מיטן שוועלבעלע און די ניט־פֿריילעכע זיכרוינעס, וואָס דאָס האָט אַרויסגערופֿן, האָבן אַוועקגעטריבט בײַ אים דעם שלאָף. אָפּגעלעגן אַ שטיקל צײַט אַפֿן ניט איבעריק ווייכן געלעגער, איז ער אײַנגיכן אַרויס אַפֿן הויף, אַרויסגעצויגן פֿון דער קרענעצע אַ פֿולן עמער וואַסער, און האַסטיק, אַפֿילע אַ ביסל בייזלעך זי אויסגעגאָסן אַף זיך. אויס, הייסט עס, אויך דער שלאָף וויל ניט קומען, איז זאָל ער גיין צו אַלדי רוכעס און ניט מאַראַטשען אים דעם קאָפּ. אָפּגעטריבן פֿון זיך די אײַנגעגעסענע שלעפֿעריקײַט, דערפֿילט זיך אַ ביסל מונטערער, האָט ער זיך צוגעזעצט נעבן מיר אַפֿן פֿריזבעלע און זיך פֿאַרטראַכט. דאָס מאָל האָבן מיר ביידע געטראַכט וועגן דעם זעלבן. רעדן וועגן דעם איז געווען שווער, שווײַגן — נאָך שווערער. צי ווילסטו יאָ צי ווילסטו ניט, קומען אַלעמאָל אויף בילדער איינס שרעקלעכער פֿונעם אַנדערן. און די געדאַנקען דרייען זיך אַרום אַף איין אָרט, ווי אין אַ פֿאַרשלאָסענעם קרײַז. מעגלעך, אַז יעדערער פֿון אונדז האָט געטראַכט אַ ביסל אַנדערש, נאָר מע האָט זיך געקאָנט אָנשטויסן, אַז אונדזערע געדאַנקען קומען זיך אַלעמאָל צונויף, ווי אַף אַ שמאָל בריקעלע, וווּ עס איז שווער אויסמײַדן זיך. דאָס האָט זיך געפֿילט לויט דעם, ווי מיר האָבן אַלעמאָל אַ קוק געטאָן איינער אַפֿן אַנדערן, ווי געקליבן זיך עפּעס זאָגן, און צום וויפֿלטן מאָל איבערגעלאָזט דאָס ניט־אַרויסגעזאָגטע אין זיך. דערנאָך האָט טאָדאָר אַרויסגעזאָגט אַזוינס, גלײַך מיר האָבן געהאַלטן אין איין דורכשמועסן זיך:

— וואָס ווייסט איר, וואָס ווייסט איר? איר ווייסט דאָך ניט, וואָס דערנאָך איז געשען.
— איך קאָן זיך פאָרשטעלן. ס'איז דאָך שוין געגאַנגען די מילכאָמע.
— אָט דאָס וויל איך טאַקע זאָגן. נאָר וויאַזוי די מילכאָמע האָט זיך באַ אונדז אָנגעהויבן! ס'איז אַפילע שווער איבערדערציילן.

# 2

זי איז נאָך געווען ווייט, די מילכאָמע. מע האָט נאָך ניט געהערט, מע זאָל ערגעץ שיסן. מע האָט ניט געהערט, הארמאטן זאָלן קנאַלן, סנאַריאַדן זאָלן זיך אויפרייסן, און זעלנער־וועגן עס זיינען דורכגעפלויגן עטלעכע עראָפּלאַנען. זיי זיינען געפלויגן זייער הויך און ס'איז שווער געווען באַ־שטימען, צי דאָס זיינען אונדזערע, צי דייטשישע. נאָר די מילכאָמע איז שוין געווען אין יעדערן פון זיי, זיך אַריינגעקליבן אין יעדער שטוב מיט אַלע אירע גרויזן, געבראַכן דעם געוויינלעכן לעבנ־שטייגער און אָנגעפּילט דעם גאַנצן אַרום מיט אומגלייבלעכע קלאַנגען, וואָס האָבן זיך ניט געלייגט אויפן סייכל. ס'האָט זיך געפּילט, אַז דאָס איז גאָר אַן אַנדער מילכאָמע. ניט אַזאַ, ווי פּיל האָבן זי פאַרגעדענקט פון די פריערדיקע ציַיטן, ווען איבערן דאָרף האָבן דורכמאַרשירט עטלעכע קאָלאָנעס פון דער עסטרייכישער אַרמיי און ניט געסטייעט. די דראַניצוועצער האָריגעס האָבן געגעבן אָנצוהערן, אַז די איצטיקע מילכאָמע וועט ניט אויסמייַדן קיינעם. צי וועסטו זיַין אין דער אַרמיי אַדער דו וועסט בלייבן אינדערהיים. און די היים אַליין וועט ווערן גאָר אַן אַנדערע. ניט אַזאַ ווי נעכטן און ניט אַזאַ ווי היינט. און דאָס גאַנצע לעבן זייערס וועט באַשטיין פון הוילע שרעק, הוילע אויסקומענישן, אומדער־טרעגלעכע ווייטיקן און אומפאַרפאַלבאַרע פאַרלוסטן. כאַטש... קיינער האָט ניט געקאָנט וויסן, וואָס פאַר א כיילעק האָט די מילכאָמע פאַר אים אויסגעטיילט און וואָס אים וועט פאַרקומען אויסשטיין. ווי אויך דאָס סאַמע איקערדיקסטע: ווער וועט פון אָט דער סריפע אַרויס א לעבעדיקער און ווער וועט אין איר אומקומען.

אויסערלעך האָט דאָ דערוויַל זיך גאָרנישט ניט געענדערט. דער דאָרפראַט איז געווען פאַר־וואַלגערט מיט אַרבעט, פון אויספירקאָם זיינען אַלעמאָל אָנגעקומען דרינגענדיקע און שטרענגע פאַר־אָרדענונגען, די רויטאַרמייישע טיילן זיינען אויך געווען, ווי פריער, אַף זייערע ערטער. נאָר די יעדיעס פון די פראָנטן זיינען פון טאָג צו טאָג געוואָרן אַלץ מער דראָענדיקע. אַזעלכע, וואָס עס איז פּאַשעט שווער געווען אין זיי צו גלייבן.

א מאָדנע זאַך. ער, מירטשע, וואָס האָט געזען דעם אַכזאַריעסדיקן פאַרצאַפּ פונעם דייטשישן פאַשיזם אין די ערשטע טעג פון זיַין הערשונג, ער, ווער ס'האָט מערער פון פּיל אַנדערע פאַרשטאַנען און געפּילט זיַין גרעַנעצלאָזע אַגרעסיוקייט, איז ניט געווען בעקויעך אויפצונעמען די גרויליקע רעאַל־קייט. ער איז געווען זיכער, אַז דער ראַטנפאַרבאַנד איז ניט פראַנקריַיך, ניט ענגלאַנד און ניט האָ־לאַנד. און אויב א בליצקריג, וועט דאָס זיַין א בליק־מאַפּאַלע פאַרן סוינע.

נאָר ס'איז אַוועק א טאָג, צוויי, א גאַנצע וואָך, און די בליק־מאַפּאַלע פון די דייטשן איז ניט געקומען, פאַרקערט. די דייטשישע אַרמיי האָט יעדן טאָג פאַרכאַפּט נייַע סאָוועטישע שטעט און דערפער.

אָבער מירטשע האָט ניט אויפגעהערט גלייבן. עס מוז, עס מוז איינגיכן קומען דער איבערבראָך. עס קאָן אַנדערש ניט זיַין. פּאַשעט דערפאַר, וואָס עס טאָר אַנדערש ניט זיַין. מיט אָט דעם גלויבן, מיט אָט דער זיכערקייַט האָט ער געטרייסט און אונטערגעמונטערט אַלעמען. און זיך אַליין.

און נאָך איין זאַך האָט אים ניט אויפגעהערט הריזען. ער האָט אָנגעהויבן צווייפלען, צי האָט ער ריכטיק געטאָן, וואָס ער האָט אַוועקגעשיקט פּיַוולען קיין דאָנבאַס און דערנאָך אַריבערגעפּעקלט אַהין מאַריטשקען. נאָר פונוואַנען האָט ער געזאָלט וויסן? ער האָט אויך איצט ניט געוווּסט, וואָס האָט געטראָפן מיט מאַריטשקען, נאָר ער האָט פאַרשטאַנען, אַז זי איז געקומען קיין קיִעוו אין רעכטן ברען, בייס די ערשטע באָמבאַרדירונגען, און ווער ווייסט... דערפאַר איז אים שווער געווען צו טרעפן זיך מיט פראַזינען. שווער געווען זען אירע פאַרוויינטע אויגן, אין וועלכע ער האָט שטענדיק אויסגע־לייענט איר טיינע צו אים.

— וווהין האָסטו אַהינגעטאָן מאַריטשקען?

יעדן טאָג האָט ער געוואַרט אַף דער שאַ, ווען פראַזינע ברענגט דעם מיטיק, וואָס דאַרף אויך סטייען אַף דער וועטשערע, און עס זאָל נאָך בלייבן א ביסל אַפן קומענדיקן פרישטיק. פראַזינע האָט גלייך איבערגענומען אַף זיך מאַריטשקעס פליכטן. יעדן טאָג האָט זי אויסגעהערט פון מירטשען דאָס

ביסל ניט־פֿריילעכע נײַס, וואָס ער האָט אויסגעטײַטשט אַף זײַן אויפֿן, און פֿאַרזיכערט, אַז עס מוז, עס מוז איינגיכן קומען אַן איבערבראָך. און דאַן...

פֿראַזינע האָט דאָס געדאַרפֿט פֿאַרשטיין אַזוי: און דאַן וועלן זיי זיך דערוויסן וועגן מאַריטשקען. גלײַך פֿונעם דאַרפֿראַט קומט זי אַרײַן צו פֿרומען.

פֿרומע איז שוין געווען געווינט צו איר אָפֿטן גאַסט, געוווּסט, וואָס זי וועט זאָגן, וועגן וואָס זי וועט פֿרעגן. זי האָט אויך געהאַט פֿאַר איר איינעם און דעם זעלבן ענטפֿער. ס׳ײַ וועון זיי האָבן זיך דורכגעשמועסט אין דער הויך, ס׳ײַ וועון זיי זײַנען ביידע געזעסן שווײַגנדיק. אַזוי צי אַנדערש, נאָר ביידע האָבן איצט געהאַט פֿיל שוטפֿעסדיקס. דאָס, וואָס האָט זיי פֿריִער צעקריגט, און דאָס, וואָס האָט זיי איצט איבערגעבעטן, האָט זיי נאָך מער דערנעענטערט מיט זייער געמיינזאַמען טרויער און געמיינזאַמען אומרו פֿאַרן גוירל פֿון זייערע קינדער. ביידע שטויסן זיך שוין אָן, וויאַזוי אַלץ איז פֿאָרגעקומען, כאָטש מירטשע האָט זיי וועגן דעם ניט דערציילט. נאָר דאָס גייט זיי איצט ניט אָן. זיי ווילן וויסן נאָר איין זאַך — צי לעבן זיי.

— פֿון פֿײַוולען איז גאָרנישט ניטאָ? — פֿרעגן פֿראַזינעס פֿאַרווייניטע אויגן.

פֿרומע נעמט פֿאַנאַנדער די הענט, ווי שולדיק מיט עפּעס.

— ער האָט דאָך געקאָנט געבן אַ טעלעגראַם, — טײַנעט פֿראַזינע, — כאָטש עטלעכע ווערטער.

— ווי קאָן מען עס איצט געבן טעלעגראַמעס? ווער וועט זיי איבערשיקן? — דאָס איז ניט נאָר אַ טערעץ פֿאַר פֿראַזינען, נאָר אַ טרייסטנדיקע אײַנרעדעניש פֿאַר זיך אַליין. — איר ווייסט דאָך, וואָס עס טוט זיך.

— איך ווייס, איך ווייס, — איז פֿראַזינע מאַסקים. — איין גאָט...

אַזוי זיצן זיי לאַנג, שווײַגנדיק און זיפֿצנדיק און קוקן זיך אײַן אין יענע ווײַטע ווײַטן, פֿונוואַנען זיי וואַרטן אַף אַ יעדיעלע פֿון זייערע קינדער. זיי וואַרטן אַקשאָנעסדיק און באַהאַלטן אויס איינע פֿון דער אַנדערער די האָפֿענונגסלאָזיקייט פֿון זייער וואַרטן.

— פֿרומע, — רעדט ווידער אַרויס פֿראַזינע. — דו בעטסט בא גאָט?

— בא וועמען דען זאָל איך בעטן?

— בעט, פֿרומע, בעט שטאַרק. דו — בא דײַן גאָט, איך — בא מײַן גאָט. עפּשער וועלן מיר עפּעס אויסבעטן.

בערל האָט ניט געהאַט ווען אַרומקוקן זיך און ווען אַ טראַכט טאָן וועגן עפּעס. ס׳איז שניט־צײַט, און ער איז געווען פֿאַרוואַלגערט מיט אַרבעט. נאָר פֿרומען האָט ער איצט ניט געלאָזט שטיין מיט אים אין קוזניע. ווער עס איז געקומען צו אים עפּעס פֿאַריכטן, האָט געדאַרפֿט פֿאָכען מיטן בלאָז־זאַק.

ס׳איז געווען שניט־צײַט, אַ שטילער און אַ טרויעריקער שניט, אָן לידער, אָן אַ ביסעלע פֿרייד, אָן רויש און פֿריילעכע איבערופֿן. איבערן גאַנצן אַרום האָט געהערשט אַ גליוורדיקע פֿאַרטײַעטקײַט, אַ פֿאַרביסענע שווײַגעניש. יעדערער האָט צוגעקליבן זײַן גערעטעניש בעכיפֿאָזנדיק, מיט שרעק און מיט פּלאָטערניש, אײַנהערנדיק זיך אין די ווײַטע און נאָענטע קנאַלן, אײַנקוקנדיק זיך אין די פֿאַרשטויבטע וועגן, איבערגעפֿולטע מיט מיליטער, מיט טאַנקען און האַרמאַטן, וואָס האָבן זיך באַוועגט ניט אַף מיזרעך, נאָר אין אַ פֿאַרקערטער ריכטונג, און מיט אַ באַזונדערן אומרו געקוקט אַפֿן הימל, וווּ פֿון צײַט צו צײַט האָבן זיך באַוויזן דײַטשישע עראָפּלאַנען. צי וועלן זיי בלויז דורכפֿליִען, אָדער זיי וועלן אַראָפּוואַרפֿן איבער די היגע פֿעלדער זייערע באָמבעס.

עטלעכע נעכט האָט מירטשע ניט אויפֿגעהערט קריגן זיך מיט זיך אַליין, ער האָט ניט געקאָנט לייזן די פֿראַגע, וויאַזוי צוקלײַבן דאָס, וואָס דער קאָלווירט האָט אין פֿרילינג פֿאַרזייט. צי אַלע אײנײנעם, צי אָפּטיילן יעדערן זײַן כיילעק. דער סייכל־האַיאָשער האָט אים אונטערגעזאָגט... נאָר ער האָט ניט געוואָלט און ניט געקאָנט אונטערוואַרפֿן זיך דעם ניכטערן געדאַנק. דאָס וואָלט געהייסן, אַז ער אַליין לאָזט פֿאַנאַנדער דעם קאָלווירט, צעשטערט מיט די אייגענע הענט דאָס, וואָס ער האָט געשאַפֿן מיט אַזויפֿיל מי, דאָס, וואָס איז געווען זײַן פֿיליאָריקער טרוים. ווי מעג מען דאָס?

האָט ער דורך די נעכט זיך געקריגט מיט זיך אַליין, און באַטאָג נאָכגעשפּירט נאָך דער שטילער, אומבאַגרײַפֿלעכער איבעראַנדערשונג פֿונעם גאַנצן אַרום. גלײַך אַליין די ערד, דער הימל, די אַרומיקע פֿעלדער און וועלדער באַקומען פֿון טאָג צו טאָג אַן אַנדער באַפֿאַרבונג. נאָר מערער פֿון אַלץ האָט אים געשראָקן די געהיימע איבערגרופּירונג פֿון זײַנע דאָרפֿסלײַט. דאָס האָט זיך געלאָזט באַמערקן אַפֿילע אין דעם, ווי יעדערער האָט אים אָפּגעגעבן דעם פֿרימאָרגן, אָדער אים אײַנגאַנצן פֿאַרבויגן. ס׳האָט זיך געפֿילט, אַז עס קומט פֿאַר אַ העפּטיקער, אַ שאַרפֿער גראַנגל אין מענטשלעכע מויכעס, אין מענטשלעכע הערצער, אין מענטשלעכן באַוווּסטזײַן. אַן אָנגעשטרענגטער פֿאַרלאַנג באַשטימען פֿאַר זיך די אייגענע אויפֿירונג, ווען די צײַט וועט דאָס פֿאָדערן. ער האָט ניט געקאָנט אָפּוואַרפֿן דאָס באַשײַמפּערלעכע, אַז אין די דאָזיקע שווערע טעג פֿון אומבאַשטימטער צווישנצײַט, האָט בא פֿיל פֿון די דאָרפֿסלײַט געווירט אַזוינס, וואָס וועט מיט דער צײַט אַרויסשווימען, אַנטפּלעקן זיך

אין דער פּולער מאָס. יעדערן גייט דאָך נאָך זײַנס, אין דער ערשטער ריי זײַן סאָציאַלע אָנגעהעריקײַט. דערצו נאָך אַזוינס, וואָס איז פֿאַרבונדן מיט זײַן כאַראַקטער. בײַ וועמען געוואַגטקײַט און בײַ וועמען פּאַכדאַנעס, בײַ וועמען אומרו און בײַ וועמען שאַדנפֿרייד.

— איז וואָס זשע באַשטימען מיר?

די דאָזיקע פֿראַגע האָט ער געשטעלט דעם האַלבן פֿאָרזיצער פֿון קאָלווירט מיכײַלאָ סושינסקין. אים האָט מירטשע געהאַלטן פֿאַר דער צווייטער העלפֿט. פֿאַר דער ערשטער האָט ער געהאַלטן זיך אַליין. ניט דערפֿאַר, וואָס סושינסקין האָט ער ניט אינגאַנצן פֿאַרטרויט. נאָר אים האָט זיך געדוכט, אַז אין די קאָלווירטישע אײַניאַנים איז ער מער באַהאַוונט. איז סושינסקי געווען דער פֿאָרזיצער־אויספֿילער, אַזוי צו זאָגן, און מירטשע איז געווען דער באַלויעץ, ווען מע האָט געדאַרפֿט לייזן ערנסטע פּרינציפּיעלע פֿראַגן.

— איז וואָס זשע באַשטימען מיר? — האָט ער געפֿרעגט סושינסקין, ווען ער האָט שוין פֿעסט באַשטימט בײַ זיך, אַז קיין אַנדער אויסוועג איז ניטאָ.

מיכײַלאָ סושינסקי איז געווען קימאַט אין איין עלטער מיט מירטשען. אַ מענטש אַ באַדאַכטער, אַ ביסל צו אַ פֿאַרלאַנגזאַמטער אין זײַן טראַכטן און אין זײַנע טועכצן. ער האָט ליב געהאַט אַלזײַטיק אויסקלאָרן פֿאַר זיך יעדער אײניען ביז זין סאָף. ער האָט געהאַט אַ שעם אין דאָרף פֿון אַ פֿעסטן באַלעבאָס ניט מיט דער צאָל ערד און פֿערד, נאָר מיט דער זעלטענער אָרדענונג און ציכטיקײַט, וואָס האָט געהערשט בײַ אים אויפֿן הויף און אויף זײַן באַכלע. ער האָט אויך געהאַט אַ שעם פֿון אַן אַרבעטזאַמען און זייער אַן אָרנטלעכן מענטשן.

פֿאַר פֿיל איז געווען ביז גאָר אומדערוואַרט, וואָס אַזאַ באַלעבאָס, אַזאַ פֿעסטער גאַזדאַ האָט איינער פֿון די ערשטע זיך פֿאַרשריבן אין קאָלווירט. דאָס האָט אויך מיטגעווירקט, אַז אַנדערע זאָלן נאָכטאָן זײַן בײַשפּיל. און קיין בעסערן פֿאָרזיצער פֿאַרן ניט־גרויסן קאָלווירט האָט מען ניט געדאַרפֿט.

סושינסקין האָט שטאַרק פֿאַרוווּנדערט מירטשעס פֿראַגע. ער איז ניט געוווינט געווען, מע זאָל פֿרעגן בײַ אים אייצעס. נאָר אַפּאַנעם, אַז די אַלע טעג האָבן זיי געטראַכט וועגן איינעם און דעם זעלבן. און געקומען איז יעדערער פֿאַר זיך צו דעם זעלבן באַשלוס.

— איך מיין אַזוי, — האָט סושינסקי אָפּגעענטפֿערט. געשוויגן אַ ווײַלע און צוגעגעבן: — קיין אַנדער אויסוועג איז ניטאָ...

מירטשע האָט זיך אָנגעשטויסן, וואָס ער מיינט. ער האָט אויך פֿאַרשטאַנען, אַז ס'איז אים זייער שווער אַרויסזאָגן זײַן מיינונג. האָט ער אים ניט געצוווּנגען אַרויסזאָגן אַלץ, וואָס ער מיינט.

— האָבן מיר, הייסט עס, באַשטימט, — האָט ער אונטערגעכאַפּט. — מע דאַרף שוין מעלדן די קאָלווירטניקעס.

ס'איז געווען אַ שטילער שניט. אָן לידער און אָן פֿרייד. און דאָך... שניט איז שניט. ער איז ווי שטענדיק געווען פֿאַר יעדערן פֿול מיט הייסער מי ביזן זיבעטן שווייס, מיט קורצע שלאָפֿלאָזע נעכט, מיט אַלע פֿילדורעסדיקע יאָגענישן, קעדיי באַזאָרגן זיך מיט ברויט אויפֿן לאַנגן יאָר, מיט פּיטער פֿאַרן פֿערדל, פֿאַר דער קו און פֿאַר די עטלעכע שעפּעלעך. דערצו האָט קיינער ניט געקאָנט וויסן, ווי וועט אויסזען דאָס קומענדיקע יאָר, וואָס וועט געשען אין די נאָענטסטע טעג. דאָס האָט אַלעמען אונטערגעיאָגט און געמאַכט די טעג מיט די נעכט נאָך הייסער און אָנגעשטרענגטער.

דער יידישער טייל פֿונעם דאָרף, די פֿעלצנמאַכער, שנײַדערס און שוסטערס, האָבן אויך אָנגעהויבן גרייטן זיך צום האַרבסטיקן סעזאָן, ווען דער פּויער קויפֿט אײַן פֿאַר זיך, אָדער ברענגט פֿאַריכטן אַלץ, וואָס ער דאַרף אויפֿן ווינטער. דער אומרו איז געוואַקסן פֿון טאָג צו טאָג, מע האָט ניט אויפֿגעהערט שמועסן וועגן עוואַקואַציע, נאָר קיינער האָט דערווײַל זיך ניט גערירט פֿון אָרט. וווּהין פֿאָרן? צו וועמען פֿאָרן? אָפּגעלעבט עטלעכע דורות אויף דער גרענעץ פֿון לענדער, געוווינט געווען דערצו, עס זאָלן פֿון צײַט צו צײַט זיך באַווײַזן פּאָליצײַען אין אַן אַנדער אוניפֿאָרם, האָט זיך זיי געדוכט, אַז ווי דאָס זאָל ניט זײַן, בלײַבט דער שנײַדער אַ שנײַדער און דער שוסטער אַ שוסטער.

האָט שוין דער שניט אַליין ווײניק־וואָס באַאומרויִקט מירטשען. ער איז געווען זיכער, אַז קיינער וועט ניט דערלאָזן, אַז זײַן ברויט זאָל פֿאַרפֿאַלן ווערן. די טעג מיט די נעכט איז ער געזעסן אין דאָרפֿראַט, ניט אָפּגעטראָטן פֿונעם טעלעפֿאָן. און אויב מע האָט פֿון ראַיאָן לאַנג ניט געקלונגען, האָט ער אַליין געקלונגען אַהין, קעדיי איבערצײַגן זיך, אַז אַלץ איז אין אָרדענונג, די ראַיאָנישע אַנשטאַלטן אַרבעטן, און כאָטש די ידיעות פֿון די פֿראָנטן זײַנען געוואָרן וואָס אַ טאָג דראָענדיקער, האָט ער ניט אויפֿגעהערט צו גלייבן: דער איבערבראָך איז אומפֿאַרמײַדלעך, און זאָל נאָר די רויטע אַרמיי אָנהייבן אָנגרײַפֿן...

בלויז נאָך איינער אַ באַראַטונג אין ראַיקאָם, אַ געהיימע און טרויעריקע באַראַטונג, אין וועלכער מע האָט באַהאַנדלט, וואָס פֿאָרנעמען, ווען די דײַטשן וועלן זיך דערנענטערן צום ראַיאָן, האָט ער פֿאַרשטאַנען, אַז אויף אַ גיכן אָנגריף איז ניטאָ וואָס צו האָפֿן. דאַן האָט ער מאַמאַשעסדיק זיך דערפֿילט, ווי דאַן אין האַמבורג, ווען די סאָוועטישע שיף האָט אָנגעהויבן זיך דערווײַטערן. באַזונדערס דאַן,

ווען ס'איז געמאָלדן געוואָרן, ווער פון די קאָמוניסטן דאַרף זיך עוואַקוירן, און ווער דאַרף בלײַבן אויף אונטערערדישער אַרבעט. ער, ווער ס'האָט געהאַט אין דעם געביט ניט קיין קליינע דערפאַרונג, איז געווען צווישן די, וואָס דאַרפן בלײַבן. עס איז געווען אָפּגערעדט, אַז דער איבערגאַנג אויף אומלעגאַלער טעטיקייט דאַרף פאַרקומען לויט א קלוגע פון ראַיקאָם.

דערנאָך איז געקומען א טאָג, ווען פון ראַיאָן האָט מען איינגאַנצן אופגעהערט צו קלינגען. פון זײַנע פילמאַליקע פרווון דערקלינגען זיך ערגעץ האָט זיך אויך גאָרנישט ניט באַקומען. מירטשע האָט ניט געקאָנט פאַרשטיין, וואָס איז געשען. ער האָט ניט געוואָלט טראַכטן, אַז ס'איז געשען עפּעס שרעקלעכס. ער האָט געפּרוווט עפּעס אויסקלאָרן בא די רויטאַרמייִשע טיילן, וואָס זײַנען דורכגעגאַנגען דורכן דאָרף, נאָר גאָרנישט ניט געקאָנט אויסקלאָרן.

נאָך א לאַנגן און שווערן טאָג האָט ער זיך אָנגערופן צו סענדערן, דעם סעקרעטאַר פון דאָרפראַט:

— דיר וועט אויסקומען זיך דורכגיין אין ראַיאָן. מע דאַרף זיך דערוויסן...

— ווען זשע זאָל איך גיין? — האָט סענדער געפרעגט.

— גלײַכער טאַקע שוין... וויפל האָבן מיר אַהין? פערציק קילאָמעטער? פאַר דער נאַכט וועסטו זיך דערקלײַבן. און ווי נאָר דו וועסט אָנטרעפן אויף א טעלעפאָן, קלינג אָן, איך וועל די גאַנצע צײַט וואַרטן.

א גאַנצע נאַכט האָט מירטשע ניט צוגעמאַכט קיין אויג. ער איז געזעסן און געוואַרט. נאָר דער טעלעפאָן האָט געשוויגן. ער האָט געשוויגן אויך דעם קומענדיקן טאָג און די קומענדיקע נאַכט. באַגינען, ווען ער איז אַרויס אויף דער גאַס, האָט אים דערשיטערט די אומגעווײנלעכע פוסטקייט. קיין איין לעבעדיקער מענטש, קיין איין רויטאַרמייִשע קאָלאָנע, קיין איין רויטאַרמייער. און סענדער האָט זיך אויך ניט אומגעקערט. וואָס האָט געקאָנט געשען מיט סענדערן?

ער האָט געפילט, מירטשע, אַז ער מוז עפּעס טאָן. ער, דער איינציקער, אין וועמען עס איז פאַרקערפערט און ווער עס שטעלט פאָר די ראַטנמאַכט; צומאַכן דעם דאָרפראַט און אַריבערגיין אויף אונטערערדישער אַרבעט? ניין, דאָס טאָר ער נאָך ניט. עפּשער, עפּשער וועט נאָך עמעצער אָנקלינגען פון ערגעץ און איבערגעבן דעם נייטיקן סיגנאַל... דערווײַל... דערווײַל דאַרף מען אָרגאַניזירן א וואַך. א פעסטע וואַך איבערן גאַנצן דאָרף.

ס'איז געווען נאָך זייער פרי, ווען ער איז צוגעקומען צו בערלס שטוב, און איז געווען שטאַרק פאַרוווּנדערט, דערזען אים אין קוזניע בא דער אַרבעט.

— וואָס אַזוי פרי? — האָט ער געפרעגט.

— וואָס זשע, האָסט ניט געזען?

— וואָס האָב איך געדאַרפט זען?

— איך בין א גאַנצע נאַכט ניט געשלאָפן. געשטאַנען אין דרויסן און נאָכגעקוקט. א גאַנצע נאַכט האָט דער שליאַך געהודיעט: אַבאָזן, האַרמאַטן, רויטאַרמייִשע קאָלאָנעס. דערנאָך איז געוואָרן שטיל. שרעקלעך שטיל. האָב איך צו זיך א זאָג געטאָן: מע דאַרף וואָס גיכער עפּעס צוגרייטן.

— וואָס זשע קלערסטו צוגרייטן?

— דאָס, וואָס איך גרייט אַלע טאָג צוביסלעך. געדענקסטו? האָסט מיר אַמאָל געזאָגט וועגן אײַזערנע שטעקעלעך מיט שאַרפע שפּיצן. האָב איך נאָך יענע וואָך זיך א נעם געטאָן פאַר דעם. און איך טראַכט... גוטע העק זײַנען אויך ניט איבעריק. אַזעלכע קליינינקע הוצולישע העקעלער. מע קאָן זיי אַרײַנשטעקן אונטערן רימען. נאָר מע קאָן מיט דעם שפּאַלטן א דײַטש דעם קאָפּ.

— גוט, זייער גוט. איך וועל צושיקן צו דיר אייניקע בחורע, וועסט זיי אַרויסגעבן די שטעקעלעך.

— אין דעם וועט ניט זײַן קיין מעניע.

דאָס איז געווען פריטיק. פּאַטרולן מיט רויטע בענדלעך אויף די אַרבל, וואָס האָבן זיך באַוויזן אויף אַלע גאַסן, האָבן א ביסל אונטערגעמונטערט די וואָרביוּוקער. האָט יעדערער רוּיקער זיך פאַרנומען מיט זײַן אַרבעט. ווער אין פעלד און ווער בא זיך אין הויף. די ערשטע סנאָפּעס זײַנען שוין געווען אויסגעדראָשן, און אין פיל הויפן האָבן זיך צעהודיעט די ווייעלקעס.

און די פּאַטרולן האָבן אַרומגעשפּאַנט איבערן דאָרף.

שאַבעס איז דאָס היגע ניט־גרויסע שולעכל געווען פולגעפּאַקט. יעדערער האָט געהאַט וואָס צו בעטן בא גאָט. און קיינער האָט ניט געוווּסט וועגן דער בלוטיקער טראַגעדיע אינעם שכײנעסדיקן דאָרף דראַגיוועץ. זונטיק איז דער היגער קלויסטער אויך געווען פולגעפּאַקט. און קיינער האָט וועגן דעם גאָרנישט ניט געוווּסט.

און די פּאַטרולן האָבן אַרומגעשפּאַנט איבער די גאַסן.

אַרום צוועלף אַזייגער, ווען מע האָט אָנגעהויבן אַרויסגיין פונעם קלויסטער, איז צו מירטשען אין דאָרפראַט געקומען צו לויפן א יאַטל פון דראַגיוועץ, כליפּענדיק און פאַרסאָפּענדיק זיך, האָט ער

דערציילט, וואָס נעכטן איז פֿאָרגעקומען באַ זיי אין דאָרף. דאָס יאַטל האָט ניט אויפֿגעהערט ציטערן, די ווערטער האָבן זיך באַקומען צעהאַקטע און צעבראָקלטע, און מירטשען איז שווער געווען פֿאַרשטיין. נאָך שווערער איז געווען צו גלייבן.

— ווער האָט דיך געשיקט צו מיר? — האָט מירטשע געפֿרעגט.

— דער טאַטע. ער האָט אַליין געוואָלט לויפֿן, נאָר די מאַמע האָט ניט געלאָזט. און איך... איך וועל בלייַבן נעכטיקן דאָ, באַ אַ מומען. אַזוי האָט דער טאַטע געהייסן.

— וואָס נאָך האָט ער געהייסן?

— טאַקע צוליב דעם בין איך געלאָפֿן. הייַנט שיקערן זיי אַלע, און מע טיילט צווישן זיך דאָס אַנגערויבעטע. נאָר דער טאַטע האָט געהערט, ווי זיי האָבן גערעדט צווישן זיך. מאָרגן, האָבן זיי געזאָגט, וועלן זיי אַוועק קיין ווערביוקע. מע דאַרף דאָרטן אויך אָפּטאָן די זעלבע אַרבעט.

— אַזוי האָבן זיי געזאָגט? די זעלבע אַרבעט?

— אַזוי האָט דער טאַטע געהייסן איבערגעבן.

— אַ דאַנק, יינגעלע, ווי רופֿט מען דיך?

— קאָסטיק.

— אַ דאַנק דיר, קאָסטיק. ביסט זייער אַ ווויל יינגעלע. און איצט לויף, לויף אַוועק צו דייַן מומען.

אַ שטיק צייַט איז מירטשע אָפּגעזעסן באַם טישל ווי געפּלעט. עטלעכע מאָל האָט ער געפּרוווט פֿאַרשטעלן זיך דאָס, וועגן וואָס דאָס יינגעלע האָט אים דערציילט, נאָר זייַן אויפֿגעטרייסלטער קויעך־הדמיון איז ניט געווען אימשטאַנד אָנמאָלן אָט דעם שוידער. אים האָט באַשלאָגן אַ היץ און אַ גראָבער שווייס האָט גערונען איבערן פּאָנעם. צי דען איז אין דראַניעוועץ שוין ניטאָ קיין ראַטנמאַכט? און דאָ, באַ אים, אין ווערביוקע, איז זי נאָך דאָ? און ער אַליין? ער פֿאַרמאָגט נאָך עפּעס פֿון דעם, וואָס הייסט מאַכט? צי קאָן ער מיט עפּעס נאָך אָפּווירקן אַף זייַנע דאָרפֿסלייַט?

צום ערשטן מאָל פֿאַר די שווערע פֿאַר וואָכן האָט ער זיך דערפֿילט פּאָנעם־על־פּאָנעם מיטן סוינע, מיטן סאַמע פֿאַרביסענעם סוינע. דאָ, באַ זיך אינדערהיים.

— מיילע, — האָט ער אַרויסגערעדט צו זיך אַליין. — קאָלזמאַן איך בין נאָך ראַטנמאַכט, וועל איך קיין הריגעס ניט דערלאָזן.

ער איז אַרויס פֿון דאָרפֿראַט און אַוועק צו דער קלאַדקע, אַליין נאָך ניט וויסנדיק, צוליב וואָס גייט ער צו טאָדאָרן. ער איז דאָך ניט געווען באַ אים זינט יענער נאַכט, ווען זיי האָבן זיך צעקריגט איבערן קאָלווירט. ער האָט ביכלאַל ניט געוווּסט, וואָס קאָן ער און וואָס דאַרף ער אויפֿטאָן. ער האָט דערנאָך אַליין ניט געקאָנט דערקלערן זיך, וויאַזוי איז באַ אים פּלוצלינג אויפֿגעקומען דער געדאַנק וועגן גאַלעך. און כאָטש אַלץ האָט פּראָטעסטירט אין אים קעגן אַזאַ שוטפֿעס, האָט ער פֿאַרשטאַנען, אַז דאָס מאָל וועט ער אָן דעם גאַלעך זיך ניט באַגיין.

— וואָס מיר גאַלעך, ווער מיר גאַלעך? — האָט ער געשטיקט אין זיך די אייגענע דערווידערונגען. — אַפֿילו מיטן רוער! מע מוז דאָך, מע מוז דאָך עפּעס צוטראַכטן.

טאָדאָר מיט פּראָזינען האָבן זיך אומגעקערט פֿונעם קלויסטער פֿאַרפּוצטע אין אַלץ געקוויטלטן. אין געקווייטלטע העמדלעך, אין געקווייטלטע קעפּטאַריקעס. צוגעקומען צו דער קלאַדקע, האָבן זיי אויסגעטאָן דאָס שוכוואַרג. טאָדאָר האָט פֿאַרוואָרפֿן די שטיוול מיט די הויכע גלאַנציקע כאָליעוועס איבערן אַקסל, און פּראָזינע האָט גענומען אירע גרינגע שיכעלעך אין די הענט. שוין באָרוועסע האָבן זיי געשפּאַנט איבערן גראָזיקן טאָל, געסטאַרעט זיך פֿאַרהיטן אין זיך דאָס זונטיקדיקע, דאָס גאָטספֿאָרטיקע, נאָר ביידע האָבן געפֿילט, אַז אין זיי איז ניטאָ אַפֿילו קיין סימען פֿון יענעם נאַכעס־רוער, מיט וועלכן זיי פֿלעגן פֿריִער זיך אומקערן פֿונעם קלויסטער. דער אומרו, דער שרעק, וואָס האָט זיי אַ גאַנצע וואָך געהאַלטן אין קלעמען, איז ניט אָפּגעטראָטן. זיי זייַנען אַרייַנגעקומען אין שטוב, אַרייַנגעבראַכט מיט זיך דעם טיפֿן אומעט, וואָס האָט אַרומגעשוועבט איבערן דאָרף און וואָס האָט אויך אין קלויסטער אַרויסגעקוקט פֿון יעדער ווינקעלע.

מירטשע איז פֿאַר ביידן געווען אַן אומגעריכטער גאַסט. זיי זייַנען אַלצייַנס געווען דערשטויגט, דערפֿרייט און דערשראָקן. פּראָזינע האָט זיך אַ לאָז געטאָן צו אים און אַרויסגעהיכצעט:

— אוי, מירטשע, וואָס איז געשען?

פּראָזינען האָט מערער פֿון אַלץ געשראָקן די פֿאַרלווירנקייַט, וואָס האָט זיך בוילעט געזען אַף מירטשעס אייַנגעפֿאַלן פּאָנעם, און די רויטלעכע, ניט־אויסגעשלאָפֿענע אויגן.

— ס׳איז גאָרנישט ניט געשען, — האָט ער זי באַרויִקט. — דערווייַל גאָרנישט ניט.

— ווילסטו עפּשער עסן מיט אונדז מיטיק?

— דעם מיטיק דערנאָך. איך האָב צו דיר אַ ביטע, טאָדאָר. איך דאַרף דרינגענדיק זיך זען מיטן גאַלעך.

— דו? מיטן גאַלעך? וואָס זשע ווילסטו פֿון מיר?

— איך קאָן אים איצט ניט אײַנלאַדן אין דאָרפּראַט. ס'איז ניט די צײַט.
— איז וואָס זשע?
— וועל איך אים אײַנלאַדן צו אײַך אין שטוב.
— ווען?
— טאַקע שוין, און וואָס גיכער.

טאַדאַר האָט מער וועגן גאָרנישט ניט געפרעגט. אָנגעטאָן די שטיוול און אוועק. פּראַזינע איז אַ נאָך מער דערשראָקענע צוגעפאַלן צו מירטשען.

— אָבער זאָג שוין, וואָס איז געשען? און נאָך וואָס דאַרפסטו דעם גאַלעך?
— האָסט געהערט, וואָס אין דראַניוועץ איז נעכטן געשען?
— גאָט מײַנער! — האָט פּראַזינע אויסגעשרײַען, אויסגעהערט מירטשעס קורצע און שרעקלעכע דערציילונג. פון אופגעבראַכטקײַט און אופרעגונג האָט זי אָנגעהויבן קניפּן זיך די באַקן, — עס קאָן ניט זײַן!
— צום באַדויערן, איז דאָס עמעס. אַ שוידערלעכער עמעס. היטלער הייבט אומעטום אָן פון ייִדישע פּאָגראָמען.
— אָבער בא אונדז זײַנען נאָך קיין שום היטלערס ניטאָ!
— היטלערישע היצלעס זײַנען פאַראַן אומעטום.
— ווי איז צו מיר! ס'איז דאָך אייגענע מענטשן!
— ווער, ווער זײַנען עס מענטשן?

מירטשען איז דאָס מאָל געווען זייער שווער שמועסן מיט דער שוועסטער. דערצו האָט ער שטאַרק זיך נערווירט, וואַרטנדיק אַף דער באַגעגעניש מיטן גאַלעך. פון וואָס אָנהייבן דעם שמועס? וויאַזוי אים פירן, עס זאָל ניט געמינערט ווערן דער אויטאָריטעט פון דער ראַטנמאַכט?

באַוויזן זיך אַף דער שוועל, האָט דער גאַלעך זיך פאַרנייגט, איבערגעצײלעמט די ווענט און שטיל אַרויסגערעדט:

— שאָלעם אײַער שטוב.

פּראַזינע איז אופגעשטאַנען, צוגעקומען צו אים און אַ קוש געטאָן די האַנט, דערנאָך האָט זי אַ כאַפּ געטאָן אַ בענקל און אים אונטערגעטראָגן.

— זיצט, באַטיושקאַ, זיצט.

פּאַמעלעך, ווי קווענקלענדיק זיך, צי ביכלאַל געצווייפלט אין דער נייטיקײַט פון אָט דער אומגעריכטער באַגעגעניש, האָט דער גאַלעך זיך צוגעזעצט, אויסגלעטנדיק אַף זיך אַלץ: די לאַנגע ריאַסע, די עטוואָס גרוילעכע באָרד און דעם גרויסן צײלעם אַף דער ברייטער ברוסט. דערנאָך האָט ער אַ קוק געטאָן אַף מירטשען. געקוקט, פול מיט נײַגער און ניט־אַרויסגעזאָגטע טײַנעס.

— מיט וואָס בין איך אײַך אַזוי נייטיק געווען? הײַנט, אינמיטן גאָטס זונטיק?

ניט באַוויזן אַ טראַכט טאָן, וויאַזוי ענטפערן אַף דער פראַגע, האָט מירטשע אַליין אַ פרעג געטאָן:

— איך וואָלט געוואָלט וויסן, איר גלויבט אין גאָט?
— אײַער פראַגע באַליידיקט מיך, — האָט דער גאַלעך אָפּגעענטפערט אָן אָנגעברויגעזטער. — און איך בין ניט געניגט אין הייליקן זונטיק...
— אַנטשולדיקט, באַטיושקאַ, איך האָב ניט געוואָלט אײַך באַליידיקן. איך האָב עפּשער ניט ריכטיק געשטעלט די פראַגע, און מיין צי האַלט איר זיך פעסט בא זײַנע געבאָטן?
— דאָס איז אויך אַ פראַגע ניט פאַר מיר.
— זאָל זײַן אַזוי. נאָר איר האָט געוויס שוין געהערט, וואָס ס'איז געשען אין דראַניוועץ. ווי שאַצט איר דאָס אָפּ?
— איך פאַרשעלט די מערדער! — האָט דער גאַלעך בייז אויסגעשריִען.
— נו, און דאָס, וואָס זיי האָבן אַלץ געטאָן אין נאָמען פון גאָט און הייליקן קלויסטער?
— זיי האָבן פאַרשוועכט דעם הייליקן נאָמען! איך וועל זיי פאַרשעלטן פּונעם אָמעד דעם קומענדיקן זונטיק.
— דעם קומענדיקן זונטיק וועט שוין זײַן שפּעט. זיי קלײַבן זיך מאָרגן קומען צו אונדז אָפּטאָן די זעלבע אַרבעט.
— גאָט מײַנער! עס קאָן ניט זײַן! וואָס זשע זאָל איך טאָן?
— זיך קעגנשטעלן!
— איך? מיט וועמען? און קעגן וועמען?
— מיט אונדזערע מענטשן. קעגן די ראָצכים און גאָטסלעסטערער.
— וויאַזוי?
— איר וועט אַרויסטרעטן קעגן זיי אינײנעם מיט אונדז.

— מיט וואָס? מיט וואָס קאָן איך אַרויסטרעטן? וואָס רעדט איר?

— מיט זײַן בילד אין די הענט.

— מיט וועמעס בילד?

— פֿונעם הייליקן קריסטוסן.

דער גאַלעך האָט אַן איבערגעראַשטער אַ קוק געטאָן אויף מירטשען, זיך אַ ריס געטאָן, ווי גע־פּרוווט אָפּטרייסלען זיך פֿון אים, פֿון מירטשען, און עטלעכע מאָל זיך איבערגעצײלעמט.

— איר? — האָט ער אַ טײַטל געטאָן אויף אים מיטן פֿינגער, — איר זאָלט אונדז זאָגן מיר, דעם גאַלעך?

— פֿאַרשטייט זיך, אויב איר האָט גאָט אין האַרצן.

— גאָט מײַנער! וועמען שטעלט איר עס אַזעלכע פֿראַגן? איך וואָלט זייער געוואָלט פֿאַרשטיין אײַך, די אַפּיקאָרסים!

— וועגן דעם וועלן מיר זיך דורכשמועסן אַן אַנדערש מאָל, באַטיושקאַ. אויב מיר וועלן האָבן צײַט דערצו. דערווײַל דאַרף מען ראַטעווען דאָס לעבן פֿון די מענטשן.

דאָס, וואָס מירטשע האָט אים אַזוי ליבלעך אָנגערופֿן „באַטיושקאַ", האָט אים געמאַכט פֿיל ווייכער און נאָכגיביקער.

— גוט. — האָט ער זיך אָנגערופֿן. זיך אויפֿגעהויבן פֿונעם בענקל און גענומען אָפּווישן פֿונעם פּאָנעם און פֿונעם האַלדז דעם גראָבן שווייס. — וואָס זשע קאָנען מיר טאָן?

— פֿיר אַזייגער דאַרף מען אָנהייבן קלינגען אין קלויסטער...

דערנאָך איז מירטשע נאָך לאַנג געזעסן אַ פֿאַרומערטער, געסטאַרעט זיך בײַקומען די אייגענע ספּייקעס: צי האָט ער ריכטיק געטאָן, וואָס ער האָט צוגעצויגן דעם גאַלעך צו אָט דעם איניען? צי האָט ער ניט אויוער געווען אויף זייער אַ ווייכטיקן פּרינציפּ? נאָר מע האָט געדאַרפֿט טראַכטן וועגן אַנדערע זאַכן. נאָך אַלעמען איז ער ניט געווען זיכער, צי וועט דער גאַלעך האַלטן וואָרט. ווער ווייסט זיי, אָט די גאָטס סטראַפּטשעס... ס'וועט אויסקומען אוועקשטעלן נעבן זײַן שטוב און אַרום קלויסטער אַ פֿעסטע וואַך. ער זאָל ערגעץ ניט אַוועק איינמיטן דער נאַכט. יאָ, און מע דאַרף נאָך צוגיין צו בערלען, זאָל ער אויפֿהייבן אויך דאָס ציגײַנערישע געסל.

נאָר אָפּן ציגײַנערישן געסל איז שוין ניט געווען וועמען אויפֿהייבן. דאָס גאַנצע געסל איז געווען דורכויס פּוסט. בערל איז אַרומגעגאַנגען פֿון שטוב צו שטוב און איז ערגעץ קיין לעבעדיקן נפֿעש ניט געפֿונען. די טירן און פֿענצטער זײַנען אומעטום געווען אַרויסגעריסן פֿון זייערע נעסטן. בלויז ערגעץ־ווו האָט געסקריפּעט אַ טירל, וואָס האָט אָקשאָנעסדיק ניט געלאָזט אַראָפּרײַסן זיך און איז געבליבן הענגען אויף איינער, אַן אויסגעקרימטער זאַווּסע. און כאָטש ס'איז געווען איינמיטן זומער, איז בערלען דורך אַ גרויל איבערגען לײַב. די קאַלטע צוגווינטן האָבן פֿרײַ אַרומשפּאַצירט איבער די אויסגעהוילטע הײַזער.

— וואָס האָט זיי געצוווּנגען פֿאַר איין נאַכט צעשטערן זייערע נעסטן? וואָס האָבן זיי זיך דער־ווּוּסט און ווער האָט זיי געבראַכט די שרעקלעכע ידיעה? און ווו וועלן זיי געפֿינען פֿאַר זיך אַ רויק אָרט אין אָט דער אויפֿגערודערטער וועלט?

ס'איז געווען שניט־צײַט, ווען דער לאַנגער זומערדיקער טאָג זעט אויס צו קורץ, און די קורצע נעכט זעען אויס צו לאַנג. און זייער אָפֿט פֿאַרבייגט מען איינגאַנצן די נאַכט. ווער עס שנײַדט, ווער עס בינדט סנאָפּעס, ווער עס דרעשט און ווער עס ווייעט איבער דאָס אָנגעדראָשענע. און אַ גאַנצע נאַכט הודיעט ערגעץ, הודיעט און קריצט מיט אַן אַליאַרמירנדיקער קריצעניש. צי האָט ערגעץ אַ קאָסע געטראָפֿן אויף אַ שטיין, צי האָט אַ פֿאַרזשאַווערט שרײַפֿעלע געפּלאַצט אויף צווייען...

נאָר אין יענער נאַכט... זי איז פֿאַר אַלעמען געווען אַ וואָכע און פֿול מיט אומרו. סײַ פֿאַר די, וואָס דאַרפֿן באַגינען אַרויס אין פֿעלד, סײַ פֿאַר די, וואָס דאַרפֿן זיך זעצן צו די ניימאַשינען. און דאָס הודיעניש איז געווען גאָר אַן אַנדערע און דאָס קריצעניש אַ נאָך מער אַנדערע. און קאָסעס מיט העק האָבן זיך האַסטיק געגרייט צום קומענדיקן באַגינען. און געקריצט האָבן מענטשלעכע ציין.

און עס האָבן זיך צעקלונגען די קלויסטער־גלעקער...

פֿון אַלע הײַזער האָבן זיך אַ לאָז געטאָן צום בריג פֿונעם דאָרף מענער און פֿרויען, פֿאַרוואָרפֿן אויף די אַקסלען זייערע קאָסעס, ווילעס און גראַבליעס. פּונקט אַזוי, ווי מע גייט יעדן באַגינען אַרויס אין פֿעלד שניט־צײַט. נאָר קיינער האָט ניט געוווּסט, צי וועט אים הײַנט אויסקומען פֿאָכען מיט דער קאָסע איבער די צײַטיקע זאַנגען, צי מע וועט זיך דאַרפֿן וואַרפֿן מיט די קאָסעס אָפּן סוינע.

איינגעם מיט די פּויערים זײַנען אַרויס אויך די, וואָס האָבן ניט צו טאָן מיטן שניט: די קירזשנערס און די שוסטערס, שנײַדערס און היטלמאַכערס. און אויך מיט קאָסעס אויף די אַקסלען. און ניט נאָר מיט קאָסעס. אירמע קאַצעוו, אין איין הינטערהעמד, בלויז אַרומגעצויגן אויף זיך דעם

לעדערנעם פארטעך, האָט געשפּאנט, פּאַכענדיק אין דער לופט מיט זײַן גרויסער האַק, ווי אויספּרווו־דיק איר שארפקײַט. בערל האָט ארײַנגעשטעקט אין די הויזן צוויי גרינגע הוצולישע העקעלעך.

אזוי האָבן זיי געשפּאנט, שווײַגנדיק, אָנגעשטרענגט און אָנגעכמורעט, אויסגעמישט זיך אין איין אומרויִקן און אופגערודערטן האמוין — די ייִדן מיט די קריסטן — צונויפגעגאָסן, פארייניקט זיך, דורכגעדרונגען מיט איין געפאר, מיט איין צאָרן און איין פארלאנג — אָפּשלאָגן דעם סוינע און ווײַזן דער וועלט... וועגן ווײַזן דער וועלט האָט מעגלעך קיינער ניט געטראכט, נאָר אָט דער געדאנק האָט ווי א בינען־רויש ארומגעשוועבט אין דער פרישער באַגינענדיקער לופט: דערווײַזן, אז זיי זײַנען געווען און געבליבן מענטשן. און זיי וועלן ניט דערלאָזן.

זיי האָבן זיך אויסגעשטעלט אפן ברעג פונעם דאָרף אין א געדיכטער ריי, אַקסל צו אקסל, און פארטײַטעט זיך אײַנגעקוקט אינעם טונקעלן הימל־ראנד, אף וועלכן עס איז א פארגליווערטע געהאנגען א בלייכע לעוואָנע. זיי האָבן זיך אײַנגעקוקט אינעם וועג, וואָס פירט קיין דראניוועץ, פונוואנען עס האָבן זיך געקאָנט באווײַזן די ראָצכים.

זיי זײַנען געבליבן שטיין איינער קעגן אנדערן, צוויי פײַנטלעכע צדאָדים, געשטאנען אָנגעכמו־רעט, און דראָענדיק ערגעץ אף די נאָענטע און ווײַטע פראָנטן, זײַנען געגאנגען פארביטערטע שלאכטן, מענטשלעך בלוט האָט פארפלעקט דעם הימל און די ערד מיט רויטן, און יעדן טאָג איז אף דער וועלט געוואָרן ווייניקער מיט טויזנט לעבנס. און עס זײַנען צוגעקומען טויזנטער אלמאָנעס און יעסוימים. קיינער האָט דאן נאָך ניט געקאָנט זאָגן, וויפל וועט דויערן אָט די בלוטיקע מילכאָמע און וויפל מיליאָנען לעבנס וועט זי קאָסטן, און ווי א ווײַטער אָפּהילך פון יענע שלאכטן האָט אין יענעם באַגינען זיך אָפּגעשפּיגלט דער אומגעהייערער צונויפקום פון נאָענטע שכיינים, וואָס האָט שטומער־הײַט אויסגעדריקט דעם טאָך פון די גלאָבאלע געראנגלען.

דער שטומער איבערוף האָט געדויערט ניט מער, ווי א מינוט. עפּשער צוויי. נאָר ווער ווייסט, וואָס איז פאר אָט דעם קורץ שטיקל צײַט איבערגעלעבט און איבערגעטראכט געוואָרן. מירטשע האָט זיך אײַנגעקוקט אין די, וואָס שטייען אף די פורן מיט אָנגעצילטע ביקסן און אויך אף די, וואָס שטייען באנאנד מיט אים. צי וועט באלד ניט א קנאל טאָן און קוילן וועלן א פלי טאָן אף זיי? ער האָט געמאכט עטלעכע טריט פאָרויס. אויב א קויל, איז זאָל זי אים טרעפן דעם ערשטן. עטלעכע ווער־ביוקער כעוורע, די, וואָס האָבן געהאט ביקסן אין די הענט, האָבן אויך געמאכט עטלעכע טריט פאָרויס און זיך אוועקגעשטעלט באנאנד מיט אים. דער גאלעך איז געשטאנען א ביסל אין א זײַט, א פּאָר שפּאַן אונטער מירטשען. און אפילע פונדערווײַטנס האָט מען געקאָנט באמערקן, אז ער האלט אין איין ציטערן. דער גרויסער באגילדעטער ציילעם אין זײַנע הענט האָט זיך געשאָקלט אהין און אהער, ווי דער אומרו אף א וואנטזייגער.

אזוי זײַנען זיי געשטאנען איינער קעגן אנדערן ביז מירטשע האָט אויסגעשריגן:

— שוין זאָלט איר פארקערעווען צוריק! און פארגעדענקט!

ווער ווייסט... גאנץ מעגלעך, אז זיי האָט אָפּגעשטעלט דאָס, וואָס זיי האָבן דערזען דעם גאלעך מיטן ציילעם אין די הענט און פארשטאנען, אז אין ווערביוקער קלויסטער האָבן היינט געקלונגען גאָר אנדערע גלעקער.

— וויאָ! — האָט אויסגעשריגן איינער און א צי געטאָן די לייצעס אף צו פארקערעווען.

א צווייטער האָט דראָענדיק א פאָכע געטאָן מיט דער ביקס און ארויסגערעוועט מיט א שי־קערער שטים:

— גוט, מיר וועלן פארגעדענקען! און דיך וועלן מיר אוודע פארגעדענקען!

מירטשע האָט א וויש געטאָן מיטן ארבל דאָס אָנגעשוויצטע פּאָנעם, ווי נאָך א שווערן גע־פעכט. ער האָט זיך אויסגעדרייט מיטן פּאָנעם צום אוילעם און באמערקט, אז זיי טוען אויך דאָס זעלבע. און סאָפּען דערבײַ הויך און האסטיק, פונקט ווי ער. און שמייכלען אויך אזוי. מיט אן אונ־טערציטערנדיק שמייכעלע פון מענטשן, וועמעס לעבן איז נאָרוואָס געווען אין א גרויס געפאר און זיי זײַנען אלפּי נעס ניצל געוואָרן. א שמייכעלע, פול מיט פרייד און אויך מיט א ביסעלע שטאָלץ דערפון, וואָס זיי האָבן זיך ניט דערשראָקן, ניט אָפּגעטראָטן און אויסגעהאלטן דעם קורצן און שטו־מען שלאכט ביזן סאָף.

ווי זשע האָט מירטשע געקאָנט דורכלאָזן אזא געלעגנהײַט און ניט האלטן קיין רעדע? ווער ווייסט, ווען וועט ער נאָכאמאָל האָבן פאר זיך אזא גרויסן אוילעם? לויט דעם, ווי דער אוילעם האָט זיך ניט געקליבן פאנאנדערגיין, האָט ער פארשטאנען, אז זיי ווארטן... זיי ווארטן, ער זאָל זיי עפּעס זאָגן.

— טײַערע לאנדסלײַט! — האָט ער ארויסגערעדט נאָך אלץ א פארסאָפּעטער. און ערשט דער־נאָך זיך געכאפּט, אז ער האָט ניט באוויזן דורכטראכטן זײַן רעדע. דערצו האָט ער פארשטאנען, אז הײַנט דאָרף געזאָגט ווערן אזוינס, וואָס איז ביז איצט נאָך ניט געזאָגט געוואָרן. נאָר לאנג טראכטן איז ניט געווען ווען.

— טייַערע לאַנדסלייַט! — האָט ער איבערגעכאַזערט. — מיר האָבן הייַנט אויסגעהאַלטן א גרויסע און זייער אן ערנסטע שלאַכט! נאָר דאָס איז בלויז אן אָנהייב. אין אונדזער לאַנד און איבער דער גאַנצער וועלט גייען בלוטיקע שלאַכטן מיטן דייַטשישן פאַשיזם. און קיינער קאָן ניט וויסן, וואָס די מילכאָמע וועט פאָדערן פון יעדערן פון אונדז! געדענקט! אונדזער קראַפט איז אין אונדזער מענטשלעכקייַט, אין אונדזער ריינעם געוויסן, אין אונדזער גרייטקייַט מאַקריוו זייַן מיטן סאַמע טייַערסטן! היט אָפּ אין זיך דעם מענטשן, די מענטשלעכע ווירדע; גלויבנס זייַנען פאַראַן א סאַך, גאָט איז איינער! דער גאָט, וואָס איז באַם מענטשן אין האַרצן! דערלאָזט ניט פאַרסאַמען אייַערע נעשאָמעס מיטן מענטשנפרעסערישן גיפט!

פראַזינע איז צוגעלאָפן צו אים, אַרומגעכאַפּט מיט ביידע הענט און הייס א קוש געטאָן.

— נו, איצט מעגסטו שוין גיין מיט אונדז אַהיים. כ'האָב צוגעגרייט א געשמאַקן מיטיק.

— גוט, גוט, — האָט מירטשע אָפּגעענטפערט, א ביסל פאַרשעמט פון דער שוועסטערס אופטו. — לאָמיך נאָר געבן אייניקע פאַראָרדענונגען. הייַנט איז נאָך בא אונדז ראַטנמאַכט און איך בין נאָך פאָרזיצער פון דאָרפראַט.

זיך דורכגעשמועסט מיט זייַנע מיטהעלפער, פאַנאַנדערגעשטעלט א פאַרשטאַרקטע וואַך איבער אַלע וועגן, איז ער איינעם מיט טאָדאָרן און פראַזינען אַוועק צו זיי אַהיים. נאָך דער נעכטיקער באַגעגעניש מיטן גאַלעך און נאָך דעם, וואָס איז נאָרוואָס פאָרגעקומען, האָט זייער רויגעז איבערן קאָלווירט אָנגעוווירן זייַן שאַרפקייַט. און ביכלאַל, ווער קאָן איצט טראַכטן וועגן אַזעלכע זאַכן? פראַזינע האָט שטיל, אין זיך געפרייט זיך, טאָדאָר, דערפילט די אופגעקומענע אָפּווייַכונג, האָט אויך געוואָלט מיט עפּעס-וואָס דערווייַזן, אַז ער איז גרייט פאַרגעסן דעם רויגעז.

נאָך א לאַנגער צייַט האָבן זיי ווידער איינעם זיך געזעצט צום טיש. טאָדאָר האָט אַוועקגעשטעלט א פלעשל בראַנפן, אָנגעגאָסן די קויסעלעך און א זאָג געטאָן אַזוינס, וואָס האָט שטאַרק פאַרכידעשט מירטשען.

— לאָמיר אויסטרינקען פאַרן הייַנטיקן טאָג. פאַר אונדזערע ווערביוועקער.

מער האָט קיינער קיין טאָסטן ניט געהאַלטן. דאָס, וואָס יעדערער האָט געוואָלט זאָגן, דאָס, וועגן וואָס יעדערער האָט געטראַכט, איז געווען צו ווייטיקלעך. נאָך דער אומרויִקער שלאָפלאָזער נאַכט און נאָך דעם, וואָס ער האָט הייַנטיקן גאַנצפרי איבערגעלעבט, אייַנשטעלנדיק פיל לעבנס, און אין דער ערשטער ריי דאָס אייגענע, האָט מירטשע זיך דערפילט שרעקלעך מיד, אינגאַנצן ווי אויסגעשעפּט. און דאָס איינציקע, וואָס ער האָט איצט געוואָלט און געדאַרפט, איז געווען, — גוט אויסשלאָפן זיך. פראַזינע האָט דאָס באַמערקט לויט זייַנע אייַנגעשרומפענע אויגן און לויט דעם, ווי ער רעדט קוים אַרויס א וואָרט.

— עפשער וועסטו זיך צולייגן אָפּ א פאָר שאָ? — האָט זי געפרעגט.

— האָסט געטראָפן, שוועסטערוניע, — האָט ער אַרויסגערעדט נאָכגיביק. פון דער אומגעווייַנלעך צאַרטער שטים האָט פראַזינען פאַרקלעמט באַם האַרצן.

ער איז אָפּגעשלאָפן ניט צוויי שאָ, נאָר פיל מערער, געשלאָפן אַזוי טיף און געשמאַק, ווי שוין לאַנג ניט געשלאָפן, און זיך אופגעכאַפּט, ווען אין דרויסן איז שוין געווען גוט טונקל און ווען פון די בערג האָט א ציִ געטאָן מיט א פייַכטער קעלט. ער האָט זיך א הייב געטאָן, ווי דערשראָקן זיך זיך פאַר עפּעס, און אָנגעהויבן אַרומקוקן זיך. דערנאָך, באַרויִקט זיך א ביסל, האָט ער געגומען אייַנהערן זיך אין די פאַרנאַכטיקע קלאַנגען. קיין שום דראָענדיקס האָט ער ניט אופגעכאַפּט. עס האָט בלויז געמורמלט דאָס וואַסער אין נאָענטן טייַכל און עס האָבן זיך צעפלאַטערט, צערוישט די בלעטער אָפּ די ביימער.

— איך מוז גיין, — האָט ער מיט באַדויערונג א זאָג געטאָן און ראַשיק זיך אופגעהויבן.

— און די וועטשערע? — האָט פראַזינע זיך געבעטן.

— די וועטשערע? — האָט מירטשע איבערגעפרעגט. — נו, יאָ, אַוואַדע...

די וועטשערע איז אויך געווען פון יענע, וואָס ער האָט שוין לאַנג ניט געגעסן. ניט די קאַלטע רעשטלעך פונעם מיטיק, נאָר א פרישע וועטשערע, וועלכע האָט אַזוי געמיטלעך אויסגעדאַמפּט איר קימאַט לעבעדיקע וואַרעמקייַט.

— וועסטו עפשער איבערנעכטיקן אויך? — האָט פראַזינע אַרויסגערעדט, ווי אירן א לאַנגאָניקן טרוים.

— אוי, וואָלט איך געוואָלט! — האָט ער אָפּגעענטפערט און לאַשטשענדיק א פיר געטאָן מיט דער האַנט איבער איר אַקסל. — אָט אַזוי-אָ, אָפּ שטענדיק אינעם טאַטנס הויז... און ניט טראַכטן וועגן גאָרנישט ניט. און ניט...

ער האָט ניט דערזאָגט, וואָס מיינט ער מיטן „ניט” און איבערגעשלאָגן זיך אַליין:

— נאָר איך קאָן ניט. איך האָב באַשטעלט א באַראַטונג אָפּ הייַנטיקן אָוונט. זייער א דרינגענדיקע.

— ווּעסטו זי מאָרגן דורכפֿירן, — האָט פּראַזינע ווידער זיך געבעטן.

— ווער ווייסט, ווער ווייסט, צי ווּעלן מיר האָבן דעם מאָרגן.

ער האָט ניט געקאָנט און ניט געטאָרט איר זאָגן דעם גאַנצן עמעס, ער האָט טאַקע צוניפֿגערופֿן אַ באַראַטונג פֿונעם דאָרפֿישן אַקטיוו, נאָר דאָס איז געווען אַ באַראַטונג פֿון גאָר אַן אַנדער מין. מע האָט געדאַרפֿט צוניפֿרעדן זיך וועגן פֿאַרברענען אַלע דאָקומענטן פֿון דאָרפֿראַט, אַלע צעטלען פֿון דאָרפֿישן אַקטיוו, די צעטלען פֿון די קאָמיוגיסטן. און נאָך דעם האָט ער געדאַרפֿט פֿאַרשווּנדן ווערן. ער האָט פֿאַרשטאַנען, אַז וואַרטן אויף אַ סיגנאַל פֿון ראַיאָן איז ניטאָ וואָס. און נאָך הײַנטיקן צוזאַמענשטויס דאַרף ער שוין זיך אַריבערקלײַבן, ווי ס'איז געווען אָנגעזאָגט, אין אַ ווײַטן דאָרף, ווו מע קען אים ניט. נאָר וועגן דעם דאַרף קיינער ניט וויסן. און פּראַזינע אויך ניט. דאָס וועט זײַן גלײַכער פֿאַר איר.

ס'איז געווען אַ לויטערער זומערדיקער אָוונט, ווען דער הימל איז אָנגעזייט מיט שטערן, און עס דוכט זיך, אַז זיי, די ווײַטע שטערן, געוועלטיקן איבער דער גאַנצער וועלט, וויגן אײַן, וועמען מע דאַרף אײַנוויגן, וועקן אויף, וועמען מע דאַרף אויפֿוועקן, אויסטיילנדיק יעדערן זײַן כּיילעק גוטס אָדער ניט־גוטס, אַלץ, וואָס יעדערן איז אויסגעפֿאַלן אויף זײַן גורל. אָט האָט אַ ווײַטער שטערן זיך אַ ריס געטאָן פֿון זײַן אָרט און אַוועקגעפֿלויגן אין דער אומענדלעכקײַט, אָנצייכענענדיק אויפֿן באַנאַכטיקן הימל אַ לאַנגן, פֿײַערדיקן פּאַס. און נאָך אים אַ צווייטער, אַ דריטער. פּראַזינע, וואָס איז אַרויס אים באַגלייטן, האָט אַרויסגערעדט שטיל און גאָטספֿאָרכטיק:

— זיי פֿליִען אַרום, די זינדיקע נעשאָמעס.

מירטשע האָט געשוויגן. ער איז געווען פֿאַרנומען מיט זײַנע, אויך אומגעוויינלעכע געדאַנקען. ער האָט געטראַכט וועגן דער אייביקײַט, וואָס הענגט איבער זיי, די אייביקײַט, וואָס איז אינגאַנצן גלײַכגילטיק צו די גערangלען אויף דער ערד, מאַכט זיך אינגאַנצן ניט־וויסנדיק וועגן די מענטשלעכע פּלאָגן און בלוטיקע מילכאָמעס, אין וועלכע עס קומען אום מיליאָנען מענטשן. מירטשען האָט דורכגענומען אַ גרויל פֿון אָט דער אומבאַגרײַפֿלעכער קראַפֿט פֿון דער אייביקײַט, קעגן וועלכער דער מענטש איז אינגאַנצן אָנמעכטיק.

פֿאַר פֿיל יאָרן פֿון זײַן באַוווּנאַדקײַט אַלס אונטערערדלער האָט ער נאָך קיינמאָל זיך ניט געפֿילט אַזוי איינזאַם און אַזוי מאָרעשכוירעדיק, ווי אין יענער זומערדיקער נאַכט. נאָך אָט דעם אומפֿאַרגעסלעכן, סאַמע גליקלעכסטן יאָר אין זײַן לעבן, איז אים זייער שווער געווען ווידער אָנהייבן אַ לעבן פֿון אַ נאַווענאַדניק, אַ לעבן, פֿול מיט אומבאַוווּסטקײַט, ווען הונדערטער געפֿאַרן טשאַטעווען נאָך אויף יעדער שריט און טריט. ער האָט דערווײַל ניט געוווּסט, פֿון וואָס וועט איצט באַשטיין זײַן אונטערערדישע טעטיקײַט, וועלכע וועלן זײַן זײַנע פֿליכטן און וועלכער אויפֿן פֿון קאָנספּיראַציע. דערווײַל האָט ער נאָר געוווּסט דאָס אָרט פֿון דער ערשטער יאַווקע און דעם פּאַראָל. אַלץ דאָס איבעריקע וועט זיך אויסקלאָרן דערנאָך. איין זאַך האָט ער באַשטימט פֿעסט: הײַנטיקע נאַכט דאַרף ער אַוועק. און ווער ווייסט, ווען וועט ער נאָכאַמאָל קאָנען זיך אומקערן אינעם אייגענעם דאָרף. און צי וועט ער בכלל אַמאָל ווידער קומען אַהער.

ער האָט געשפּאַנט איבערן טאָל באַנאַנד מיט פּראַזינען און זיך געשראָקן פֿאַר דער מינוט, ווען זיי וועלן דאַרפֿן זיך געזעגענען. אים האָט זיך זייער געוואָלט אָפּציִען כאָטש נאָך אויף אַ ביסל יענע גרויליקע מינוט.

— לאָמיר נאָך אַ ביסל זיך דורכשפּאַצירן, — האָט ער אַרויסגעשעפּטשעט.

— ווּהין? — האָט פּראַזינע ניט פֿאַרשטאַנען.

— גלאַט אַזוי. נו, אַרום די פֿיר ווערבעס. געדענקסט, ווי מיר פֿלעגן דאָ אַרומלויפֿן באָרוועסע. אַ ספּריטנע מיידעלע ביסטו געווען. מיר איז שווער געווען דיך כאַפּן.

— דערפֿאַר האָסטו מיך אַזוי געשלעפּט פֿאַר די צעפּלעך?

— און דו האָסט געריעוועט, ווי גאָר אַ פּיצל.

— מיר האָט ווי געטאָן.

זיי האָבן אַרומשפּאַצירט איבערן גרינעם טאָלעכל, און אַלץ איז געווען פֿאַר זיי פֿול מיט אומפֿאַרגעסלעכס. זיי זײַנען אַרומגעגאַנגען, ווי פֿאַרכאָלעמטע, און וואָס אַ מאָל טיפֿער זיך פֿאַרקליבן אין זייער ווײַטער קינדהײַט, און אַרום האָט געהערשט אַן אומגעוויינלעכע שטילקײַט, גלײַך די גאַנצע וועלט איז אַנשלאָפֿן געוואָרן. מע האָט בלויז געהערט איר אומרויִקן אָטעם.

פּלוצעם האָט פֿון ערגעץ אַ קנאַל געטאָן, איין שאָס נאָכן צווייטן. דאָס האָט זיי מיטאַמאָל אויסגעניכטערט און אויפֿגעוועקט פֿון זייער פֿאַרכאָלעמטקײַט. מירטשע האָט זיך אָנגערופֿן:

— איך מוז גיין, מע וואַרט דאָרטן אויף מיר. לאָמיר זיך געזעגענען.

פּראַזינע האָט אים אַרומגענומען מיט ביידע הענט, ווי געוואָלט אים פֿאַרהאַלטן, און וויינענדיק געפֿרעגט:

— וואָס זשע וועט זײַן, מירטשע, וואָס וועט זײַן?

— האָסט דאָך געהערט, וואָס מאַלאַכאָווו האָט געזאָגט: אונדזער זאַך איז אַ גערעכטע. דער סוינע וועט צעשמעטערט ווערן. דער זיג וועט זײַן פֿאַר אונדז!

נאָר ווער האָט דאַן געקאָנט וויסן, וויפֿל טויזנטער ווערסטן איז צו אָט דעם זיג, וויפֿל כאַדאָשים און יאָרן וועט דויערן דער וועג צו אים, וויפֿל קאָרבאָנעס וועט ער פֿאָדערן, און... ווער וועט פֿאַלן בײַם די לעצטע טריט און ווער באַם סאַמע אָנהייב.

אָפּגעזעגנט זיך מיטן דער שוועסטער, האָט מירטשע אפגיך אריבערגעשפּאַנט די קלאַדקע און אוועק מיטן שיטערן וועלדל אַף ליִנקס, אַהין, ווו אין געוועזענעם פּריציִשן הויף איז געווען דער דאָרפֿראַט און וווּהין עס האָט זיך געדאַרפֿט צונויפֿקלײַבן דער דאָרפֿישער אַקטיוו. ער האָט גלײַך דערפֿילט זיך, ווי אין די פּריִערדיקע צײַטן, ווען ער איז געווען אַן אונטערערדלער, גרייט צו אַלע אומדערוואַרטקייטן און געפֿאַרן. ער האָט געפֿילט ווי די פֿאַרומערטקײַט טרעט אָפּ און אין אים וואַקסט אָן די אַנטשיידנקייט און געוואָגטקייט. דאָס האָט אים שטאַרק אונטערגעמונטערט. די געדאַנקען האָבן געאַרבעט מיט פֿולער קלאָרקייט, אויסמאַלנדיק פֿאַר זיך, וואָס אים שטייט פֿאָר און וויאַזוי באַנייען אין זיך יענע שוין פֿאַרגעסענע, צי אָפּגעשוואַכטע קלאַלים און באַגריפֿן, די שטרענגסטע געזעצן און באַגרענעצונגען אינעם לעבן און אופֿירונג פֿון אַן אונטערערדלער. ער האָט אויך געטראַכט וועגן דעם, וואָס דאַרף ער איצט זאָגן די, וואָס וואַרטן אַף אים, וואָס דאַרף ער זיי זאָגן, וואָס אָנזאָגן. עמעצער וועט דאָך געוויס קומען אַהער אויך אַזאַ, ווי ער, וועמען קיינער קען דאָ ניט, קעדיי שאַפֿן אַ זיכערע נעץ פֿון אונטערערדישע פֿאַרבינדונגען, מעגלעך אויך אַ פּאַרטיזאַנישן אָטריאַד... און גאַנץ מעגלעך, אַלנפֿאַלס, אַזוי האָט זיך געוואָלט טראַכטן, גלייבן, אַז ווי דאָס זאָל ניט זײַן, וועט ער אַליין אין אַ שטיקל צײַט אַרום ווידער קומען אַהער. אויב ניט אין דאָרף, איז אין די נאָענטע וועלדער, ווו עס וועלן אויפֿקומען פּאַרטיזאַנישע אָטריאַדן.

נאָך פֿונדערווײַטנס האָט ער דערזען, ווי אין דאָרפֿראַט לויכט זיך. פּיצינקע פֿײַערלעך. ווי ווײַטע בליצעלעך, האָבן זיי אַלעמאָל אַ שײַן געטאָן דורך די פֿענצטער. הייסט עס, אַז אַלע האָבן זיך צו־נויפֿגעקלײַבן. מע פֿאַררייכערט איין ציגאַרעט נאָכן צווייטן און אין צימער איז שוין פֿול מיט רויך. דאָס האָט אים אונטערגעזאָגט, ער האָט אָנגעהויבן שפּאַנען וואָס אַ מאָל האַסטיקער, אַפֿילע אונטערגע־לאָפֿן אַ ביסל.

נאָר צום דאָרפֿראַט איז ער ניט דערגאַנגען.

אָפּגעזעסן ביז האַלבער נאַכט און ניט דערוואַרט זיך אַף מירטשען, איז דער אוילעם געוואָרן שטאַרק אומרויִק. קיינער האָט ניט געוואָלט אַרויסווײַזן זײַן צושטאַנד, נאָר די קאַנאַנאַדע, וואָס איז געוואָרן אַלץ הילכיקער, האָט געצוווּנגען יעדערן אַ קוק טאָן אין דער נאַכט אַרײַן דורכן אָפֿענעם פֿענצטער. בערל האָט דער ערשטער ניט אויסגעהאַלטן:

— דאָ איז עפּעס ניט גלאַטיק, — האָט ער אַ זאָג געטאָן. — עס קאָן ניט זײַן, אַז מירטשע זאָל דאַרטן בלײַבן בעכטיקן. איך וועל צוגיין צו טאַדאַרן.

— גוט, — איז סושינסקי מאַסקים געווען. — נאָר נעם מיט זיך עמעצן פֿון די כעוורע. און דו אַליין מעגסט אויך צוגעוווינט ווערן צו דער ביקס.

— איך וועל נאָך באַווײַזן, — האָט בערל אָפּגעענטפֿערט. — דערווײַל, מיין איך, דאַרף מען שוין פֿאַרניכטן אַלע דאָקומענטן פֿונעם דאָרפֿראַט. די ווייסט דאָך...

— גיי, גיי, מיר וועלן אַלץ אָפּטאָן.

דערזעען בערלען און אויסגעהערט זײַן פֿראַגע, האָט פּראַזינע אָנגעהויבן קלאַפּן זיך מיט ביידע הענט אין קאָפּ.

— אוי, אַ דונער האָט מיך געטראָפֿן! — האָט זי אויסגעשריגן. — טאַדאַר, ווײ איז מיר, מירטשע!..

זיי זײַנען געלאָפֿן אַלע דרײַ באַנאַנד, און פּראַזינע האָט ניט אופֿגעהערט אײַנטײַנען מיט זיך אַליין:

— איך האָב אים דאָך באַגלייט! ביז דער קלאַדקע באַגלייט! און איך האָב געזען, ווי ער האָט פֿאַרקערעוועט מיטן וועלדל אַף ליִנקס, ווײ איז מיר!

אין הויף פֿונעם דאָרפֿראַט האָט געבערנט אַ קליין שײַטערל, אין וועלכן עס האָבן געטליִעט די פֿאַרניכטעטע דאָקומענטן. אויסגעהערט בערלען און פּראַזינען, האָט מיכײַלאַ מיטאַמאָל אָנגעוווירן זײַן באַדאַכטקײַט און אַרויסגערעדט שטרענג און באַפֿעלעריש:

— מע דאַרף שוין אופֿהייבן דאָס דאָרף און אַרויסשטעלן אַ פֿאַרשטאַרקטע וואַך אין אַלע ריכטונגען. די גאַזלאָנים דאַרפֿן זײַן ניט ווײַט. לאָמיר שוין גיין זוכן.

דאָס וועלדל באַם טײַכל איז ניט קיין גרויסס. באַטאָג זעט זיך עס אָפּ דורך און דורך. נאָר באַנאַכט איז שווער געווען עפּעס באַמערקן. זיי האָבן געשפּאַנט אין אַ ריי אַ מענטשן צען, אויסגע־

פֿאַרשט יעדן שפּאַן און יעדן שפּור. פֿראַזינע איז אַלעמאָל אַרויסגעלאָפֿן פֿאַרויס, אַן אונטערגעיאָגטע מיט שרעק און שווערן פֿאַרגעפֿיל. און ניט אויפֿגעהערט צו רופֿן:

— מירטשע, ווו ביסטו, מירטשע!

בערל האָט געפּרוּווט אײַנרעדן זי:

— גיי אַהיים, פֿראַזינע, מיר וועלן אים אָפּזוכן, זײַ זיכער.

טאָדאָר האָט אויך איבערגעכאַזערט דאָס זעלבע:

— גיי אַהיים, פֿראַזינע, איך בעט דיך.

— וואָס רעדט איר, וואָס רעדט איר? — האָט פֿראַזינע ווי אָנגעשריגן אויף זיי. — איר ווייסט, וואָס איר רעדט?

און ערשט דאַן, ווען עס האָט אָנגעהויבן שאַרײַען אויף טאָג... סושינסקי האָט אַרויסגעשיקט פֿאַרויס צוויי באַוואָפֿנטע כעוורע, זיי זאָלן אויספֿאָרשן אַלץ אַרום. גאָר אינגיכן זײַנען זיי געקומען צו לויפֿן בלייכע און פֿאַרסאָפּעטע.

— ער איז דאָ... ער ליגט... דאָרטן...

ער איז געלעגן אײנעם יאַר אַ פּאָר קילאָמעטער פֿונעם דאָרף, אײנעם יאַר, וואָס ציט זיך ביז דראַניוועץ... ער איז געלעגן שוואַך צוגעשיט מיט אַ ביסל ערד, מע האָט עס געקאָנט אַראָפּשאַרן מיט די הענט. דער קעפּטאַר איז אויף אים ניט געווען, דאָס העמדל איז געווען צעכראַסטעט, און דאָס גאַנצע לײַב צעפּאַסעוועט, פֿול מיט טיפֿע שניטן און מיט פֿאַרזאָטן בלוט. דאָס מויל איז געווען פֿאַרשטאָפּט מיט גראָז, און צום העמדל איז געווען צוגעטשעפּעט אַ פּאַפּירל מיט אַן אויפֿשריפֿט: „איצט וועסטו שוין מער ניט האַלטן אַזעלכע רעדעס". זײַנע אויגן זײַנען געבליבן אָפֿענע, ווי לעבעדיקע, און פֿאַרגליווערט געקוקט אויפֿן נאָך גרויליכן באַגינענדיקן הימל.

— מירטשע, מירטשע! — האָט פֿראַזינע זיך צעיאָמערט און איז אומגעפֿאַלן אויף דער ערד נעבן אים.

אַלע אַנדערע זײַנען געשטאַנען, ווי געפּלעט, און ניט געקאָנט אַרויסרעדן קיין וואָרט. זיי זײַנען געשטאַנען, שווער געטעמט, ווי נאָך אַ גיכן געלאָף. ערשט דערנאָך האָט סושינסקי אַראָפּגענומען דאָס היטל, און נאָך אים אַלע איבעריקע.

— איך וועל גיין אײַנשפּאַנען די פֿערד, — האָט טאָדאָר ענדלעך אַרויסגערעדט.

— מע דאַרף ניט, — האָט בערל אים אָפּגעשטעלט, — מיר וועלן אים אויף די הענט אַוועקטראָגן.

ווען מע האָט געבראַכט מירטשען צו די פֿיר ווערבעס, איז שוין דאָרטן געווען אַ גרויסער עולם. ווײַבער האָבן שטיל געכליפּעט, מענער האָבן שטומערהייט געשאָקלט מיט די קעפּ.

ס'איז געווען אַן אומגעוויינלעכע לעווײַע. צום ערשטן מאָל זײַנען נאָך דער טרונע נאָכגעגאַנגען די ייִדן, און מיט אַלע איגיינעם אַרײַנגעקומען אויפֿן קריסטלעכן צווינטער. פֿראַזינע און פּרומע, וועמען דער אַלגעמיינער אומגליק האָט איבערגעבעטן, זײַנען געשטאַנען באַם אָפֿענעם קייווער, געהאַלטן זיך פֿאַר די הענט און אַלעמאָל געפּרוּווט ראַטעווען איינע די אַנדערע פֿון כאַלאַשעס.

ס'איז געווען אַן אומגעוויינלעכע לעווײַע. קיינער האָט אין קלויסטער ניט געקלונגען, קיין רעדעס האָט מען אויך ניט געהאַלטן. בלויז פֿראַזינע, אַן אָפּגעראַטעוועטע פֿון אַ נײַעם כאַלאַשעס, האָט אויפֿגעהויבן די הענט צום הימל, ווי געטײַנעט צו גאָט אַליין:

— פֿאַרוואָס, פֿאַרוואָס האָבן זיי אים? ער האָט דאָך אַזוי גוט גערעדט וועגן גאָט!

ווען מע האָט זיך געקליבן אַראָפּלאָזן די טרונע אין קייווער, איז אָנגעקומען דער גאַלעך. ער האָט געשפּאַנט מיט זייער אַ לאַנגזאַמען, מידן שפּאַן. אויף זײַן פּנים האָט זיך אָפּגעשטעמפּלט אַ טיפֿער טרויער און אַזוינס, וואָס איז שווער געווען באַשטימען: צי איז דאָס געווען הייסע אויפֿגעבראַכטקייט אויף די מערדער, צי אויך אַ ביסעלע רויגעז אויף זײַנע דאָרפֿסלײַט, וואָס זיי האָבן אים ניט אײַנגעלאַדן אויף דער לעווײַע. צוגעקומען צו דער טרונע, האָט ער זיך פֿאַרנייגט פֿאַרן באַרמינען, איבערגעציילעמט אים און אַרויסגעשעפּטשעט דערבײַ עטלעכע ווערטער, וועלכע קיינער האָט ניט געהערט. עפּשער איז דאָס געווען אַ טפֿילע און עפּשער אַ שטילע געזעגעניש מיטן קאָרבן, וואָס האָט אין זײַן לעצטן טאָג זיך אַנטפּלעקט פֿאַר אים אַזוי, ווי קיינער ניט פֿון זײַנע נאָענטע. מעגלעך דערפֿאַר האָט ער געזאָגט אַזוינס, וואָס פּאַסט אַוואַדע ניט פֿאַר קיין גאַלעך אויף אַ לעווײַע:

— פֿאַרגעדענקט, וואָס ער האָט נעכטן געזאָגט: גלויבנס זײַנען פֿאַראַן אַ סאַך, גאָט איז איינער... דער, וואָס איז באַם מענטשן אין האַרצן...

אַלץ איז געווען פּונקט קאַפּויר. אַלץ — טראָץ די דורעסדיקע מינהאָגים. נאָר אַזאַ צײַט איז דאַן געווען. די גאַנצע וועלט האָט פֿאַרלוירן איר געוויינלעכן סיידער.

און דאָס איז געווען ניט קיין רעדע. דאָס האָט בערל געזאָגט פֿראַזינען, ווען ער האָט זי אָנגענומען פֿאַר דער האַנט אויף אַוועקפֿירן פֿונעם קייווער.

— איצט זײַנען מיר מיט דיר געקניפּט און געבונדן. מיט איין ווייטיק, מיט די זעלבע פֿאַרלוסטן. און פֿאַר מירטשען... מיר וועלן נעקאָמע נעמען.

באַנאַכט זײַנען אין דאָרף אַרײַן די דײַטשן.

וועל איך שוין ווידער אַ גאַנצע נאַכט ניט שלאָפֿן. איך וועל ליגן און טראַכטן, און פֿאַר די אויגן וועט דורכשווימען אַלץ, וועגן וואָס טאַדאַר האָט מיר דערציילט. דורכשווימען מיט אַ דערשיטערנדיקער העלקײַט, פֿון וועלכן עס וועט אַלעמאָל אַ קלעם טאָן אונטערן האַרצן.

ס'איז געווען די צײַט פֿון שניט. די זעלבע טעג פֿון יול, ווי אין יענעם ווײַטן אײן־און־פֿאַרציקסטן, די נאַכט איז געווען אַ וואַכע און אַ ראַשיקע, ווי אַלע נעכט פֿון שניט, אַ הודיענדיקע און אַ קלינגענדיקע. ערגעץ האָבן קאָמבײַנען זיך איבערגערופֿן מיט זייער דינעם קלאַנג, ווי אויסגעזונגען אַ שיין לידעלע, ווי פֿאַרכלינעט זיך, אָדער געוואָרגן זיך מיטן ביסן, האָבן געטאַראַראַכקעט ווייעלקעס, און אַפֿן שטויביקן שליאַך פֿון יענער זײַט וואַלד האָבן אַהין און אַהער געיאָגט מאַשינען, אַרויסגעפֿירט דאָס ברויט פֿון די קאָלווירטישע טויקן צו די מעלוכישע עלעוואַטאָרס. און פֿײַערלעך, בלענדנדיקע פֿײַערלעך פֿון די פֿאַרעס און לאַמטערנדלעך האָבן אָט אַ שײַן געטאָן אין דער נאַכט, אָט ווידער פֿאַרשוווּנדן געוואָרן. אַלץ איז געווען אַזוי ווײַט פֿון יענעם אַנהייב־מילכאָמעדיקן שניט, נאָר מיר האָט געקלונגען אין די אויערן דאָס ווידערקאָל פֿון יענע קנאַלן און שיסערײַען, פֿון יענע אַליאַרמירנדיקע רופֿן פֿון די קלויסטער־גלעקער און פֿון מירטשעס שטים, ווען ער האָט געהאַלטן פֿאַר די וואַרביוקער זײַן לעצטע, סאַמע קירצסטע און סאַמע אומגעווייינלעכע רעדע.

איך בין געלעגן און געטראַכט וועגן מענטשלעכער גווורע און מענטשלעכער נידערטרעכטיקײַט. ניט שטענדיק איז גרינג באַשטימען און אָנטאַפּן ביידע, אַזעלכע קעגנזעצלעכע דערשײַנונגען. די ערשטע זײַנען אַמערסטנס באַשיידענע מענטשן, וואָס האָבן זייער ניט ליב, ווען מע רעדט וועגן זיי. די צווייטע סטאַרען זיך מיט אַלע קויכעס אויסבאַהאַלטן פֿון אַ זײַטיק אויג זייער פֿאַרבאָרגענעם טאָך. עס קומט אָבער אַ צײַט, ווען זיי מוזן זיך צונויפֿקומען, צונויפֿשטויסן. אַזוי ווי עס זײַנען אין יענע טעג זיך צונויפֿגעקומען די וואַרביוקער דאָרפֿסלײַט מיט די דראַניוועצער גאַזלאָנים. ווי עס זײַנען זיך צונויפֿגעקומען אין גאַנץ אייראָפּע, אין דער גאַנצער וועלט... נאָר דאָס זײַנען שוין צו ווײַטע פֿאַרגלײַכונגען.

איך האָב געטראַכט וועגן מירטשען און וועגן דעם גאַלעך... אַזעלכע פֿאַרשיידענע, ביז גאָר קעגנזעצלעכע, וועלכע האָבן זיך אין שעאָס־האַקוישער זיך געשטעלט באַנאַנד, קעדיי באַשיצן זייערע שכיינים, באַשיצן זייער מענטשלעכע ווירדע.

איך בין אַן אַלטער אַפּיקוירעס. מיר איז אָנגעקומען ווײַט ניט גרינג בײַקומען אין זיך מײַן קינדערשע פֿרומקײַט און אויפֿנעמען אַלץ, וואָס איז פֿאַרבונדן מיט דער נײַער וועלט, מיט דער רעוואָליוציע, מיט פֿרײַדענקערײַ. פֿון דאַן אָן האָט זיך אויך פֿאַרפֿעסטיקט אין מיר מײַן נעגאַטיווע באַציונג צו די גײַסטלעכע — גאַלאָכים און ראַבאָנים, קסיאָנדזן און קאַרדינאַלן, איך ווייס וועגן זייערע מײַסע מײַסים בײַסן צאַרישן רוסלאַנד, ווען זיי זײַנען געווען יאַדאַכעס מיט די זשאַנדאַרמען. איך ווייס וועגן זייער קאָנטר־רעוואָליוציאָנערער טעטיקײַט אין די יאָרן פֿון בירגערקריג. איך ווייס וועגן די פֿאַרברעכערישע מײַסים פֿון אַ ריי קאַרדינאַלן אין פּוילן, אונגאַרן און אין אַנדערע לענדער, וועלכע האָבן געבענטשט די היטלערישע מערדער. איך ווייס אָבער אויך וועגן דער אַקטיווער טעטיקײַט פֿון פֿיל גײַסטלעכע אין די לענדער פֿון לאַטײַן־אַמעריקע, וועלכע קעמפֿן אײנייגעם מיט די מאַסן גלויביקע קעגן אימפּעריאַליזם און מילכאָמע, קעגן זייערע אונטערדריקער און עקספּלואַטאַטאָרן.

דערפֿאַר האָב איך אויפֿגענומען טאַדאַרס דערציילונג וועגן דער אויפֿפֿירונג פֿון זייער גאַלעך אָן שום צווייפֿל, און איך דערצייל וועגן דעם מיט העכסטן אָפּשײַ צו זײַן אָנדענק. און איך קלײַב זיך דאָ ניט מאַכן וועלכע־ניט־איז פֿאַראַלגעמיינערונגען.

פֿאַרשטאַנען, אַז איך וועל די נאַכט ניט אײַנשלאָפֿן ווערן, בין איך אויפֿגעשטאַנען און אַרויס אין דרויסן. איך ווייס ניט, פֿאַרוואָס מיך האָט אַזוי אַ צי געטאָן צו די פֿיר ווערבעס. שוין צום וויפֿלטן מאָל נאָך טאַדאַרס דערציילונגען. איך האָב געמוזט זיך דורכשפּאַצירן אַרום זיי, דערנאָך צוקומען צו דער קלאַדקע און אײַנקוקן זיך אינעם שיטערן וועלדל, ווו מירטשע איז פֿאַרשוווּנדן געוואָרן. דער גאַנצער אַרום איז נאָך געווען באַנאַכטיק, נאָר ס'האָט זיך געפֿילט, אַז די קורצע זומערדיקע נאַכט גייסעט שוין, און דער הימל הייבט אָן באַקומען זײַן ערעוו־באַגינענדיקע גרויקײַט. איך האָב אַריבערגעשפּאַנט די קלאַדקע און אַוועק אַף רעכטס מיטן וועלדל, אין וועלכן עס האָבן אַרומגעפּויזעט אָפּגעשטשיפּעטע ברעקלעך פֿונעם באַנאַכטיקן נעפּל. דאָ האָב איך זיך באַגעגנט מיט טאַדאָרן, וואָס האָט זיך אומגעקערט פֿון זײַן באַנאַכטיקער וואַכטע.

— וואָס טוט איר דאָ? — האָט ער געפֿרעגט אַ פֿאַרוווּנדערטער.

— איך בין געגאַנגען צו מירטשען.

מײַן לעפֿישן ענטפֿער האָט ער אָנגענומען אָן שום שטוינונג.

— וואָס זשע האָט איר פֿאַרקערעוועט אין רעכטס? ער איז דאָך דאָרטן.

— ווו דאָרטן?

— נו, אויפֿן קאַלווירטישן הויף.

— ווער?

— וואָס זשע, איר האָט אים נאָך ניט געזען?

— וועמען מיינט איר עס?

— זײַן דענקמאָל.

א ווײַלע האָבן מיר בײדע געשוויגן. פֿאַרשטאַנען, אַז מיר זײַנען בײדע א ביסל ניט די, בײדע, ווי פֿאַרכאַלעמט, און אונדזער שמועס איז אויך ענלעך אויף דעם צעבראָכלטן נעפּל. מע האָט ווי־ניט־איז געדאַרפֿט פֿון אים אַרויסקלײַבן זיך.

— וואָס פֿאַר גוטע נײַעס? — האָב איך געפֿרעגט.

— אָ, — האָט טאָדאָר געענטפֿערט א שטאַרק צופֿרידענער מיט מײַן פֿראַגע, — נעכטן האָט מען געענדיקט צוקלײַבן דעם גרעסטן ווײַץ־מאַסיוו. פֿערציק צענטנער פֿון א העקטאַר. איר ווייסט, וואָס דאָס הייסט? אין דרײַ מאָל מערער, ווי אין די ערשטע נאָכמילכאָמעדיקע יאָרן!

— און ווו איז איצט סידאָר יערמאָליײַעוויטש?

— ער קריכט ניט אַרויס פֿון דראַניוועץ. דאָרטן איז ניט אַלץ גלאַטיק. זײַער א שלעכטן שוטעף באַקומען. איר ווייסט, ווען מע האָט אָנגעהויבן צונויפֿגיסן עטלעכע דערפֿער אין איין קאָלווירט, האָבן אונדזערע ווערביוװקער געשריִען: אין מאָל ניין, זיי ווילן ניט זײַן אײנינעם מיט די דראַניוועצער באַנ־דעראָוועצעס, ווער באַנדעראָוועצעס, וואָס באַנדעראָוועצעס? ווו זײַנען זיי איצט? נאָר ווי איר זעט, אַז א דאָרף באַקומט א שלעכטן שעם... סײַווי אָבער האָבן מיר געוווּסט, אַז דער שידעך איז ניט קיין גלײַכער. אונדזער קאָלווירט איז יעדער יאָר אַרויס מיט רעווער, און בײַ זיי האָט זיך אָנגעקליבן דרײַ מיליאָן כּיוווּעס. נאָר ס'איז פֿאַראַן ערגערע זאַכן.

— לעמאַשל? — האָב איך געפֿרעגט.

— די מענטשן אַליין. ס'איז פֿאַשעט ניט צו באַגרײַפֿן. אַזעלכע נאָענטע שכנים, און אַזעלכע פֿאַרשײדענע. געווען אַן אָפּגעשטאַנענער קאָלווירט, און איצט אַן אָפּגעשטאַנענע בריגאַדע. צי דען נעמט זיך דאָס טאַקע נאָך פֿון יענע צײַטן?

אַזוי איז טאָדאָר ווידער אַריבער אויף „יענע צײַטן”.

— אָט, איך הער ניט אויף צו טראַכטן. ווידעראַמאָל וועגן גאָט... פֿאַרוואָס האָט ער אײַנינעם מיטן גוטן אַרײַנגעפּלאָנצט אינעם מענטשן אַזויפֿיל שלעכטס? ער האָט אונדז געוואָלט אויספּרוּוון? ס'איז דאָך אַן אומזין!

איך וואָלט געקאָנט אויסלייגן פֿאַר טאָדאָרן א גאַנצע סעדרע פֿון די קריסטלעכע טעאָלאָגן וועגן דעם מענטשנס זינד און וועגן דעם אויסלייזער יעזוסן, וואָס האָט מיט זײַן מאַרטירערײַ גענומען אויף זיך אויסקויפֿן און פֿאַרגעבן אַלע מענטשלעכע זינד. איך וואָלט געקאָנט דערמאָנען פֿיל אַנדערע מיזמוֹינעס, אין וועלכע איך אַליין גלייב ניט. און, מיסטאָמע, טאָדאָר אויך. נאָר טאָדאָר האָט ניט געוואַרט אויף מײַנע דערקלערונגען, ער האָט נאָך ניט אַלץ אַרויסגעזאָגט.

— אָט, נעמט, צום בײַשפּיל, מיך, צי נאָך אַזעלכע, ווי איך. קיין ביכער זײַנען בײַ מיר אין שטוב ניטאָ, כּוץ עטלעכע מאַריטשקעס לײַענביכלעך, וועלכע מיר היטן אויף, ווי אַן אָנדענק. און איך בין ניט שטאַרק באַהאַוונט אין די אַלע זאַכן. נאָר טוט אומיסטן א קוק: קאַטאָליקער, פּראָטעסטאַנטן, איך ווייס ביז הײַנט ניט דעם כּילעק. ס'איז דאָך אַלצײנס קריסטן. פֿאַרוואָס זשע האַרגענען זיי אײנער דעם אַנדערן? צי נעמען די מוסולמענער. עפּעס גאָר א מעשוגענע רעליגיע. און אַלע ספּעקולירן מיט זייער גאָט. פֿאַרוואָס זאָל דאָס זײַן אַזוי?

אוי, ווי אונדזערע געדאַנקען זײַנען הײַנטיקע נאַכט געווען אַזוי ענלעך! גלײַך מיר האָבן גע־האַלטן אין איין שמועסן צווישן זיך.

מיר האָבן שוין געשפּאַנט צוריק, אַריבערגעגאַנגען די קלאַדקע און זיך געלאָזט מיטן באַטויעטן טאָלעכל, וואָס האָט אַרויסגעגלאַנצט, ווי א גרויסער גרינער שפּיגל.

— און ווו איז איצט יענער גאַלעך? — האָב איך געפֿרעגט.

— דאָס ווייס איך ניט. אויפֿן צווייטן טאָג נאָך מירטשעס לעווייַע האָט ער ניט געסטײַעט. ער האָט געהאַט א גרונט מורא צו האָבן פֿאַר די דראַניוועצער באַנדיטן: אין א פּאָר וואָכן אַרום איז צו אונדז אַראָפּגעקומען אַן אַנדער גאַלעך. שוין טאַקע גאָר אַן אַנדערער.

נאָך פֿונדערווײַטנס האָבן מיר געזען, ווי פֿראַזינע פּאָרעט זיך אויפֿן הויף. שיט אַן אין די קאַ־רעטקעלעך קערנער און ברעקלעך און רופֿט צונויף אירע לײַט צום פֿרישטיק. אין דער ערשטער ריי די הינער מיט איר ליבלעכן „ציפּ־ציפּ”.

— מיט פֿראַזינען האָט איר ניט גערעדט וועגן דעם?

— ניין, — האָב איך געענטפערט.

— גוט, זייער גוט. און מע דאַרף ניט. מע דאַרף ניט יאַטרעווען אירע ווונדן. זיי האָבן זיך ביז איצט ניט פאַרהיילט. ווי, וואָס איר איז אויסגעקומען איבערלעבן? אויב אָנהייבן דערציילן!..

## 3

אומגעפאַלן נעבן מירטשעס קייווער, איז פראַזינע געבליבן ליגן א פאַרכאַלעשטע, אַרומגענומען מיט ביידע הענט דאָס פרישע בערגעלע. טאַדאַר מיט פּרומען האָבן זי פּאַרזיכטיק אופגעהויבן, און אזוי, א האַלב־פאַרכאַלעשטע, זי אוועקגעפירט אהיים. בערל האָט געשפּאַנט נאָך זיי. דער אוילעם איז אוועק יעדערער אהיים, אוועקגעטראָגן מיט זיך א שטומען לעצווייַ־עדיקן טרויער און א שווערן פּאַר־געפיל. פאַר יעדן איז געווען אומגעווייניגלעך און אומפאַרשטענדלעך די פּלוצלינג אופגעקומענע שטיל־קייַט. מע האָט נישט געהערט ניט קיין נאָענטע ניט קיין ווייַטע קנאַלן, ניט אויך יענע זעלטענע שאָסן, וועלכע דער ווייסט פּונוואַנען. נאָר די שרעק האָט ניט געוואָלט אָפּטרעטן. דער וועג, וואָס פירט קיין דראַ־ניוועץ, איז געווען פול מיט דראָגונגען און מע האָט ניט געקאָנט וויסן, וואָס וועלן זיי מאָרגן צו־טראַכטן. דער ערשטער קאָרבן איז געשטאַנען פאַר אַלעמען אין די אויגן.

כאָטש ס'איז נאָך געווען פרי, די צייַט פון נאָכמיטיק, נאָר קיינער איז ניט אַרויס אין פעלד, עס האָבן געשוויגן די קאָסעס, עס האָבן ניט געהודיעט די ווייעלקעס און אין דאָרף האָט זיך ניט באוויזן קיין איין הארבע, אַן אָנגעלאָדענע מיט סנאָפּעס. דאָס גאַנצע לעבן האָט זיך ווי אָפּגעשטעלט, און די טשמעליענדיקע זון איז געהאַנגען איבער פּוסטע פעלדער.

פּרומע האָט גלייַך אָנגעהויבן באַלעבאַטעווען בא טאַדאָרן אין שטוב, ווי בא זיך אינדערהיים. זי האָט אויסגעבעט פאַר פראַזינען א ווייך געלעגער, אויסגעטאָן זי און אייַנגעדעקט. דערנאָך האָט זי אייַנגעהייצט דאָס זומערדיקע אייוועלע און אופגעזאָטן א טאָפּ מיט אָקרעפּ.

— וואָס האָסטו עפּעס אָף צו פאַרפאַרען? — האָט זי געפרעגט בא טאַדאָרן. — טיי, ליפּאָווע צוויט, צי עפּעס אַנדערש?

— ס'איז דאָ, ס'איז דאָ. אַלץ איז דאָ!

אָנגעפּאַיעט פראַזינען, וואָס האָט געעפנט דאָס מויל, האָט פּרומע שטרענג באַפוילן:

— דו, פראַזינע, ליג. איך וועל אַליין... אַלץ, וואָס מע דאַרף.

ס'איז שוין געווען פאַרנאַכטלעך, א געוויינלעכער זומערדיקער פאַרנאַכט, ווען פון דער טאַלאָקע און פון דער פרישער סטערניע קערן זיך אום די אָנגעפּאַשעטע קי מיט פולע שווערע אייַטערס. א געוויינלעכער פאַרנאַכט, ווען איינעם מיטן נעפּל, וואָס לאָזט זיך אַראָפּ פון די בערג, קומט אָן די אייַנגענומענע מידקייַט און די געגאַרטע שאָען פון שטילער רו און קורצן שלאָף. און קיינער האָט ניט געוווּסט, אז דאָס איז דער לעצטער פאַרנאַכט פון דעם מין, דער לעצטער אָוונט און די לעצטע נאַכט, אז די קומענדיקע טעג און נעכט וועלן זייַן גאָר אַנדערע. עפּשער ניט פאַר יעדערן אַלציינס, נאָר פאַר אַלעמען גאָר אַנדערע.

פּרומע האָט אויסגעמאָלקן די קו, פאַרטריבן די הינער אָף זייער סידעלע, ווידער אופגעזאָטן א טאָפּ אָקרעפּ און אָפּגעקאָכט א שטאַרק שמעקנדיקע מאַמעליגע. אָף מאַמעליגעס איז פּרומע געווען א בעריע.

— וואָס נאָך דערלאַנגט פראַזינע צו דער וועטשערע? — האָט זי געפרעגט בא טאַדאָרן.

טאַדאַר האָט ניט אופגעהערט צו שטוינען. ער איז די גאַנצע צייַט איר נאָכגעגאַנגען פּוסטריט, געפּרווּוט איבערנעמען בא איר די אַרבעט, באַזונדערס דאַן, ווען זי האָט זיך צוגעגרייט מעלקן די קו. בא פּרומען איז קיינמאָל קיין קו ניט געווען און ער האָט געצווייפלט, צי ווייסט פּרומע, וויאַזוי אָפּ־טאָן אזא איידעלע אַרבעט. נאָר פּרומע האָט בייזלעך אים אָפּגעשטויסן, ער זאָל זיך, הייסט עס, ניט מישן צו די ווייַבערישע אַרבעטן.

— וואָס איז די נאַפּקעמינע? — האָט טאַדאַר אָפּגעענטפערט אָף איר פראַגע. — א מאַמעליגע איז דאָ, פרישע מילך אויך. נו, און א קויסעלע מוז דאָך היינט אויך זייַן.

אוואדע האָט מען היינט געדאַרפט פּראַווען פּאָמינקעס נאָך מירטשען, אָף וועלכע עס וואָלט זיך צונויפגעקליבן דאָס גאַנצע דאָרף. נאָר ווי האָט מען אין אזא שרעקלעכער צייַט געקאָנט האָבן אין זינען אזעלכע זאַכן? זייַנען זיי געזעסן באַם טיש אינדרייַען, פראַזינע איז געלעגן באַנאַנד אָף איר געלעגער, און די וועטשערע איז געווען פאַר אַלעמען זייער א שווערע און זייער א טרויעריקע. טאַדאַר האָט אָנגעגאָסן פיר קעלישעקלעך, געפּרווּוט זאָגן עטלעכע ווערטער וועגן מירטשען, נאָר



פראַזינע האָט אומדערוואַרט זיך אַרויסגעריסן פון איר כאַלאַשעס און זיך צעכליפּעט. טאָדאַר איז צו צו איר אַ דערשראָקענער.

— גאַרניט, גאַרניט... — האָט זי ענדלעך אַרויסגערעדט אַ וואָרט.

— ווּעסטו עפּשער אויסטרינקען אַ קעלישעקל?.. פּאַר אים!..

— אַוואַדע, אַוואַדע! — האָט זי נאָך העכער זיך צעוויינט.

דאָס קעלישעקל האָט זי אויסגעטרונקען האַסטיק, ביזן שפּענט. אָפּגעביסן אַ שטיקל הייסע מאַמעליגע, איז פּראַזינע ווידער צוגעפאַלן צום קישן און צוגעמאַכט די אויגן. ס'האָט אויסגעזען, אַז זי ווערט אַנשלאָפן.

— איך מוז בלייַבן היינטיקע נאַכט מיט פּראַזינען, — האָט פרומע געמאָלדן קאַטעגאָריש. — און דו, בערל, גיי אַהיים.

— בערל וועט היינט אין ערגעץ ניט גיין, — האָט טאָדאַר באַשטימט פאַר אים. — מיר וועלן זיך אויסבעטן אויפן הויף.

דאָס געלעגער פון שטרוי, איבערגעמישט מיט צוגעוויאַנעטן שטעכיקן אָסאַט, מיט איבערגעטריקנטן פאַלין און מיט נאָך וויכן, גליטשיקן פּירייַ, האָט געשמעקט מיט פעלד און מיט וואַלד, מיט אַלץ דעם זיסלעכן און ביטערלעכן, מיט וועלכן ס'איז פול געווען די זומערדיקע נאַכט. דער געדיכט אויסגעשטערנטער הימל האָט אויסגעזען אומגעווייניק טונקל און געגלאַנצט, שוואַרצלעך צוגע־

פּוצט. דער נאָענטער וואַלד האָט געעטעמט מיט אַ קאַלטן אָטעם, געעטעמט שטיל און אײַנוויגנדיק. נאָר שלאָפֿן האָט זיך ניט געוואָלט. ניט שלאָפֿן און ניט רעדן. זײַנען זיי געלעגן באַנאַנד אַף דעם ווייכן שטרוי, וואָס האָט זיך געגליטשט אונטער זייערע פּלייצעס, געקוקט אַפֿן אויסגעשטערנטן הימל און געטראַכט. יעדערער פֿאַר זיך. בערלען זײַנען אויפֿגעקומען אַפֿן געדאַנק יענע ווײַטע זומערדיקע נעכט אין ציגײַנערשן טאַבאָר, די פֿריילעכע הוליאַנקעס, די צעיושעטע ציגײַנערשע טענץ און זייערע יאָמערדיקע געזאַנגען־טפֿילעס, און מאַריוצע. מאַריוצע מיט איר הייסן פֿיבער, וואָס האָט געקאָנט צעטרייסלען די הימלען. ווו איז זי איצט, מאַריוצע? צי האָט זי זיך שוין אומגעקערט אין טאַבאָר, צי בלאָנדזשעט זי נאָך אַלץ אַרום אַזוי, ווי אין יענער נאַכט, ווען ער האָט זיך אומגעקערט פֿון סאַדעגורע? אַזאַ פֿרישע בענקעניש האָט אים אַ פּרעס געטאָן באַם האַרצן, אַ בענקעניש, פֿאַר וועלכן ער איז גרייט געווען אויסצוזידלען זיך. אַזוי איז דאָס געווען ניט צו דער צײַט און אַזוי זינדיק.

טאָדאָר האָט שטיל געסאָפּעט, שטיל, נאָר האַסטיק, גלײַך ער איז נאָרוואָס דורכגעלאָפֿן ווער ווייסט וויפֿל, אָדער בייזערט זיך אַף עמעצן און האַלט קוים אײַן אין זיך די בייזקײַט.

— וואָס סאָפּעסטו אַזוי? — האָט בערל געפֿרעגט.

— איך ווייס אַליין ניט. עפּעס בין איך בייז...

— אַף וועמען?

— אַף זיך אַליין. אַף זיך אַליין און אַף דער גאַנצער וועלט.

— וואָס איז דיר די וועלט שולדיק?

— איך מיין גאָט אַליין. פֿאַרוואָס האָט ער באַשאַפֿן אַזאַ שלעכטע וועלט?

— די וועלט איז גאָר ניט אַזוי שלעכט, — האָט בערל אים דערהווידערט. די מענטשן האָבן זי פֿאַרפּאַסקודיעט.

— אָט דאָס וויל איך טאַקע זאָגן. פֿאַרוואָס האָט גאָט באַשאַפֿן אַזעלכע שלעכטע מענטשן?

— איך ווייס ניט... נאָר מירטשע האָט מיר אַמאָל געזאָגט... נאָך דאַן, אין טורמע... איך ווייס ניט, צי ס'איז טאַקע אַזוי. ניט גאָט האָט באַשאַפֿן דעם מענטשן, האָט ער געזאָגט, נאָר פּונקט פֿאַרקערט, דער מענטש האָט באַשאַפֿן גאָט. און יעדערער האָט זיך באַשאַפֿן אַזאַ, וואָס אים לוינט.

— מירטשע... — האָט טאָדאָר איבערגעכאַזערט. — אָט דאָס ליג איך טאַקע און טראַכט. האָסט דאָך געהערט, וואָס מירטשע האָט געזאָגט: גלויבנס אַ סאַך, און גאָט איז איינער. הייסט עס, אַז בײַ אים אַליין איז אויך געווען זײַנער אַ גאָט.

— דאָס ווייס איך ניט. נאָר אויב ער איז געווען, איז דאָס געווען אַ גוטער גאָט. יענער גאָט, וואָס יעדער מענטש דאַרף האָבן בײַ זיך אין האַרצן, ער זאָל ניט פֿאַרוואַנדלט ווערן אין אַ ווילדער חײַע.

זיי האָבן זיך דורכגעשמועסט גאַנץ שטיל, ניט געשפּאַרט זיך, נאָר געטראַכט אינדערהויך, בעשוטפֿעס געזוכט אַן ענטפֿער אַף דעם, וואָס האָט זיי די טעג ניט אויפֿגעהערט מוטשען. אָפּגעשוויגן אַ ביסל, האָט טאָדאָר ווידער זיך אָנגערופֿן:

— אָט, איך טראַכט. וועגן דראַניוועץ טראַכט איך. פֿונוואַנען האָבן זיך אָנגעקליבן אַזויפֿיל מערדער? מיר זײַנען דאָך שכיינים. און וואָס איז דער כילעק צי ייִדן, צי ניט־ייִדן? אָט דו, בערל, ביסט דאָך אַ ייִד!

— נו איז וואָס?

— פֿאַרוואָס איז ניטאָ בײַ מיר צו דיר און צו אַלע אַנדערע... ווי זאָל איך דאָס זאָגן. איך פֿאַרשטיי דאָס ניט. און זאָל מען מיך טויזנט מאָל אײַנרעדן, וועל איך ניט גלייבן. פֿאַרוואָס לאָזן זיך אַנדערע אײַנרעדן? אַז איך טו אַ טראַכט, ווילט זיך מיר אַוועק אין די שטיינגריבער, פֿאַרקריכן אין סאַמע פֿינצטערן ווינקל און פֿון דאָרטן ניט אַרויסקריכן. איך זאָל גאָרנישט ניט הערן און גאָרנישט ניט זען.

— און איך פֿאַרקערט, — האָט בערל ווי אַנטשולדיקט זיך. — מיר ווילט זיך אַ נעם טאָן אין דער האַנט אַ ביקס, אָדער פּאָשעט אַ האַק, און האַקן, פּלעטן די קעפּ פֿון די מערדער. דראַניוועץ איז דאָך ניט קיין אויסנאַם. האָסט געהערט, וואָס די בעזשענצעס דערציילן?

בעזשענצעס זײַנען אין ווערביוּוקע געווען בײַ צוואַנציק ייִדישע פֿאַמיליעס. אייניקע האָבן זיך פֿאַרקליבן אַהער פֿון פּוילן נאָך פֿאַראַיאָרן, אַנדערע — ערשט די לעצטע טעג פֿון די אַרומיקע דערפֿער.

— פֿאַרשטייסט, טאָדאָר, די צײַט איז איצט אַזאַ, אַז אויסבאַהאַלטן זיך ערגעץ, אַפֿילע אין די שטיינגריבער, האָט ניט קיין זין. מיר ווייסן דאָך ניט, וואָס דער מאָרגן וועט אונדז ברענגען.

אַף מאָרגן איז ניט אויסגעקומען לאַנג צו וואַרטן. ער איז שוין געוואָרן דער הײַנט, דער שוידערלעכער הײַנט, וואָס האָט אין יענער באַנאַכטיקער שאָ זיך אַרײַנגעריסן אין ווערביוּוקע.

די אומגעווייַנלעכע שטילקײַט איז מיטאַמאָל אויפֿגעריסן געוואָרן מיט אַ פּאַרטויבנדיקער טראַסקערײַ און שיסערײַ, מיט העפֿקערדיקע אויסגעשרייען פֿון פֿרעמדע שטימען. די מילכאָמע האָט מאַרשירט איבער ווערביוּוקע מיט טופּענדיקע קאָלאָנעס, טראַסקענדיקע אָבאָזן און הודיענדיקע לאַסטמאַשינען, מיט אַ גריִלצערײַ פֿון טאַנקעטקעס און מאָטאָציקלען. אַזוי האָבן די דײַטשן געגעבן צו וויסן

די ווערביוּוקער, אַז די „נײַע אָרדענונג“ איז שוין געקומען. שיקערע שטימען האָבן ווײַכערדיק צעוויגט די אײַנגעשלאָפֿענע לופֿט, קלײנע האַרמאָשקעלעך אין שיקערע מײַלער האָבן אויסגעשפּילט ריין באַטאַגיקס, וואָס האָט געפּאָדערט אַ געשמאַקע און זאַטע פֿאַרבײַסעכץ. כאַפּטעסוויַז האָבן די סאָל־דאַטן זיך אַרײַנגעריסן אין פֿיל הײַזער, איבערגעשראָקן אַלעמען פֿון קליין ביז גרויס און אַרויסגע־פּאָדערט פֿאַר זיך אַלץ, וואָס האָט זיך געקאָנט געפֿינען בײַ אַ באַלעבאָסטע אין קעלער: אייער און קעז, מילך און פּוטער, פֿריש אָפּגעבאַקן ברויט. בייסמײַסע האָבן זיי אַרויסגעכאַפּט פֿון די סידעלעס שלעפֿעריקע הינער, אַפֿגיך אָפּגעהאַקט די קעפּלעך און נאָך צאַפּלדיקע זיי אַרײַנגעוואָרפֿן אין די פֿעלד־טאַשן.

טאָדאָר מיט בערלען זײַנען געלעגן אויף דער פּרישער, גליטשיקער שטרוי, זיך אײַנגעהערט אינעם אומגעוויינלעכן טומל, און ניט געוואָלט גלייבן, אַז דאָס, אויף וואָס זיי האָבן די אַלע טעג געוואַרט מיט שרעק, איז שוין געשען. טאָדאָר האָט געוואָלט זאָגן גאָר עפּעס אַנדערש, נאָר אַרויסגערעדט גאַנץ געוויינלעך:

— איך וועל גיין אַ קוק טאָן, וואָס מאַכט מײַן פּראַזינע.

פּראַזינע איז געלעגן פֿאַנאַנדערגעוואָרפֿן בײדע הענט איבערן קישן. איר פּאָנעם האָט געפֿלאַמט פֿון היץ: און גראָד דאָס האָט דערמאָנט טאָדאָרן אין איר מיידלשער כיינעוודיקײַט. פֿרומע האָט אַלע־מאָל צוגעלייגט צו איר שטערן אַן אָנגענעצט טיכל און אַ שמיר געטאָן די ליפּן מיט אַ ביסל קאַלטער וואַסער. פּראַזינע האָט עפּעס געשעפּטשעט, ווי גערעדט פֿון היץ, נאָר ס'איז שווער געווען אויפֿכאַפּן אַ וואָרט. פֿון מאָל צו מאָל האָט זי געעפֿנט די אויגן, אַרומגעקוקט זיך, ווי געוואָלט פֿאַרשטיין, ווו זי איז און וואָס קומט מיט איר פֿאָר. דערנאָך, גלײַך ס'האָט זיך אַ ביסל אויסגעלײַטערט אין איר צעבויטעטן מויער, האָט זי אַ דערשראָקענע אויפֿגעציטערט און ווידער צוגעמאַכט די אויגן. דערזען טאָדאָרן, האָט זי אַרויסגערעדט מיט זייער אַן אָפּגעשוואַכטער שטים:

— פֿאַרוואָס, פֿאַרוואָס האָבן זיי אים דערהאַרגעט?

אַ גאַנצע נאַכט האָט דער שליאַך געררושט מיט מילכאָמעדיקע העפּקיירעס, מיט שיקערן גע־זאַנג און מיט אַליאַרמירנדיקע גוואַלדן. צו באַגינען־צו איז דער גערויש אײַנגעשטילט געוואָרן, נאָר די געוויינלעכע אויפֿלעבונג, וואָס דער זון־אויפֿגאַנג ברענגט מיט זיך אין יעדן הויף, איז ניט געקומען. דאָס דאָרף האָט פֿאַרטײַעט זיך, אײַנגענומען אַ שטומעניש, זיך געשראָקן פֿאַר יעדן שאָרעך.

— איך וועל גיין אַ קוק טאָן, וואָס הערט זיך אין דאָרף, — האָט בערל זיך אָנגערופֿן.

— נאָר דו פֿעלסט דאָרטן, — האָט טאָדאָר אים אויסגעזידלט. — איך וועל אַליין...

— ווועלן מיר עפּשער בײדע? — האָט בערל ניט זיכער געפֿרעגט.

— ליג און מאַך זיך ניט נאַריש. דו ווייסט דאָך...

אַריבער איבער דער קלאָדקע און אַרײַנגעקומען אין שיטערן וועלדל, האָט טאָדאָר זיך אָפּגע־שטעלט. אים האָט זיך אויסגעוויזן, אַז דאָס וועלדל האָט זיך צעררושט, ווי אין אַ מוירעדיקן געוויטער און אַז פֿון דער דאָרעמדיקער זײַט רוקט זיך אָן אַ שוואַרצע כמאַרע, וואָס וועט ברענגען מיט זיך אַ גוסרעגן אָדער גאָר אַ האָגל. ערגעץ האָט שוין אפֿילו אַ דונער געטאָן מיט אַ שווערן, טעמפּן דונער, וואָס האָט אַ קלונג געטאָן ווי אַ ווײַטער ווידערקאָל. נאָר מיט קיין זליווע האָט ניט געשמעקט, די כמאַרע איז אויך געווען בלויז אַ געדאַכטע. דעם גערדיכטן שטויב האָט צערודעוועט און אויפֿגעהויבן ביזן הימל אַ נײַע קאָלאָנע, וואָס איז אַרײַנגעקומען אין דאָרף.

טאָדאָר האָט זיך אומגעקערט אַ בלייכער, און בעשום־אופֿן ניט געקאָנט אײַנשטילן דאָס פּריקרע ציטערן.

— גלײַכער זאָלסטו הײַנט איבערזיצן בײַ מיר. דו מיט פֿרומען. ס'זײַנען דײַטשן. און ווער ווייסט... — האָט ער קוים אַרויסגערעדט.

— וואָס זשע וועלן מיר טאָן? — האָט בערל געפֿרעגט בײַ זיך אַליין.

— וואָס הייסט וואָס? זעסט ניט, סאַראַ סקירדע מיט ניט־אויסגעדראָשענע סנאָפּעס. אַ ציפּ קענסטו האַלטן אין דער האַנט?

זיי זײַנען געווען די אײנציקע אין דאָרף, וואָס האָבן אין דעם טאָג געהאָרעוועט, גלײַך ס'איז גאָרניסט ניט געשען. טאָדאָר האָט דערבײַ אַ טראַכט געטאָן, אַז ס'איז טאַקע גוט, וואָס זייער שטוב שטייט אָפּגעשיידט פֿונעם דאָרף, ווײַט פֿונעם ראַשיקן און שטויביקן שליאַך, און דאָס מאַרשירנדיקע מיליטער וועט זיך אַהער ניט פֿאַרקלײַבן. עפּשער וועלן אים טאַקע אויסמײַדן אַלע איבעריקע צאָרעס און פּוראָניעס. אוי, ווי ער האָט אַ טאָעס געהאַט!

צוויי טעג און צוויי נעכט האָט דער שטויביקער שליאַך ניט אויפֿגעהערט צו הודיען און עס האָבן אומופֿהערלעך זיך דערטראָגן אַהער שיקערע געזאַנגען און פֿאַרצווייפֿלטע גוואַלדן. און פֿון די גרויע שינעלן, וואָס האָבן פֿאַרפֿולט אַלע גאַסן, האָט זיך געדוכט, אַז די גאַנצע וועלט, דער הימל און די ערד זײַנען גרוי געוואָרן. דערנאָך האָט די גרויקײַט, ווי צעשוווּמען זיך, און ס'איז געוואָרן וואָס אַ מאָל לויטערער און שטילער, ווי נאָך אַ צעיושעטן געוויטער. די סאָלדאַטישע קאָלאָנעס האָבן

ניט געסטײַעט, און ס'האָבן זיך באַוויזן טעלעכע אָפּיצערן שוין ניט אין קיין גרויער נאָר שוואַרצער אוניפאָרם. גלײַך נאָך זיי האָט אַפּגיך דורכמאַרשירט אַ קאָלאָנע רומעניש סאָלדאַטן. די אָפּיצערן אין שוואַרצן האָבן אויך ניט געסטײַעט. און עס זײַנען געבליבן בלויז טעלעכע רומעניש אָפּיצערן. זיי, די רומעניש, זײַנען אַלעמען געווען באַקאַנט פון די פריערדיקע צײַטן מיט זייער אוניפאָרם, מיט זייער אויפירונג און מיט זייער שטאַרקער שטרעבונג צו קלענערע און גרעסערע כאַבאַרלעך. אַלץ איז געווען באַקאַנט, און אַלץ איז דאָס מאָל געווען גאָר אַנדערש...

און דאָך האָט מען פאַר די ערשטע דרײַ טעג קיינעם ניט געהאַרגעט, קיינעם ניט אַרעסטירט, בײַ קיינעם גאָרניש ניט אָוועקגערויבט און קיין שום דראָענדיקע באַפעלן ניט אויפגעהאַנגען. האָט זיך געוואָלט גלייבן, אַז איצט, ווען די פראָנט־ליניע האָט זיך דערווײַטערט, וועט ווערן רויִקער. פּראַזינע איז אַ ביסל געקומען צו־זיך און איינגעמען מיט פרומען געבאַלעבאַטעוועט אין שטוב און אין הויף. פאַר איר, פאַר פּראַזינען, זײַנען די טעלעכע טעג דורך, ווי אַ שווערער כאַלעם, און זי האָט ניט געוווסט, ווי האַלט עס מיט דער וואָך. האָט זי אַ פרעג געטאָן בײַ פרומען:

— וועלכער טאָג איז הײַנט?

— פרײַטיק, — האָט פרומע אָפּגעענטפערט.

— אוי, פרומע־לעבן. דאַרפסטו דאָך גיין מאַכן שאַבעס. גיי, פרומע, גיי אַהיים. זעסט דאָך, איך בין שוין געזונט. אַ גרויסן דאַנק דיר.

טאַדאַר, וואָס איז אַוועק אין דאָרף דערוויסן זיך עפּעס נײַס, האָט זיך אומגעקערט אַ באַרויִקטער. מענער און פרויען זײַנען אַרויס אין פעלד, אין די יידישע געסלעך האָבן זיך צעזונגען די ניימאַשינען. איז בערל אויך געוואָרן בײַ זיך פעסטער.

— וועל איך אויך גיין עפענען די קראָמ. קום, פרומע.

פרומע האָט אַרומגענומען פּראַזינען, שווײַגנדיק זי צוגעדריקט צו זיך, טרייסטנדיק און דערמונטערנדיק. זייערע אויגן האָבן געגלאַנצט, איבערגעפולטע מיט טרערן. פלוצלינג האָט בײַ פּראַזינען זיך אַרויסגעריסן דאָס, וועגן וואָס זי האָט ניט אויפגעהערט צו טראַכטן:

— ווו זײַנען אונדזערע קינדער?

פרומע האָט אַרויסגערעדט דאָס, וואָס זי האָט די גאַנצע צײַט ניט אויפגעהערט אײַנרעדן זיך:
— זיי וועלן זיך אָפּזוכן, אונדזערע קינדער. אַט וועסטו זען, פּראַזינע, זיי וועלן זיך אָפּזוכן! ווי מיר האָבן הײַנט ערעוו שאַבעס.

נאָך דעם דרײַטאָגיקן געוויטער, ווען אַלע וועגן און הויפן זײַנען געווען פול מיט צעיושעטע העפקירעס, איז דער פרײַטיקדיקער גאַנצפרי געווען פול מיט ערעוו־שאַבעסדיקן. אין אַלע הויפן, אַרום אַלע הײַזער האָט מען געקערט און געראַמט, צונויפגעקליבן די שפּליטערס פון אויסגעשלאָגענע פענצטער, די שערבלעך פונעם צעבראָכענעם געפעס, פאַריכט די שטאַכעטלעך פון די צעוואָלגערטע פּליטן.

בײַ צוואַנציק ייִדישע מישפּאָכעס האָבן געוווינט אין צענטער פון דאָרף. די אַנדערע צען און די אָנגעלאָפענע פּליטים זײַנען געווען צעזייט איבער אַלע גאַסן. נאָר יענער ערעוו־שאַבעס האָט זיך געפילט סײַ אין די ייִדישע הײַזער, סײַ אין די ניט־ייִדישע. אירמע קאַצעוו האָט נאָך נעכטן געבראַכט דעם קאַלב, וואָס ער האָט געקויפט מיט אַ וואָך צוריק, זאַלמען שויכעט האָט אים געקוילעט, און אין פרײַען באַגינען איז די יאַטקע שוין געווען אָפּן. די ווײַבער, בײַקומענדיק די נאָך ניט־אויסגעקאַשענע שרעק, זײַנען איינע נאָך דער אַנדערער געקומען נאָכן פונט פלייש אויף שאַבעס. און ס'איז געווען, ווי אין פיל אַנדערע פרײַטיקס. שכיינעס האָבן אַרומגעיאָגט איינע צו דער אַנדערער. בײַ איינער האָט געפעלט אַ ציבעלע, בײַ אַ צווייטער אַ ביסל זויערס צום עסיקפלייש, בײַ אַ דריטער — פאַשעט אַ ביסל רויטע זאַמד אויף באַשיטן דעם נאַרוואָס אָנגעשמירטן ערדענעם דיל. ס'איז געווען אַ געוויינלעכער ערעוו־שאַבעס, יענער פילדווירעסדיקער קורצער פרײַטיק, ווען יעדער באַלעבאָסטע ווייסט ניט פאַר וואָס פריִער זיך נעמען. און עס דוכט זיך, אַז די זון יאָגט הײַנט גיכער, ווי שטענדיק, און אָט־אָט וועט זי פאַרגיין. זי, די זון, אײַלט זיך אויך אַרײַננעמען דעם שאַבעס.

דער הײַנטיקער פרײַטיק איז פאַר אַלע וועלביוזיקער ייִדן געווען ווי אַן עמעסדיקער נעס. זיי האָבן אויסגעמיטן דעם אומגליק, וואָס האָט געטראָפן אין דראַגניוועץ, דאָס דײַטשישע מיליטער האָט אָפּגעהוליעט און איז אַוועק, און איצט שפּאַנען איבער די גאַסן טעלעכע רומעניש סאָלדאַטן אין פאַסטעלעס און אַ פּאָר זשאַנדאַרמען אין שטיוול מיט הויכע, גלאַנציקע כאַליעוועס. און צום אוקראַיִנישן „דאָברידען" און צום ייִדישן „גוט־מאָרגן" איז ווידער צוגעקומען דער שוין באַקאַנטער „בוני דימיניאַטצע". און אַלע ווייסן, מיט וואָס מע קאָן אָט די לײַט אונטערקויפן און מיט וואָס אויסקויפן זיך: ווען מען אָפּסילעקן מיט טעלעכע לײַ און ווען מען דערלאַנגען אַ קופּל ביר. אָט שפּאַנען זיי איבער די גאַסן, שמייכלען אפילע צו, ווי אַלטע באַקאַנטע.

איז דאנקען גאָט דערפאַר. די ווײַבער האָבן געקאָכט און געבאַקן, און די מענער האָבן אין אײַלעניש ארויסגעפּאַרטיקט די פאַרלעגערטע שטיקלעך אַרבעט. ערגעץ־ווו האָט אַ פרומער ייִד שוין גענומען אויסלייענען דעם „שיר־השירים", און קירזשנער־יונגען, אויסקערנדיק פון דער שטוב די אָפּשניצלעך פון די שאָפענע פעלעכלעך, האָבן פריילעך אויסגעזונגען:

פרײַטיק אָפּדערנאַכט איז יעדער ייִד אַ מיילעך...

ביז אַ האַלבן טאָג האָט בערל זיך געפּאָרעט אין דער קוזניע. פרומע האָט, ווי אַלע ווײַבער, געבאַלעבאַטעוועט אין שטוב. בערל האָט אַפילו זיך געקליבן גיין אין באָד אַרײַן, נאָר די באָד האָט מען ניט באַוויזן אָנהייצן.

אַזוי איז ער געגאַנגען דער פילדווירעסדיקער ערעוו־שאַבעס מיט זײַן פאַרהאַוועטקײַט, מיט פאַרפלאַמטע ווײַבערשע פּנימער, מיט די רייכעס פון עם שאַבעסדיקן צימעס און עסיקפלייש, וואָס האָט אַרויסגעשמעקט פון יעדער שטוב.

ס'איז שוין געווען פאַרנאַכטלעך. די זון איז שוין געהאַנגען אויף די שפּיצן פון די ביימער, זיך געקליבן אַריבערשפּרינגען אויף יענער זײַט און דער שאַבעס האָט זיך שוין אַראָפּגעלאָזט פון די בערג. שוין צײַט געווען גיין אין שול אַרײַן. און מיטאַמאָל:

— טראַנסניסטריע.

— טראַנסניסטריע!

— טראַנסניסטריע? וואָס איז דאָס אַזוינס, טראַנסניסטריע? ווו הייבט זיך עס אָן און ווו ענדיקט זיך עס?

ס'האָט אין ערגעץ ניט געדונערט, עס האָבן אָהער זיך ניט דערטראָגן די קנאַלן פון באָמבעס און ווײַטע שלאַכטן, ס'האָט קיינער ניט געהערט, עמעצער זאָל ערגעץ אויסשיסן, נאָר דאָס דאָזיקע וואָרט אַליין האָט ווי אויפגעריסן דעם גאַנצן אָרום.

— אין פיר און צוואַנציק שאָ! שאַבעס, זיבן אַזייגער אינדערפרי, דאַרפן אַלע ייִדן זיך צונויפקלײַבן אויפן צענטראַלן פּלאַץ. יעדערער מעג מיטנעמען מיט זיך אַלץ, וואָס ער וועט קאָנען טראָגן. פיר און צוואַנציק שאָ! ווו זשע זײַנען זיי, די פיר און צוואַנציק שאָ? פאַרוואָס האָט מען וועגן דעם ניט געמאָלדן זיבן אַזייגער אינדערפרי? איצט איז דאָך שוין געבליבן ניט מער ווי צוועלף שאָ, אפשר נאָך ווייניקער.

די רומענישע סאָלדאַטן אין פּאָסטעלעס און די זשאַנדאַרמען אין שטיוול מיט הויכע כאָליעוועס האָבן אַרומגעשפּאַנט איבערן דאָרף און אַרײַנגעקוקט אין יעדער ייִדישער שטוב. אַמאָל פונדערווײַטנס, אַמאָל פון ביז גאָר נאָענט. און דער בליק זייערער איז געווען שוין גאָר אַן אַנדערער. אָן אַ מינדסטן שמייכל. זיי האָבן זיך ניט געזידלט, ניט געדראָט, בכלל ניט אַרויסגערעדט קיין וואָרט. זיי האָבן בלויז אין זיך געציילט. זיי האָבן איבערגעציילט און פאַר זיך אָפּגעמערקט די ייִדישע הײַזער און מיט זייער שטרענגן בליק געגעבן אָנצוהערן, אַז דאָס איז ניט קיין שפּיל און ניט קיין שפּאַס.

דער פרײַטיק איז נאָך געווען אַ שטיקל פרײַטיק. נאָר דער שאַבעס אַליין... דער ערעוו־שאַבעס... בא זאַלמען שויכעט איז דער ערעוו־שאַבעס געווען ביז גאָר אַן אומגעווייַנלעכער. גערופן האָט מען אים זאַלמען שויכעט. אינדערעמעסן איז ער פאַר די וואָרביוקער ייִדן געווען אַלץ אין איינעם. אַ שויכעט און אַ ראָוו, אַ כאַזן און אַ באַלקוירע, און אַ שטיקעלע דאַיען אויך. און אַ שטיקעלע מעלאַמעד אויך. און צו אַלעמען — אויך אַ שוסטער. ער איז געווען אַלץ, וואָס די ניט־גרויסע ייִדישע געמיינדע האָט געדאַרפט האָבן, זיי זאָלן זיך פילן ניט ערגער, ווי אין די גרעסערע ייִדישע שטעטלעך, ווי אין די גרויסע שטעט. ער איז געווען סאַמע דאָס, אין וואָס דער היגער אוילעם האָט זיך גענייטיקט, ער זאָל זײַן געזיכערט מיט קאָשער פלייש, עס זאָל זײַן, ווער ס'זאָל געבן כופּע־קעדושים, מאַלע זײַן אַ ייִדיש קינד, אָפּזאָגן דעם „איל מאָליי ראַכמים" אויף אַ לעוויע און זײַן יענער אומבאַדינגטער רוידעף־שאָלעמניק בײַס פאַרשיידענע מאַכלויקעסן. מאַכלויקעסן שווערע און הייסע און אָפּטמאָל לעפּישע און נאַרישע. און שוין אָפּגערעדט, אַז קיין בעסערן באַלטפילע האָבן זיי ניט געדאַרפט. אויף אַלע שאַבאָסים און אויף אַלע יאָמטויווים.

ער איז געווען שוין ניט קיין יונגער, זאַלמען שויכעט, און קיין גוואַר איז ער קיינמאָל ניט געווען. אויף דער עלטער איז ער געוואָרן שטאַרק אָפּגעשוואַכט. און אים איז זייער שווער געווען אויספילן אַזויפיל פליכטן. נאָר קיין אַנדער ברייערע איז ניט געווען.

אירמע קאַצעוו האָט אים אויפגעוועקט, ווען אין דרויסן איז נאָך געווען האַלבנאַכטיק־טונקל. און ער איז ניט קיין אויסגעשלאָפענער אַוועק מיט אים אין דער בוינע קוילען דעם קאַלב. ער האָט געמיינט דערנאָך אַ ביסל זיך אויסשלאָפן, נאָר עס האָבן זיך אַ יאַווע געטאָן עטלעכע ווײַבער מיט אויפעס, האָט מען שוין געמוזט ווידער אָנטאָן דעם אַלטן געלאַטעטן פאַרטעך מיט פיל פאַרבלוטיקטע

פּלעקן. מיטן באַטאַגיקן שלאָף האָט זיך אויך גאָרנישט ניט באַקומען. אינמיטנדערינען אַ כאַסענע. אין אַזאַ בעהאָלע — אַ כופּע!

נאָר אַ מייַסע מיט אַ פאַרצויגענעם שידעך, וואָס האָט זייער לאַנג ניט געוואָלט אויסשידעכן זיך. צי איבער דעם ייִכעס, צי איבער דעם נאַדן, צי ווער ווייסט איבער וואָס. און גראָד איצט, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן די בעהאָלע, זייַנען ביידע צדאָדים געקומען צו אַ העסקעם, און זיי האָבן באַשטימט טאַקע הייַנט, איידער מע לאָזט זיך אין וועג, שטעלן אַ כופּע. ווער ווייסט, ווּהין מע וועט זיי פאַר־פירן, ווער ווייסט, וויפל דער וועג וועט דויערן און וואָס אונטערוועגס קאָן זיך טרעפן. איז זאָל הייַנט אָפּגעפּראַוועט ווערן די כאַסענע. זאַלמען שויכעט, וואָס האָט אַף אַ האַלבער שאָ געדאַרפט ווערן אַ ראָוו, האָט קוים אַרויסגערעדט דעם „אַריי אַט", און געהייסן דעם כאָסן אים נאָכזאָגן. צו דעם ערעוו־שאַבעסדיקן מייַרעוו איז ער געווען אײַנגאַנצן אויסגעשעפּט און קוים זיך געהאַלטן אַף די פיס. אינעם קליינעם שולכל איז געווען יאַמקיפּערדיק ענג און דושנע. די געלע כיילעווּנע ליכטלעך האָבן כאַלאַשעסדיק זיך געשטיקט, געלאָשן זיך איינס נאָכן אַנדערן און פאַרפולט די לופט מיט פיל פעטע, טשאַדענדיקע רויכעלעך. זיי האָבן אַרומגעפויזעט איבער די ווענט, דערשראָקן אונטערגע־שפּרונגען, ווי געקליבן זיך אַרויספליִען דורך די אָפענע פענצטער. נאָך קיינמאָל איז אין שולכל ניט געווען אַזויפיל מענטשן אין אַ געוויינלעכן ערעוו־שאַבעס. נאָך מערער אומגעוויינלעך איז געווען דאָס, וואָס אויך די ווייַבערשע שול איז געווען איבערגעפולט. די שוואַרצע טיכלעך אַף די קעפּ פון די פרויען האָבן געמאַכט דעם טונקעלן אַרום נאָך טונקעלער און שוואַרצער. און ווען זאַלמען שויכעט, איצט דער באַלטפילע, האָט גענומען אויסזינגען דעם „לעכו נעראַנענו" מיט זייַן אייַנגעבראָכענער שטים, האָט אין דעם ווייַבערשן טייל זיך צעכוואַליעט אַ געיאָמער, אַ יעלאָלע, ווי יאָמקיפּער צו „קאָלנידרע". אַלץ איז געווען אומגעוויינלעך, אַלץ קאַפּוירעדיק. בא אַלעמען אָפן האַרצן איז געווען „איכאַ־יאַשוועדיק", און דער „לעכו נעראַנענו" האָט זיך ניט אויסגעזונגען, נאָר אויסגעוויינט. איבערן איבערגעפולטן שולכל איז געהאַנגען דער טרויער פונעם נאָענטן כורבן. איבערן שולכל און איבערן גאַנצן לעבן. ווי עס זאָל ניט געווען זייַן, האָט דאָס לעבן, אַמאָל גוט און אַמאָל ניט אינגאַנצן גוט, אַמאָל זאַט און אַמאָל הונגעריק, אַמאָל שאָלעמדיק און אַמאָל פול מיט מאַכלויקעס איבער דער רועך ווייסט וואָס, איז דאָס געווען אַ טיף אייַנגעוואָרצלט לעבן אינעם טאָל נעבן די קאַרפּאַטן. אַ גרין ערטעלע, איז וועלכן פיל דוירעס האָבן אַרייַנגעלייגט זייער שווערע האָרעוואַניע, געפּראַוועט זייערע שאַבאָסים און יאָמטויוים, זייערע כאַסענעס און בריסן, און לעווייַעס אויך. און דאָס בידנע שולכל, וואָס איז ווי פיל דאָרפישע הייַזער געווען געדעקט מיט שטרוי, און דער אַלטער בעסוילעם, ווו די שטיינערנע צאַמען זייַנען פאַרוואַקסן מיט מאָך, און דער אַלטער שויכעט, ראָוו און כאַזן, וואָס זינגט איצט דעם „לעכו נעראַנענו" מיט זייַן געבראָכענער שטים, — דאָס אַלץ איז דאָך פאַר זיי אַלעמען דאָס לעבן אַליין. זייער נעכטן און זייער הייַנט, נאָר... וועט שוין ניט האָבן קיין מאָרגן.

אַפּנים, אַז דאָס אַלץ, דאָס געפיל פון כורבן און פונעם מוירעדיקן גייִרעש, וואָס וואַרט אַף זיי, האָט אַלעמען אַלצייַנס געפּרעסט באַם האַרצן. קיינעם האָט ניט געוווּנדערט, ווען מאָטל קירזשנער, ווער ס׳האָט אַפילע אַף שאַבעס ניט געקאָנט אויסקעמען די וואָלענע הערעלעך פון זייַן געדיכטער באָרד, האָט אַ זאָג געטאָן:

— איידער אַזוי, שוין גלייַכער, ווי אין דראַניוועץ. מיט אַ דריקל איבערן קאָפּ, און אויס מיט אַלע מוטשעניש.

— וואָס פאַר מוטשענישן? — האָט בערל אים אויסגעזידלט. — שלאָגן דאַרף מען זיך!

— וועמען שלאָגן, מיט וואָס שלאָגן? — האָט מאָטל, אַ פאַרצווייפלטער, אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט.

— אַפילע מיט די העק! מיט די העק איבער זייערע קעפּ! — האָט בערל אויסגעשריגן.

יאַסקע, דאָס פרייַלעכע שנייַדערל, וואָס איז געבליבן בא זייַן ייִנגלשן נאָמען, כאָטש ער האָט שוין געהאַלטן בא די פופציק, האָט זיך געסטאַרעט אויסלייגן אַלץ צו גוטן:

— וואָס שרעקט איר זיך אַזוי פאַר טראַנסניסטריע? וואָסי, דאָרטן זייַנען דען קיין ייִדן ניטאָ? און אַ שנייַדער איז אומעטום אַ שנייַדער. און פעלצן דאַרף מען אומעטום!

בערל האָט ניט געקאָנט טראַכטן אַזוי, ווי מאָטל קירזשנער. און ער קלייַבט זיך ניט עפענען אַ קוזניע ערגעץ אין טראַנסניסטריע. שלאָגן זיך דאַרף מען. איצט איז געקומען די צייַט, וועגן וועלכער מירטשע האָט אַמאָל געוואָרנט. טאַקע וועגן דעם האָט ער געוואָלט איצט אויסשרייַען. נאָר, דערמאָנט זיך אין מירטשען, דערמאָנט זיך, ווי ער האָט אים דערזען אין יאָר אַ פאַרבלוטיקטן און אַ צעפּאַסע־וועטן, האָט ער אַ ציטער געטאָן און אָנגעהויבן אַרומקוקן זיך. און געזאָגט גאָר ניט דאָס, וועגן וואָס ער האָט זיך געקליבן זאָגן. צוגעקומען צו זאַלמען שויכעט, האָט ער אַ זאָג געטאָן אַזוי, אַז אַלע זאָלן הערן:

— מע דאַרף הייַנט אָפּזאָגן אַ קאַדעש נאָך מירטשען.

— נאָך מירטשען? — האָט זאַלמען איבערגעפרעגט, ווי דערשראָקן זיך.

— יאָ, נאָך מירטשען. ער איז געפאַלן א קאָרבן פאַר אונדז אַלעמען.

— ניטאָ אַזאַ מינהעג, — האָט דער אַלטער שויכעט זיך געקווענקלט. — און בִיכלאַל... ס'איז עפּעס ניט...

— ס'איז יאָ, ס'איז גראָד יאָ, — האָט בערל אײַנגעטײַנעט. — און בִיכלאַל... אַלע מינהאָגים זײַנען פון הײַנט אָן...

ערשט דאַן, ווען דער אומגעווײנלעכער קאַדעש איז אָפּגעזאָגט געוואָרן, האָט בערל אויסגערופן:

— ווען עס פעלט א האַק, א לאָפּעטע, קאָן אַרײַנקומען צו מיר. איך האָב צוגעגרייט.

דערנאָך איז געשען נאָך מער אומגעווײנלעכס. דער אַלטער שויכעט האָט אויסגערופן אַזוי, ווי מע לייענט אויס א פּסאַק, ווי מע לייענט אויס ערעוו יאָמקיפּער דעם „אַל דאַאַס האַמאָקוים”.

— הערט מיך אויס, יידן. גייט אַהיים און טוט אַלץ, וואָס מע דאַרף. קאָכט און באַקט און גרייט זיך אין וועג אַרײַן. הײַנט מעג מען אַלץ און איך בין אַלץ מאַטיר. איך נעם אַלע אַווייראָס אָף זיך. דער אייבערשטער וועט מויכל זײַן.

פרומע האָט צוגעגרייט א געשמאַקע שאַבעסדיקע וועטשערע, נאָר בערלען איז דער ביסן ניט געקראָכן אין מויל אַרײַן. ער האָט ניט געקאָנט באַשטימען בא זיך, וואָס מיטנעמען און וואָס איבער־לאָזן, ניט געוווּסט, וואָס טאָן מיט זיך אַליין.

— ווייסטו וואָס? — האָט ער זיך אָנגערופן צו פרומען. — איך וועל צוגיין צו טאָדאָרן. מע דאַרף אייניקע זאַכן אַריבערטראָגן צו אים. גרייט דערווײַל צו.

— וואָס צוגרייטן, וואָס צוגרייטן? — און פרומע האָט זיך צעוויינט.

— איך ווייס וואָס? נו, דאָס ביסעלע יערושע־צירונג, די לײַכטער?

— די לײַכטער? און אין וואָס וועל איך אַרײַנשטעלן די שאַבעסדיקע ליכט?

אויסגעהערט בערלס ביטע, האָט טאָדאָר א פרעג געטאָן:

— עפּשער אײַנשפּאַנען דעם וואָגן?

— מיטן וואָגן טויג ניט. בעסער וועלן מיר אַלץ אַריבערטראָגן.

— ביסט עפּשער גערעכט, — איז טאָדאָר מאַסקים געווען. — קום, פּראַזינע, וועלן מיר זיי העלפן.

פרומען איז שווער געווען איבערלאָזן אין שטוב כאָטש עפּעס־וואָס. איר איז בִיכלאַל שווער געווען באַנעמען דאָס, וואָס עס קומט פאָר און וואָס דערפון וועט אַרויסקומען. איר איז בִיכלאַל שווער געווען פאָרשטעלן זיך דעם מאָרגנדיקן טאָג. און די הענט... די הענט האָבן צו גאָרנישט ניט געוואָלט זיך נעמען... ניט געוואָלט און ניט געקאָנט. בא איר איז אויך געווען א שטימונג, ווי בא מאָטל קירזשנער. כאָטש לייג זיך שוין אַוועק און שטאַרב. האָט זי געטאָן בלויז דאָס, וואָס בערל האָט געהייסן. אײַנײַנעם האָט מען אַריבערגעטראָגן צו טאָדאָרן א טישל, א שאַפקעלע, עטלעכע בענק־לעך און דאָס פייסעכדיקע געפעס. טאָדאָר האָט אַלץ פאַרוקט אין ווײַטסטן ווינקעלע פון דער סטאַ־דאָלע און פאַרדעקט מיט איבערגעטריקנט היי.

— און דאָס־אָ... — בערל האָט אַרויסגענומען פון אונטערן רעקל א קליין קעסטעלע, — דאָס איז פרומעס יערושע־צירונג. זאָל דאָס ליגן אינעם שיפלאָדל פונעם טישל.

— זײַ זיכער, — האָט טאָדאָר אים באַרויִקט. — אַלץ וועט זײַן גאַנץ.

דערנאָך זײַנען זיי פאַרבליבן אין דער סטאָדאָלע בלויז אינצווייען. ערשט דאַן האָט בערל אַרויסגענומען פון דער קעשענע א פּאָר פּאַפּירלעך און דערלאַנגט טאָדאָרן.

— און דאָס וואָס איז? — האָט טאָדאָר געפרעגט.

— פאַרשטייסט... — בערלען איז שווער געווען דאָס דערקלערן. — ווער ווייסט... האָב איך צוגעגרייט צוויי אָפּשריפטן. אַז דו וועסט עפּעס הערן וועגן אונדז, נו, עס קאָן זיך אַלץ טרעפן, זאָלסטו דאָס אויסהאַקן אָף א פּאָר צאַמען און אויפקשטעלן אָפן ייִדישן בעסוילעם.

— עך, בערקוט, — האָט טאָדאָר אים אויסגעמוסערט. — אַזוינס האָב איך זיך פון דיר ניט געריכט. וואָס פאַר א צאַמען? וואָס פאַר א בעסוילעם? מיר מיט דיר וועלן נאָך...

— מע דאַרף ניט, טאָדאָר. און וועגן אָט דעם בערקוט וועסטו נאָך הערן. נאָר דו וועסט דאָך אַליין...

— נו, גוט, זאָלן זיי ליגן בא מיר, די פּאַפּירלעך. איך וועל זיי דיר דערנאָך אומקערן.

— א דאַנק, א דאַנק דיר, טאָדאָר.

אָפּגעזעגנט האָט מען זיך אַפּגיך, אָין גרויס אײַלעניש, פּילנדיק, ווי בײדע צדאָדים איז שווער אָט דאָס געזעגעניש. און וואָס פאַר גוטע ווערטער זאָלן דערבײַ ניט געזאָגט ווערן, וועלן זיי גאָרנישט ניט ענדערן.

ערשט ווען בערל מיט פרומען זײַנען אַוועק, האָט טאָדאָר זיך א כאַפּ געטאָן:

— און פרומע! ס'איז דאָך שוין שאַבעס! זי האָט געוויס גאָרנישט ניט אָפּגעבאַקן.

— זאָל איך אָוועקשטעלן אַ ראַשטשינע? זי זאָל נאָך באַוויַיזן אויפֿגיין.

— זי וועט באַוויַיזן, — האָט טאַדאַר זי געזיכערט. — האָסט דאָך געהערט, זיי דאַרפֿן זיך צו־נויפֿקלייַבן צו זיבן אַזייגער.

יענע נאַכט איז מען אין פֿיל הייַזער ניט געשלאָפֿן. און ניט נאָר אין די ייִדישע. און אומעטום זייַנען אויפֿגעגאַנגען ראַשטשינעס. און ס'האָט זיך געהייצט אין די אויוונס. באַגינען האָט פּראַזינע אַרויסבאַקומען פֿונעם אויוון אַ פֿריש געבעקל ברויט, איַינגעוויקלט דאָס אין אַ ווייַסן טישטעך און געפּרוווט נעמען אַף די פּלייצעס.

— גיב אַהער, — האָט טאַדאַר איבערגענומען בייַ איר דעם קלומעק.

ווען זיי זייַנען צוגעקומען צו בערלס שטוב האָבן זיי דאָרטן קיינעם ניט געטראָפֿן. די פֿענצטער זייַנען געווען פֿאַרהאַקט, די טירן פֿאַרשלאָסן. בלויז די קוזניע איז געשטאַנען צעעפֿנט, און אין איי־וועלע האָבן נאָך געטליִעט עטלעכע גויסענדיקע קוילן.

— אוי, גאָטעניו, — האָט פּראַזינע פֿאַרבראָכן די הענט. — מע האָט זיי שוין אַוועקגעטריבן! לאָמיר לויפֿן אַהין, צום פּלאַץ נעבן קלויסטער!

טאַדאַר האָט זיך געלאָזט לויפֿן, פּראַזינע נאָך אים, נאָר גאָר איינגיכן האָט זי אָנגעהויבן פֿאַר־דעכעכן זיך.

— טאַדאַר, — האָט זי זיך געבעטן, — פּאַמעלעכער אַ ביסל!

אויפֿן פּלאַץ האָבן זיי אויך קיינעם ניט געטראָפֿן. זיי האָבן בלויז געזען, ווי פֿון פֿאַרשיידענע גאַסן זייַנען געלאָפֿן אַהער מענער און פֿרויען מיט קלומעקעס פֿריש אָפּגעבאַקן ברויט. פּונקט ווי זיי. און אַלע זייַנען געבליבן שטיין פֿאַרסאַפּעטע און דערשיטערטע. די ייִדישע הייַזער, ווו צוגעשלאָסענע און ווו מיט צעפּראַלטע טירן און פֿענצטער, האָבן אויסגעזען טויטלעך־אויסגעליידיקט, דורכגעדרונגען מיט צעוויכערטע צוגווינטן, וואָס האָבן אַרויסגעבלאָזן פֿון זיי אין אַלע זייַטן פֿעדערן פֿון אויפֿגעריסענע קישנס, אָפּשניצלעך פֿון שאָפֿענע פֿעלעכלעך און בלעטלעך פֿון צעפֿליקטע ספֿאָרים.

# 4

אַלע וואַרביוווקער ייִדן האָט מען אויפֿגעהויבן אַרום האַלבער נאַכט, באַפֿוילן נעמען מיט זיך די קלומעקלעך, וואָס זיי האָבן צוגעגרייט, און אָפּגיך אַרויסקלייַבן זיך צום ברעג פֿונעם דאָרף. ניט אויפֿן צענטראַלן פּלאַץ, נאָר פֿון יענער זייַט דאָרף, און דעריקער — אָן טומל, אָן ראַש, אָן גוואַלדן, אָן געשרייען, מע זאָל ניט „באַאומרויִקן" די אָרטיקע באַפֿעלקערונג. פֿאַרוואָס גראַד אַזוי? פֿאַרוואָס ניט זיבן אַזייגער אינדערפֿרי און ניט אויפֿן צענטראַלן פּלאַץ? געוויס דערפֿאַר, וואָס די סיגוראַנצע־לייַט איז שטאַרק ניט געווען צום האַרצן, וויאַזוי די וואַרביוווקער האָבן אָפּגעטריבן די דראַניוועצער ראַצכים. איז דאָס גאַנצע דאָרף פֿאַרשריבן געוואָרן אין שוואַרצן צעטל. דאָס האָט, אַגעוו, באַשטימט די באַ־זונדערע באַציִונג פֿון די זשאַנדאַרמען און סיגוראַנצע־לייַט צו די וואַרביוווקער אין משך פֿון דעם גאַנצן אָקופּאַציע־פּעריאָד.

שאַבעס גאַנצפֿרי איז וואַרביוווקע געוואָרן יודנריין. אַ ביסל שפּעטער, טאַקע דעם זעלבן שאַבעס, האָט מען זיך דערוווּסט, אַז דער היגער גאַלעך האָט אויך ניט געסטייַעט. ביידע געשעענישן, גאַנץ פֿאַרשיידענע, האָבן זיך ניט געקלעפּט איינס צום אַנדערן. נאָר יעדערער האָט געמוזט דאָס אויס־טייַטשן פֿאַר זיך אַזוי, ווי עס האָט זיך געלייגט אויפֿן סייכל.

ס'איז נאָך אַלץ געווען שניט־צייַט. פֿון די פֿעלדער איז שוין אַלץ געווען אַראָפּגעפֿירט, נאָר אין די פֿויערשע הויפֿן האָט מען פֿון באַגינען ביז שפּעט אין אָוונט געקלאַפּט מיט די ציפּן. אין איניקע הויפֿן האָט מען איבערגעווייעט דאָס אויסגעדראָשענע אַף עמעסדיקע ווייעלקעס, מערסטנטייל איבערגעזיפּט אַף גרויסע און געדיכטע זיפּן, צווינגענדיק דעם ווינט אַרויסבלאָזן די פּאַלאָווע. אַזוי צי אַזוי, נאָר דאָס זייַנען נאָך אַלץ געווען יענע איבערגעהאָרעוועטע מעסלעסן, ווען מע פֿאַלט מידע צו צום געלעגער, ניט בעקויעך זיך אָפּפּאַרטיקן מיט דער שפּעטער וועטשערע. איז בייַ יעדערן געווען גענוג אייגענע דייַגעס. נאָר די פּלוצלינג אויפֿגעקומענע פּוסטקייַט האָט געמאַכט צוגישט דאָס ביסעלע נאַכעס, ווען מע באַקט אַף דאָס ערשטע געבעקל ברויט פֿון דער נייַער גערעטעניש. ס'האָט אַלעמען געפֿעלט דאָס ייִדישע געסל אינעם צענטער פֿון דאָרף און דאָס ציגייַנערשע אויפֿן סאַמע ברעג. עס האָבן געפֿעלט די זינגענדיקע שטימען, וואָס האָבן אַרויסגעהילכט פֿון די ייִדישע געזעלן, די ייִדישע לידעלעך, וועלכע זייַנען דאָ געווען באַקאַנט אַלעמען פֿון קליין ביז גרויס און וועלכע פֿיל דאָרפֿסלייַט האָבן אַליין נאָכגעזונגען. עס האָבן געפֿעלט די פֿריילעכע הוליאַנקעס אַף די ציגייַנערשע כאַסענעס. עס האָבן געפֿעלט אַ סאַך זאַכן, וואָס האָבן געשאַפֿן יענע גאַנצקייַט אינעם ניט־דרייַכן פֿויערישן לעבן,

יענע אָנגעפּילטקייט, וואָס שאַפט בײַ יעדערן אַ געפיל פון זיכערקייט און אַ באַשטימטע פאָרשטעלונג וועגן דעם אײַנגעשטעלטן סיידער־האָוילעם. דאָס ביסעלע קראָסין האָט שוין אויך אויסגעפעלט. און דאָס ביסעלע זאַלץ אויך.

האָט זיך צוערשט אַפילע ניט באַמערקט, ווי די רומענישע באַלעבאַטים נעמען אָפּסנײַ אײַן דאָס דאָרף, נעמען אײַן מיט אַן אויפגערייצטער בייזקייט, פיל בייזער, ווי דאַן, אין נײַנצנטן יאָר, גלײַך זיי, די ווערבּיווקער, זײַנען שולדיק אין דעם, וואָס עס איז געשען אין יון פונעם פערציקסטן. כאָטש דער רומענישער שעף־דעפּאָסט איז געווען ניט דער, וואָס אין יענע יאָרן. די זשאַנדאַרמען און סיגוראַנצע־לײַט אויך אַנדערע. נאָר אין זייער אויפירונג, וואָס איז מיט יעדן טאָג געוואָרן כוצפּעדיקער און דראָענדיקער, האָט זיך געפילט זייער דראַנג פון נעקאָמע. ווער ווייסט פאַר וואָס און פאַר וועמען. איז גאָר אינגיכן באַנײַט געוואָרן אַלץ, וואָס איז געווען ביזן פערציקסטן, נאָר אַ ביסעלע אַנדעריש, אַ ביסעלע ערגער. דערווײַל טאַקע נאָר אַ ביסעלע. נאָר מע האָט געקאָנט וואַרטן אויף ערגערס.

עמעס, דער נײַער פרימאַר איז געווען פאַר אַלע ווערבּיווקער אַ שטיקל מיספאַרשטייעניש. קיין רײַכער באַלעבאָס איז ער קיינמאָל ניט געווען, ניט מער, אַ שטיקל שותּף מיט דער מעשוגענער פריצע. אַ שותּף צי אַ מעקלער, צי גלאַט אַזוי אַ מעשאָרעס. נאָר אַפּאָנעם, אַז דאָס איז געווען גענוג, אַז גראַד אים זאָל מען אָוועקשטעלן פאַר אַ פרימאַר. ס'איז פאַר אים אַליין אויך געווען ביז גאָר אומדערוואַרט. נאָר ער האָט זיך אָנגעכאַפּט פאַר דעם ווי פאַר אַ גרויסן געווינס. ביז דאַן האָט מען אים גערופן פאַשעט מיראַשקע, אָדער — מיראַשקע שיקער. איצט איז ער געוואָרן אַ דאָמנולע. דאָמנולע מיראַן, דאָמנולע זאַכאַריוק, און מע האָט געדאַרפט דערצו אַ ביסל נידעריקער ווי געווײַנלעך פאַרבייגן דעם קאָפּ. וואָס צו טאָן מיט דעם דאָמנולע האָט ער ניט געוווּסט, נאָר ער האָט געוואָלט, אַז יעדער טאָג זאָל זײַן בײַ אים אַ שטיקל יאָמטעוו, עמעצער זאָל אים מעכאַבעד זײַן מיט אַ קעלישעקל, זײַנע אויגן זאָלן גלאַנצן גוטמוטיק און לײַטזעליק און ער זאָל יעדן טאָג עמעצן אַ גלעט טאָן פאַר דער פּלייצע. זייער פרײַנטלעך און זייער צוגעלאָזט. אַלץ דאָס איבעריקע, דאָס וואָכעדיקע איז אים ניט אָנגעגאַנגען. מיטן וואָכעדיקן האָט זיך פאַרנומען דער סעקרעטאַר פון דער פרימאַריע, אויף וועמען די רומענישע מאַכט האָט זיך געקאָנט פאַרלאָזן.

סעקרעטאַרעוועט האָט דאָ ניט קיין ווערבּיווקער, נאָר אַ דראַגניוועצער. די סיבע דערפון איז אויך באַשטאַנען אין דעם, וואָס די ווערבּיווקער האָבן קיין איבעריקן צוטרוי ניט אַרויסגערופן.

אויסערלעך איז ער געווען ענלעך אויף אַלע די, וואָס האָבן טאָג און נאַכט צו טאָן מיט פאַפּירלעך — מיט ספּראַווקעס, מיט שטײַער־ליסטעס און מיט פּאָווסטקעס פונעם געריכט. גערופן האָט מען אים נעסטער וואַראַניוק.

דער דאָזיקער נעסטער איז פון קאָפּ ביז די פיס באַשטאַנען פון הוילן גלאַנץ. פון די שוואַרצע, אַ ביסל צוגעפּלעטשטע האָר, געדיכט אָנגעשמירט מיט אַ שמעקנדיקן שמירעכץ, ביז די שטיוול, וואָס האָבן געבלענדט מיט זייער שפּיגלדיקער גלאַטקייט. הויך און שטאַלטנע, מיט אַ לענגלעך פּאָנעם, מיט אַ שטענדיק אויסגעווירעטן שפּאַן, האָט ער אַפּאָנעם געהאַלטן, אַז דאָס סאַמע וויכטיקסטע זײַנען די וואָנצעס. די אַקוראַט אונטערגעשוירענע וואָנצעלעך, וועלכע ער האָט אַלעמאָל צוגעגלעט, עס זאָל קיין איבעריק האָרעלע ניט אַרויסשפּאַרן.

געווען איז אָט דער וואַראַניוק ניט אײַנגאַנצן קיין דראַגניוועצער. ער האָט זיך אַ יאָווע געטאָן אַהער פון דער פּוילישער זײַט, ווי מע האָט דאַן גערופן מײַרעוו־אוקראַינע, כאַסענע געהאַט פאַר זייער אַ רײַכער קאַלע און געוואָרן אַ באַלעבאָס פון זעקס העקטאַר ערד. געיאָוועט האָט ער זיך אַהער ניט פּלוצלינג, ניט גלאַט אַזוי און ניט צוליבן רײַכן שידעך. גיכער פון אַלץ איז ער געווען אַ שאָ־לײַעך פון סטעפּאַן באַנדערען אַליין. ס'איז פאַראַן אַ גרונט צו האַלטן, אַז דאָס האָט ער צוגעגרייט און אָרגאַניזירט די דראַגניוועצער אַקציע. כאָטש אַליין האָט ער קיין דירעקטן אָנטייל ניט גענומען.

אַ וואָך צײַט האָט ער אַרומגעשפּאַנט איבער ווערבּיווקע, זיך צוגעקוקט, באַקאַנט זיך מיטן היגן אוילעם, געגריסט זיך מיט קליין און גרויס און צו אַלעמען צוגעשמייכלט. יעדן גאַנצפרי האָט ער זיך אַ יאָווע געטאָן אין ווערבּיווקע, און פאַרנאַכט זיך אומגעקערט קיין דראַגניוועץ.

אין אַ וואָך אַרום איז ער אַרײַנגעקומען צו מיכײַלאָ סושינסקין.

— אַ לויב יעזוסן, — האָט ער אַרויסגערעדט, באַגריסנדיק זיך. דערפון טאַקע איז קלאָר געוואָרן, אַז ער שטאַמט פון יענער זײַט, פון דאָרטן, וווּ דער אוילעם איז אונטער דער ווירקונג פונעם אוניאַטישן קלויסטער געוואָרן האַלבּ־קאַטאָליקער. — שטעל עפּעס אַרויס אויפן טיש, מיכײַלאָ וואַסיליעוויטש.

— פאַר וואָס זשע ווילן מיר אויסטרינקען? — האָט מיכײַלאָ געפרעגט.

— פאַר דײַן קאַלווירט.

מיכײַלאָ האָט גלײַך זיך אָנגעשטויסן, אַז דאָס איז געזאָגט ניט גלאַט אַזוי און אַז ער איז געקומען צו אים מיט ניט קיין גוטע קאַוואָנעס.

— פאַר מײַן קאַלווירט? — האָט ער איבערגעפרעגט.

— איוואַדע. ביסט דאָך געווען פּאַרטיזאַנער.

— עט, — האָט מיכײַלאָ אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט. — וואָס פאַר אַ קאָלווירט איז דאָס געווען? ס'איז נאָך ניט געווען קיין קאָלווירט.

— פונדעסטוועגן האָסטו זיך געקליבן פאָרן אין דער גרויסער אוקראַינע. זיך אָנעמען מיט אַ ביסל דערפאַרונג.

— מאַלע וואָס עמעצער האָט זיך געקליבן ערגעץ פאָרן... און ווער האָט דיר דאָס אַזוי אויס־געטײַטשט?

— אונדז דאַרף קיינער ניט אויסטײַטשן. מיר זײַנען אַליין גראַמאַטנע.

מיכײַלאָס פרוי, אָלענע, אַף אַ יאָר צען יינגער פון אים, האָט דערשראָקן אַ קוק געטאָן אַף דעם אומגעבעטענעם גאַסט און אַ ווונק געטאָן צו מיכײַלאָן. יענער האָט באַוויליקנדיק אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ. אָלענע האָט גלײַך אַרויסגעשטעלט אַפן טיש אַ טעלער פרישע אוגערקעס, אַ שטיק ברינזע, און, פאַרשטייט זיך, אַ פלעשל בראַנפן. מיכײַלאָ האָט אָנגעגאָסן צוויי פולע קויסעלעך, זײַנס אופגע־הויבן ווי געקליבן זיך עפּעס זאָגן, נאָר גאָרנישט ניט געזאָגט. ער האָט טאַקע ניט געוווּסט, וואָס צו זאָגן און פאַר וואָס אויסטרינקען.

— איז פאַר דײַן קאָלווירט, — האָט נעסטער אויסגערופן און אַ ווונק געטאָן צו אים, ווי צו אַן אַלטן פרײַנט.

— לאָמיר, — האָט מיכײַלאָ אָפּגעענטפערט.

— אַ מאַלאַדיצע באַ דיר, — האָט נעסטער זיך געוווּרטלט, פאַרבײַסנדיק. — ס'איז פּאַשעט אַ שאָד זיך שיידן מיט אַזאַ שיינהייט.

— פאַרוואָס דאַרף איך זיך שיידן? — מיכײַלאָ האָט דערפילט, ווי אַ גראָבער שווייס האָט באַ־שלאָגן דאָס פּאָנעם.

— מאַלע וואָס... מילכאָמע־צײַטן!

די זעלבע נאַכט האָבן צוויי זשאַנדאַרמען זיך אַרײַנגעריסן צו מיכײַלאָן אין שטוב אַרײַן, באַ־פוילן אים אָפּגיך אָנטאָן זיך און מיטנעמען מיט זיך אַלץ, וואָס ער דאַרף. דערבײַ האָבן זיי איבער־געטרייסלט אַלץ אין שטוב, געזוכט ווער ווייסט וואָס.

צוויי וואָכן צײַט האָט קיינער ניט געוווּסט, וווהין מיכײַלאָ איז אַהינגעקומען. איין זאַך האָט דער אוילעם פאַרשטאַנען. אויב נעסטער קומט אַרײַן צו עמעצן צוגאַסט, איז דאָס אַ שלעכטער סימן.

אַף דער דריטער וואָך האָט מיכײַלאָ זיך אומגעקערט אַהיים אַ פאַרוואַקסענער, אַן אויסגעדאַר־טער און אַ בלייכער, ווי נאָך אַ שווערער קרענק. עפּעס גאָר ווי אַן איבערגעקנאָטענער מיט בלויע פּאַסן אונטער די האַלב־צוגעלאָשענע אויגן, און מוירעדיק געהוסט. אַרײַנגעקומען אין שטוב, איז ער צוגעפאַלן צו זײַן געלעגער און זיך איבערגעדעקט מיטן ווינטערדיקן פּעלץ. כאָטש ס'איז נאָך געווען זומער. אַף אַלע פראַגן פון זײַן אָלענען, האָט ער געענטפערט הוסטנדיק און ציטערנדיק:

— פרעג באַ מיר גאָרנישט ניט, אָלענע. ס'איז ניט אַף איבערצודערציילן.

דאָס זעלבע האָט ער געענטפערט די שכיינים, וועלכע זײַנען אַרײַנגעקומען מעוואַקער־כוילע זײַן. פרעגן איז, אייגנטלעך, געווען איבעריק. אַלץ איז געלעגן אַף זײַן פּאָנעם. איין זאַך אָבער... און דאָס האָבן אַלע געוואָלט וויסן: פאַר וואָס, פאַר וואָס? אַף דעם האָט סושינסקי געענטפערט גאַנץ קורץ:

— פאַרן קאָלווירט.

טאַדאַרן האָבן אויך ניט אופגעהערט מוטשען אַן אַ שיר פאַרוואָסן, אַף וועלכע ער האָט ניט געקאָנט געפינען קיין ענטפער. פאַרוואָס האָט די מילכאָמע זיך אָנגעהויבן מיט אַזעלכע רעציכעס? ווען האָבן עס געשטערט די יידן? ווווהין האָט מען זיי פאַרטריבן און וואָס וועט מיט זיי געשען דאַרטן? און ווי וועלן זיי, די פוירעים, זיך באַגיין אָן די יידישע באַלמעלאָכעס? און ווי־אַזוי קאָן מען ביכלאַל לעבן אָן ריין־מענטשלעכער פרײַנטשאַפט, אַזאַ, ווי ס'איז געווען באַ אים מיט בערלען? און אַפילע די ציגײַנער, וואָס האָבן פון מאָל צו מאָל אַרײַנגעטראָגן אינעם וואָכעדיקן פוירישן לעבן אַ יאָמטעוודיקן וויכער?.. ווען האָט עס געשאַט? און די אַלע יאָמטעווים, די יידישע און די קריסט־לעכע, די פּייסעכס און די ניי־יאָרן, וועלכע זײַנען געקומען איינע נאָך די אַנדערע האָבן דאָך אויך צוגעגעבן יעדן יאָמטעוו אַ באַזונדערן טאַם? ווי זשע וועט איצט זײַן?

די ביטערלעכקײַט פון די אַלע אומרויִקע געדאַנקען איז געוואָרן וואָס אַ טאָג וויטיקלעכער. אים איז שווער געווען בײַקומען דאָס געפיל פון אייגענער פאַריאָסעמטקײַט. די מאָרעשכוירע האָט זיך פאַרקליבן אין זייער שטוב און אַרויסגעקוקט פון יעדן ווינקעלע, דריקנדיק און שרעקנדיק. אַ שטומע מאָרעשכוירע, וואָס האָט איבערגעשטרייפּט זייער שטוב מיט אַן אומזעבאַרן שפּינוועבס.

זיי האָבן קימאַט ניט גערעדט צווישן זיך, טאַדאָר און פראָזינע. צי איז דאָס געווען אַ פאַרלע־גערטער רויגעז, צי עפּשער אַ פּרווו אויסבאַהאַלטן איינער פונעם אַנדערן דאָס, וואָס האָט אַרויסגעג־שריִען פון זיי? גיכער פון אַלץ — אַ ניטקלאָרער געפיל פון שולד — באַ יעדערן אַף זײַן אויפן און איבער פאַרשיידענע סיבעס, אַ שולד, אין וועלכער זיי איז שווער געווען זיך מודע זײַן איינער פאַרן



אנדערן. דערצו נאָך האָבן זיי גוט פאַרשטאַנען, אַז דאָס וועט גאָרנישט ניט ענדערן און זיי וועט דערפון גרינגער ניט ווערן.

טאַדאַר האָט זיך ניט געקאָנט באַפרײַען פונעם געדאַנק, אַז אין מירטשעס טויט איז ער אויך טיילווײַז שולדיק. ווען ער זאָל ניט געווען צעקריגן זיך מיט אים איבערן קאָלווירט, וואָלט ער די גאַנצע צײַט געווינט בא זיי, און עס וואָלט, מעגלעך, ניט געטראָפן דער אומגליק. אים האָט זיך געדוכט, אַז דאָס זעלבע לייענט ער ארויס אין פראַזינעס שטענדיק אַנגעטערטע און פאַרטרויערטע אויגן. אין דעם, ווי זי דערלאַנגט שווײַגנדיק צום טיש דעם פרישטיק, דעם מיטיק, ווי זי זיצט אָפּ שאָענווײַז אפן פריזבעלע, אונטערגעשפּאַרט מיט בײדע הענט דאָס פּאָנעם. און איר שווײַגעניש... אַזאַ שווער, אַזאַ אומדערטרעגלעך, אַזאַ הימלשרײַענדיק שווײַגעניש!

— מיט וואָס בין איך שולדיק? — פּרוּווט ער אין די געדאַנקען זיך פאַרענטפערן פאַר פראַזינען. — וואָס האָב איך דען געמיינט? און ווער האָט געקאָנט וויסן?

פאַר פראַזינען פאַרענטפערט ער זיך. פאַר זיך אַליין קאָן ער זיך ניט פאַרענטפערן. באַזונדערס קאָן ער זיך ניט מויכל זײַן, וואָס אין יענער נאַכט האָט ער אים אַזוי גרינג אָפּגעלאָזט. געווען גע־דאַרפט אײַנרעדן, דערווײַזן, אַז ער טאָר ניט, ער טאָר ניט אוועק. און אויב שוין יאָ, האָט ער אים געדאַרפט באַגלייטן. און ניט ביז דער קלאַדקע, נאָר ביזן דאָרפראַט. נאָר... וואָס איז איצט דאָ צו קלערן? וואָס איז שײַעך קאַטעווען זיך? סײַווי, ניטאָ מירטשע, אומגעקומען. אַזוי אַכזאָריעסדיק אומ־געבראַכט!

אָפּטמאָל, ווען אים האָט זיך געדוכט, אַז פּראַזינע שטעכט אים מאַמעש דורך מיט איר ווײַטיקדיקן בליק, האָט ער אַ כאַפּ געטאָן זײַן קלאַפּערגעצײַג און אוועק אין די בערג.

דאָ, אין די שטיינערנע גריבער, האָט ער זיך געפֿילט אַ ביסל רויקער. ער האָט ניט געזען פֿאַר זיך דאָס פֿאַרומערטע דאָרף, די רומענישע זשאַנדאַרמען און אָט דעם פֿעטגלאַנציקן סעקרעטאַר פֿון דער פּרימאַריע, נעסטער וואַראַניוק, וועמען מע האָט איניגיכן אַ נאָמען געגעבן וואַראַנע, די שוואַרצע וואַראַנע. דאָ האָט ער געקאָנט אָן אַרבעט טאָן מיטן האַמער ביזן זיבעטן שווייס, דערנאָך אָפּדעכען אַ ביסל און זיך דורכשמועסן מיט בערלען. אַמאָל בלויז אין די געדאַנקען, אַמאָל אַפֿילו איבערהויך, גלײַך בערל וואָלט געזעסן באַנאַנד. ער איז געווען זיכער, אַז קיינער וועט זיי דאָ ניט אונטערהערן.

— וואָס יאָגט דיך אַלעמאָל אין די בערג? — פֿרעגט פּראַזינע.

— איך דאַרף... אַ פּאָר מאַציייווס דאָרט איך אויסהאַקן.

— וועלכע מאַציייווס, פֿאַר וועמען?

— בערל האָט געבעטן.

— וואָס רעדסטו, טאַדאַר? וואָס האָט בערל געקאָנט בעטן?

ס'איז געווען אַ זאַך אַף ניט צו דערקלערן. און דער קורצער שמועס האָט ביידן אויסגעזען לעפּיש. ס'איז געווען ניט דאָס, וועגן וואָס זיי האָבן געוואָלט רעדן, ניט דאָס, וועגן וואָס רעדן האָט מען ניט געטאָרט.

פּראַזינע האָט געהאַט אירע אייגענע הרהורנישן. זי האָט אויך ניט געקאָנט בײַקומען דאָס געפֿיל פֿון שולד. ווען זי זאָל ניט געווען פֿאַרטרײַבן פֿיוולען, וואָלט ער אַליין ניט אוועק קיין דאָנבאַס און ניט מיטגעשלעפּט מאַריטשקען מיט זיך. און דערנאָך... די צײַט וואָלט שוין געוויזן. נאָר ווידער דאָס זעלבע. טראַכט יאָ, טראַכט ניט, וועסטו גאָרנישט ניט ענדערן. און ווער ווייסט... ווער ווייסט, צי לעבט זי נאָך, מאַריטשקע.

און אַזוי, ביז איינעם אַ גאַנצפֿרי.

ער האָט זיך אַ יאָווע געטאָן באַ זיי אין הויף אַ גוט אויסגעשלאָפֿענער און אַ געשמאַק אָפּגעפּרישטיקטער, אַ צוגעקעמטער און אַ צוגעגלעטער, מיט אַ פֿעטן גלאַנץ אַף דעם אַ ביסל שיקערלעכן פּאָנעם און אַף די אויסגעפּוצטע שטיול. די שוואַרצע וואַראַנע! פּראַזינע האָט דאַן געהאַט נאָרוואָס אויסגעמאָלקן די קו, נאָר ניט באַוויזן פֿאַנאַנדערגיסן די מילך אין די קריגלעך.

— הײַדאַ, מאַך דיר אַ קלומעקל און קום, — האָט ער אַ קאָמאַנדעווע געטאָן צו פּראַזינען.

— וווּהין? — האָט פּראַזינע געפֿרעגט.

— אין דער פּרימאַריע וועט מען דיר זאָגן.

— אָבער דו... דו ווייסט דאָך! — האָט טאַדאַר געפּרוּווט אויסקלאָרן.

— מאַלע וואָס איך ווייס. איך ווייס אַ סך זאַכן...

— אָבער אָפּפּרישטיקן מעג מען?

— זי וועט האָבן גענוג צײַט אַף פּרישטיקן. דער וועג איז אַ ווײַטער.

איז מערער ניט געווען וועגן וואָס צו פֿרעגן. צונויפֿגעלייגט אין אַ קלומעקל אַ ביסל עסנווארג, אַרופֿגעוואָרפֿן אַף די אַקסלען אַ גרינג קעפּטאַריקל, אַ בעם געטאָן אין דער האַנט אַ שאַלעכל, האָט פּראַזינע אַ קוק געטאָן אַף טאַדאַרן.

אַ כאַפּ געטאָן פֿון אירע הענט דאָס קלומעקל, האָט ער זיך אָנגערופֿן:

— איך וועל גיין מיט דיר.

— ווער דאַרף דיך האָבן? — האָט וואַראַניוק אָנגעשריגן אַף אים. — צו אַלדי רוכעס!

— און נאָך וואָס דאַרפֿט איר מײַן פּראַזינען?

— דו ביסט דאַן געווען קעגן קאָלווירט, און זי איז געווען פֿאַר.

— ניט עמעס! — האָט טאַדאַר אויסגעשריגן. — איך בין ניט געווען קעגן קאָלווירט! און זי איז ניט געווען פֿאַר!

— און מירטשע?

— וואָס מירטשע?

— אָט דאָס דאַרף מען טאַקע פֿעסטשטעלן.

אַזוי האָבן זיי זיך אוועקגעלאָזט איבערדרײַען. פֿאָרויס איז געגאַנגען פּראַזינע, אונטער איר וואַראַניוק מיט אַ דײַטשישן פֿאַראַבעלום אין דער האַנט, און באַנאַנד מיט אים טאַדאַר. וואַראַניוק האָט די גאַנצע צײַט זיך געסטאַרעט אים אָפּטרײַבן, אַפֿילו געסטראַשעט, נאָר טאַדאַר איז ניט אָפּגעשטאַנען. ערשט דאַן, נעבן דער פּרימאַריע, ווען טאַדאַר האָט פֿאַרשטאַנען, אַז מע קלײַבט זיך טאַקע זי פֿירן ווײַטער, האָט ער אָנגעהויבן בעטן אירע באַגלייטער, צוויי הויכוווקסיקע זשאַנדאַרמען:

— נאָר וואָס שלעפּן זיך צופֿוס? איך שפּאַן באַלד אײַן מײַן וואָגן.

— אַזאַ פּריצע איז זי באַ דיר? זי קאָן צופֿוס ניט גיין?

— אײַך אַליין איז דאָך אויך...

— פֿאַר אונדז דײַגע ניט.

דאָך האָט טאָדאָר פֿאַרשטאַנען, אַז אירע באַגלייטער מאַכן בלויז אָן אָנשטעל. אוועקגעלאָפֿן צוריק, אײַנגעשפּאַנט דאָס פֿערדל, אָנגעוואָרפֿן אַ פֿולן וואָגן מיט היי, און ערשט דערנאָך געכאַפּט זיך, אַז פּראַזינע האָט ניט מיטגענומען מיט זיך קיין וואַרעם אָנטאָן. און טאָמער וועט אויסקומען באַנאַכט? און אויב אַ רעגן? אָט, עס מאַראָסיעט שוין אַ ביסל. אַרופֿגעוואָרפֿן אויפֿן וואָגן איר פּעלצל, אײַנגעוויקלט אין אַ האַנטעך אַ פּאָר לעבלעך ברויט און אַ פֿלעשל סאַמאָהאָן, האָט ער זיך אוועקגעלאָזט צו דער פּרימאַריע.

טאָדאָרס וואָגן איז געווען אַ צווייפֿערדיקער מיט אַ דישעל אינמיטן. אַלע יאָרן האָט ער געטרוימט ווערן אַ באַלעבאָס פֿון אַ פּאָר פֿערד. נאָר וויפֿל ער האָט ניט אײַנגעשפּאָרט און אָפּגעשפּאָרט, איז דאָס געבליבן ניט מער ווי אַ טרוים. ווען ער איז צוגעפֿאָרן צו דער פּרימאַריע, האָט ער שוין דאָרטן קיינעם ניט געטראָפֿן. ניט די זשאַנדאַרמען, ניט פּראַזינען. די וואָראָנע איז שוין אויך דאָרט ניט געווען. אַ שמײַס געטאָן דאָס פֿערדל, האָט טאָדאָר זיך געלאָזט זיי דעריאָגן.

דאָס רעגנדל, וואָס האָט ניט לאַנג אָנגעהויבן שוואַך מאַראָסיען, איז געוואָרן וואָס אַ מאָל פֿרעכער. ס'איז געווען ניט קיין היגס, דאָס רעגנדל, דאָס כמאַרעלע איז אויך געווען אַ פֿרעמדס, פֿאַריאָגט אַהער דורך עפּעס אַ בייזן ווינט. ס'איז בכלל געווען ניט קיין זומערדיקס. גיכער פֿון אַלץ אַ שפּעטהאַרבסטיקס, און אויפֿגעפֿירט זיך, ווי אַ פֿרעמדע בריה. ס'האָט ניט געגאָסן, נאָר געשמיסן אין פּנים און געצופּט פֿון די נאָך גרינעביימער אַ בלעטל נאָך אַ בלעטל.

ווען טאָדאָר האָט אָנגעיאָגט פּראַזינען מיט אירע באַגלייטער, זײַנען זיי שוין אַלע געווען גוט דורכגענעצט. גאַנץ מעגלעך, אַז טאַקע אַדאַנק דעם בייזן רעגנדל, נאָך מער אַדאַנק דעם פֿלעשל סאַמאָהאָן, זײַנען די זשאַנדאַרמען געוואָרן צוגעלאָזטער און זיך אויפֿגעזעצט אויפֿן וואָגן אינאיינעם מיט פּראַזינען. טאָדאָר האָט אַראָפּגענומען פֿון איר דאָס דורכגענעצטע קעפּטאַריקל און אײַנגעוויקלט זי אינעם פּעלצל. ער האָט דערבײַ אויך צוגעטראַכט פֿאַר איר עטלעכע טרייסט־ווערטער:

— דו, פּראַזינע, שרעק זיך ניט. איך וועל די גאַנצע צײַט...

מיט וואָס האָט ער געקאָנט איר באַהילפֿיק זײַן די גאַנצע צײַט, וויפֿל וועט אָט די צײַט זיך ציִען, האָט ער, פֿאַרשטייט זיך, ניט געוווּסט. נאָר זײַן הייסער פֿאַרלאַנג און זײַן גרייטקײַט זײַן ערגעץ נאָענט נעבן איר האָט זי אַ ביסל אונטערגעמונטערט. און צום ערשטן מאָל פֿאַר די שווערע טעג פֿון זייער שטומען רויגעז האָבן זיי ווי איבערגעבעטן זיך.

— גוט, גוט, טאָדאָר. איך ווייס, — האָט זי אים אָפּגעענטפֿערט, און אירע ווערטער האָבן אַ קלונג געטאָן פֿאַר אים מעכילעדיק און לײַטזעליק. פֿון אָט דער אומדערוואַרט־אויפֿגעקומענער קעגנזײַטיקער פֿאַרשטענדיקונג האָט טאָדאָרן פֿאַרקלעמט באַם האַרצן און טרערן האָבן אַ גאָס געטאָן פֿון די אויגן. זייער אַן אומגעוויינלעכע, זייער אַ זעלטענע זאַך בײַ טאָדאָרן.

ווען זיי זײַנען אַרײַנגעפֿאָרן אינעם שטעטל, וווּ עס האָט זיך געפֿונען די רומענישע סיגוראַנצע, זײַנען די זשאַנדאַרמען אַראָפּגעשפּרונגען און באַפֿוילן פּראַזינען אַראָפּ פֿונעם וואָגן.

— דאָ מוז מען גיין צופֿוס, — האָבן זיי געמאָלדן. און צו טאָדאָרן. — דו פֿאָר אַ ביסל פֿונדערווײַטנס.

— זײַ רויִק, פּראַזינע, — האָט טאָדאָר נאָכגעשריִען. — איך וועל מאָרגן נאָכאַמאָל קומען. און איבערמאָרגן אויך. אַלע טאָג. וויפֿל מע וועט באַדאַרפֿן!

גרויסע לאַגערס און קלײנע לאַגערלעך. גרויסע טורמעס און קלײנע טורמעלעך. זיי האָבן אָנגעהויבן אויפֿקומען אין בוקאָווינע אין אַלע גרעסערע און קלענערע שטעט, זיך צעוואַקסן, מעגושעמדיק זיך אויפֿגעבלאָזן, ווי אָנגעשוואָלענע און יאַטרענדיקע ווונדן. ס'איז געווען אַ מין זינלאָזער געוועט — ווער וועט מערער אויסכאַפּן און פֿאַרטרײַבן אין די לאַגערס און טורמעס די, וועלכע מע האָט גערופֿן פּאָליטישע, די, וועלכע מע האָט כּושעד געווען אין פּאָליטישקײַט און גלאַט אַזוי יעדערן, ווער עס האָט זיך געפּאַקט בייס אָן אָבלאַווע, אָדער אַף ווע מען עס האָט אָנגעוויזן מיט די פֿינגער עפּעס אַ מאָסערל. זיי זײַנען געשאַפֿן געוואָרן אין אײַלעניש, בעכיפּאָזנדיק פֿאַרפֿולט געוואָרן, קעדיי די סיגוראַנצע־לײַט, די אַלע פֿאַרשיידענע הענקער און מערדער, וועלכע האָבן פֿאַרפֿלייצט די בוקאָווינער שטעט און דערפֿער, זאָלן ניט זיצן אָן אַרבעט, און קעדיי דער היגער אוילעם זאָל זיך האַלטן שטיל, ניט פּרוּוון קעגנשטעלן זיך, מוירע האָבן אַפֿילע אַרויסרעדן אַ וואָרט.

אין פֿאַרגלײַך מיט דעם לאַגער איז סאַדאַגאָרע, וווּהין מע האָט אַרײַנגעטריבן אַריבער צוויי טויזנט מענער און פֿרויען, און מיט דעם לאַגער אין טשערנאָוויץ, וווּ ס'איז געווען פֿיל מערער, איז דאָס לאַגערל, וווּהין מע האָט אַרײַנגעבראַכט פּראַזינען, געווען ניט מערער, ווי אַ נאָכקרימעניש. בימיי עסטרײַך און רומעניע האָט אין דעם ניט־גרויסן מויער זיך געפֿונען דער געריכט, און פֿון זומער פּערציקסטן — דער ראַי־אויספּירקאָם. געווען נאָך דערבײַ אַ פּאָר געהילף־געבײַדעס און אַ גאַנץ

לײַטישע שטאַל. האָט מען דאָס אַלץ אַרומגעצױמט מיט שטעכיקן דראָט און צונױפֿגעטריבן אַהין אַ פּאָר הונדערט „פּאָליטישע". אַן ענגשאַפֿט געװען אַף דערשטיקט צו װערן. די רומענישע מאַכט האָט באַװיזן באַזאָרגן די לאַגערס מיט שטרענגע אופֿזעער און אַכזאָריעסדיקע אױספֿאָרשער, אױסגעפּרוּװטע סיגוראַנצע־הענקער. נאָר פֿאַרגעסן אײן קלײניקײַט. װי דאָס זאָל ניט זײַן, פּאָליטישע, צי פּאַשעט פֿאַרדעכטיקע, נאָר האָדעװען דאַרף מען זײ. כאָטש מיט װאָס־ניט־איז. האָט יעדערער געמוזט אַלײן באַזאָרגן זיך מיט שפּײַז. די לאַגער־אַדמיניסטראַציע האָט געמוזט דערלױבן איבערגעבן די אַסירים דאָס, װאָס קרױװים אָדער אײגענע האָבן פֿאַר זײ געבראַכט. געמוזט אױך דערלױבן אָפּקאָכן פֿאַר זיך — װער עטלעכע קאַרטאָפֿל און װער אַ מאַמעליגע. דער גאַנצער הױף איז געװען פֿול מיט שײַטערלעך, װאָס האָבן זיך גערױכערט באַטאָג און באַנאַכט.

דעם פֿרישטשעװאַטן יונגנמאַן אין ברילן, װאָס האָט אַרײַנגעשריבן פּראָזיגען אין די כאָשעװע צעטלען, און דעם װאַכמאַן, װאָס האָט זי אָפּגעפֿירט אין איר קעמערל, האָט זי יענעם טאָג מערער ניט געזען. מע האָט זי אין ערגעץ ניט גערופֿן און װעגן גאָרנישט ניט געפֿרעגט. זי האָט אַלײן געדאַרפֿט אַרומקוקן זיך, זי זאָל באַנעמען, װוּ זי געפֿינט זיך און װאָס איר שטײט פֿאָר. האָט זי אַרומגעשפּאַנט איבערן הױף, זיך אײַנגעקוקט אין די פֿאַרשמאַכטע פּנעמער מיט אונטערגעשלאָגענע אױגן, פֿאַרבלאָװטע באַקן מיט סימאָנים פֿון פֿרישע קלעפּ, געזוכט צװישן זײ באַקאַנטע, אָדער גלאַט אַזױ, מיט װעמען אַ ביסל זיך דורכשמועסן. ערשט אַ ביסל שפּעטער האָט זי דערפֿילט, אַז זי איז שטאַרק הונגעריק און דערמאָנט זיך, אַז זי האָט נאָך הײַנט ניט געפֿרישטיקט. צוגעזעצט זיך אונטער אַ װאַנט, האָט זי פֿאַנאַנדערגעבונדן איר קלומעקל און אַרױסבאַקומען פֿון דאָרטן דאָס, װאָס טאַדאָר האָט אָנגעפּאַקעװעט: אַ לעבל ברױט, אַ שטיקל בריגזע, עטלעכע אוגערקעס און אַ פֿלעשל מילך. נאָך דער אומגעריכטער אופּטרײסלונג איז זי אַ ביסל געקומען צו־זיך און אָנגעהױבן טראַכטן, אַז ס'איז ניט אַזױ שרעקלעך, װי זי האָט זיך פֿאָרגעשטעלט. מאָרגן װעט טאַדאָר װידער קומען, װעט זי אים זאָגן, ער זאָל אַזױ זיך ניט ערגערן. מע דאַרף אים נאָר זאָגן, װוּ און װי־אַזױ מעלקן די קו, װען און מיט װאָס האָדעװען די אױפֿעס און װי־אַזױ ביכלאַל אונטערהאַלטן די באַלעבאַטישקײַט ביז זי װעט זיך אומקערן. מע װעט זי דאָך דאָ ניט האַלטן גלאַט אַזױ, װען זי איז אין גאָרנישט ניט שולדיק.

אין דער מינוט איז צו איר צוגעקומען אַ גרײַז־גראָװער אַלטיטשקער אין שמאָלע לײַװנטענע הױזן, אין אַ לאַנג העמד אַריבער די קני. ער האָט אָװעקגעשטעלט זיך אַ ביסל ניט אַזױ, װי עס פּאַסט פֿאַר אַן אומבאַקאַנטן, און גענומען באַקוקן זי מיט אומפֿאַרשטעלטער נײַגעריקײַט. ער האָט אַפּאָנעם געװאַרט, זי זאָל אים װעגן עפּעס פֿרעגן, נאָר ניט דערװאַרט זיך, האָט ער אַלײן געפֿרעגט:

— זאָגט מיר, איך בעט אײַך, אַף מײַן פּאָנעם איז צו זען, אַז איך בין אַ פּאָליטישער?

— און װאָס איז דאָס אַזױנס? — האָט פּראָזינע געפֿרעגט.

— איך זע, אַז איר זײַט נאָך אַ נײַינקע. אָט... צװײ צײן.

— װעלכע צװײ צײן?

— די, װאָס זײַנען ניטאָ.

— פֿאַרװאָס ניטאָ?

— װײַל מע האָט זײ מיר דאָ אױסגעשלאָגן.

— פֿאַר װאָס?

— אָט דאָס װיל איך טאַקע װיסן.

באַמערקט, װי ער קוקט אַף איר סודע מיט אַ הונגעריקן בליק, האָט פּראָזינע אײדל אַ פֿרעג געטאָן:

— עפּשער װעט איר אײַנבײַסן מיט מיר... נו, עפּעס צובײַסן.

— אַ גרױסן דאַנק.

דער אַלטיטשקער האָט גלײַך זיך צוגעזעצט נעבן איר, געװאָרן גאַנץ הײמיש און אַרױסגערעדט, װי אַן אַלטער באַקאַנטער:

— איך װעל נאָר אַ שטיקל מאַמעליגע. און אױב איר זעט זײַן אַזױ גוט, אַ ביסל מילך. די צײן... ס'האָט זיך נאָך ניט פֿאַרהײלט, און מיר איז שװער צו קײַען.

איבערגעביסן גאַנץ קנאַפּ, האָט ער אַ ביסל דערצײלט װעגן זיך.

— איך בין דאָ שױן צװײ װאָכן. און מײַן אַלטיטשקע איז קראַנק געװאָרן. און ס'איז פּאַשעט ניטאָ װער...

— איר װױנט װײַט פֿונדאַנען?

— װײַטלעך. נאָר ניט אין דעם גײט עס. איך װיל אײַך זאָגן... איר װײסט נאָך ניט, װאָס דאָ טוט זיך. היט אײַערע צײן. און נאָך מערער די פֿינגער. אױ, די פֿינגער! אַז זײ נעמען זײ אַרײַן אין קלעמען!..

באַמערקט, אַז זי זיצט אַף אַ פֿעלצל, האָט דער אַלטיטשקער באַװיליקנדיק אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ.

— דאָס איז גוט, וואָס איר האָט פֿאַרכאַפּט מיט זיך. און איך... אַזוי, ווי איר זעט. געכאַפּט אײַנמיטן דער גאַס און אָוועקגעפֿירט אַהער. שלאָפֿן אײַנווייניק קאָן מען דערשטיקט ווערן. נאָר אין דרויסן איז באַנאַכט קילבלעך. אײַך וועט זײַן פֿיל בעסער.

— אָבער פֿאַרוואָס? פֿאַרוואָס האָט מען אײַך?

— ווען איך זאָל וויסן. עמעצן דאַרף מען דאָך. וויבאַלד טורמעס, לאַגערן, וואַכמענער און אויספֿאָרשער, דאַרפֿן זיי דאָך האָבן אַרבעט. און וואָס איז די נאַפּקעמינע?

די ערשטע נאַכט און אויך דערנאָך האָט פּראַזינע מערסטנטייל טאַקע גענעכטיקט אין דרויסן. דעם צווייטן טאָג האָט מען זי אויך אין ערגעץ ניט גערופֿן. טאַדאַר איז גאַנצפֿרי געקומען, געבראַכט מיט זיך אַ ביסל האָפֿענונג און אַ גאַנצע טאָרבע מיט עסנוואַרג.

— טאַדאַר, — האָט זי געפֿרעגט בײַ אים. — זאָג מיר נאָר, טאַדאַר, אויף מײַן פּאָנעם איז אָנגעשריבן, אַז איך בין אַ פּאָליטישע?

— וואָס רעדסטו, פּראַזינע? וואָס איז דיר דאָס פּלוצעם געקומען אין קאָפּ אַרײַן?

— דאָס זעלבע האָט געפֿרעגט בײַ מיר איינער אַן אַלטיטשקער. קומט אויס, אַז אַלע די, וואָס געפֿינען זיך דאָ, און איך אויך, זײַנען פּאָליטישע. נאָר וואָס איז דאָס אַזוינס?

— פֿונוואַנען זאָל איך וויסן?

זי האָט אים געוואָלט זאָגן עפּעס טרייסטנדיקס, געוואָלט אויך אָנזאָגן, וויאַזוי און ווען מעלקן די קו, אָנהאָדעווען די אויפֿעס, נאָר דערמאָנט זיך אינעם אַלטיטשקן, האָט זי געזאָגט גאָר עפּעס אַנדערש:

— ברענג מיר מאָרגן אַ ביסל פּאַפּשוי־מעל. איך דאַרף קאָכן מאַמעליגעס.

— פֿאַר וועמען?

— יענער אַלטיטשקער... מע האָט אים דאָ אויסגעזעצט צוויי ציין. און ער קאָן ניט קײַען. און אָנשטאָט אַ ביסל באַרויִקן טאַדאַרן, האָט זי זיך פּלוצלינג צעוויינט.

— אוי, טאַדאַר!..

אין די ווײַטערדיקע נעכט האָט פּראַזינע אָנגעהויבן פֿאַרשטיין, וואָס איז דאָס אַזוינס — פּאָליטישע. ערגער פֿון אַלץ איז געווען דאָס, וואָס זי האָט ניט געוווּסט, וואָס מע וויל פֿון איר. נאָך וואָס האָט מען זי געבראַכט אַהער, אינעם איפּעשדיקן לאַגער? וואָס פֿירט מען זי אַלעמאָל אויף אַן אויספֿרעג? צוליב וואָס שטעלט מען איר אַלעמאָל די זעלבע פֿראַגן, אויף וועלכע זי האָט שוין ניט איין מאָל געענטפֿערט? און בכלל, וואָס איז דאָס פֿאַר פֿראַגן? זיי ווייסן דאָך אַלץ בעסער פֿון איר. צי איז מירטשע איר ברודער? ווער ווייסט דען ניט און ווער לייקנט דאָס דען אויף? ווו איז ער געווען די גאַנצע צײַט ביז יון פֿונעם פֿערציקסטן? דאָס ווייסט זי גראָד ניט, נאָר זי שטויסט זיך אָן, אַז די דאָזיקע לײַט ווייסן דאָפּקע יאָ. ווען איז ער געפֿאָרן קיין מאָסקווע און פֿאַרוואָס ניט דערפֿאָרן? וועגן דעם הערט זי אַליין צום ערשטן מאָל. פֿאַרוואָס האָט ער די גאַנצע צײַט גענעכטיקט אין דאַרפֿראַט? ע, ווען זי זאָל אים געווען קאָנען אײַנריידן, ער זאָל נעכטיקן אינדערהיים, וואָלט עפּשער דער אומגליק ניט געטראָפֿן!

פֿראַגן איינע לעפּישער פֿון דער אַנדערער. פֿאַרוואָס איז טאַדאַר געווען קעגן קאָלווירט, און זי אַליין איז געווען אויף מירטשעס זײַט? דאָ האָט זי שוין געקאָנט אויסשרײַען אַזוי, ווי טאַדאַר צו נעסטערן. ס'איז אַ ליגן! טאַדאַר איז ניט געווען קעגן, ער האָט נאָר געוואָלט באַטראַכטן זיך.

דערנאָך האָט פּראַזינע געפֿרעגט בײַ זיך אַליין: צי האָט זי געהאַנדלט ריכטיק, וואָס זי האָט אַזוי אַרויסגעשטעלט איר טאַדאַרן? נאָר וואָס איז דער כּילעק? ווי זי זאָל ניט ענטפֿערן, באַקומט זי די זעלבע קלעפּ. און זי האָט אַלעמאָל געדאַנקט גאָט, וואָס אירע ציין זײַנען דערווײַל געבליבן גאַנץ. און די פֿינגער... אוי, האָט זי דער אַלטער אָנגעשראָקן מיט די פֿינגער!

ווײַטער איז אַוועק אַ סעדרע אין שײַכעס מיט די געשעענישן אין דראַניוועץ. ווי האָט עס מירטשע געוואַגט אויפֿהייבן דאָס גאַנצע דאָרף?

— ווי זשע דען? — האָט זי בייז אָפּגעענטפֿערט. — ווי האָט מען געקאָנט דערלאָזן?

— ביסטו אויך פֿאַר די זשידעס? — איז דער אויספֿאָרשער אַזש אונטערגעשפּרונגען.

— וואָס דאַרף איך זײַן פֿאַר זיי, צי קעגן זיי? זיי זײַנען דען ניט אַזעלכע מענטשן, ווי מיר?

— און דער קלויסטער?

— וועלכער קלויסטער?

— די זשידעס האָבן זיך געקליבן אונטערצינדן דעם קלויסטער!

— מאַלע וואָס עמעצער קאָן אויסטראַכטן. אָט, אונדזער גאַלעך...

— אײַער גאַלעך האָט זיך פֿאַרקויפֿט די באָלשעוויקעס!

די אויספֿרעגן און די קלעפּ האָבן זיך איר געדוכט, ווי אַ פֿאַרצוויגענער בייזער כאָלעם. אָפּטמאָל האָט זיך איר געדוכט, אַז זי אַליין איז שוין אויך ניט די, נאָר עמעצער אַנדערש. אַז די פֿריִערדיקע

פּראַזינע האָט עמעצער אונטערגעביטן. אפילו דאַן, ווען דער אויספּאַרשער האָט פּלוצלינג פּאַרקע־רעוועט דעם שמועס גאָר אין אַן אנדער זייט.

— פונדעסטוועגן האָסטו ניט געוואָלט, אַז דיין מאַריטשקע זאָל כאַסנע האָבן פאַר אַ יידן.

— דאָס איז עפּעס אַנדערש. יעדער מענטש דאַרף זיך האַלטן בײַ זײַן גלויבן.

— ווו זשע איז זי איצט, דיין מאַריטשקע?

— ווען איך זאָל וויסן!...

— וואָס מאַכסטו זיך טאַמעוואַטע? דו ווייסט גאַנץ גוט, אַז זי איז אַוועק צו די באָלשעוויקעס.

— דאָס גייט מיר ניט אָן. איך וואָלט נאָר געוואָלט וויסן, צי לעבט זי ערגעץ, מײַן מאַריטשקע.

דאָס איז שוין געווען ניט געענטפערט, נאָר אויסגעוויינט. מיט אַ זליווע פון טרערן. נאָר באַם אויספּאַרשער זײַנען געווען נאָך פיל פראַגן.

— און ווי־הין האָט מירטשע אַהינגעטאָן דער פריצעס וועקסלען?

— וועלכע וועקסלען? נאָך וואָס דאַרפט איר אויסטראַכטן אַזעלכע זאַכן?

— אָך, איך טראַכט גאָר אויס?

דער אויספּאַרשער, אַ יונגערמאַן אין ציווילן, האָט די גאַנצע צײַט זיך געסטאַרעט אויסזען וואָס העפלעכער, אַפילו צוגעשמייכלט בײַ יעדער פראַגע. צוגעשמייכלט מיט אַזאַ כיטרע שמייכעלע, וואָס האָט געדאַרפט ווײַזן, אַז ער ווייסט פריער די ענטפערס אויף אַלע פראַגן. מיטאַמאָל האָט ער אָנגע־ווירן זײַן העפלעכקײַט און אין זײַנע אויגן האָט זיך באַוויזן אַזוינס, וואָס האָט געצוווּנגען פּראַזינען פאַרשטעלן מיט די הענט דאָס פּאָנעם. איר האָט זיך געדוכט, אַז אירע ציין זײַנען אין אַ סאַקאָנע. נאָר דאָס מאָל איז גאָרנישט ניט געשען.

— איך טראַכט איך גאָר אויס? — האָט דער אויספּאַרשער ארויסגערעדט, ווי באַליידיקט זיך, און זיך אַ הייב געטאָן פון זײַן אָרט. — נו גוט, גיי דיר אין דײַן קאַמער, שלאָף זיך גוט אויס, און גיב אַ טראַכט. און דערמאָן זיך. איך בין זיכער, אַז מאָרגן וועסטו זיך דערמאָנען.

גיי ווייס, אַז די דאָזיקע געשיכטע מיט די וועקסלען, אַ ווילדע געשיכטע, וועגן וועלכער פּראַזינע האָט קיין אַנונג ניט געהאַט, וועט אַזוי דערצאָרענען דעם אויספּאַרשער.

און די קומענדיקע נאַכט... די צייַן האָט פּראַזינע פאַרהיט, נאָר די פינגער פאַרהיטן ניט גע־קאָנט. און ענטפערן אויף די פראַגן האָט זי שוין ניט געקאָנט. אַ פאַרכאַלעשטע, מיט פאַרבלוטיקטע נעגל, האָט מען זי ארויסגעטראָגן פונעם אויספּאַרשער און אַרײַנגעשלײַדערט אין אַ פינצטער קעמערל, אין וועלכן ס'איז גאָרנישט ניט געווען, כוץ אַ קופּקעלע ניט קיין פרישע שטרוי. און ס'האָט שטיקנדיק געשמעקט: מיט לאַנגאָניקער איבערגעפוילטקײַט, מיט פריקרער זיסקײַט פון פריש און פאַרקילט מענטשלעכער בלוט און מיט כאַלאָשעסדיקער עסיריקייט פון מענטשלעכן שוויים. אויף דעם שטרוי איז געלעגן אַן אויסגעדאַרטע און פאַרוואַקסענע בריע אין הוילע שמאַטעס און שטיל אונטערגעקרעכצט. ווען פּראַזינע איז געקומען אַ ביסל צו־זיך, האָט זי זיך צוגעזעצט אויף דעם שטרוי, פאַרהויבן די הענט און גענומען בלאָזן אויף די פאַרבלוטיקטע פינגער, פרווונדיק דערמיט לינדערן אַ ביסל דעם אומדער־טרעגלעכן ווייטיק. איר איז אַפילו אויפן געדאַנק ניט געקומען באַקוקן די פאַרוואַקסענע בריע אין שמאַטעס, נאָר יענער האָט שטיל ארויסגערעדט:

— מומע פּראַזינע...

— אוי, סענדערקע, ס'איז דו? — האָט זי דערקענט זײַן שטים.

זי האָט זיך צוגערוקט צו אים אַ ביסל נעענטער און אַכקענדיק גענומען באַקוקן זײַן פאַרוואַקסן פּאָנעם, אויף וועלכן עס זײַנען געווען גאַנץ באַמערקבאַרע שפּורן פון פאַרזאָטן בלוט.

— דאָס האָבן דאָ זיי אַזוי דיך? — האָט זי געפרעגט אַ דערציטערטע.

— דאָס איז נאָך פון טשערנאָוויץ. אַהער האָט מען מיך געבראַכט שוין אַ פאַרטיקן.

— און ווי קומסטו קיין טשערנאָוויץ?

— ווען מירטשע האָט מיך אַוועקגעשיקט אין ראַיאָן... יענעם טאָג זײַנען אַהער אַרײַן די דייטשן, און מע האָט מיך גלייך געפּאַקט. זיי האָבן געמיינט, אַז איך בין אַ מאָלדאַוואַן און מיך אַריבערגעפּעקלט קיין טשערנאָוויץ. דאָרטן האָב איך שוין געהאַט צו טאָן מיט די רומענער.

— אוי, מירטשע... — האָט זיך ארויסגעכאַפּט בײַ פּראַזינען.

— ווו איז איצט מירטשע?

— ניטאָ, ניטאָ שוין מירטשע.

— וואָס הייסט ניטאָ? ער איז אַוועק מיט דער אַרמיי?

— ער איז אין ערגעץ ניט אַוועק. דערהאַרגעט האָבן זיי אים.

— ווער, ווער האָט אים דערהאַרגעט?

— די זעלבע ראָצכים, וואָס האָבן אומגעבראַכט אַלע יידן אין דראַגניוועץ.

— און אונדזערע?

— אונדזערע... — דער טיפער, ווייטיקלעכער זיפץ האָט געדויערט בײַ פּראַזינען פֿיל מער, ווי דאָס ארויסגעבראַכטע וואָרט. און זי האָט שוין געמוזט אויסדערציילן אַלץ, וואָס איז געשען אין דראַגיוועץ, וויאַזוי מירטשע און בערל האָבן באַצײַטנס אופֿגעהויבן אַלעמען און אויסגעמיטן די שרעקלעכע שכיטע. און שוין אויך וועגן דעם, וויאַזוי מע האָט אַלע ווערהביווקער ייִדן פֿאַרטריבן ווער ווייסט וווּהין.

סענדער האָט צוגעמאַכט די אויגן און פֿאַרביסן די איבערגעטריקנטע ליפּן.

— און איך האָב גאָרנישט ניט געוווּסט, — האָט ער אַרויסגערעדט, שטיקנדיק אין זיך דעם געוויין. — מע האַלט מיך די גאַנצע צײַט אין אַן איינצל־קאַמער. און פֿאַרוואָס האָט מען דיך?

— איך ווייס אַליין ניט. איבער מירטשען.

באַמערקט, ווי זי האַלט אין איין בלאָזן אויף די פֿינגער, קאַרטשענדיק זיך פֿון ווייטיק, האָט סענדער זיך אַ הייב געטאָן פֿון דער ערד און אַ קוק געטאָן אויף אירע הענט.

— וואָס איז דאָרטן בײַ דיר?

— דאָס האָבן זיי מיך אַזוי... די פֿינגער... מיט קלעמען... זאָג מיר, סענדער, דו דאַרפֿסט דאָך וויסן. וואָס איז דאָס פֿאַר אַ געשיכטע מיט די וועקסלען פֿון דער מעשוגענער פֿריצע?

— נאַרישקייטן. מיינסט, זיי גייען אַזוי אָן די וועקסלען? זיי טראַכטן אַלעמאָל צו עפּעס אַנדערש. אָנו, ווײַז אַהער דײַנע פֿינגער.

באַטראַכט אירע פֿינגער, האָט סענדער זיך אויסגעזידלט ווײַט ניט אייִדל.

— אַזעלכע מערדער, אַ פּגירע אויף זיי. נאָר די פֿינגער... מע דאַרף זיי שוין איבערבינדן. האָסט עפּעס אַ ריין טיכל?

— אַ שאַלעכל.

— זאָל זײַן אַ שאַלעכל.

אָפּגעריסן צוויי ברייטע פּאַסן, האָט סענדער איבערגעבונדן אירע פֿינגער און אַרויסגעזאָגט דערבײַ זײַנע האַשאַרעס:

— איך ווייס ניט, וואָס קלײַבן זיי זיך טאָן מיט מיר. מעגלעך, אַז איך וועל שוין פֿונדאַנען ניט אַרויס. נאָר ווי איך פֿאַרשטיי, וועלן זיי מאָרגן אָדער איבערמאָרגן דיך אַרויסלאָזן. זיי טוען שטענדיק אַזוי. יעדערער דאַרף אַרויס פֿונדאַנען מיט אַ פֿעסטן סימען.

— אַזוי מיינסטו.

— איך בין זיכער אין דעם.

ער האָט לאַנג געהאַלטן אין זײַנע הענט אירע איבערגעבונדענע פֿינגער. אים איז פּאַשעט געוואָרן גוט דערפֿילן דורך זיי אַ לעבעדיקן באַריר מיט אַן אייגענעם מענטשן. ער האָט זיי גרינג געגלעט, אַפֿילע געפּרוּווט אַ בלאָז טאָן אויף זיי מיט אַ האָפֿענונג, אַז דאָס וועט אַ ביסל לינדערן אירע ווייטיקן. פּראַזינע האָט געוואָלט אים אָפּענטפֿערן אויף דעם, נאָר ניט געוווּסט וויאַזוי. זי איז געווען שטאַרק גערירט דערפֿון, און טרערן, דריבנע טרערנדלעך, ווי אַן אָסיענדיקע מראַקע, האָבן געגרונען אויף אירע הענט.

— אַז דו וועסט קומען אַהיים, — האָט סענדער איר אָנגעזאָגט, — כאַפּ זיך אַרײַן צו אונדז אין שטוב. אין קיכל אויפֿן שאַפּקעלע דאַרפֿן זײַן עטלעכע פֿלעשלעך מיט אַ שמירעכץ. דאָס גאַנצע דאַרף פֿלעג גיין צום טאַטן נאָך אָט דער רעפֿוע.

אינעם קאַמערל איז געווען שטאָקפֿינצטער. זיי האָבן קוים געזען איינער דעם אַנדערן. נאָר די הענט זייערע, אַלצייגנס צעמאַזיקטע, מיט די זעלבע שנײַדנדיקע ווייטיקן, האָבן זיי געמאַכט קרוויוויש־נאָענט.

— אַ דאַנק דיר, סענדערקע, — האָט פּראַזינע אַרויסגערעדט. — דו ביסט זייער אַ גוטער. און זאָל דיר גאָט העלפֿן.

צען טעג נאָכאַנאַנד האָט טאָדאָר יעדן גאַנצפֿרי אײַנגעשפּאַנט דעם וואָגן און געפֿאָרן צום לאַגער. ביז דעם האָט ער באַוויזן אויסמעלקן די קו און אַרויסטרײַבן אויף פּאַשע, אָנהאָדעווען די הינער און אָפּטאָן אַלע איבעריקע זאַכן, מיט וועלכע פּראַזינע איז יעדן באַגינען געווען פֿאַרנומען. ער האָט געוווּסט, אַז דאָס ערשטע, וואָס פּראַזינע וועט אים פֿרעגן, וועלן זײַן די שטובֿ־זאַכן, וועלכע האָבן זי ניט אופֿגעהערט באָמרוויקן. ער האָט אויך געדאַרפֿט יעדן טאָג ברענגען אַ ביסל קאַרטאָפֿל, אַ ביסל קוקורוזע־מעל, אַ לעבל ברויט, אַלץ, וועגן וואָס פּראַזינע האָט אים געבעטן פֿאַר די, וואָס האָבן דאָ געוווּנגט זיך שוין אָנגעהונגערט. צוגעפֿאָרן צום לאַגער, האָט ער אויסגעוואַרט, ביז עמעצער פֿון די וואַכלײַט וועלן זיך באַווײַזן באַם טויער, און אַרײַנגערוקט אים אַ קליין כאַבאַרעלע. קיין איבערקלײַבער זײַנען זיי ניט געווען, די וואַכלײַט. זיי האָבן גענומען אַלץ: אַ פֿלעשל בראַנפֿן, אַ שטיק כאַזער־שמאַלץ, אָדער פּאַשעט עטלעכע ליי. די צײַט איז בײַ טאָדאָרן שוין געווען אויסגערעכנט, און זיי זײַנען קימאַט אין איין צײַט צוגעקומען צו די דראָט־פֿאַרצוימונגען. ער פֿון דער זײַט, פּראַזינע פֿון יענער זײַט. נאָר דעם צענטן טאָג... צוגעקומען צו די פֿאַרצוימונגען, האָט ער פּראַזינען ניט

געטראָפֿן. אַרײַנגערוקט דעם וואַכמאַן עפּעס אין דער האַנט אַרײַן און געפּרוּווט דערפֿרעגן זיך, נאָר יענער האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ. ער ווייסט ניט, הייסט עס, וואָס צו זאָגן. אין דער לאַגער־קאַנצעליאַריע האָט טאָדאָר אויך גאָרנישט ניט געקאָנט אויסקלאָרן. פֿאַרשטאַנען, אַז מיט פּראַזינען האָט געקאָנט טרעפֿן עפּעס שרעקלעכס, האָט טאָדאָר אַוועקגעפֿירט דעם וואָגן צו אַ באַקאַנטן אַפֿן סאַמע ברעג פֿונעם שטעטל, און אַ גאַנצן טאָג זיך אַרומגעדרייט אַרום דעם לאַגער. נאָר פּראַזינען האָט מען אין ערגעץ ניט געזען. פֿאַרנאַכט איז ער אַוועק אָנהאָדעווען און אָנפּאָיען דאָס פֿערד און ווידער זיך אומגעקערט צום לאַגער. ס'איז שוין געווען פֿינצטערלעך. אַרום און אַרום קיין לעבעדיקער נפֿעש, האָט ער זיך צוגעזעצט אויף די טרעפּלעך און אַזוי אָפּגעזעסן די גאַנצע נאַכט. ער איז געווען זיכער, אַז גאַנצפֿרי וועט פּראַזינע אומבאַדינגט צוקומען. עס קאָן דאָך ניט זײַן! עס טאָר ניט זײַן! נאָר וואָס קאָן ניט זײַן און וואָס טאָר ניט זײַן האָט ער מוירע געהאַט דערטראַכטן ביזן סאָף.

ערשט באַגינען האָט אים דער שלאָף גריווער געווען. ס'איז געווען אַ שווערער שלאָף. דער כאָלעם — נאָך שווערער. אַ מאָדנער כאָלעם, בײַס וועלכן פּראַזינען איז געווען ניט צו דערקענען. אירע טײַנעס צו אים זײַנען געווען ביז גאָר לעפּישע. און ווען פּראַזינע האָט אים אַ טאָרע געטאָן פֿאַר די אַקסלען און ער האָט געעפֿנט די אויגן, האָט ער געמיינט, אַז דאָס ציט זיך נאָך יענער מאָדנער כאָלעם.

— טאָדאָר, — האָט פּראַזינע אַרויסגערעדט, און איר שטים האָט זיך אים אויך געדוכט אײַנגאַנצן אַ געענדערטע. — וואָס טוסטו דאָ?

— איך האָב געוואַרט אויף דיר, — האָט ער אָפּגעענטפֿערט, נאָך אַלץ אַ פֿאַרכאָלעמטער. — און דו? ווי קומסטו אַהער?

— מע האָט מיך נאַרוואָס אַרויסגעלאָזט.

— און ווו איז דײַן קלומעקל?

— איך האָב דאָס איבערגעלאָזט סענדערן.

איר ענטפֿער האָט אים נאָך מערער פֿאַרוווּנדערט. ווי קומט אַהער סענדער? צי דען כאָלעמט זיך דאָס אים?

— און דאָס פּעלצל ווו איז?

— איך האָב דאָס אויך איבערגעלאָזט סענדערן.

ערשט אין אַ פּאָר מינוט אַרום, ווען ער האָט באַמערקט, ווי זי האַלט די הענט, ווי אונטערגעבונדענע, האָט ער געפֿרעגט:

— וואָס איז מיט דײַנע הענט?

— די פֿינגער, — האָט זי אָפּגעענטפֿערט.

— וועלכע פֿינגער?

— זיי האָבן מיט קלעמען... די נעגל...

— אַנו, ווײַז דײַנע פֿינגער!

זי האָט אויסגעצויגן פֿאַר אים בײדע הענט, שטאַרק פֿאַרקרימט זיך פֿון ווייטיק, און ווידער דערקלערט:

— דאָס האָט זיי דערנאָך סענדער איבערגעבונדן. אָפּגעריסן אַ שטיקל פֿונעם שאַלעכל.

ערשט איצט איז דאָס דערגאַנגען צו טאָדאָרן.

— וואָס פֿאַר אַ סענדער? ווי קומט אַהער סענדער?

זיי זײַנען געשטאַנען, באַקוקט אײנער דעם אַנדערן, שטוינענדיק און פֿלאַטערנדיק. בײַ טאָדאָרן האָבן די ציין אָנגעהויבן אונטערטאַנצן, צוקוקנדיק, ווי פּראַזינע האָט פֿאַר די לעצטע פּאָר מעסלעס זיך געעלטערט אויף ניט צו דערקענען. דאָס פּאָנעם איז ווי אײַנגעשרומפּן געוואָרן, פֿול מיט טיפֿע פֿאַרבלאָוטע און פֿאַרוויטלטע קנייטשן. אַ פֿאַרשרומפּנקײַט, וואָס איז פֿאַרבליבן אין איר אויף אַלע יאָרן. פּראַזינען האָט מערער פֿון אַלץ געערגערט טאָדאָרס פֿאַרנאַכלעסיקטקײַט. אַ מענטש זאָל אַזוי זיך אָפּלאָזן!

זיי זײַנען געשטאַנען, צו לאַנג געשטאַנען, גלײַך זיי דאַרפֿן ערשט באַטראַכטן וווּהין צו גיין.

— אַ פּאָהיבעל אויף זיי! — האָט טאָדאָר זיך אויסגעזידלט. — קום, קום צום וואָגן.

אַפֿן וואָגן האָט טאָדאָר אויסגעבעט אַן עמעסדיק געלעגער פֿון פֿרישער שטרוי. ווי נאָר זי האָט זיך אײַנגעמאָסטעט אין דעם, איז זי טייקעף אַנשלאָפֿן געוואָרן. דאָס איז געווען דער ערשטער טיפֿער און רויִקער שלאָף פֿאַר די אַלע צען שרעקלעכע מעסלעסן. טאָדאָר איז געפֿאָרן פּאַמעלעך, ניט געלאָזט דאָס פֿערדל אַ לויף טאָן, עס זאָל ניט אַ טרייסל טאָן דעם וואָגן. אַזוי איז זי אָפּגעשלאָפֿן, ביז זיי זײַנען אַרײַנגעפֿאָרן אין זייער הויף. פּראַזינע האָט געמוזט האָבן אַ שטיקל צײַט אויף אַרויסקלײַבן זיך פֿונעם שלאָף און באַנעמען, ווו זי געפֿינט זיך. אַ ביסל שפּעטער, נאָך דעם, וואָס זי האָט איבערגע־

לעבט די סאַמע רעגעוודיקע שאָ באַ זיך אין הויף, איז זי אַוועק אין שטוב. דאָ האָט זי געקאָנט אַראָפּנעמען דאָס שאַלעכל און פֿאַרקעמען די צעפּאַטלטע האָר. נאָר דאָס, וואָס טאָדאָר האָט דערזען...

— פּראַזינע! — האָט ער אויסגעשריִען. — דו ביסט דאָך אינגאַנצן גראָוו געוואָרן!

אין יענער נאַכט האָט זיך עס געטראָפֿן. אין יענער נאַכט, ווען טאָדאָר האָט ביגנייווע זיך אַרײַנגעכאַפּט אין אירמעס פֿאַרוויסטעוועטער שטוב, אָפּגעזוכט אינעם קיך־שאַפֿקעלע אַ פֿלעשל מיט יענעם שמירעכץ, פֿאַנאַנדערגעבונדן פּראַזינעס הענט און דערזען אירע פֿאַרבלוטיקטע, צעקאַליעטשעטע פֿינגער.

— גאַטעניו, — האָט ער אויסגעשריִען, — ווו ביסטו ערגעץ, גאָטעניו?

איז אויסגעקומען, אַז אַלץ, וועגן וואָס טאָדאָר האָט זיך דערמאָנט און וועגן וואָס ער האָט מיר דערציילט, ווען די קאַץ האָט פֿאַרצוקט דאָס שוועלבעלע, וועגן אַלץ, וואָס זיי האָבן איבערגעלעבט און אויסגעשטאַנען יענעם זומער און יענעם האַרבסט, איז געווען צוליב דעם, איך זאָל פֿאַרשטיין, פֿאַרוואָס און וויאַזוי ער האָט פֿאַרלוירן זײַן גאָט.

— איך פֿאַרשטייט, — האָט ער מיט מיר דערנאָך אײַנגעטײַנעט, — מירטשע איז אַוואַדע גערעכט: גלויבנס זײַנען פֿאַראַן אַ סאַך, נאָר גאָט איז אײנער. אַנדערש האָט ער דאָן ניט געקאָנט זאָגן. נאָר ווו זשע איז ער, דער אײנציקער?

שוין צום וויפֿלטן מאָל שטעלט מיר טאָדאָר פֿראַגן, אויף וועלכע מיר איז שווער צו ענטפֿערן. איך ווייס ניט, צי מײַנע ענטפֿערס וועלן אים באַפֿרידיקן. און ער, ניט דערוואַרט זיך אויף מײַן ענטפֿער, האָט ווײַטער זיך מיסוואַדע געווען.

— אין יענער נאַכט האָב איך עס פֿאַרלוירן מײַן גאָט. און טאַקע דאַן האָב איך געטראַכט: עפּשער איז דער ייִדישער גאָט אַ מער לײַטישער? נאָר פֿאַרוואָס זשע שטעלט ער זיך ניט אײַן פֿאַר זײַנע ייִדן? ווי דערלאָזט ער, מע זאָל זיי אומברענגען? פֿרעג איך אײַך: וואָס זשע טוט זיך עס מיט די געטער?

(פֿאָרזעצונג קומט)



## דאַוויד נאָוואָפּליאַנסקי

# האַרבסטצײַט, 1923

### (אַ דערציילונג וועגן וו. אי. לענינס לעצטער רײַזע פֿון גאָרקי קיין מאָסקווע)



דער מירמל־טאָוול באַם אַרײַנגאַנג אין מאָסקווער פּאַרק פֿאַר קולטור און אָפּרו אויף מ. גאָרקיס נאָמען

„דעם 19 אָקטיאַבער 1923 האָט וולאַדימיר איליטש לענין באַזוכט די לאַנדווירטשאַפטלעכע אויסשטעלונג, וועלכע האָט זיך געפֿונען אויף אָט דער טעריטאָריע".

די דאָזיקע שורעס זײַנען אויסגעקריצט אויף אַ מאַרמאָרנער ברעט באַם אַרײַנגאַנג פֿונעם ערשטן אין דער וועלט פּאַרק פֿאַר קולטור און אָפּרו. איצט הייסט דער פּאַרק צענטראַלער און טראָגט דעם נאָמען פֿון מאַקסים גאָרקין. דאָ קומען פֿאָר יאָמטעוודיקע פֿאַרווײַלונגען, פֿעסטיוואַלן. עס טרעפֿן זיך דאָ, לויט דער טראַדיציע, געוועזענע פֿראָנט־סאָלדאַטן. באַ דער באַשיידענער מאַרמאָרנער ברעט מיט לענינס באַרעליעף פֿאַרנייגן זייערע גראָווע קעפּ וועטעראַנען פֿון דער פּאַרטיי, וועטעראַנען פֿון דער מילכאָמע...

דאָס איז געווען וולאַדימיר איליטשס לעצטער באַזוך ערגעץ־ווו אויסער זײַן היים.

ער האָט דעמאָלט געלעבט אין גאָרקי, 35 קילאָמעטער פֿון מאָסקווע, און האָט אַקשאָנעסדיק געקעמפֿט מיט זײַן שווערער קרענק. עס האָבן אים געהיילט די בעסטע, דערפֿאַרנסטע דאָקטוירים. אויף אַלע פֿאַרזאַמלונגען פֿון אַרבעטער, פּויערים, רויטאַרמייער אין 1923 האָט מען זיך אָנגעפֿרעגט מיט האָפֿענונגען באַ די פּאָרטרעגער: „ווי האַלט ער מיט איליטשס געזונט?".

די פּויערים פֿונעם קובאַנער כוטאָר לאָסיעוו מאַקסים פֿאַריאַיעוו און מיכאַיל סיין, וועלכע זײַנען געקומען אויף דער לאַנדווירטשאַפֿטלעכער אויסשטעלונג, האָבן איבערגעגעבן אין ראַט פֿון די פֿאָלקס־קאָמיסאַרן צוויי גרויסע 20־פֿונטיקע קאַווענעס — „אונדזער מי פֿון אונדזערע פֿעלדער". די קובאַנער האָבן איבערגעלאָזט פֿאַר איליטשן אַ צעטל צוזאַמען מיט די קאַווענעס, „וועלכע זאָלן אָפּפֿרישן דײַנע דורכגעשאָסענע מיט אַ קאָנטר־רעוואָליוציאָנערער קויל לונגען און אויפֿשטעלן מיט זייערע זאַפֿטן דאָס טײַערע פֿאַר אונדז געזונט".

אַ פֿאָרשטייער פֿונעם זלאַטאָוסטאָווער אויעזד, וועלכער איז געקומען אויף דער אויסשטעלונג, האָט געבראַכט איינעם מאָסקווער שטאָטקאָם פֿון דער פּאַרטיי אַ בלעכענע פּושקע מיט אַ פֿעסט צו־

געקלעפּט צעטעלע: „דעם פֿירער פֿונעם אַלוועלטלעכן פּראָלעטאַריאַט וולאַדימיר איליטש לענין — רייִנער צענטריפֿוגאַלער האָניק פֿונעם אייגענעם בינשטאָק בײַ דעם פּויער פֿון קודראַווינסקער סטאַניצע, טראַוויקאָווסקער יִשוב, איוואַן איוואַנאָוויטש ניקאָלײַטשוק".

ניט איבערצוציילן, וויפֿל עס זײַנען געווען אַזעלכע מאַטאַנעס, האַרציקע בריוו און ווינטשעוואַניעס!

די קרענק האָט איליטשן ניט אײַנגעבראָכן. אַלע זײַנע געדאַנקען זײַנען, ווי פֿריִער, געווען צוגעקאָוועט צו דער אַרבעט פֿון דער פּאַרטיי, צום לעבן פֿונעם לאַנד. לויט אַ שטרענגער צעשרײַבונג האָט ער זיך פֿאַרנומען מיט דער שפּראַך, זיך געלערנט שרײַבן מיט דער לינקער האַנט. די לימודים האָט געפֿירט, אונטער דער אָנפֿירונג פֿון דאָקטוירים, נאַדעזשדא קאָנסטאַנטינאָוונא. א. וו. לונאַטשאַרסקי ברענגט אין זײַנע זכרונותּ אירע ווערטער וועגן איליטשן: „איך מיין ניט, אַז אַפֿילו אין די דאָזיקע שווערע, לעצטע כאָדאָשים האָט וולאַדימיר איליטש זיך געפֿילט אומגליקלעך. אין אים האָט געלעבט די האָפֿענונג, אַז ער וועט ווידער אָנהייבן רעדן. ער האָט טעטיק און לײַדנשאַפֿטלעך זיך געלערנט, זיך אײַנגעקלאַמערט, אַזוי צו זאָגן, אין די איבונגען. זינט ער האָט באַקומען די מעגלעכקייט צו לייענען, האָט ער מיט גרויס אינטערעס נאָכגעשפּירט נאָך די צײַטונגען, אויסגעקליבן דאָס, וואָס איז געווען פֿאַר אים באַזונדערס וויכטיק..."

זײַן מוט און פּאַשעטקייט, זײַן ווילנסקראַפֿט און קאָלאָסאַלע גײַסטיקע ענערגיע, זײַן פֿעסטקייט, פּרינציפּיעלקייט האָט זיך געפֿילט בוכשטעבלעך אין אַלץ, און די רײַזע קיין מאָסקווע איז בלויז איינער פֿון די פֿאַקטן, וועלכע באַווײַזן, וואָס פֿאַר אַ מענטש ס'איז געווען איליטש. „די דאָזיקע רײַזע האָט ער אונטערגענומען מיט אַן אומבײַגזאַמער אַקשאָנעס, וואָס איז אייגנטימלעך געווען זײַן פּערזענלעכקייט", — אַזוי האָט אָפּגעמערקט דער פּראָפֿעסאָר וו. אָסיפּאָוו, וועלכער איז דעמאָלט געווען אין גאָרקי און האָט צוזאַמען מיט אַנדערע באַגלייט וולאַדימיר איליטשן אין דער רײַזע.

נאָך מיטיק האָבן זיך געקליבן פֿאָרן אין שטאָט, נאָכן ענדיקן די דעזשורסטווע, דער דאָקטער און דער סאַניטאַר. ביידע האָבן זיך געזעגנט מיט איליטשן, וועלכער איז צוגעגאַנגען צו דער מאַשין און אויסגעדריקט די קאַוואָנע צו פֿאָרן קיין מאָסקווע. דער סאַניטאַר וו. רוקאַווישניקאָוו האָט שפּעטער געשריבן:

„נאַדעזשדא קאָנסטאַנטינאָוונא און מאַריִאַ איליִניטשנאַ האָבן זיך געסטאַרעט אָפּרעדן אים פֿון דער נסיעה, וואָס פֿאָדערט גרויסע אָנשטרענגונג פֿון די קויכעס. מיר האָבן געזאָגט, אַז הײַנט איז קאַלט, אַ רעגן, אַ שלעכטער וועג. ער האָט אָבער אָפּגענייגט אַלע אַרגומענטן. וואָס טוט מען? מאַריִאַ איליִניטשנאַ האָט מיך געבעטן אַרויסרופֿן אַ פֿאַרמאַכטע מאַשין. לענין האָט זיך איבערגעזעצט אין איר און געדולדיק געוואַרט, ביזוואַנען אַנדערע האָבן זיך געקליבן אין וועג. נאַדעזשדא קאָנסטאַנטינאָוונא האָט בעסאָד געבעטן דעם שאָפֿער פֿאַרקערעווען פֿונעם טראַקט, וואָס פֿירט קיין מאָסקווע, און אומבאַמערקט זיך אומקערן קיין גאָרקי. אָבער איליטש האָט אויסגעצייכנט געקענט די געגנט, און דער מאַנעווער האָט זיך ניט אײַנגעגעבן. אין וועג האָבן זיך אַלע אָנגעשטעקט מיט זײַן מונטערער, פֿרייִלעכער שטימונג. מאַריִאַ איליִניטשנאַ האָט מיט אַ שפּאַס געזאָגט: „וואָלאָדיע, מע וועט דיך ניט אַרײַנלאָזן אין קרעמל — דו האָסט ניט קיין דורכלאָז־שײַן..." ביידע מאַשינען האָבן זיך אָפּגעשטעלט אינעם דאָרף וואָרכניִע קאָטלי, פֿונוואַנען ס'האָט זיך געעפֿנט אַ וווּנדערבאַר בילד פֿון מאָסקווע. לענין האָט אַראָפּגענומען די קעפּקע און ליבלעך אַ פֿאָכע געטאָן מיט איר. ער איז געווען אַנציקט, פֿאַרגעלייגט פֿאָרן נאָך שנעלער. שפּעטער האָבן מיר אונטערוועגס זיך געטראָפֿן מיטן פּראָפֿעסאָר וו. ראָזאַנאָוו, וועלכער איז מאַמעש געפּלעפֿט געוואָרן, דערזעענדיק לענינען. דערפֿאַר אָבער איז איליטש געווען צופֿרידן מיט אָט דער באַגעגעניש. זײַנע אויגן האָבן געפֿינקלט פֿון פֿאַרגעניגן. ראָזאַנאָוו האָט זיך פֿאַרייִליקט צו אונדז..."

ווען זיי זײַנען אַרײַנגעפֿאָרן קיין מאָסקווע, האָט וולאַדימיר איליטש באַשלאָסן אַ קוק טאָן אויף דער געבײַדע פֿונעם מאָסקווער סאָוועט. דאָרט זײַנען זיי געשטאַנען עטלעכע מינוט. וועגן וואָס האָט ער געטראַכט לעבן דעם מויער, ווו ער איז פֿיל מאָל געווען, ווו ער איז אַרויסגעטראָטן פֿונעם באַלקאָן פֿאַר אַרבעטער, פֿאַר באָלשעוויסטישע פּאָלקן, וועלכע זײַנען געגאַנגען אויפֿן פֿראָנט? עפּשער האָט ער זיך עפּעס דערמאָנט? געטראַכט וועגן דער צוקונפֿט? איליטש האָט ניט געקאָנט וויסן, אַז די דאָזיקע געבײַדע וועט מיט יאָרן שפּעטער ווערן אויף צוויי שטאָקן העכער, אַז זי וועט איבערגערוקט ווערן אויף אַ מעטער פֿערצן אין דער טיף פֿונעם קוואַרטאַל און אַז עס וועט פֿון דעם אַזוי גערוימער ווערן די הויפּט־גאַס. ער האָט אָבער פֿעסט געגלייבט, אַז פֿיל העכער וועלן ווערן די נײַע ליכטיקע קוואַרטאַלן פֿון דער סאָציִאַליסטישער מאָסקווע, גערוימער — אַלע אירע פּלעצער, פּראָספּעקטן, אַז אונדזער הויפּט־שטאָט וועט זיך פֿאַרוואַנדלען אין איינער פֿון די שענסטע שטעט אין דער וועלט.

פֿאַרנאַכט זײַנען די מאַשינען אָנגעקומען אין קרעמל. די אווטאָרן פֿון אָט די שורות האָבן זיך מיט עטלעכע טעג צוריק געטראָפֿן מיטן געוועזענעם ווזוואָד־קאָמאַנדיר פֿון דער מיליטער־שול אויפֿן נאָמען פֿונעם אַלרוסלענדישן צענטראַלן אויספֿיר־קאָמיטעט (ווציק), וועלכע האָט באַוואַכט דעם קרעמל,

ל. אַרלאָווסקין. ער געדענקט, ווי ס'האָט זיך גיך פאַנאַנדערגעטראָגן די ידיעה, אַז לענין האָט זיך אומגעקערט. א סאַך קורסאַנטן און קאָמאַנדירן האָבן אים געקענט פּערזענלעך.

— אונדזערע קאַזאַרמעס, — דערציילט ל. אַרלאָווסקי, — האָבן זיך געפונען דאָרט, וווּ איצט איז דער פּאַלאַץ פאַר צוזאַמענפאָרן. פון דאָרט האָבן מיר דערזען אויפן פּלאַץ צוויי מאַשינען. צוזאַמען מיט א כאַווער בין איך אַוועקגעלאָפן אַהין און זיך אָפּגעשטעלט א מעטער זעכציק פון די מאַשינען. עס זײַנען צוגעלאָפן אויך אייניקע אַנדערע קרעמל־קורסאַנטן. אויף אונדזערע באַגריסונגען האָט ער געענטפערט מיטן באַקאַנטן שמייכל, און בײַ אונדז האָט זיך אַרויסגעריסן א הילכיקער „הוראַ!״.

לענין איז אַרויפגעגאַנגען צו זײַן קוואַרטיר, געזעסן א ביסל אינעם פאָטעל, זיך אָפּגערוט. נאָכדעם האָט ער באַטראַכט די שכייניעסדיקע צימערן און צוגעגאַנגען צו די ביכער־שראַנקען. אויף מאָרגן אין־דערפרי האָט ער אָפּגעקליבן אין דער ביבליאָטעק דרײַ בענדער פון ג. העגעלן, ג. פּלעכאַנאָווס ווערק, אַנדערע ביכער, פאַנאַנדערגעקליבן זײַנע העפטן. שפּעטער איז ער אַרײַנגעגאַנגען אין ראַטפאָלקאָם און אויף עטלעכע מינוט אין זאַל פון די זיצונגען.

בײַסן שפּאַציר איבערן קרעמל, איז אים אַנטקעגנגעקומען א ראָטע קורסאַנטן, וועלכע האָבן אים גראַטולירט. דערנאָך האָט וולאַדימיר איליטש געקליבן נאַכעס פון די איבונגען בײַ די קאַוואַלעריסטן. ער איז צוגעפאָרן אין זײַן פאָטעל־וועגעלע צום קיניגלעכן גלאָק און צום גלאָקטורעם פון איוואַן דעם גרויסן. 15 אַזייגער מיט 25 מינוט זײַנען צוגעפאָרן צוויי אַווטאָמאָבילן, קעדיי דורכמאַכן א רײַזע איבער דער שטאָט, באַזוכן די לאַנדווירטשאַפטלעכע אויסשטעלונג. אין דער ערשטער מאַשין האָבן זיך אַרײַנגעזעצט וו. אי. לענין, נאַדעזשדאַ קאָנסטאַנטינאָוונאַ און מאַריאַ איליניטשנאַ.

דער אַווטאָמאָביל איז געפאָרן איבערן רויטן פּלאַץ, ווו יעדער שטיין קען לענינען. דאָ האָבן אים געזען, געהערט, פאַרגעדענקט טויזנטער אַרבעטער און רויטאַרמייער. איצט האָט פּאַזע דעם קרעמל געקנאַלט און געקלונגען דער טראַמווײַ נומ. 11. אָנהייבנדיק פון סענטיאַבער כוידעש, איז דאָ דורכגעגאַנגען אויך א צוגאָבלעכער טראַמווײַ לויטן מאַרשרוט „צענטער—אויסשטעלונג״. אין יענע טעג האָט מאָסקווע געלעבט מיט דער אויסשטעלונג, וועלכע איז געווען אָפן פון 8 אינדערפרי ביז 12 באַנאַכט, און געגאַנגען זײַנען אַהין 200 טראַמווײַ־וואַגאָנען — א רעקאָרד־צאָל.

דער אַווטאָמאָביל איז דורכגעפאָרן דורך דער אַרקע פון די איווערסקער טויערן, וועלכע האָבן זיך געפונען צווישן דעם איצטיקן היסטאָרישן מוזיי און דעם לענין־מוזיי. דאָ האָט די מאַשין פאַר־קערעוועט אויף לינקס איבער דעם שטיינערנעם ברוק פונעם רעוואָלוציע־פּלאַץ, פאַרבײַגעפאָרן דעם ניט־גרויסן סקווער מיט א הליבע גראַניט — דעם ערשטן שטיין פונעם דענקמאָל קאַרל מאַרקסן, וועלכן ס'האָט דאָ פאַרלייגט וולאַדימיר איליטש. אויף רעכטס איז געבליבן דער „מעטראָפּאָל״ — דאָס דעמאָלדיקע צווייטע הויז פון די סאָוועטן, לינקס — דער באַקאַנטער אין דער גאַנצער וועלט בנין פונעם גרויסן טעאַטער, אין וועלכן איליטש איז אַרויסגעטראָטן מער פון דרײַסיק מאָל. אונטער זײַן אָנפירונג איז אין גרויסן טעאַטער אָנגענומען געוואָרן די ערשטע קאָנסטיטוציע פון ר׳ספסר, דער פּלאַן גאָעלראָ. דאָ איז איליטש דעם 20 נאָיאַבער 1922 אַרויסגעטראָטן מיט זײַן לעצטער רעדע פאַרן פאָלק. „מיר זײַנען אַריבער, — האָט ער געזאָגט, — צו דעם סאַמע קערן פון די וואָכעדיקע פראַגן, און אין דעם באַשטייט די גראַנדיעזע דערגרייכונג. דער סאָציאַליזם איז איצט שוין ניט קיין פראַגע פון דער דערווײַטערטער צוקונפט...״

די מאַשינען זײַנען דורכגעפאָרן איבער דער טומלדיקער פּעטראָווקע. פאַרבײַ דעם האַנדלס־הויז „מיור און מעריליז״, פאַרבײַ דעם פּאַסאַזש — די דאָזיקע געבײַדעס האָבן נאָך דער רעוואָלוציע פאַרנומען אַנשטאַלטן און אויסשטעלונגען, אָבער אין 1923 זײַנען זיי באַפּוצט געוואָרן מיט נײַינקע שילדן פון סאָוועטישע מאַגאַזינען. שיר ניט די גאַנצע גאַס איז געווען פאַרפולט מיט נײַע קלייטן, לאַריאָקן, האַנדלס־פּאַוויליאָנען...

פון פּעטראָווקע האָבן די מאַשינען פאַרקערעוועט אויף רעכטס אויפן בולוואַר־רינג. וולאַדימיר איליטש האָט געקוקט מיט וווּנדער אויף די באַגילדעטע מאָסקווער בולוואַרן, וועלכע זײַנען אונטער א דריבנע רעגנדל געווען נאָך שענער. עס זײַנען אַנטקעגנגעפאָרן צוויי פורן מיט שטוב־זאַכן: אייניקע געוועזענע באַלעבאַטים פון הײַזער זײַנען אַנטלאָפן, און די נײַע מאַכט האָט איצט אַרײַנגעזעצט אין די שיינע הײַזער מישפּאָכעס פון אַרבעטער, געלערנטע. לענינס אַווטאָמאָביל איז פאַרבײַגעפאָרן זעקס בולוואַרן — דעם פּעטראָווסקער, ראָזשדעסטווענסקער, סרעטענסקער, טשיסטאָפּרודנער, פּאָקראָווסקער, יאַוזסקער. דאָס איז די אַלטע מאָסקווע. איצט הײַנט זײַנען דאָ פאַראַן א סאַך ווייניקער נײַע בנינים, איידער אין אַנדערע ערטער. ווײַזט אויס, אַז דער סאַמע באַדײַטונגספולער מויער אין אָט דעם טייל פונעם בולוואַר־רינג איז דאָס הויז פון פּאָליטישער בילדונג, וואָס האָט דאָ געפּראַוועט כאַנוקאַס־האַבאַיִס מיט צוויי יאָר צוריק. זײַנע לאָקאַלן און אַאודיטאָריעס האָבן געקאָנט מעקאַנע זײַן א סאַך הויכשולן, קולטור־פּאַלאַצן. דאָ העלפט מען אַרום 200 טויזנט פּראָפּאַגאַנדיסטן פון דער שטאָט און פון דער געגנט שטודירן דעם לעניניזם. אין זייער רעשוס געפינט זיך די רײַכסטע זאַמלונג פון פּאָ־ליטישער ליטעראַטור. און פאַראַן איז צווישן וו. אי. לענינס ווערק א באַנד, וועלכן אַליין לענין האָט

געהאַלטן אין זײַנע הענט. איינמאָל, דערציילט מען, האָט איליטש געבעטן אין דער ביבליאָטעק דעם דאָזיקן בוך און פּונקט צום טערמין אים אומגעקערט.

אפֿן סרעטענסקער בולוואַר האָט לענינס מאַשין פֿאַרלאַנגזאַמט דעם גאַנג לעבן דעם הויז נומ. 6. דאָ האָט זיך געפֿונען דער פֿאַלקאָמבילד, וווּ ס'האָט געאַרבעט נאַדעזשדאַ קאָנסטאַנטינאָוונאַ. ניט ווײַט פֿון אָט דעם מויער, אין סאַמע אָנהייב פֿונעם בולוואַר, איז אויפֿגעשטעלט געוואָרן אין 1976 אַ דענקמאָל נ. ק. קרופּסקאַיאַן. הינטער די בולוואַרן, פֿאַרקערווענדיק אױף רעכטס, איז די מאַשין ווײַטער געפֿאָרן איבער דער ברעג־גאַס פֿונעם מאָסקווע־טײַך, פֿאַרבײַ דער קרעמל־וואַנט. ניט דערפֿאַרנדיק צום קרימער בריק, האָט זי זיך אָפּגעשטעלט. דאָ האָט מען געזען, ווי עס הייבט זיך אױף פֿונעם וואַסער אַ הידראָפּלאַן. מענטשן, וואָס האָבן געוואָלט דורכמאַכן אַ פֿלוג און אַ קוק טאָן פֿון דער לופֿט אױף דער לאַנדווירטשאַפֿטלעכער אויסשטעלונג, זײַנען געווען אַ סך. פֿאַר אָנדערהאַלבן כאָדאָשים האָט דער הידראָפּלאַן געמאַכט 253 פּאַסאַזשיר־רייסן איבער דער וווּנדערלעכער שטאָט, וועלכע איז אויסגעוואַקסן אױפֿן אָרט פֿון פּוסטע פֿלעצער. לעבן דער הידראָסטאַנציע האָט מען געזוּנגען לידער, געטאַנצט. ס'האָבן געקלונגען פּאָפּולערע אין יענער צײַט טשאַסטושקעס.

נאָכן קרימער בריק, וואָס איז דעמלט געמאַכט געווען פֿון שווערע מעטאַל־פֿערמעס, איז וו. אי. לענין דורכגעפֿאָרן איבערן צענטער פֿון דעם אויסשטעלונג־שטעטל. פֿון רעכטס האָבן געפֿלאַטערט פֿאָנען איבער די פּאַוויליאָנען, מאַשין־פּלעצער, פּראָוו־באַצירקן. טויזנטער עקסקורסאַנטן פֿון פֿאַרשיידענע גובערניעס האָבן זיך צוגעהערט צו די אויפֿקלערונגען. און פֿון לינקס, דאָרט, וווּ עס געפֿינט זיך איצט די מעלוכישע בילדער־גאַלעריי, האָט זיך געפֿונען דער אויסלענדישער אָפּטייל מיטן אימפּאָזאַנטן הויפּט־פּאַוויליאָן און מיט אַ ריי אַנדערע פּאַוויליאָנען, וועלכע עס האָבן אויפֿגעשטעלט אויסלענדישע פֿירמעס.

אין נאָיאַבער 1922 האָט לענין געשריבן: „איך גיב צו זייער אַ גרויסע באַדײַטונג דער אויסשטעלונג; איך בין זיכער, אַז אַלע אָרגאַניזאַציעס וועלן איר געבן די געהעריקע הילף. פֿונעם גאַנצן האַרצן ווינטש איך איר דעם בעסטן דערפֿאָלג". איצט האָט ער מיט זײַנע אייגענע אויגן געזען אָט דעם דערפֿאָלג. געזען, ווי די פּויערים האָבן צום ערשטן מאָל אַרומגעכאַפּט מיטן בליק זייער גאַנץ לאַנד, זיך באַקאַנט מיט דער וויסנשאַפֿט, מיט די מאַשינען. די אויסשטעלונג האָט מען אָנגערופֿן „פֿענצטער אין דער צוקונפֿט". געפֿרייט האָט לענינען אויך דאָס, וואָס די אויסלענדישע פֿירמעס, צווישן זיי פֿיל סאַמע גרעסטע, האָבן געבראַכט אַהער זייערע עקספּאָנאַטן. לענין האָט דאָס פּאָרויסגעזען, ער האָט געוווּסט, אַז די אויסשטעלונג וועט ווערן אַן איבערצײַגעוודיקער רוף צו אַ פֿרידלעכן קעגנזײַטיק לויבבאַרן האַנדל.

אין צענטראַלן מעלוכישן אַרכיוו פֿון דער פֿאָלקסווירטשאַפֿט פֿון פּססר ווערט אָפּגעהיט דער באַריכט פֿונעם אויסשטעלונגס־קאָמיטעט, וועלכער זאָגט אײדעס, אַז די אויסשטעלונג האָבן פֿאַר צוויי כאָדאָשים באַזוכט 1 מיליאָן 375 טויזנט 890 מענטשן. אָרגאַניזירטע עקסקורסאַנטן זײַנען געקומען קיין מאָסקווע העכער 600 טויזנט. עס זײַנען פֿאָרגעשטעלט געוואָרן 401 אויסלענדישע פֿירמע פֿון 16 לענדער, וואָס די מערהײַט פֿון זיי האָבן נאָך ניט געהאַט מיט אונדז קיין דיפּלאָמאַטישע באַציונגען. דאָס איז אפֿן זעקסטן יאָר פֿון דער ראַטנמאַכט, אין ערשטן יאָר פֿון דער עקזיסטענץ פֿון פּססר! זייערע עקספּאָנאַטן און סכוירעס, קוידעמקאָל מאַשינען, האָבן געבראַכט דעמלט קיין מאָסקווע 58 יאַפּאַנישע, 16 איטאַליענישע, 18 אַמעריקאַנישע, 14 ענגלישע, 37 עסטרײַכישע פֿירמעס...

— אַלץ אױף דער אויסשטעלונג האָט געלעבט מיט לענינס נאָמען, מיט זײַנע אידייען, מיט זײַנע פּלענער, — זאָגט הײַנט דער געוועזענער בויער פֿון דער אויסשטעלונג אי. לאַנצאָוו, איינער פֿון די געהילפֿן פֿון אַ. וו. שטשוסעוון, פֿון אי. וו. זשאָלטאָווסקין און פֿון אַנדערע אָנגעזעענע אַרכיטעקטאָרן. — מיר האָבן געוווּסט, אַז ניט געקוקט אױף דער קרענק, וועט איליטש אומבאַדינגט קומען צו פֿאָרן. מיר האָבן געוואַרט אױף אים יעדן טאָג.

דער רעגן האָט געשטערט דעם קראַנקן וולאַדימיר איליטש גענוי צו באַטראַכטן די אויסשטעלונג. אַרום פֿינף אַזייגער אין אָוונט האָט ער זיך אומגעקערט אין קרעמל און זעקס אַזייגער איז ער אָפּגעפֿאָרן צוריק קיין גאָרקי. ער איז געווען זייער צופֿרידן פֿון דער רײַזע. זײַן דאָקטער האָט געשריבן: „דער באַזוך פֿון דער אויסשטעלונג, וווּ וולאַדימיר איליטש האָט דערזען, וויאַזוי עס ווערן פֿאַרווירקלעכט אַ סך זײַנע פֿאַרטראַכטן, איז געווען פֿאַר אים אַ מעכטיקע דערמונטערנדיקע רעפֿוע".

ס'איז באַוווּסט, אַז אין מאָסקווע זײַנען פֿאַראַן 130 ערטער, וווּ לענין איז געווען, אַרויסגעטראָטן אָדער געאַרבעט. העכער 70 לענינישע ערטער האָט די הויפּט־שטאָט אָפּגעמערקט מיט מעמאָריאַל־ברעטער. אפֿן טאָוול באַם אַרײַנגאַנג אין פּאַרק פֿאַר קולטור און אָפּרו, לייענען מיר די לאַקאָנישע שורעס:

— 19 אָקטיאַבער 1923 יאָר... אַזוי.

אונדז זײַנען אומענדלעך טײַער די פּראָטים פֿון וולאַדימיר איליטשס לעצטער רײַזע מיט העכער 60 יאָר צוריק.

■ ■ ■

# צו דער געשיכטע פון וו. אי. לענינס א פּאָרטרעט



אין מעשעך פון קימאַט א האַלבן יאָרהונדערט איז אינעם קלוב פון די אײַזנבאַנער אויף דער סטאַנציע ריבינסק (איצט שטאָט אַנדראָפּאָוו) געהאַנגען וו. אי. לענינס פּאָרטרעט פון אן אומבאַוווּסטן קינסטלער. בלויז אין 1980 האָבן די מיטאַרבעטער פונעם יאַראָסלאַווער קינסטלערישן מוזיי — די פאַרוואַלטערן מיטן אָפּטייל פון סאָוועטישער קונסט ס. א. באַנדאַר און דער קינסטלער־רעסטאַווראַטאָר ג. אי. סמירנאָווא, נאָך א סקרופּולעזער אויספאָרשונג פונעם בילד, פעסטגעשטעלט, אַז דאָס איז א פּאָרטרעט, וואָס די שפּורן זײַנע האָבן זיך פאַרלוירן ערגעץ אין סאָף פון די 20־ער יאָרן. די רעסטאַווראַטאָרס האָט זיך אײַנגעגעבן איבערצולייענען אין לינקן אונטערשטן ווינקל דעם נאָמען פונעם מײַסטער: „אי. בראָדסקי".

איסאַק איזראַיִלעוויטש בראָדסקי איז, ווי באַוווּסט, געווען אַן אָנגעזעענער מאָלער און גראַפיקער, אי. יע. רעפּינס א שילער. ער האָט געשאַפן א ריי היסטאָריש־רעוואָלוציאָנערע בילדער, וועלכע צייכענען זיך אויס מיט זייער גרויסער קינסטלעריש־דאָקומענטאַלער ווערט: „די פײַערלעכע עפענונג פונעם II קאָנגרעס פון קאָמינטערן", „דאָס צעשיסן די 26 באַקוער קאָמיסאַרן" אאַ. דער קינסטלער איז איינער פון די גרונטלייגער פון דער סאָוועטישער לעניניאַנע. צווישן די וויכטיקסטע ווערק פון דעם דאָזיקן ציקל דאַרף מען אָנרופן „וו. אי. לענינס אַרויסטרעטונג אויף א מיטינג פון די אַרבעטער פונעם פּוטילאָווער זאַוואָד", „וו. אי. לענינס אַרויסטרעטונג באַם באַגלייטן די טיילן פון דער רויטער אַרמיי אויפן פּוילישן פראָנט", „לענין אין סמאָלני". איניקע צייכענונגען פאַר זײַנע לענין־בילדער האָט דער קינסטלער געמאַכט פון דער נאַטור, דערונטער אויף די זיצונגען פונעם II קאָנגרעס פון קאָמינטערן.

וויאַזוי זשע האָט זיך באַוויזן וולאַדימיר איליטשס פּאָרטרעט בא די וואָלגער אײַזנבאַנער? איניקע זײַנען זיך מעשאער, אַז דאָס בילד האָט אי. אי. בראָדסקי געשענקט די אַרבעטער בײַם זײַן באַזוך אין ריבינסק, אַנדערע האַלטן, אַז דאָס איז א געשאַנק פונעם פאָלקס־קאָמיסאַר א. וו. לונאַטשאַרסקי, וועלכער איז געווען פאַרבונדן מיט די ריבינסקער אײַזנבאַנער.

נאָך דער זאָרגזאַמער רעסטאַווראַציע איז דאָס בילד אַרויסגעשטעלט געוואָרן אינעם יאַראָסלאַווער קינסטלערישן מוזיי.

ג. קאַלינין

(זשורנאַל „פּאָליטיטשעסקאָיע סאַמאָאָבראַזאָוואַניִע" נומ. 4, 1986)

# נײַע לידער

## עס טרעפט

איך הער, סע וויינט א קינד. איך הער דאָס וויינען
ניט אף דער גאס, ניט אויבן בא די שכיינים.

איך שליס די ראדיאָ אויס. כ'פארשפאר די טיר.
א צאָרע: די נעשאָמע וויינט אין מיר —

דאָס קינד, וואָס כ'בין געווען, וואָס ס'איז פארבאָרגן
אין ביין־און־ביילעק הײַנט, אין לוסט און זאָרגן
פון א פארשוין, וואָס זינדיקט, פרעסט און לאכט...

וויין טאָג און נאכט, נעשאָמע, טאָג און נאכט.

## דער אָסטאנקינער טורעם

דער אָסטאנקינער טורעם צעלאָזט זײַן בלום, ווי א לאָטאָס —
איין מאָל אין לעבן.
איך זעץ זיך אוועק אף מײַן בענקעלע: מיר האָבן נאָך צײַט.

דער אָסטאנקינער טורעם מיט זײַנע בלויע געקרײַזלטע ראדיאָ־לאָקן —
א געפארבטע קראסאוויצע, אין ביקיני, אפן הארבסטיקן פליאזש.

דער אָסטאנקינער טורעם — מײַן מאמע, דאָס מיידעלע ראָכל
פון די צוואנציקער יאָרן.

דער אָסטאנקינער טורעם — מײַן ליבע, וואָס מיך ניט געפונען זי האָט
אף דער ערד.

## א זעונג

אפן ראנד פונעם פעלד שטיי איך שטיל. ווײַסעביימער, בערעזעס.
כ'זע א בילד: דער פאשיסטישער ווזוואָד יאָגט שוין אָן
א לאנגפיסיקן מאלעך, וואָס ווארפט זיך ארײַן אין דעם וועלדל
און לאָזט איבער אף שטאמען נאָך ווארעמע
שטיקער הויט.

## א ווייזיע

כ׳גיב נאָר א טראַכט — און די גאָלדענע, געלע מאַראַנצן
הענגען אַראָפּ פון דער סטעליע. כ׳טו נאָר א טראַכט —
און גרויסע הויכוווקסיקע שפּינען הייבן אָן טאַנצן
צווישן די בענקלעך, וואַלסירן א גאַנצע נאַכט.

שטעל איך זיך פאָר א שטיק יאַם מיט א ברעג — און ווינטפּוילע זעגלען
נעמען זיך וויגן אין פענצטער; עס קומט מיר אין קאָפּ,
אַז פון די שיפלעך אַראָפּגיין, ניט לאַנג געטראַכט, מעג מען —
און די יאַכטסמענען גייען אָן אַנגסט אפן וואַסער אַראָפּ.

ווער איז מעשוגע? צי איך, מיט די קראַנקע געדאַנקען,
וואָס פּוסטע זאַכן כ׳טראַכט אויס, צי מעשוגע עס איז די נאַטור,
וועלכע אײַלט צו באַפרײַדיקן מײַנע קאַפּריזן? צי עפּשער באַדאַנקען
דאַרף איך גאָט פאַר דער דאָזיקער וועלט, וואָס איך זע ווי זי הענגט אף א האָר?

## פאַר א נויט

גרין בא שאַגאַלן, בלאָוו צי רויט — א מויז, א פרײַער אַלבאַטראָס
מיך נעמט דער טויט ניט. פאַר א נויט אין יאַם. און שיסט מיך עמעצער אונטער —
קאָן איך א ראָב א שווארצער ווערן, פאַל איך צו דר׳ערד ניט, ווי א שטיין,
א ווײַסער בער, א געלער שטערן איך ווער א גײַסט און פלי זיך מונטער
אין גרויען אַש, אין ווילדן גראָז הויך איבער דער נאַטור אַליין...

## הומאַניזם

„עסען. דײַטשישע פעדעראַלע רעפּובליק. דער זערע־באַנק פאַר קינסטלעכער פרויען־באַפרוכפּערונג טיילט מיט זײַנע קינפּטיקע קליענטקעס, אַז קיין לאַנג־אויערקע, שי־טערהאָריקע און קרומנעזיקע זײַנען צווישן זײַנע דאָנאָרס ניט פאַראַן״.

אָט דאָס רוף איך אָן הומאַניזם! מיט קיין אייזלען
איז שוין מער טאַקע ניט קעדײַ צו באַרײַכערן די וועלט. און די קלוגע
גרויסע קאָפּ־עקלעך, די וואַסערערדישע ביאָקאָמפּיוטערס
האָבן אויך שוין אַרויסגעוויזן זייער טאָך און אַרײַנגעזאָגט גאַנץ שיין דער מענטשהײַט
א רועך אין איר טאַטנס טאַטן. ווי הייסט ער בא הײַנטיקן טאָג?
און די קרומנעזיקע... סטײַטש! כ׳האָב שוין ערגעץ געהערט
דעם קאָסמעטישן טערמין... אוואַדע! אַרנאָלד שיאָנבערגס[1] בריוו
צו וואַסילי קאַנדינסקין[2]:

„Jeder Jude offenbart durch seine krumme Nase nicht nur seine eigene Schuld, sondern auch die aller eben abwesenden Krummnasigen.
Mödling, 4.V.1923“ [3]

---

[1] אַרנאָלד שיאָנבערג (1847 — 1951) — וועלט־באַרימטער קאָמפּאָזיטאָר און מוזיק־טעאָרעטיקער, דער גרונטלייגער פון דער אַטאָנאַלער מוזיק־סיסטעם.

[2] וואַסילי קאַנדינסקי (1866 — 1944) — רוסישער מאָלער און גראַפיקער. איינער פון די גרונטלייגער פון דער אַבסטראַקטער קונסט. געלעבט זינט 1921 אין אויסלאַנד.

[3] „יעדער ייִד שטעלט פאָר מיט זײַן קרומער נאָז ניט נאָר זײַן אייגענע שולד, נאָר אויך די שולד פון אַלע אָפּוועזנדיקע קרומנעזיקע.

מיאָדלינג, 4.5.1923״.

זײַט איר עמעס גערעכט! און אויב פראַו גרובערשיקל וויל שוין אומבאַדינגט האָבן אַ קינד,
דאַרף עס קומען בא אײַך אַף דער וועלט טאַקע ניט ווי־ניט־איז,
נאָר מיט דער נאָז — אַן אַריער!
אַליין דער פראַגרעס איז הײַנט אַף איר זײַט... און מיר, קרומע נעז,
וועלן מוזן באַגיין זיך, ווי אייביק, מיט דעם, וואָס אונדז גאָט האָט געגעבן —
ווי הייסט ער בא הײַנטיקן טאָג?

## מענטשן אָן פליגל

מענטשן אָן פליגל — וואָס איז דאָס גאָר פאַר אַ באַשאַף?
ס'איז קיין כײַע ניט: שפּאַנט אַף צוויי פיס; ס'איז קיין מאַלעך ניט: פליט ניט צום בוירע.
ס'איז קיין מענטש: בא אַ מענטשן כאָטש איין מאָל אין לעבן, אין יאָר
גיט אַ קוויטש די נעשאָמע, אַ דריי זיך, אַ רײַס אויף דאָס לײַב
און אַ פּערע אַרויס, אַ צעשפּרייט אין דער לופט אַ פּאָר פליגל —
אַ פּאָר לאַנגע און שאַרפע, ווי מעסערס, און ווײַסע, ווי שניי...

איר, וועמען איך מיין, צי קאָנט איר פאַרשטיין, וואָס ס'הייסט שניי
אָדער לופט, אָדער שפּורן פון קאָמאַרן, גלײַך אַפן וואַסער?
צי איר דאַרפט נאָר געקעכטס און געבראָטנס,
בלויז די קלייט און דעם מאַרק
און דעם פליאַזש,
און פינג־פּאָנג,
מעדיצין־מיטלען, אַנטי־
מעדיצין־מיטלען, אַנטי־
מעדיצין־אַנטימיטלען אַף צו נאַשן און דיסימילירן,
און פאַרשפּרייטן זיך, נאָך פון בערייִשיס, איבער דער ערד, —

מענטשן אָן פליגל.

## אין פעלד, אָנהייב מײַ

אין פעלד, אַף אַ שטיק אופגעאַקערטן באָדן, אַף דר'ערד
זעץ איך זיך צו. כ'נעם אַרום מיט די הענט ביידע קני
און פאַרגעס זיך, דערפיל, ווי סע נעמט פון דעם קאָפּ בא מיר וואַקסן
און ס'צעבליט זיך אַ קאַרשנבוים,
און סע הענגען, ווי זעק, אין זײַן קרוין־געצווײַג זיבן זעלבסטמערדער,
זיבן ליאַוועס פון אַלערליי עלטערס — פון דעם עמבריאָן
(ווי אַן אָפּגעקאָכט פישל) און ביז דעם פאַרכריפּעטן, גראָוון
הונדערטיאָריקן זאָקן. זיי שמועסן זיך איבער,
זיי שמייכלען, דערמאָנען זיך יעדער אין זײַן אייגענעם לעבן
און וויאַזוי האָבן זיי עס (דאָס לעבן) איבערגעגעבן,
ווי אַ וואַזע, איינער דעם אַנדערן, און וויאַזוי
האָט דער פליכוואַטער, דער יאָלד, עס שיר ניט פאַרלוירן
פון די הענט, ווען ער האָט זיך פאַרקוקט אַף סוועטלאַנען,
נאָר אַ צווייטער (שוין, הייסט עס, דער פינפטער)
האָט עס בליצשנעל אונטערגעכאַפּט, און, אַוואַדע, פון דעמלט
האָט די וואַזע באַקומען אַ שפּאַלט...

## פראנצויזישע סערענאדע

אפן זיבעטן הימל, באם ראַנד, ווי מיר טאָמיד געפעלט,
זי'ץ איך איבערן אַפּגרונט, קנאַק קערלעך און שפּײַ אַף דער וועלט.

אַט — איך זע א פּאָר פּיס... ס'איז מײַן אַלטער קאַפּראַל. כאַפּט א דרימל
אינעם קאָסמישן כווישער, נאָך העכער פון זיבעטן הימל.

שאַט, ס'איז שוין אָפּדערנאַכט. און א שטרעמעלע סלינע צי שוויים
קיצלט אוף פּונעם שלאָף אים. ער שטייט אוף און באַווײַזט מיר זײַן גרייס.

און ער אויפעכט... און שוין אינעם טויער, ווו ס'ווינט די אַלמאָנע,
גיט ער — באַץ! — א פּאַרטשעפּע דעם גאַנג מיטן קאָפּ — די לעוואָנע.

## א כאָלעם

פרעג מיך באַנאַכט, ארום צוויי, ווען כ'שפּרינג אוף פונעם שלאָף
מיט א פּאַכבנדיק האַרץ: גלייבסט אין טויט?

כ'גלייב אין א ראָזעווען גאָרטן מיט גאָלדענע פּאַוועס,
וואָס געזען כ'האָב אין כאָלעם. זיי שפּאַנען ארויס פונעם גראָז
און שפּאַצירן אין בלאָווע און שוואַרצע טולפּאַנען,
אין די הויכע פאַרשטעכלטע שטענגעלעך אונטער די פּיס...
אין די קעמלען איך גלייב מיט דעם וואָלענעם צודעק אַףביידע
האָרבעוואַטע געצעלטן אוראָמס — פאַר זײַן סאָרען און אים,
און באַזונדער פון זיי —
פאַר דעם ערשטן פאַרבליבענעם דאָרט אַסטראָנאַווט,
וועלכער רופט מיך, ער מאַכט שוין צו מיר מיט דער האַנט פונדערווײַטנס...

## א פערז פון ווערגילי

*Sum lacrimae rerum...*

„כ'בין די טרער פון די כפייצים": סע וויינען די אויגן, די אַקסלען,
די האַנט-וואָרצלען, דאָ — ווי באַם בסולישן גאָט, ווען מע קרייצט אים,
כ'בין די טרער פון א פּיש אפן טיש, דאַן — איידער ער ווערט, ליבע מענטשן,
אײַער מײַכל, און כאַלעשט, און וויינט, מעגט איר וויסן, אָן טרערן.
כ'בין די האַריקע, פינצטערע טרערן אין וואַלד בא די בערן;
כ'בין דער טוי אינעם קוסט, וואָס מע האַקט אים אַף ריטלעך צו קערן
אין די שטעט און אַף זאַמדיקע פליאַזשן דעם שטויב; כ'בין דער אויסדאַמף
פון דעם יאַם-אָקעאַן, ווײַט פון טרוקענעם מידבער, און גרויזאַם
שפּריצט דאָס פײַער ארויס פון די אויגן בא מײַנע וואולקאַנען.
כ'בין דאָס לאַכן ביז טרערן, דאָס וויינען פאַר גליק, דאָס פאַרגיסן
מיט א כוואַליע דאָס לעבן: איך לערן זיך פליסן
און רינען,
און צעגיין זיך ווי א פּאַרע, ארוף, צו דעם רויט-בלויען בויגן
איבער אײַך — ווען די ערד גיט א שמייכל און ווישט אויס די אויגן.



## יויסעף אָפּאַטאָשו

(1954—1886)

### יויסעף אָפּאַטאָשו

# שיכפּוצער



דאָס קליידער־געשעפֿט, וואָס איז געווען אָנגעלאָדן אויף די אײַנגעבויגענע רוקנס פֿון צוויי עלטערע ייִדן, איז ניט אײַנגעשטאַנען אויף איין פּלאַץ, זיך געשלעפּט איבער דעם טראָטואַר, זיך אײַנגעדרייט, זיך יעדע ווײַלע אָפּגעשטעלט, און ס'האָט אויסגעזען, אַז באַם קלענסטן בייג וועלן די פּעק מיט קליידער זיך פֿאַנאַנדערשיטן אין רינשטאָק אַרײַן.

ייִדן, פּאָליאַקן, איטאַליענער האָבן אויסגעטאָן זייערע רעק, וועסטן, אָנגעמאָסטן נײַע קליידער, זיך געדונגען, זיך געשווירן, זיך געקלאַפּט אין די הענט אַרײַן, געקויפֿט, און דאָס קליידער־געשעפֿט האָט זיך אָנגעהויבן רירן איבערן טראָטואַר. די פּעדלערס האָבן הייזעריק אויסגעשריִען זייערע סכוירעס, זיך געשלעפּט, זיך אויסגעמישט מיטן שטראָם מענטשן, וואָס האָט זיך געשלעפּט פֿון ביידע זײַטן גאַס.

דאָס יוועליר־געשעפֿט איז געשטאַנען אָן א זײַט. א קליין, פֿלינק ייִדל, דער שטײַפֿער קאַפּעליוש וווילעריש אָן א זײַט, דאָס דינע שטעקעלע האָט געשטעקט אונטערן אָרעם אין דער קרום און זײַנע קעשענעס זײַנען געווען אָנגעפּאַקט מיט קליינע שאַכטלעך. מיט א געשיקטקײַט האָט ער זיי אַרויסגעשלעפּט, אײַנגעוויקלטע אין פּליס־פּאַפּיר, זיי אויפֿגעבונדן, צעעפֿנט מיט פֿלינקײַט פֿון א פּאָקוסניק, געפּוצט דאָס צירונג אָן די אַרבל פֿון זײַן ראָק, אָן דעם צעעפֿנטן וועסטל, געריידט אויף עטלעכע שפּראַכן, און דער גלאַנץ פֿון די גאָלדענע פֿינגערלעך, זייגערס, בראַסלעטן האָט געפֿינקלט, געבלענדט די אויגן — האָבן די דורכגייער ניט

געקאָנט בײַשטיין דעם בליאַסק פון גאָלד, אַרומגערינגלט דאָס יוּוועליר־געשעפט מיט צעעפנטע מײַלער און גײַציקע אויגן.

און אַזוי האָט זיך געשלעפט דאָס שיך־געשעפט, די אַפטייק, דאָס טאַלייסים־געשעפט. יעדער האָט אויסגעשריִען זײַן סכוירע, אויסגעטראַכט פאַרשיידענע מיטלען, די דורכגייער זאָלן זיך אָפּשטעלן, זיי געשלעפט פאַר די אַרבל. יעדער האָט פאַרזיכערט אַף זײַן „נעמאָנעס", אַז ער פאַרקויפט די סכוירע בעכאָצע־כינעם, אַז ער וויל דעם פידיען פאַר אַ גוטן אָנהייב, ס'איז דאָך ערעוו־שאַבעס!

פון די אָפענע פענצטער, וואָס אַנטקעגן העסטער־פּאַרק, האָבן זיך געזען פאַרשמײַעטע ווײַבער. דער רייעך פון פרישע כאַלעס, פון געפילטע פיש האָט זיך געטראָגן אײבדערלופטן, גערייצט דעם אַפּעטיט און זיך אויסגעמישט מיט די רייכעס, וואָס האָבן זיך געהויבן פון די קופּעס פאַרפוילטע גרינס, וואָס זײַנען געלעגן אינמיטן גאַס.

סטאָליערס מיט קעסטלעך קיילים אַריבערגעוואָרפן איבער די אַקסלען, שנײַדערס מיט גרויסע שערן אונטער די אָרעמס זײַנען געשטאַנען בײַ דער לענג פון אײַזערנעם פּאַרקן, זיי האָבן זיך אַליין געבראַכט אַפן מאַרק און די „באָסעס" האָבן זיך געדרייט פון איינעם צום צווייטן, באַטראַכט די סכוירע, זיך געדונגען, עטוואָס באַטרעטן און געפירט די „הענט" אין זייערע שעפּער אַרײַן.

די ניט־מאַזלדיקע צווישן די באַלמעלאָכעס זײַנען געשטאַנען ביז אַ שטיק אין אָוונט אַרײַן, זיך אויסגעקוקט די אויגן, מע זאָל זיי דינגען, געשטאַנען און געקוועקלט, צי זאָלן זיי נאָך וואַרטן, טאָמער וועט אַ „באָס" אונטערקומען. איינציקווײַז זײַנען זיי אונטערגעגאַנגען צו די שטופּוועגעלעך, אָנגעלאָדענע מיקאָל־טוּוו, געקויפט, ווער כאַלעס, ווער שאַבעס־אויבס און זיך צעגאַנגען.

פון זײַטיקע געסלעך זײַנען אָנגעקומען מענטשן האַלב־שאַבעסדיק אָנגעטאָן, די פּענעמער — פריש געגאָלט. זיי זײַנען געגאַנגען קופּקעסווײַז, אָן קעלנער, די הענט אין די הויזן־קעשענעס, ווו מאַטבייעס האָבן געקלימפּערט. זיי האָבן זיך געשלעפט פון איין וועגעלע צום צווייטן, געזוכט מעציִעס, זיך געוויצלט, און ווען ניט דער האַנדל, וואָס האָט געברענט אַרום, וואָלט מען געקאָנט מיינען, אַז באַלעגאָלעס און סטאַם יונגען כאַפּן אין אַ קליין שטעטל אַ שמועס פאַר קאַבאָלעס־שאַבעס.

אין העסטער־פּאַרק, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ ריזיקע, אײַזערנע שטײַג, האָבן ייִנגלעך געשפּילט אין באַל. זיי זײַנען געווען פאַרטיפט אין שפּילן, זיך אינגאַנצן ניט צוגעהערט צו די קוילעס פון זייערע עלטערן, וואָס האָבן אויפגעטרייסלט די לופט. טייל, האַלב־נאַקעטע, זײַנען געלאָפן אַרום דעם פּאַרק, זיך געגרייט צו געווינען דעם פּריז אין לויפן, אַנדערע האָבן געמאַכט איבונגען מיט שווערע געוויכטן, פאַרהאַרטעוועט די מוסקולן ווי שטאָל, און ס'איז שווער געווען צו גלייבן, אַז די אײַנגעהויקערטע ייִדן, וואָס האָבן קוים געפּאָכט מיט דער נעשאָמע — די ייִדן זאָלן איבערלאָזן אַזאַ געזונטן דאָר.

ייִדן דערשלאָגענע, פאַרכוישעכטע זײַנען געווען צעוואָרפן בא דער לענג פון אײַזערנעם פּלויט, מיט ראַכמאָנעס־אויגן און מיט האַכנאָע אָפּגעשטעלט די פאַרבײַגייער, געווען גרייט יעדן איינעם אָפּצופּוצן די שיך.

און פון דער צווייטער זײַט פּאַרק איז געשטאַנען אַ פרוי אַף אַ הויכן געשטעל, געמאַכט פון ניט־געהובלטע ברעטער, די הענט אויסגעשטרעקט, די באַקן פאַרוויטלט, די אויגן צעפלאַמט, ניט באַמערקט, וואָס אַרום איר שטייען געציילטע צוהערער, און מיט אַ הייזעריקער שטים פאַרזיכערט, אַז די הילף וועט קומען פון די סאָציאַליסטישע קאָנגרעס־לײַט.

עטלעכע ייִדן, מיטגלידער פון דער כעווּרע „שוימרע־שאַבעס", אין זייערע פּאַטריאַרכאַלישע קליידער, ווי זיי וואָלטן נאָרוואָס געקומען פון פּוילן, צי פון גאַליציע, זײַנען אַרויס פון דער „מיקווע־קשײרע" און אויסגעצוואָגענע געלאָפן פון איין געוועלב צום צווייטן, זיך דורכגעשפּאַרט מיט די עלנבויגנס און אויסגערופן, זיך קימאַט געבעטן:

— ייִדן, מאַכט שאַבעס!

אַ מישמאַש פון קוילעס און ווידערקוילעס איז געהאַנגען אין כאָלעל פון גאַס. די האַלב־פאַרפוילטע פּיירעס, וואָס זײַנען געלעגן קופּעסווײַז, דאָס פאַרוועלקטע גרינס, די צעשפּאָלטענע טאָמייטאָס[1] און באַנאַנעס, די באַרלס שמוץ, די פאַרשוויצטע קערפּערס — דאָס אַלץ האָט געהויכט אין דער לופט אַרײַן פאַרדומפּטע רייכעס ביז צום איבל. און עס האָט אויסגעזען, ווי אַ געהיימע האַנט האָט צונויפגענומען מענטשן פון אַלע עקן וועלט, צעמישט זייער שפּראַך און זיי אַ שלײַדער געטאָן אין דער צעפלאַמטער העסטער־גאַס.

צווישן די שיכפּוצער איז געשטאַנען אַן עלטערער ספּאַרדישער ייִד מיט אַ קרומען רוקן און אײַנגעצויגענע באַקן. ער האָט זיך האַכנאָעדיק געבויגן פאַר די פאַרבײַגייער, ווי ער וואָלט געבעטן נעדאָוועס:

— יאַהודים, טרי סענט ע שײַן, טרי סענט...[2]

די פאַרבײַגייער האָבן געקוקט אַף דעם אויסגעשמירטן שוכפּוצער מיט די צעעפנטע פינגער בא ביידע הענט, וואָס זײַנען געווען צעיוירן פון צופיל אַרבעט, און זיך געכידעשט, צי דער זאָקן איז אַ ייִד. און כאָטש זיי האָבן ניט געהאַט קיין שײַכעס

[1] פּאָמידאָרן.

[2] דרײַ סענט פאַר פּוצן, דרײַ סענט... (ענגל.).

מיט אים, האָט זײַן בלויזער אויסזען אומבאַוווּסט אַרויסגערופן אַ וואָרעמקייט בײַ יעדן איינעם.

דער אַלטער האָט אַ קוק געטאָן אין הימל אַרײַן, צי ס'איז שוין צײַט שאַבעס מאַכן, אויסגעשפּיגן אין דער האַנט אַרײַן אַ פֿול מויל מיט פּעניס און גערעדט צו זיך פֿון געוווינהייט:

— יאַהודים, טרי סענט ע שײַן, טרי סענט...

ער איז צוגעגאַנגען צו זײַן זון, אַ באָכער אין די צוואַנציקער, אַ ניט־דערוואַקסענער, אויסגעשמירט ווי אַ שעד, וואָס איז געשטאַנען אויף די קני און געפּוצט אַ בײַכיקן ייִדל די שיך.

— ראַכמים, אַז דו וועסט ענדיקן, מאַך שאַבעס!

דער זון האָט פּוצנדיק אַ קוק געטאָן אין הימל אַרײַן:

— ס'איז נאָך גרויסער טאָג!

ער האָט געפּוצט דעם פֿינקלדיקן שוך, פֿלינק און ווילעריש באַוועגן מיטן שטיקל פֿלאַנעלע, געקנאַלט און די פֿלאַנעלע האָט געפֿלאַטערט איבערן גלאַנץ, אים, דאַכט זיך, ניט אָנגערירט.

— ניט גערעדט, נעם די מאַכשירים און קום!

— זע, אַפֿילע בײַ פֿרענקלען איז נאָך ס'געוועלב אָפֿן!

— ברענג מיר ניט קיין ראַיע פֿון אַן אַשקענאַזי!

— ער איז כאָשעווער פֿון אונדזערע ספֿאַרדים! נעם אַבאַרבאַנעלן, דײַן לאַנדסמאַן, איז ער דאָך מעכאַלעל־שאַבעס בעפֿאַרהעסיע!

— נו, דעריבער? — האָט דער אַלטער געשמייכלט מיט ביטל און געגלעט דעם זון איבערן קאָפּ. — אין אַזאַ קײלע, זונדל, קאָן מען קאַכן פֿיש!

— שוין געהערט, שוין געהערט, — האָט דער זון שנעלער גענומען פּוצן. — טאָמיד, אַז מע קאָן פֿאַרדינען אַ פּאָר סענט, ביסטו דאָ...

— שטוסערײַען, ראַכמים, — האָט דער פֿאָטער אים איבערגעריסן, — דו ווילסט, כ'זאָל אויף דער עלטער מעכאַלעל־שאַבעס זײַן?

ראַכמים האָט ניט געענטפֿערט. מיט אַ זויער פּנים האָט ער אָנגעהויבן אײַנצופּאַקן אין אַ קעסטל אַרײַן שאַכטלעך, פֿלעשלעך און בערשטן.

דאָס בײַכיקע ייִדל האָט אַ נײַגעריקער געקוקט אויפֿן טאַטן מיטן זון, זיך אָנגעשטויסן, אַז זיי רעדן וועגן שאַבעס און אָנגעהויבן מיט ניט קיין זיכערן שמייכל:

— יאַהודים?

דער זון האָט ניט געענטפֿערט, געווען בעטעווע אַ שווײַגער, דערצו האָט ער געוווּסט, אַז פֿון די אַלע שײַלעס וועט קיין פּאַרנאָסע ניט זײַן. דער פֿאָטער האָט אַן אויפֿגעלייגטער געשמייכלט פֿון איין אויער צום צווייטן און געענטפֿערט מיט איין אָטעם:

— יעהודים אַנאַכנו! שאַבעס האַיוים![1]

דאָס בײַכיקע ייִדל האָט זיך ניט געקאָנט פֿאַרוווּנדערן, פֿאַרשאַרצט דעם קאַפּעליוש און געשטוינט: אַזעלכע כוישעכדיקע פּנעמער, אײַנגעריסטע, אָסער איטאַליענער, און דאָס רעדט לאָשן־קוידעש! ער האָט כיישעק געהאַט צו פֿאַרפֿירן אַ שמועס, אויסגעפֿינען, אַז די צונג בייגט זיך ניט, פֿאַרלוירן גענומען רוקן דעם קאַפּעליוש הין און צוריק און פֿון יויצע וועגן אַרויסגעשטאַמלט מיט אַ נאַרישן שמייכל:

— יעס, שאַבעס... לכאָ דוידי, יאַ נאָ!..

ער האָט זיך אײַנגעקוקט אין טאַטן, אין זון, געוואָלט אויסגעפֿינען, וואָס פֿאַר אַ רוישעם זײַנע ווערטער האָבן געמאַכט, און ס'איז אים אײַנגעפֿאַלן, אַז דער שוכפּוצער מוז אוואַדע אַרויסקומען פֿון די וואַסערשעפֿער און האָלצהעקער, וואָס דער פּאָסעק דערציילט וועגן זיי.

אַ דריטער שטיוול־פּוצער, בײַ וועמען אַלקבי און ראַכמים האָבן געוווינט, האָט געזען, ווי זײַנע „באָרדערס" פּאַקן זיך, האָט ער אויך גענומען אײַנפּאַקן אין קעסטל זײַנע מאַכשירים און אַריבערגעשריִען צו אַלקבי:

— וואַרט, וועלן מיר אַהיים גיין צוזאַמען!

אַלקבי איז געווען גוט אויפֿגעלייגט, פֿאַרגעסן, אַז ער האָט קיין מאַגע־אומאַסע מיט די שטיוול־פּוצער, וואָס שטייען אַרום פּאַרקן, זײַנען גרייט אים דעם ביסן פֿון מויל אַרויסצורײַסן און פֿאַרבײַגייענדיק זיך געבעטן בײַ זיי:

— גענוג, ייִדן, גענוג צו אַרבעטן, מאַכט שאַבעס!

עלטערע האָבן געכאַפּט די קעסטלעך, אַנדערע האָבן זיך געשטעלט פּאַקן. דאָס יונגוואַרג האָט זיך ניט צוגעהערט, געטריבן שפּאַס פֿון אַלקבין.

אַ דאַרער באָכער איז אַרויס פֿון דער כעוורע, אָנגעכאַפּט אַלקבין פֿאַר אַ האַנט, געוואָלט אים פֿאַרטרויען אַ סאָד און האָט אַרויסגעפּלאַצט מיט אַ געלעכטער:

— מיסטער אַלקבי, ווען גייט איר כאַסענע האָבן?

— אַוועק, כאָצעף! — האָט דער אַלטער אויפֿגעהויבן אַ האַנט. — וואָס דאַרט דיר דער קאָפּ! פֿאַר אַזעלכע רייד ביסטו ווערט פּעטש!

— זע נאָר דעם צאַדיק? — האָט אַ צווייטער אַ קנאַק געטאָן מיט דער צונג. — ווי דו קוקסט אים אָן האָט ער שוין באַגראָבן דרײַ ווײַבער!

— און די פֿערטע וועט אים באַגראָבן!

— נאָך אַ געזונט ייִדל, אַלקבי!

— געזונטער פֿאַרן זון!

אַלקבי האָט זיך געמאַכט ווי ער הערט ניט, גיך געשפּרײַזט און גערעדט צו זיך:

— אויכער ייִסראָעל! פֿוישע ייִסראָעל! טרי כענט ע שײַן...

[1] ייִדן זײַנען מיר. הײַנט איז שאַבעס.

— הערט זיי ניט, — האָט אים קאפרו, דער שטיוול־פוצער, בא וועמען ער האָט געוווינט, געטרייסט און ארופגעפירט אף אן אנדער שמועס:

— עפעס א סאך פארדינט היינט?

— איבער א טאָלער, געלויבט צו גאָט!

— שוין מיט ראכמימס פידיען?

— יאָ. און דו, קאפרו, וויפל?

— כ׳האָב מוירע, אז כ׳האָב ניט אויסגעשלאָגן די הויצאָעס אף שאבעס!

— שלעכט, שלעכט! — האָט אלקבי געגלעט זיין שיטער בערדל. — און ווייסטו, קאפרו, ווער ס׳איז שולדיק אין דעם אלעם? דער יונגער דאָר! א קלייניקייט, די יונגאטשעס האָבן אראָפגעוואָרפן דעם גאנצן אָל, זיינען מעכאלעל־שאבעס בעפארהעסיע! וואָס איז דאָ א סאך צו רעדן — אין אמעריקע האָט יידישקייט קיין קיעם ניט! דער אווער, וואָס איר אָטעמט דאָ, איז טרייף! ווען די אשקענאזים וואָלטן געוווסט, אז די ספארדים זיינען ניט מעכאלעל־שאבעס, וואָלטן זיי געקומען זיך פוצן די שיך פאר ליכט־צינדן. און מענטשן זיינען דאָ פאראן, בען פוירעס יאָסעף[1] דאי־וועהויסער. יעדער פון אונדז האָט דאָ געקאָנט מאכן א בעקאָוועדיק לעבן! נאָר ווען איז דאָס געזאָגט געוואָרן — ווען עלטערן האָבן א דייע צו זאָגן... דאָ אָבער איז אלץ העפקער! ניט קיין שאבעס, ניט קיין יאָמטעוו! מיינסטו דאָך, אז זיי האלטן פון קיבעד־אָוו? — הייכט זיך ניט אָן! נאָר וואָס דען? דאָס יונגווארג גייט אין די וועגן פון די אשקענאזים — פון אינדערפרי ביז באנאכט איז מען מאלעגיירע, מע קייט „טשונגאָם" (קיי־גומע), מע שלעפט זיך מיט מיידן, עמעסע אמעריקאנער! און די קינדער פון די אשקענאזים — זיינען נאָך ערגער פון אונדזערע! בעעמעס! פולע אמעראצים! און זייערע טעכטער? מע טאָר עס ניט ברענגען אף די ליפן, ווי אין פאָסעק שטייט — זיבן אף איין מאנצבל. און דאפקע אין גאס, ביפניי קאָל אם וועידע. איז דאָס געהערט געוואָרן? מיין ראכמים וועט נאָך עפשער בלייבן א ייד, נאָר אז מיינע אייניקלעך וועלן זיין אמעראצים, דאָס בין איך זיכער! אזוי, אזוי, קאפרו, — האָט אלקבי אָפגעזיפצט, — דער יונגער דאָר איז אין אלעם שולדיק! איך וועל שוין דורכשטופן מיינע פאָר יאָר, אזוי אין דויכעק, און וועל ניט ארבעטן שאבעס!

קאפרו האָט אראָפגעלאָזט דעם קאָפ, קוים געשלעפט די שווערע פיס, זיך איינגעהערט צו אלקביס קלוגע רייד און זיך געכידעשט, פונוואנען ס׳נעמט זיך צו א מענטש אזויפיל כאָכמע.

ראכמים איז געבליבן הינטערשטעליק, זיך ניט איינגעהערט צום פאָטערס רייד, וועלכע ער האָט שוין געקאָנט אף אויסווייניק. ער איז געווען אופגערעגט, זיך געערגערט, וואָס דער פאָטער שלעפט אים אין מערכעץ אריין, ווען מע קאָן פארדינען אין גאס א סענט. פארבייגייענדיק א וויטרינע, האָט ער זיך דערזען אן אויסגעשמירטן, א דערשלאָגענעם, און זיך דערפילט א לוי־יוצלעך, ראכמים האָט געטראכט וועגן א טאכלעס, וועגן זיין הוילעך, זיך דערמאָנט אָן ראָכעלען, קאפרוס איינציקע טאָכטער, זיך אף א רעגע אָפגעשטעלט, געצופט די שטעכיקע האָר פון זיין געמבע און זיך אליין געוואָלט קלאָר מאכן, צי ער, ראכמים, געפעלט איר.

ראָכל, אזא יונגע, מיט שווארצע צעפאטלטע האָר, וואָס מאכן אירע בלייכע באקן נאָך בלייכער, האָט אים ליב. דער בלויזער געדאנק האָט אים צוגעגעבן קוראזש, זיך מער ניט געפילט נישטיק, זיך א נעם געטאָן אין די הענט אריין און אן אופגערוימטער מיט פארקוועטשטע פויסטן גענומען שפרייזן גיכער. ער האָט כיישעק געהאט אָפצוציען פון די אלטע. ניט טאָמיד מאכט זיך אזא געלעגנהייט. און ווען ער קומט איצט אהיים, טרעפט ער ראָכלען אליין. פון גרויס היספיילעס איז ער אראָפ פון טראָטואר, זיך געלאָזט מיט דער גאס, געזען קאפרוס וויב א פארשמייעטע אין קיך, געזען ראָכלען אין איר טערקישן שלאָפראָק, ווי זי סילעוועט אויף „פאטשערקעס" אף קאָלירטע דרימען, זינגט אזוי הארציק. ער וועט זיך אריינגאנווענען אין איר כיידער, אונטערגיין אף די שפיץ פינגער, פארשטעלן מיט די הענט אירע אויגן, און די שטילע, בייגיקע ראָכל וועט אים ארומכאפן, וועט אים גלעטן, זיך טוליען צו אים, ווי א שעפסל, און די פאָלעס פון איר שלאָפראָק וועלן זיך צעפליען...

— ווער איז? ווער איז דאָס?

ראכמים האָט דערפילט אף זיך א האנט, אופגעציטערט און זיך אויסגעדרייט.

— וואָס וואקלסטו זיך ווי א נעכטיקער? — האָט דער פאָטער זיך א בייזער געטאָן און אים אָפגעשטעלט. — גייסט אינמיטן גאס! שטעל א פאָלקע און כאָלעם ניט, א „מאשין" קאָן דיך נאָך איבערפאָרן! ווו גייסטו, ווו? אָט איז דאָך דער מערכעץ!

די שוויצבאָד איז געווען איבערגעפאקט. פעדלערס, שיכפוצערס און סטאם אָרעמעלייט זיינען געזעסן אף שטרויענע מאטראצן, האלב־אויסגעטאָנענע, געארבעט מיט די הענט, גערעדט אפן קאָל און זייער ברייטע, קלינגענדע אויסשפראך האָט דערמאָנט דאָס גאָדערן פון ציגיינער.

טייל האָבן זיך געכעזשבנט, אנדערע — פאריכט דאָס אונטערוועש, געווען פארטיפט מיט לייב און לעבן אין די וואָרעמע לייבלעך, און פאר אן אשקענאזישן יידן, וואָס איז אריינגעקומען פון דער גאס, האָט עס אויסגעזען ווי א היימישער „העקדעש".

ניט ווייט פון אויסגעהייצטן אויוון איז געזעסן דער בעדער — א רויטער, בייכיקער ייד, מיט א הארטן, געפאלדעוועטן קארק, ווי בא א ביק. ער האָט יעדע ווייַלע אָנגעשטעלט אן אנדער טייל פון

[1] אן איינהאָרע.

זײַן קערפּער קעגן פּלאַם, וואָס האָט זיך געשפּאַרט
דורך די אָפֿענע טירלעך פֿון אויוון, געקרעכצט, ווי מע וואָלט אים טרוקענע באַנקעס געשטעלט, און געקוקט מיט זײַנע אי מוטנע, אי בלוטיקע אויגן אין פֿײַער אַרײַן.

דער בעדער האָט אַרײַנגעשטעקט א האַנט אונטערן פּאַסיק, זיך געשיבערט איבערן קלאָרן, גלאַטיקן פֿלייש, וואָס האָט אַרויסגעקוקט פֿון די צעלעכערטע הויזן, דערמאָנט שטיקלעך הימל צווישן געדיכטע וואָלקנס. ער האָט פּאַרקוועטשט די אויגן און מיט א ציטערדיק און טרויעריק קאָל זיך פֿאַרגאַנגען ביז צו טרערן. די פֿעדלערס האָבן אונטערגעכאַפּט. טייל האָבן ניט געקאָנט אײַנזיצן, זיך אופֿגעשטעלט, אַרומגערינגלט דעם בעדער, גע־הויבן מיט די אַקסלען צום טאַקט און מיטגעזונגען דעם אייגנטאַניקן ניגון, וואָס האָט אײַנגעשלעפֿערט.

אין צווייטן כיידער, ווו מע האָט געגאָסן וואַ־סער אָף אָנגעגליטע שטיינער, איז געשטאַנען א געדיכטע, קלעפּיקע פּאַרע, וואָס האָט אַלץ פּאַר־שטעלט. און וואָס מער מע האָט געגאָסן וואַסער, אַלץ געדיכטער איז די פּאַרע געוואָרן, געקרעלט אין האַלדז, געקראַצן אין די אויגן און די שוויצ־באָד איז פֿול געוואָרן מיט זיפֿצן און קרעכצן, וואָס קומען פֿון „יעסורע־טײַנעג״.

שנירלעך וואַסער האָבן זיך געשאַרט איבער די שויבן, ווי אָף דער גאַס וואָלט געגאָסן א רעגן. איבער די נאַסע, גליטשיקע ווענט זײַנען אויסגע־וואַקסן לענגלעכע טראָפּנס, ווי פּיאַווקעס, דיקער געוואָרן, ווי זיי וואָלטן אַרײַנגעזאָפּט אין זיך די פֿײַכטקייט, געפּלאַצט און זיך געשאַרט איבער די ווענט, ווי שלענגלעך.

דער באַד־דינער, אַן אָפּגעלאָזענער נעגער, איז אויסגעוואַקסן פֿון ערגעץ־וווּ, זיך געשיבערט די פֿלאַך־געשווירענע קרײַזלעך, געשפּיגן, ווי ער וואָלט איצט אופֿגעשטאַנען פֿון שלאָף, גענומען אַן אײַזערנעם שטאַנג, געשאַרט און געקלאַפּט די קוילן, אַז פֿונקען האָבן געשפּריצט אין אַלע זײַטן.

אַלקבי האָט אַראָפּגענומען פֿון זײַן האַלדז זײַן לײַוונטענעם בײַטל, אים געעפֿנט און דער־לאַנגט דעם זון:

— נא, צייל איבער!

ער האָט זיך האַלב אויסגעטאָן, פֿאַרייכערט די פּיפּקע, געקוקט אָפּן בערגל מאַטבייעס, וואָס האָט געהאַלטן אין איין וואַקסן, און אַן אופֿגעלייג־טער זיך געפֿרעגט:

— האָסט נאָך שיך־פּאַליש?[1]

— שוואַרצע פֿעלט מיר.

— האָסט דאָך הײַנט געקויפֿט צוויי שאַכט־לעך שוואַרצן פּאַליש און א פֿלעשל שמירעכץ!

— כ׳האָב עס ניט אופֿגעגעסן!

— אַז דו שמירסט א צאָל צו דיק! — האָט אַלקבי זיך א בייזער געטאָן און אויסגעשפּיגן.

האָט ראַכמים אויסגעשטעלט א שמאָלע און דאַרע ברוסט, ווי א קלאַפּקע.

— אויב ס׳איז שוין יאָ אַזוי, אויב דו ביסט מיך יאָ כוישעד, — שיק מיך אַוועק! וואָס האַלט־סטו מיך? כ׳וועל ניט לאָזן טרעטן אָף מיר! גענוג!

— וואָס, כ׳האָב דיר פֿויגייע בעקאָוועד גע־ווען? — האָט דער פֿאָטער זיך ניט געוואָלט איינ־רײַסן מיטן זון. — ווילסט, כ׳זאָל דיך איבערבעטן? וואָס שרײַסטו? שרײַ, שרײַ, וועסט מיך ניט איבערשרעקן! און אויב דו וועסט צעטרענצלען דײַן געלט אָף מיידן, ווי כ׳בין א ייִד...

דער אַלטער האָט ניט פֿאַרענדיקט, אַראָפּגע־צויגן דעם זון דאָס היטל איבער די אויגן און אײַנגאַנצן זיך געטרייסלט פֿון געלעכטער:

— דערווײַל בין איך נאָך דײַן פֿאָטער... נעם, נעם דאָס בײַטל און גיי אהיים. און זע, מע זאָל אים דיר ניט אַרויסכאַפּן! הער זיך אײַן, אָפּן וועג וועסטו קויפֿן א טוץ פּאַליש!

ראַכמים האָט ניט געענטפֿערט, זיך אויסגע־גלייכט און געלאָזט פֿאַלן א וואָרט:

— כ׳דאַרף א טאַלער!

— שוין ווידער?

— גיסט דען דײַנס?

— וואָס איז די נאַפּקעמינע? און דײַנס — איז דען ניט מײַנס? צעטרענצלען געלט דאַרף מען?

און גיין קרוע־בלוע דאַרף מען? — האָט ראַכמים געוויזן אָף זײַן הוילער און קרענקלער געשמייכלט. — כ׳דאַרף זיך קויפֿן א העמד מיט א קאַלנער.

— דאָס זײַנען קלאָרע דיבורים! — האָט דער פֿאָטער אָפּגעמאָסטן מיט איין אויג דעם זון, ווי ער וואָלט געוואָלט מיטן בלויזן קוק אים צעטומ־לען. — קאַלנער, מײַן זון, דאָס איז אַן איניען! ביסט אַנדערש ניט געוווינט! א קלייניקייט! ער שפּילט זיך מיט די אַלקביס! מײַן זון, ראַכמים, פֿון דאָר־דוירעס אַן אַלקבי, דאָס הייסט, א טרעגער בען טרעגער, זאָל כאַסוועשאָלעם ניט אָנטאָן קיין ווײַסן קאַלנער אום שאַבעס? איז דאָס געהערט גע־וואָרן? מאָל דיר, מײַן זונדל, אַז ניטאָ מער קיין קאַלנער! ניטאָ, אויסגעפּאַרקויפֿט און פֿאָטער! איז אויס לעבן, האַ? וועל איך דיר זאָגן, ראַכמים, אַז ביסט א שויטע! און אויב דו וועסט מיך ניט פֿאָלגן און אַוועקלייגן א סענט צו א סענט...

— דו, טאַטע, קלײַבסט שוין פֿאַר מיר אויך? — האָט דער זון אים איבערגעריסן.

— אַוודע קלײַב איך — האָט אַלקבי גע־צויגן די ווערטער, — כ׳שפּאָר אָפּ פֿון דער קישקע, און כ׳וועל דיר פֿאַרטרויען א סאָד, אַז, אימירצע־שעם, אין פֿיר־פֿינף יאָר אַרום, וועל איך אהיים פֿאָרן און זיך קויפֿן אָף דער עלטער א נאַכלע, און אויב דו וועסט ניט קוקן אָף טאַכלעס, וועסטו ס׳גאַנצע לעבן בלײַבן א שוכפּוצער! דײַן טאַטע,

[1] שוואַקס.

ראַכמים, איז ניט כאָסערדייע, ער האָט שוין דורכגעמאַכט ס'קאַלטע און ס'וואַרעמע...

ראַכמים האָט ניט געענטפֿערט, אַרײַנגעשטעקט דעם טאָלער אין וועסטל־קעשענע, געצווייפֿלט, צי זײַן „אַלטער" וועט נאָך לעבן פֿינף יאָר, און איז אַרויס פֿון מערכעץ.

אַלקבי האָט זיך אויסגעטאָן און איז מיט קאַפּרון אַרײַן אין שוויץ־ביידער. די הייסע פּאַרע האָט אים אַרומגעכאַפּט, זיך צעגאָסן איבער אַלע גלידער, אים דורכגעוואַרעמט — האָט דאָס בלוט גענומען שטאַרקער קלאַפּן. ווי אַ יונגערמאַן האָט ער געקלעטערט פֿון אַ באַנק אויף אַ באַנק, אַז קאַפּרו, וואָס איז געווען ייִנגער, האָט ניט געקאָנט נאָכקלעטערן, און אַלקבי האָט זיך געטראַכט, אַז זעכציק יאָר הייסט נאָך ניט אַלט. אויף דער העכסטער פּאָליצע, וווּ די פּאַרע קנוילט זיך, ווערט דיק, שטיקט, און ס'דאַכט זיך, אַז ווען מע וואָלט אַרויסגעלאָזט פֿון דער האַנט אַ שווערע זאַך, וואָלט זי געבליבן הענגען אין כאַלעל, דאָרט האָט זיך אַלקבי אויסגעצויגן, געלעגן איבער אַ מינוט אַ פֿאַרכאַלעשטער און דערנאָך אָנגעהויבן רופֿן:

— קאַפּרו, קאַפּרו, אָט בין איך!

קאַפּרו האָט געסאָפּעט, געשלונגען די שטיקנדע פּאַרע אַ זופּ נאָך אַ זופּ, געקוועטשט מיט די אויגן, ווי ער וואָלט געשטאַנען צווישן אויסגעהייצטע אויוונס, און זיך ניט געקאָנט אָפּיאָגן פֿון די פֿלאַמען. אַ דורכגעפּאַרעטער, רויט ווי אַ ראַק, האָט ער זיך געריבן אָן די ברעטער פֿון דער פּאָליצע און געברומט:

— אָסור אַ גענעם!

— קאַפּרו, — האָט אַלקבי זיך אויסגעדרייט צו אים. — כ'גיב זיך איבער אין דײַנע הענט, נאָר געדענק, רײַב מיט ראַכמאָנעס.

קאַפּרו האָט גענומען רײַבן זײַן נאַקעטן כאַווער מיט אַ שוואָם ביז צום בלוט. אַלקבי איז געלעגן מיטן פּאָנעם אַרויף, זיך איבערגעגעבן דעם כאַווער, אויפֿגעהויבן די הענט, די פֿיס, זיך פֿויל געדרייט פֿון איין זײַט אויף דער צווייטער, ווי אַן אַלטער בער, און פֿון גרויס האַנאָע געקרעכצט. צווישן איין קרעכץ און צווייטן האָט זיך באַ אים געפּלאָנטערט, אַז ער האָט ליגן אין קופּער עטלעכע הונדערט טאָלער. ער האָט געוווּסט, אַז פֿאַר הונדערט, העכסטנס צוויי, וועט אים קאַפּרו געבן די טאָכטער פֿאַר אַ ווײַב. און צוריקגערעדט, איז טאַקע שווער פֿאַר אַזאַ ייִדן, ווי ער, צו זײַן אָן אַ ווײַב! שוין אַ לענגערע צײַט, ווי ער שלאָפֿט ניט קיין נעכט, קלערט וועגן קאַפּרוס טאָכטער, ווי עפּעס אַ פֿאַרליבט באָכערל. און וואָס איז דער כידעש? שוין צוויי יאָר ווי ער איז אַן אַלמען, וווינט אָן אַ ווײַב און דער יעיצערהאָרע לאָזט ניט אָפּ, שיקט אויף אים אָן ליליסן און ער זיצט איבערן קאָפּ אין אווייִרעס... אַ קלייניקייט, ניו־יאָרק, אַזאַ קראַך! און וואָס זאָל טאָן אַ באָכער, אַז ניט זינדיקן? ער האָט זיך אַפֿילע אָנגעשטויסן, אַז ראַכמים שאַרט זיך אַרום ראָכלען, געווען אָבער זיכער, אַז דער זון וועט דעם טאַטן ניט גיין אין וועג אַרײַן.

— קאַפּרו, גענוג! גענוג אויף הײַנט!

— כאָטש גוט אײַנגעריבן? — האָט קאַפּרו נאַריש געשמייכלט.

— כ'בין שוין אָן קויכעס!

ער איז אַראָפּגעשפּרונגען פֿון דער פּאָליצע, זיך אָפּגעשווענקט מיט קאַלט וואַסער, אַראָפּגעגאַנגען און זיך גענומען טרוקענען אָן די פֿלאַמען פֿון אויוון. אַז ער האָט געהאַלטן באַם אַרויסגיין, האָט קאַפּרו אים אָפּגעשטעלט און אָנגעהויבן שטאַמלען:

— הער, אַלקבי, באָרג מיר צען טאָלער... מאָצעשאַבעס דאַרף איך באַצאָלן אַ כויוו... און זײַ זיכער, אַז כ'וועל זיי דיר אומקערן מיט פּראָצענט... ווייסט דאָך...

— גוט, — האָט אַלקבי אים איבערגעהאַקט און גענומען זוכן אין די קעשענעס, — אויב דו דאַרפֿסט מער, קאָן איך דיר אויך געבן!

— אַ דאַנק, דערווײַל דאַרף איך ניט מער.

זיי זײַנען אַרויס אויף דער גאַס.

אַלקבי, וואָס האָט געוואָלט אַרופֿירן דעם שמ׳עס אויף אַן אַנדער איניען, האָט מיטאַמאָל אָנגענומען קאַפּרון פֿאַר אַן אָרעם און אָנגעהויבן:

— הער, קאַפּרו, כ'וווּנדער זיך אויף דיר... צו וואָס דאַרפֿסטו לעבן אין דויכעק?

— לערן מיך טאַקע, ווי ר'נאָך מע קאָן גרינגער לעבן, ווען מע איז אַ מעטופּל מיט קינדער און קיין פּאַרנאָסע איז ניטאָ?

— האָסט מיך ניט פֿאַרשטאַנען, — האָט אים אַלקבי אָנגענומען פֿאַרן לאַץ פֿון ראָק און געטראַכט וואָס צו זאָגן, — אַז מע האַלט שוין יאָ דערבײַ, וועל איך דיר קלאָר מאַכן דעם איניען. דו קענסט דאָך אַלקבין ניט פֿון הײַנט און ניט פֿון נעכטן, עמעס? און אַלקבי, ווייסטו, איז אַ מאַנצבל, וואָס שלעפּט זיך ניט אַרום מיט ווײַבער, פֿאַרברענגט ניט מיט זיי, ווי צפּאַניע דער שמיד, און שפּילט ניט אין קאָרטן, ווי כאַנאַניע דער שוכפּוציער... אַלקבי איז ניט קיין אויסברענגער! אויב ער פֿאַרדינט פֿינף טאָלער אַ וואָך, פֿאַרלעבט ער צוויי און ס'איבעריקע באַהאַלט ער, וועט אויף דער עלטער ניט דאַרפֿן אָנקומען צו קינדער! כ'האָב אָנגעזאַמלט, דאַנקען גאָט, עטלעכע הונדערט טאָלער. נאָר וואָס דען? שוין צוויי יאָר, ווי כ'לעב אָן אַ ווײַב, און אַ מאַנצבל אָן אַ ווײַב — וואַרט ניט אויף אים ס'גאַניידן! האָב איך באַשלאָסן — איידער דו זאָלסט געבן דײַן טאָכטער אַ צווייטן, גיב זי מיר. ניט אַזוי? איצט, אויב דו ווילסט אַלקבין פֿאַר אַן איידעם, זאָג, שעם זיך ניט — וויפֿל ווילסטו? און אויב, מיט גאָטס הילף, מיר וועלן דורכקומען, וועט מען מאָצעשאַבעס „מעקאַבל־קיניען" זײַן. וואָס זאָגסטו, האַ?

— ביסט גערעכט, — האָט קאַפּרו זיך געווישט דעם שווייס פֿון שטערן, — ווי אין פּאָסעק

שטייט — בעסער איך זאָל זי געבן דיר, איידער זי געבן צו אַ צווייטן! דיך און דײַן מישפּאָכע קען איך. און אַלטער באַקאַנטער. און אויב איך האָב קיין טאָעס ניט, זײַנען מיר קרויווים, דאַכט זיך, שלישי־בירוויע... נאָר וואָס דען? הונדערט טאָלער זאָגסטו? כ'וועל דיר זאָגן דעם עמעס, ווי זאָגט מען עפּעס? אַ מיידל דאַרף זײַן שיין, און מײַן ראָכל, קיין איינהאָרע, איז דאָך עפּעס אַ מענטש, אַז ווער עס זעט זי, קאָן זיך זאַט ניט אָנקוקן! און איצט — אַ ווירטן! ס'לויכט דאָך אין יעדן ווינקל! און זי קאָן קאָכן אויך. איך געקעכטס — מאַ־דאַנע־מעלער! ניין, הונדערט טאָלער איז קיין געלט ניט...

— הער, קאַפּרו, — האָט אים אַלקבי איבער־געהאַקט, — איך וויל דיך ניט באַגאַזלענען!

— כאַסוועשאָלעם! ווער זאָגט דען?

— אויב אַזוי, לאָז דו נאָך אַ ביסל, איך וועל באַטראַכטן און מיר וועלן דורכקומען! מיר זײַנען דאָך עפּעס יידן, מיר קומען דאָך עפּעס אַרויס פון אוראַהאָם אָווינו, ניט עמעס? וואָס זאָגסטו, קאַפּרו?

— כ'וועל זיך איבערלייגן.

— וואָס איז דאָ זיך איבערצולייגן?

— כ'וועל דיר זאָגן דעם עמעס, — האָט קאַפּרו געשמייכלט, — האַלעווײַ זאָל איך אַ ליגן זאָגן, נאָר מיר דאַכט זיך, אַז די קינדער האָבן זיך ליב...

— וואָס האָט דאָס צו טאָן מיט די קינ־דער? — האָט אַלקבי אַן אופגערעגטער־זיך אַ כאַפּ געטאָן פאַרן שיטערן בערדל. — און אַז מיר זײַנען אין אַמעריקע — איז שוין אויס וועלט! דערווײַל הייס איך נאָך אַלקבי און קאַלזמאַן כ'וועל לעבן, קאָן מײַן זון גאָרניט טאָן אָן מײַן האַסקאָמע! לע־סאַטע בין איך נאָך זײַן טאַטע און מײַנס אַ וואָרט איז באַ אים אַ געבאָט! ווו איז דאָס געהערט גע־וואָרן? כ'בעט דיך, קאַפּרו, זאָג מיר — האָסטו אַליין זיך אויסגעקליבן אַ ווײַב?

— ניין.

— און איך האָב מײַן ווײַב זיך אויך ניט אַליין אויסגעקליבן. מײַן טאַטע, אָלעווהאַשאָלעם, האָט מיר געגעבן אַ ווײַב, נאַדן, ווי עס פּירט זיך באַ יידן, טאָ פאַרוואָס זאָל איך ניט אויסקלײַבן אַ ווײַב פאַר מײַן ראַכמימען? איז אַלקבי גערעכט?

— גערעכט.

— און אַז כ'וועל דיר געבן נאָך פופציק טאָלער?

— גיב צוויי הונדערט!

— ע, קאַפּרו, און דאָס, וואָס כ'בין דײַנער אַ כאַווער, איז גאָרניט?

— ס'איז גענוג ביליק, אַלקבי...

— ס'בלײַבט דאָך אין דער מישפּאָכע! — האָט אַלקבי זיך אָנגערופן און געגעבן קאַפּרון אַ האַנט. — אין אַ מאַזלדיקער שאָ!

— אין אַ מאַזלדיקער שאָ, — האָט קאַפּרו איבערגעכאַזערט אַלקבי'ס ווערטער, זיך געקראַצט אַ פּייע, און אונטערגעברומט, — אָן אוולע, אָן אוולע...

אַלקבי האָט זיך געמאַכט, אַז ער הערט ניט און ווידער גענומען קאַפּרון פאַר אַן אָרעם:

— קומט, מעכוטן, ס'איז שפּעט און כ'וויל, מיר זאָלן נאָך אָפּטרעטן באַ אַלצדן אין שענק, טרינקען צו גלעזלעך מאַשקע...

קאַפּרו האָט זיך נאָכגעשלעפּט, באַוווּנדערט אַלקבי'ס כאָכמע, זיך באַלעקט, אַז ער וועט באַלד טרינקען ווײַן, און טיף אין דער נעשאָמע האָט זיך באַ אים געבלעזלט אַ נעפּלדיקע אומרויקײַט, דער־מאָנט, אַז אָן אוולע, אַ גרויסע אוולע ווערט געטאָן צו די קינדער.

שטילערהייט, ווי ער וואָלט מוירע געהאַט, ראָכל זאָל אים ניט באַמערקן, האָט ראַכמים זיך דורכגעגאַנוועט די קיך און זיך אַרײַנגעשאַרט אין זײַן שלאָף־צימער. ער האָט פאַנאַנדערגעוואָרפן דאָס נײַע העמד מיטן איבערגעלייגטן קאַלנער, דעם קאַלירטן שניפּס, און אין אופגעלייגטער, מיטן האַנטעך פאַרוואָרפן איבערן אַקסל, האָט ער זיך גענומען גאָלן. דערנאָך איז ער צוגעגאַנגען צום קראַן און אָנגעהויבן וואַשן די אויסגעשמירטע הענט, דאָס פּאָנעם. ער האָט זיך אָפּגיך איבער־געטאָן, געבליבן שטיין פאַר אַ צעשפּאָלטענעם שפּיגל, וואָס האָט געהאַט אַ טעווע צו ווײַזן עט־לעכע פּענעמער. ער האָט באַטראַכט זײַן אייגענע מאַרע, די נאָז, געמאַכט מעשונעדיקע האַווײַעס, געוואָלט אײַנגעוווינען ס'פּאָנעם צו שמייכלען, ווען ער וועט זיך באַגעגענען מיט ראָכלען, און ס'האָט זיך אים ניט אײַנגעגעבן. אָפּן אָרט פון אויג האָט אַרויסגעפּרעסט אַ שטיק נאָז, דער שטערן האָט זיך צונויפגעגאָסן מיטן מויעך און אינגאַנצן איז ער אַרויסגעקומען אַזאַ פּאַרזעניש, אַז ער האָט זיך אַליין דערשראָקן און פון פאַרדראָס גרויס כיישעק געהאַט אַ שיק צו טאָן דעם שפּיגל אין דר'ערד.

ראַכמים איז אַרײַן אויף די שפּיץ נעגל אין צווייטן כיידער. ראָכל איז געווען אַזוי פאַרטאָן אין איר אַרבעט, אַז זי האָט אינגאַנצן נישט באַמערקט, ווען ראַכמים איז אַרײַנגעקומען. זי איז געזעסן אויף דער קאַנאַפּע, אַרומגערינגלט מיט שאַכטלעך גלעזערנע קרעלן, מיט קעסטלעך קאָלירטע פּאַ־טשערקעס. אַרום האַלדז זײַנען געהאַנגען זײַדענע דרימען; סאַמעטענע בענדלעך, זײַדענע סטענגעס זײַנען געפאַלן פון די אַקסלען, ווי פליגל, אַפּגע־געקוקט פון צווישן די צעפּאַטלטע האָר און אײַנ־גאַנצן האָט זי דערמאָנט אַ ציגײַנערן.

זי האָט קונציק געשלעפּט פונעם קליינעם מויל קרעלן, פאַטשערקעס, זיי אופגעסילעוועט אויף אַ נאָדל, זיי געשיקט אײַנגעהאַפּטן אין די סאַמע־טענע בענדער און די זײַדענע סטענגעס, וואָס זײַנען געווען אָנגעצויגן אויף הילצערנע ראַמלעך. זי האָט געהאַפּטן און צוגעזונגען שטיל און טרויע־ריק.

אַ צעפּינטלטער, אַז ער וועט באַלד אָנרירן דעם האַלדז, וואָס קיין פרעמדער מאַנצבל האָט נאָך ניט אַרומגענומען, האָט ער געמאַכט עטלעכע טריט אַף צוריק, זי זאָל אים ניט באַמערקן, זיך גענומען גאַנווענען, און איידער ער האָט צײַט געהאַט צו פאַרמאַכן איר די אויגן, האָט זי אַ הייב געטאָן דעם קאָפּ, זיך צעשמייכלט און קאָקעטיש אים אַרויסגעשטעקט אַ שפּיצל צונג:

— זיך ניט אײַנגעגעבן!

— כ'האָב דיך געוואָלט איבערשרעקן. — איז ער אונטערגעגאַנגען אַ צעשטראַלטער און גע־וויזן אַפן נײַעם העמד.

— דאָס העמד פּאַסט דיר ניט.

— און דער שניפּס?

— ניט שיין. אַזעלכע שניפּסן טראָגן נע־גערס!

זי האָט אים באַטראַכט פון אַלע זײַטן און געלאַכט.

— וואָס לאַכסטו? — האָט ער זיך אַ בייג געטאָן צו איר, זי אָנגעכאַפּט פאַר די אַקסלען און געוואָלט אַ קוש טאָן.

זי האָט זיך אַרויסגעגליטשט פון זײַנע הענט און געוואָרן ערנסט:

— נאָר ניט דאָס!

ראָכל איז געבליבן זיצן אין אַ ווינקל פון קאַנאַפּע, די פיס אונטער זיך, די האָר צעשויבערט, דורכגעוואָרפן מיט שניצלעך סאַמעט, מיט דרימען זײַדנס. אַרום האַלדז — שנירלעך קרעלן, קאָלירטע פּאַטשערקעס. בענדער, סטענגעס פאַלן איבער די אַקסלען, איבער די נאַקעטע הענט און אײַנגאַנצן זעט זי אויס, ווי אַ שפּאַנישע טענצערן.

ראַכמים האָט ניט אויסגעהאַלטן איר בליק, געפּילט, ווי איבער דער כוט־האָשעדרע בלעזלט, און איז צוגעשטאַנען צו איר:

— ביסט בייז.

— אַוודע בין איך בייז!

— פאַרוואָס?

— האָסט דאָך עפּעס צוגעזאָגט.

— איך?

— יאָ — דו!

— אַ, — האָט ראַכמים זי אַרומגעכאַפּט, — נאָך הײַנט רעד איך מיט דײַן טאַטן, ווי כ'בין אַ ייִד!

— כ'וועל אים זאָגן, אַז... ביסט אַ נאַרעלע!

— ראַכמים, כ'בעט דיך, — האָט זיך ראָכל געטוליעט צו אים און די גרויסע, שוואַרצע אויגן האָבן אים געגלעט, געוואַרעמט, — וואָס וועסטו זאָגן מײַן טאַטן?

— אַז איך האָב דיך ליב...

ער האָט אײַנגעגנורעט זײַן פּאָנעם אין איר האַלדז.

— לאָז אָפּ, ראַכמים, — האָט דאָס מיידל זיך געבעטן און זיך שטאַרקער צוגעדריקט צו אים.

— ראָכל! ראָכל! צײַט ליכט בענטשן! — האָט זיך געהערט פון דער קיך.

ראָכל איז אַראָפּ פון דער קאַנאַפּע.

— די מאַמע גייט!

— פּאַק אײַן, טאָכטער, פּאַק אײַן די אַרבעט און שטעק אַרײַן די ליכט אין די לײַכטערס, טאָקע באַלד! — האָט די מוטער אַרײַנגעשטעקט דורך דער האַלב־צעעפנטער טיר דעם קאָפּ און דערזען ראַכמימען.

— וואָס עפּעס אַזוי פרי הײַנט?

— אַז ס'איז ניטאָ קיין אַרבעט, מיסיס קאַפּרו, קומט מען פריִער!

— מיר ווייסן, מיר ווייסן, מיר גענאַרט מען ניט! וועסט שוין איינמאָל זײַן אַ פּאַרנאָסע־געבער, פונקט ווי מײַן קאַפּרו! דו ווייסט נאָר איין זאַך, ראַכמים, צו פאַרדרייען אַ קאָפּ דעם מיידל! זי קאָן קריגן אַ לײַטערישן כאָסן, ס'מאַכט ניט! איז עפּעס אַ טאַכלעס פאַר אַזאַ יונג, ווי דו, צו בלײַבן ס'גאַנצע לעבן אַ שוכפּוצער? נעם אונדזערע פּעד־לערס — אַ בעקאָוועדע פּאַרנאָסע — און זיי אַלע מאַכן שווערע געלט...

ראַכמים האָט נאַריש געשמייכלט בעשאַס מיסיס קאַפּרו האָט גערעדט. געדרייט מיט צוויי פינגער איבער דער אייבערשטער ליפּ, וווּ ס'האָט געדאַרפט זײַן אַ וואָנצע, און נישט זיראָפּגעלאָזט אַן אויג פון ראָכלען, וואָס איז רויט געוואָרן און באַהאַלטן די אויגן אין די שאַכטלעך. און אַז זיי זײַנען ווידער געבליבן אין כיידער אַליין, האָבן זיי זיך אָנגענומען פאַר די הענט, זיך געבויגן און געלאַכט אַף וואָס די וועלט שטייט.

די ליכט פון די מעשענע לײַכטערס האָבן געטריפט, בוילעטער געמאַכט דעם טונקעלן פלאַם פון גאַז, וואָס האָט זיך געשאַרט איבער דער וואַנט, ווי אַ ברודיק פּאַסיקל רויך.

קאַפּרוס ווײַב אין אַ קאָלירטן שאַבעסדיקן שלאָפראָק, אַפן קאָפּ אַ טערקיש טיכל, וואָס האָט זיך פאַרשלייפט אונטערן האַלדז, איז געזעסן באַם געגרייטן טיש, מעקאַבל־שאַבעס געווען מיט אַ ניגן פון אַ קלאָגערקע און פון מאָל צו מאָל אַ הייב געטאָן דעם קאָפּ פון סידער:

— ראָכל, פאַרמאַך ס'פענצטער, ס'איז אַ צוג, די ליכט טריפן!

ראָכל און ראַכמים זײַנען געזעסן באַם אָפע־נעם פענצטער, אומגעדולדיקע געקוקט, צי די אַל־טע גייען שוין פון שול, זיך געקליבן צו גיין נאָכן עסן אין קינאָ. ראַכמים האָט געלאָזט פאַלן אַ וואָרט:

— אין אַמעריקע, אַז מע אַרבעט ניט שאַ־בעס, קאָן מען זיך צו קיין זאַך ניט דערשלאָגן!

— אַזאַ פאַרשוין, ווי ראַכמים, אַז ער וועט אַפילע מעכאַלעל־שאַבעס זײַן, וועט ער אײך קיין מאַזל־בראָכע ניט זען! — האָט זיך קאַפּרוס ווײַב אָנגערופן פון סידער אַרויס.

— פונוואַנען זײַט איר אַזוי זיכער, מיסיס קאַפּרו? — האָט ראַכמים געשמייכלט.

— נעם דאַניעלן, — האָט מיסיס קאַפּרו אַרופגערוקט דאָס טיכל איבערן שטערן, — ער איז געקומען מיט דיר אַף איין שיף, איז נאָך אין אַמעריקע פרומער געוואָרן און מע שמועסט, אַז ער איז „ווערט" שווערע הונדערטער! און דו, ניט צו פאַרזינדיקן, ביסט געווען אַ לוי־יוצלער און ביסט עס געבליבן! אַז אַ מאַמע קריגט אַזאַ כאָסן פאַר אַ טאָכטער, איז איר אָך און וויי!

— דעם עמעס געזאָגט, — האָט ראָכל געקנייטשט מיט די פינגער ס׳פאַרטעך, — געפעלט מיר אויך בעסער אַ פעדלער, ווי אַ שוכפוצער!

— ניט אַלע קאָנען זײַן פעדלערס, — האָט זיך ראַכמים פאַרלוירן.

— אין אַזאַ ניו־יאָרק, אַז מע וויל, — האָט מיסיס קאַפּרו אַרויסגערעדט פון סידער, — געפינט מען עפּעס צו טאָן.

אַלקבי און קאַפּרו זײַנען אַרײַנגעקומען מיט אַ ברייטן „שאַבעס־שאָלעם". אַלקבי — אַן אויפגערוימטער, האָט אַ ווונק געטאָן צום זון, ער זאָל מיטזאָגן „זויהאַר". קאַפּרו — אַ צענומענער פון ווײַן, איז צוגעגאַנגען צום ווײַב און אויסגעשריִען:

— פינינע!

— וואָס שרײַסטו?

— פינינע, ווינטש מיר מאַזלטאָוו!

— וואָס הייסט? — האָט פינינע צעעפנט אַ פּאָר אויגן.

— ס׳קומט אונדז מאַזלטאָוו!

— וואָס צופּסטו מיר די אַצאָמעס, אַלטער שויטע, זאָג!

— אונדזער טאָכטער ראָכל איז אין אַ מאַזלדיקער שאָ הײַנט געוואָרן אַ קאַלע!

— עי, קאַפּרו, — האָט אים אַלקבי איבערגעהאַקט, — האָסט דאָך מיר עפּעס צוגעזאָגט צו האַלטן מויל ביז נאָכן עסן?

— ס׳איז דען אַ סאָד, אַלקבי? אַ סאָד פאַר אַן אָרעמער מאַמע, וואָס וויל דערלעבן נאַכעס פון דער באַסיעכידע?

— ווער איז דער כאָסן? לאָמיר שוין הערן! — האָט ס׳ווײַב זיך אויפגעשטעלט.

— שוין איינמאָל אַ כאָסן! — האָט קאַפּרו געשמייכלט.

ראַכמים און ראָכל האָבן זיך איבערגעקוקט. ער איז בלאַס געוואָרן, געזעסן אָן אָטעם. אַלקבי האָט אַ ווונק געטאָן, ראַכמים זאָל גיין מיט אים אין שלאָף־צימער.

אַלקבי האָט פאַרשלאָסן נאָך זיך די טיר, דערזאָגט דעם „זויהאַר", דערנאָך האָט ער אָנגענומען ראַכמימען פאַר די לאַצן און אים אַוועקגעזעצט אַף אַ קופער און אַליין האָט ער גענומען שפּרײַזן הין און צוריק איבערן צימער. אין כיידער איז געוואָרן שטיל. דער טאַטע מיטן זון האָבן אויסגעמיטן זיך אָנצוקוקן. דער פאָטער האָט אַ ווײַלע באַטראַכט זײַן שיטער בערדל און אָנגעהויבן:

— וויסן זאָלסטו, ראַכמים, אַז אַ ייִד אָן אַ ווײַב איז ס׳גענעם פאַר אים אָפן! שלעכטע מאַכשאָוועס, קליפּעס, יעדע פּעגערע האָט אַף אים אַ שליטע, פירט אים אַראָפּ פון דערעך־האַיאָשער! האָב איך איינמאָל אָפּגעמאַכט בײַ זיך — כ׳מוז כאַסענע האָבן! וואָס זאָגסטו, ראַכמים, ביסט דאָך עפּעס מײַן בכאָר, ריישיס אוינִי?

ראַכמים האָט נישט געענטפערט, דערפילט אַ הוילקײַט אונטערן האַרץ און זיך אײַנגעביסן מיט די ציין אין דער אונטערשטער ליפּ. ער האָט זיך צוגעהערט צו די פאַרשטיקטע געשרייען, וואָס האָבן זיך געריסן אין אים, זיי קוים צוריקגעהאַלטן און געוואַרט, דער פאָטער זאָל ענדיקן.

— האָב איך באַשלאָסן כאַסענע צו האָבן, — האָט אַלקבי געלאָסן איבערגעכאַזערט די לעצטע ווערטער. — און ווייסטו, וועמען מ׳רעדט מיר? ראָכלען — קאַפּרוס טאָכטער.

בײַ ראַכמימען אין מויעך האָט זיך עפּעס אַ מיש געטאָן און ער האָט זיך אויפגעשטעלט:

— טאַטע, קאָלזמאַן כ׳וועל לעבן...

— וואָס פאַר אַ דיבורים? — האָט אים דער פאָטער נישט געלאָזט ענדיקן. — דערווײַל בין איך נאָך דײַן טאַטע! און וויסן זאָלסטו, אַז כ׳פרעג בײַ דיר קיין אייצעס נישט!

— און אויב דו מיינסט, טאַטע, אַז דו ביסט אײַנדערהיים, אין סאַלאָניקי ביסטו, האָסטו אַ טאָעס!

— אויב שוין יאָ אַזוי, — האָט אַלקבי געלאָסן געצויגן די ווערטער, — אויב דו זאָגסט מיר יאָ דייעס, זאָלסטו וויסן, אַז הײַנטיקן מאָצע־שאַבעס ווערט ראָכל מײַן ווײַב, דײַן טאַטנס ווײַב, הערסט? איך וואָרן דיך, — האָט אַלקבי אויפגעהויבן אַ פינגער, — אַז פון הײַנט אָן און ווײַטער, זאָלסטו נישט האָבן קיין מאַגע־אומאַסע מיט ראָכלען!

— דאָס וועלן מיר נאָך זען! — האָט ראַכמים אַ צי געטאָן די הויזן, פון דער זײַט אַ קוק געטאָן אַפן פאָטער, דערמאָנט אַ האָן, וואָס קלײַבט זיך אַ שפּרונג צו טאָן אַפן קעגנער.

אַלקבי האָט זיך געמאַכט ניט הערן, אָנגענומען דעם זון פאַר אַן אָרעם און שטילער גערעדט:

— דאַרפסט נישט פאַלן בײַ דיר, ראַכמים! איך לעב נאָך, דײַן פאָטער לעבט און ער האָט, באַרעכהאַשעם, פאַרזאָרגט נאַדן פאַר דיר אויך! ס׳געלט ליגט אין קופער און כ׳וועל מיט גאָטס הילף געפינען אַ זיווג פאַר דיר אויך, נאָר מע דאַרף זײַן אַ מענטש, ווי דער פּאָסעק זאָגט — בײַ אַ כאָכעם זײַנען די אויגן אין קאָפּ...

— וואָס טרייסטו מיך מיט כאַלאָשעס? — האָט זיך ראַכמים אַוועקגעשטעלט קעגן פאָטער ווי אַ „פּרײַז־פּײַטער"[1], — מעגסט אַפילע זײַן מײַן

[1] אַ פּריזיאַר.

טאטע, וועל איך ניט דערלאָזן, דו זאָלסט מיר אונטערשטעלן א פיסל!

— ווער שוין בעסער פארשטומט, יונגאטש דו!

— איך בין דער יונגאטש... איך... האָ? און דו, אַן אַלטער ייִד... שעמען מעגסטו זיך...

— אַז שוין יאָ אַזוי, אויכער ייִסראָעל, — האָט אַלקבי אויפגעהויבן א פויסט קעגן זון, — מעג שוין דײַן מויער דארן, פּוישע־ייִסראָעל! היט זיך, ראַכמים, דען אַז כ׳וועל זיך צוכאַפּן צו דיר, וועסטו האָבן וויסטע יאָר! וועסט בא מיר פליִען אף אַלע פיר זײַטן!

— קאַלזומאַן איך לעב, טאַטע, — האָט ראַכמים זיך אָוועקגעשטעלט, געגומען פויקן מיט בייִדע פויסטן אף דער אַרויסגעפּרעסטער ברוסט. — קאַלזומאַן איך לעב, וועט ראַכל נישט זײַן דײַן ווײַב!

אַלקבי האָט זיך א צי געטאָן, אויסגעהאַקט דעם זון א פּאַטש און אים אָנגעכאַפּט פאַרן גאַר־גערעס, ראַכמים האָט זיך אַרויסגעריסן, זיך גע־וואַלט ווארפן אפן פאַטער, האָט ער געכאַפּט א צווייטן פּאַטש.

קאַפּרו מיטן ווײַב האָבן געגומען קלאַפּן אין טיר:

— מיסטער אַלקבי... מיסטער אַלקבי!

אַלקבי האָט געעפנט. ראַכמים האָט זיך גע־ווישט ס׳פּאָנעם און זיך געקאַרטשעט פון כאַרפּע. ראַכל איז אַרײַנגעקומען א בלייכע און אונטער ראַכמימען האָט זיך געעפנט ס׳געגעם. אָן א שיר פּלענער, ווי ר׳נאָך צו נעמען פון פאַטער נעקאָמע,

זײַנען דורך בא אים אין מויער. מיט א קרענקלעכן שמייכל האָט ער זיך א שאַר געטאָן צום פאַטער, געסטראַשעט:

— אויב ער מיינט, אַז ער איז אינדערהיים, איז ער זיך טויע! מיר זײַנען אין אַמעריקע! אין אַמעריקע זײַנען מיר!

דער אַלטער האָט זיך ווידער א וואַרף געטאָן אפן זון. די אַרומיקע האָבן אים צוריקגעהאַלטן. ראַכל האָט אַרויסגעשטופּט ראַכמימען פון כיידער. ער איז געגאַנגען הינטערווײַלעכס, געקוקט, דער אַלטער זאָל זיך נישט וואַרפן אף אים, נישט אופ־געהערט רעדן:

— מיר וועלן נאָך זען, טאַטע! מיר וועלן נאָך זען! מיר זײַנען אין אַמעריקע!

— דאָ שלאָגט מען נישט קיין קינדער! — האָט זיך ראַכל אַרײַנגעמישט. — אין אַמעריקע שלאָגט מען נישט! און אויב אַלקבי ציט זיך נישט אַרויס, גיי איך אַוועק פון שטוב!

— שוויַג, שוויַג, טאָכטער! — איז קאַפּרו אַרײַן אינדערמיט.

— דו דאַרפסט זיך נישט מישן! גיי, גיי אין דײַן כיידער אַרײַן.

ס׳איז געוואָרן אומאָנגענעם שטיל. אַלקבי האָט זיך געריבן די הענט, געקוקט אף קאַפּרון, אפן ווײַב, געזוכט הילף בא די אַרומיקע. ער האָט שווער אָפּגעזיפצט און זיך אינדרײַען א בייג גע־טאָן:

— מיר לאָזן א שיינעם דאַנק! א שיינעם דאַנק לאָזן מיר!



נאָטע לוריע

# טעג און יאָרן

(אויטאָביאָגראַפֿישע נאָטיצן)

3

## און די לעוואָנע האָט ווי פֿריִער סײַוווי געשײַנט איבער האַלושקעס

אונדז האָט אָפּגעגליקט. אינגיכן, ווען דער רעגן האָט אויפֿגעהערט, האָט דעם אויסגעמאַטערטן, פֿאַרזאָרגטן טאַטן געלונגען דינגען ניט קיין טײַער דירהלע פֿאַר אונדז, אַ צימערל מיט אַ קיכל. עמעס, פּײַכטע. פֿון זייערע גרינבלעכע פֿאַרפֿליעסנעטע ווענט האָט שאַרף געטראָגן מיט אַ שווערן שימל־גערוך. דאָס צימערל מיטן קלײנעם פֿענצטערל איז געווען אַ האַלב טונקלס, אַ נידעריקס, מיט דער האַנט צו דערלאַנגען די פֿאַרפֿלעקטע געלבלעכע סטעליע. נאָר מיר זײַנען געווען צופֿרידן. אַבי ניט אונטערן אָפֿענעם הימל, ניט אונטערן רעגן. דאָך אַ דירהלע. דאָך אַ דאַך איבערן קאָפּ. און ניט ערגעץ־ווו אין אַ פֿאַרוואָרפֿן געסל, נאָר קימאַט אין צענטער פֿון דעם אומגעהײַער גרויסן דאָרף, ניט ווײַט, אַגעוו, פֿונעם בעסמעדרעש. נאָענט צום מאַרק און אין אַ היפּשן הויף, אָן אַרומגעבויטן אַרום און אַרום פֿון אַלע זײַטן מיט קאָלערליי קלענערע און גרעסערע שטיבלעך, אַ באַלעבטן מיט אַ סאַך שכנים, מיט פֿיל יִידישע מישפּאָכעס. אין אַ נידעריקער, מיט טשערעפּיצע געדעקט שטיבל האָט געוווינט אַ שוסטער, בישכיינעס אין אָן ענלעכן ווײַס־אַרומגעקאַלכטן שטיבל — אַ פֿאַפּיראָסניק, עטוואָס אין אַ זײַט — אַ שאַרניק. אין סאַמע סאָף לענגלעכן הויף הינטער אַ ברייט צעצווײַגטן קליאָן האָט קוים זיך אַרויסגעזען דעם בלעכערס שטיבל. פֿון פֿאָרנט, צו דער ברייטער טומלדיקער הויפּט־גאַס, האָט אַרויסגעקוקט אַ שיין מויערל. אין אים האָט געלעבט דער באַלעבאָס, דער אייגנטימער פֿון אַ גאַלאַנטעריי־קלייטל. נאָך איין שטיבל האָט זיך אויסגעטיילט פֿון די איבעריקע, געווען העכער, פֿײַנער. מיט דער היפּשער, אויף העלקפּט אָנגעגלאָזטער ווערענדע האָט זי, איבערנעמענדיק זיך, אַרויסגעקוקט גלײַך אַנטקעגן אונדזער גאָר בידנער וווינונג מיט קאָלערליי פֿאַרביק אָנגעמאָלטע היטלען אויף אַ שילד. דאָרט האָט געוווינט אַ קירזשנער. בײַ אונדז אין האַלושקעס זײַנען קיין קירזשנערס, שאַרניקעס, פֿאַפּיראָסניקעס, בלעכערס און אַנדערע באַלמעלאָכעס ניט געווען. מיר האָט זיך זייער געוואָלט אַרײַנקומען צו זיי, זײַן בײַ זיי, זען, זיך צוקוקן, ווי זיי מײַסטרעווען, און מעגלעך אַ ביסל עפּשער זיך עפּעס אויסלערנען. כאָוווערן זיך אין הויף האָב איך ניט געהאַט מיט וועמען. עס זײַנען געווען דאָ בלויז צוויי ייִנגלעך אין מײַן עלטער, דעם באַלעבאָס׳ ייִנגל מיט אַ טשיקאַווען נאָמען — אַרנאָלד, און דעם קירזשנערס, אויך מיט אַ ניט־געוויינלעכן נאָמען — איזאַק (בײַ אונדז אין האַלושקעס זײַנען אַזעלכע מעשונעדיקע נעמען ניט געווען). אַרנאָלד און איזאַק האָבן זייער הויך גערעדט אויף רוסיש און בישטיקע געדרייכערט פּאַפּיראָסן. איך בין געווען ניט זייער גלײַכן. זיי האָבן אַרומגעשפּאַצירט געדלעסדיק פֿאַרפּוצטע איבערן הויף אין בײַע שיינע גאַרניטערס, אין שטאַרק גלאַנצנדיקע כראָמאָווע שיך. און איך? איך האָב זיך געוויזן אין הויף אין אָן אָפּגעבליאַקעוועט העמדל, אין פֿאַרלאַטעטע פֿאַרוסינענע הויזן, אַ באָרוועסער (בײַ אונדז אין האַלושקעס זײַנען מיר, ייִנגלעך, קימאַט אַלע געווען גאַנץ געמיין אָנגעטאָן און אַ גאַנצן זומער, אַפֿילע ביזן שפּעטן האַרבסט, אַרומגעלאָפֿן

פֿאָרזעצונג. אָנהייב זע „סאָוועטיש היימלאַנד“, נומ. 1, 8, 1986.

באַרוועסע). אינדערפרי, בעשאַס איך בין צוגעגאַנגען אַ קוק טאָן אַף דעם ברונעם, וועלכער האָט זיך געפונען אינמיטן הויף, זײַנען מיר פונקט אַנטקעגנגעקומען אַרנאָלד מיט די לאַנגע אויערן און איזאַק מיט דער לאַנגער שפּיציקער נאָז. איך האָב ניט געוואַרט, אַז זיי זאָלן, ווי ס'איז אָנגענומען, זיך גריסן מיט מיר, און דער ערשטער געזאָגט זיי אַ „גוט־מאָרגן". זיי האָבן מיט אומצופרידנקייט קרום אַ קוק געטאָן אַף מיר (בײַ אונדז אין האַלושקעס ווינטשט יעדערער, ניט נאָר מיר, ייִנגלעך, נאָר אויך עלטערע מענטשן, סײַ מענער, סײַ פרויען, — אַלע, קליין און גרויס, בײַם באַגעגענען זיך אַ „גוט־מאָרגן" צי אַ „גוט־העלף", צי אַ „גוטן אָוונט", און יעדערער ענטפערט גערן מיט צופרידנקייט, מיט דעם זעלבן גוטן ווונטש), אַרנאָלד און איזאַק האָבן ניט געענטפערט. אָפּגעגאַנגען עטלעכע טריט, האָבן זיי אַף מיר זיך אומגעקוקט, עפּעס אַ זאָג געטאָן און מיט אַ כוזוק־געלעכטער האָפּערדיק אַוועקגעשפּאַנט. איך בין געבליבן שטיין אַ פאַרלוירענער. אַזוינס האָט מיט מיר קיינמאָל ניט געטראָפן. מיר האָט זיך געגלוסט זיי עפּעס אַרײַנזאָגן, נאָר כ'האָב ניט געהאַט אין רוסיש די נייטיקע ווערטער.

— האָב ניט צו טאָן מיט אָט די יאָלדעוואַטע גרויסהאָלטערס, — האָט זיך אָנגערופן, צוגייענדיק צו מיר אין אַ קורצן טונקעלן כאַלאַט מיט אַ מעסוקן גרויסער שער אין האַנט, לייווי־יאָסיע דער בלעכער. ער האָט שוין פון לאַנג געוווינט דאָ אין הויף. ער האָט עס באַראַיעט דעם טאַטן דאָס דירעלע. מיט זײַן פּנים אויסזען איז ער געווען ענלעך אַפן טאַטן — אַ שטאַלטנער, אַ דאַרלעכער, אַ האַדרעספּאָנעמדיקער, מיט אַן עטוואָס באַזילבערטער באָרד. ער האָט גערעדט, ווי דער טאַטע, שטיל, רויק, זייער געלאַסן. ער איז מיר געווען צום האַרצן, און איך בין, ווען ער האָט מיך גערופן, מיט צופרידנקייט אַוועק מיט אים אין זײַן וואַרשטאַט. דער הילצערנער וואַרשטאַט איז צוגעבויט געווען צו דער הינטערשטער וואַנט פון זײַן שטיבל מיטן בלעכענעם דאַך, ווו ער מיט זײַן מישפּאָכע (אַן עטוואָס סוטולעוואַטע ווײַב און אַלטע, קראַנקע עלטערן) האָבן געוווינט. פון דעם טאָג אָן האָב איך זיך פאַרנאַדיעט צו אים אין דעם ניט־גרויסן וואַרשטאַט, וואָס איז פאַרפולט געווען מיט בויגנס צינקעוון בלעך, מיט לאָכאַנקעס, קאַסטרוליעס, עמערס, טאַזן, וויוואַרקעס, וועלכע די פּויערים און פּויערטעס פלעגן טאָגטעגלעך ברענגען אים, דעם ערלעכן באַלמעלאָכע, ער זאָל עס פאַריכטן. איך האָב זיך געפילט זייער היימיש דאָ, בײַ אים אין וואַרשטאַט. ער האָט מיט מיר גוטמוטיק געשמועסט, גערעדט מיט מיר, ווי מיט זײַנעם אַ גלײַכן. איך האָב אים דערציילט וועגן אונדזער קאָלאָניע, וועגן דער האַריגע אין קאָוואַלעווסק, וועגן אונדזער האַלושקער קאָלאָניסט לייזער־בערן, וועלכן מע האָט געפונען אַ דערשאָסענעם אין דער נאַזאַרעוויטשער באַלקע, וועגן מײַנע גוטע כאַווײרים, וועלכע זײַנען איצט דאָרט אין קאָלאָניע, וועגן אונדזער פאַרלאָזטן הויף און פּוסט־פאַרבליבענער שטוב...

איך האָב דערציילט און בעשאַסמײַסע זיך צוגעקוקט, ווי ער מײַסטערוועט אויס פון דעם צינקעוון בלעך אַ פײַן קענדל, אַ ריבײַזן, ווי ער פאַרלייט מיטן פּאַיאַלניק דאָס גוט אַרומגעפּײַלטע אָרט אין אַ טשײַניק, אין אַ קאַסטרוליע. פון מאָל צו מאָל בין איך מיט עפּעס אים באַהילפיק געווען. דערלאַנגט אַן אינסטרומענט, צוגעראַמט פון דעם געקאָוועטן טיש די שטיקלעך אָפּגעשניטענע בלעך, צוגעקערט דעם דיל. ער האָט ניט דערווידערט. ס'איז אים, קאָנטיק, אַפילע געפעלן געווען, און ער האָט צוביסלעך אָנגעהויבן מיר געבן אַ שטיקל אַרבעט. אין עטלעכע טעג אַרום האָב איך שוין גוט אויסגעפּײַלט דאָס אָרט, וואָס מע דאַרף פאַריכטן, און פאַרלייט עס מיט צעגליטן צינק. פון טאָג צו טאָג האָב איך אַלץ מער זיך אַרײַנגעצויגן אין דער אַרבעט, וועלכע איז מיר זייער געפעלן געוואָרן. לייווי־יאָסיע איז געווען צופרידן, איך — נאָך מער. פאַריכטנדיק קאַסטרוליעס, טשײַניקעס, קענדלעך, האָב איך געהאַט האַנאָע, וואָס זיי רינען שוין מער ניט, וואָס מע קאָן ווידער זיך באַנוצן מיט זיי. יעדן גאַנצפרי בין איך געווען שוין בײַ לייווי־יאָסיען אין וואַרשטאַט. גלײַך זיך גענומען פאַר דער פײַל, פאַרן פּאַיאַלניק, געסטאַרעט זיך יעדע זאַך טאָן גיך, גוט, און אָט אַזוי בין איך אומגעריכט געוואָרן בײַ לייווי־יאָסיען אַ שטיקל באַהעלפער.

פאַרנאַכט, ווען איך בין אַ פאַרמורזעטער געגאַנגען פון וואַרשטאַט פאַרבײַ דעם קירזשנערס האַלב־אָנגעגלאָזטער וועראַנדע, האָבן אַרנאָלד און איזאַק געשפּילט אין קאָרטן. דערזעענדיק מיך, האָבן זיי זיך אַ וויצל געטאָן און זיך פאַרגאַנגען אין אַ הילכיקן געלעכטער. וואָס האָבן זיי אַזוי צופרידן געלאַכט? פון מײַן פאַרמורזעטקייט? פון מײַן הוילעך? מיך האָט עס לאַכלוטן ניט געקימערט. זיי האָבן מיר אויסגעזען נישטיק. איך האָב פאַר אָט דעם טאָג עפּעס נייטיקס אויפגעטאָן, פאַריכט קאַסטרוליעס, טאַזן, קענדלעך, קאָלערליי קיילים, געבראַכט נוצן, און זיי וואָס? איך האָב זיך געפילט העכער, אַ סאַך העכער פון זיי.

נאָך דער אַרבעט האָב איך אײַנגיכן אָנגעהויבן ברענגען אין אונדזער פאַראָרעמט דירעלע אַ טאַרבעלע קאַרטאָפל אָדער פּאַסאָליעס צי קאַבאַקלעך, אַ ביסל בוימל צי אַ האַלב צענדליק אייער. לייווי־יאָסיע האָט יעדעס מאָל מיך געצוווּנגען נעמען אַ כיילעק פון דעם, מיט וואָס די פּויערים און פּויערטעס האָבן זיך צעצאָלט פאַר דער אָפּגעטאָנענער אַרבעט.

כאָטש מיר האָבן זיך געניייטיקט און דאָס איז זייער צוביץ געקומען, איז די מאַמע געווען ניט גערן, זי האָט איבערגעלעבט, וואָס איך האָב ניט קיין כאַווײרים, וואָס איך האַרעווע גאַנצענע טעג.

דער טאטע איז דאפקע געווען צופרידן, געהאלטן, אז ס'איז גוט. גוט, וואָס איך דריי זיך ניט ארום פוסט־און־פּאס, וואָס איך קריג א מלאָכע און ברענג דערצו שוין עפּעס אריַין אין שטוב...

איַנגיכן האָט דער טאטע אויך געקראָגן א שטיקל מלאָכע. ער האָט זיך באפריַינדעט מיט דעם אלטיטשקן גריַיז־גראָווין לאמדן, מיט רעב יעכיִעל־טאנכומען, דעם געוועזענעם דארדעקע־מעלאמעד, וועלכער איז פארבליבן אָן טאלמידים, און קעדיי האָבן עפּעס אף כאיונע, געוואָרן א פּאפּיראָסניק. ער האָט עטלעכע שאָ אין טאָג, זיצנדיק בא זיך איַנעם נידעריקן צימערל, געשטאָפּט טאבעק (וועלכן דאָס וויַיב האָט ניט אָן שווערקיַיטן איַינגעשאפן) אין לענגלעכע הילזעס (וועלכע דאָס וויַיב האָט אויך ניט אָן שווערקיַיטן איַינגעשאפן), און עס האָבן זיך באקומען פּיַינע נאטורעלע פּאפּיראָסן. יעכיִעל־טאנכום האָט גערן, מיט צופרידנקיַיט אפילע גענומען דעם טאטן דעם טאלמודיסט פאר א שוטעף. יעדן איַנדערפרי נאָכן דאווענען איז דער טאטע אין דער אלטער קאפּאָטע געגאנגען צו זיַין ניַיעם גוסן־פריַינט, צו יעכיִעל־טאנכומען, און ביידע לאמדאָנים האָבן, פארברענגענדיק, אויסטיַיטשנדיק יעדערער אף זיַין אויפן קאָלערליי פּסוקים און שטעלן אין פארשיידענע ספאָרים, בעשאסמיַיסע געשטאָפּט טאבעק אין די הילזעס. די פארטיקע פּאפּיראָסן האָט, זיצנדיק אף א נידעריק בענקעלע לעבן מאריק, פארקויפט איַינצלוויַיז יעכיִעל־טאנכומס נידעריטשקע, בלאסע, דאריַנקע פרוי. דעם טאטן פלעגט פון דעם אויך עפּעס צופאלן (ער האָט עס געקליבן, קעדיי קויפן אין דער נאָענטסטער ציַיט כאָטש וואָסערע־ניט־איז שיך פאר מיר). כיַיע־כאַנע און פייגעלע האָבן זיך געייסעקט אין קיכעלע, געהאָלפן אין שטוב, געווען לעבן דער מאמען, וועלכע האָט דאָ פון טאָג צו טאָג געפילט זיך ערגער. עס האָט איר אָן אופהער גענאָגט, געוויַיטיקט דאָס הארץ פון בענקשאפט נאָך דער פארלאָזענער ליבער היים, נאָך דער אייגענער שטוב, נאָכן אייגענעם הויף, נאָך די טיַיערע שכיינים, נאָך אלץ, אלץ בא אונדז אין קאָלאָניע. זי איז אויסגעגאנגען מאמעש פון בענקשאפט נאָך האלושקעס.

האלושקעס... ליב דערפל מיַינס, האלושקעס!.. ווי האָט מען געקאָנט ניט בענקען נאָך דיר?.. איך האָב אויך געבענקט באזונדערס געבענקט, ווען איך בין ניט געווען פארטאָן מיט דרינגענדיקער ארבעט בא לייווי־יאָסיען אין ווארשטאט, ווען איך פלעג פארבליַיבן אליין, איינער אליין מיט זיך, איך האָב ניט אופגעהערט בענקען נאָך מיַינע ווילע, גוטע כאווירים, נאָך אונדזער סטאַוואָק, אין וועלכן מיר האָבן הורטאָם טומלענדיק זיך געבאָדן, נאָך דער באשפּרענקלטער קאָוואלעווסקער באלקע מיט קאָלערליי דופטיקער בליונג, ווו מיר האָבן צוזאמען געפּאשעט די קעלבלעך, נאָך די מעכיַיע־שמעקנדיקע צאָמבער־בערגלעך, נאָכן פריילעכן געקלאנג פון די ארבעס אין סטעפּ, נאָכן צעצויגענעם מוקען פון דער טשערעדע, נאָך דעם באנאכטיקן קוואקען פון די פרעש, וואָס האָט זיך דערטראָגן פונעם פּיַיכטן אָטשערעט...

איַנעם צימערל בא אונדז איז געווען זייער דושנע. דער טאטע, די מאמע, כיַיע־כאַנע און פייגעלע האָבן אין אָוונט ארויסגעטראָגן עטלעכע בענקלעך און זיך צוגעזעצט אף זיי לעבן סאמע פענצטערל פון אונדזער פּיַיכטע דירהלע, געטעמט מיט פרישער לופט. איך בין אוועק אין א זיַיט, כ'האָב ניט געקאָנט פארטראָגן ארנאָלדס און איזאקס מעשוגעדיקע אויסגעשרייען, זייער כיכיקען, זייער ווילדן געלעכטער, וואָס האָט זיך געטראָגן פון דער אנטקעגנדיקער האלב־אָנגעלאָזטער ווערענדע, און בין ארויס פון הויף, זיך געזעצט לעבן דעם הילצערנעם טויער אף א היפשן שטיין, וואָס איז געלעגן דערביַי. פונקט אנטקעגן מיר האָט אפן בלוילעכן הימל געשיַינט די לעוואָנע, א פולע, א גרויסע, א זויבער־וויַיסע. איך האָב געקוקט אף איר און פארקישעפט געוואָרן. מיט א טיף רירנדיקן געפיל האָב איך א טראכט געטאָן, אז אָט די זעלבע לעוואָנע, וועלכע באהעלט מיך אָט דאָ, ווו איך זיץ אפן שטיין, באהעלט איצט אויך אזוי אונדזער דערפל. מיט באוווּנדערונג האָב איך געקוקט אף איר, אף דער גרויסער, זויבער־וויַיסער לעוואָנע, און זיך פאָרגעשטעלט, מאמעש געזען, ווי זי שפּיגלט זיך איצט אָפּ אין אונדזער סטאַוואָק, ווי זי באזילבערט דעם געדיכטן אָטשערעט, ווי זי באליַיכט די שטרויענע דעכער פון די כאטעס, די פארלאטעטע פליגלען פון דער ווינטמיל, ווי זי קוקט אריַין דורך דעם פענצטער אין אונדזער פארלאָזטער, עלנטער שטוב... מיט א צאפּלדיק הארץ האָב איך לאנג געקוקט אף דער שיַינענדיקער לעוואָנע און געפילט זיך אזוי, ווי איך וואָלט צוזאמען מיט איר געווען איצט דאָרט, בא אונדז אין האלושקעס...

האלושקעס... ליב דערפל מיַינס, האלושקעס!.. עס זיַינען אדורך שוין צוויי לאנגע ניט גרינגע וואָכן, ווי מיר האָבן דיך פארלאָזט. וואָכן פון בענקעניש און דערוואַרטונג אף א גוטער בסורע, אז אין קאָלאָניע איז אלץ בעשאָלעם, געווארט טאָג־אויס, טאָג־איַין, און קיין שום יעדיִעס פון דאָרט זיַינען צו אונדז ניט דערגאנגען.

דער טאטע האָט עס אויסגעלייגט צום גוטן. א סימען, אז קיין שלעכטס איז כאָלילע ניט געשען. מיר האָבן געהאָפט, אז דאָרט איז אלץ קעשורע.

און אָט האָט אין א כמורנעם איַנדערפרי זיך אָפּגעשטעלט לעבן אונדזער געמיינער ווינונג א וואָגן און עס האָט זיך דערטראָגן א מוקען פון א בעהיימע און א הירזשען פון פערד. איך בין צו־זאמען מיטן טאטן און דער מאמען ארויסגעלאָפן אין דרויסן און דערזען אפן וואָגן, וועלכער איז

געווען הויך אָנגעלייגט מיט פֿריש שמעקנדיקן היי, אונדזער גוטן־פֿרײַנט סימכע־כאַימען, כאָנע־לייב בעסקינס זייער גוראַטעגעם זון.

די מאַמע האָט פֿון פֿרייד זיך צעוויינט.

— אוי, טײַערער סימכע־כאַים, לאַנג לעבן זאָלט איר, וואָס איר פֿאַרגעסט אונדז ניט, — האָט די מאַמע, ווישנדיק די טרערן, זיך אָנגערופֿן, ווען סימכע־כאַים איז אַראָפּ פֿונעם וואָגן, — דאַנקען דעם אייבערשטן, וואָס מע זעט זיך. איך וויל צוריק. איז צוליב וואָס האָט איר געבראַכט די בעהיימע? (די בעהיימע האָבן מיר, אוועקפֿאָרנדיק אין אײַלעניש פֿון האַלושקעס, איבערגעלאָזט דערווײַל בא אונדזער גוטהאַרציקן שאָכן בא סימכע־כאַימס טאַטן, בא כאָנע־לייבן.) צוליב וואָס האָט איר געדאַרפֿט זי ברענגען? — האָט זי געזאָגט, גלעטנדיק די בעהיימע מיטן שיינעם ווײַסן קאָפּ, וועלכע איז געווען צוגעבונדן צום וואָגן. — פֿאַרנעמט אונדז, איך בעט אײַך, צוריק. איך וויל צוריק צו זיך אין דעם אייגענעם הויף, אין דער אייגענער שטוב. דאָ איז קיין לעבן ניט, עס גייט מיר דאָ אויס די נעשאָמע...

— קלאָגט זיך ניט, ליובע־מוסיע, — האָט סימכע־כאַים עטוואָס פֿאַרשטיקט זיך אָנגערופֿן, — דאַנקט דעם אייבערשטן, וואָס איר זײַט צו דער צײַט אוועקגעפֿאָרן. איר דאַרפֿט בענטשן גוימל... איר האָט זיך דאָך גוראַטעוועט מיטן לעבן...

— וואָסי העין?.. — האָט די מאַמע דערשראָקן אים אָנגעקוקט. — ס'איז, גאָט באַהיט, עפּעס כאָלילע געשען?

— געשען... — האָט סימכע־כאַים, צושאָקלענדיק מיטן קאָפּ, פֿאַרזאָרגט געענטפֿערט. און מיר האָבן באַלד זיך דערוווּסט פֿון אים, אַז גלײַך נאָך דעם, ווי מיר זײַנען אָפּ טימאָפּייס אַרבע אוועקגעפֿאָרן פֿון קאָלאָניע, האָבן באַנדיטן באַפֿאַלן באַנאַכט אונדזער שטוב, אַרויסגעריסן די פֿענצטער, אויפֿגעבראָכן די טיר. פֿון רעציכע, קאָנטיק, וואָס זיי האָבן קיין שום גוטס ניט געטראָפֿן, ניט געפֿונען גאָרנישט צו ראַבעווען, האָט מען צעבראָכן די הילצערנע ווענטלעך פֿונעם פֿוסטן אַלקערל, אַראָפּגעריסן מיט די זאַוויסעס די צווישנטיר און נאָכדעם זיך פֿאַרנומען איבער דער גאַס צו דעם פֿאַרמעגלעכן באַלעבאָס, צו מוישע־מייער דוקאַרעוויטשן. זיי האָבן זיך אַרײַנגעריסן צו אים אין שטוב, געצוווּנגען אָפּגעבן דאָס בעסטע, וואָס ער פֿאַרמאָגט, אָנגעראַבעוועט און מיט קינזשאַלן דערמאָרדעט מוישע־מייערן און זײַן ווײַב, איבערגעלאָזט זיי טויטע אינמיטן צימער אויפֿן ערדענעם דיל. די טאָכטער, וועלכע האָט באַוויזן זיך באַהאַלטן אין שטובווינקל אונטערן הילצערנעם בעט, האָט געהערט די האַרצרײַסנדיקע ווייגעשרייען פֿון די עלטערן, דאָס זידלערײַ און געלעכטער פֿון די ראָצכים. זי איז פֿאַרבליבן צעמישט. וויינט אָן אויפֿהער, קלאָגט. שיר זיך ניט אַרײַנגעוואָרפֿן אינעם ברונעם. סימכע־כאַים האָט קוים מיט צאָרעס זי אײַנגעהאַלטן, גוראַטעוועט, זי גענומען צו זיך, דער טאַטע, די מאַמע, די שוועסטער — אַלע גיבן אכטונג, פֿאַרנעמען זיך מיט איר...

דאָס, וואָס סימכע־כאַים האָט דערציילט, האָט אונדז אַלעמען דערשיטערט.

א דערשטוינטער, האָב איך זיך פֿאָרגעשטעלט, ווי די שיקערע גאַזלאָנים שטעכן מיט די קינזשאַלן דעם גראָובערדיקן מוישע־מייערן, זײַן גוטמוטיקע שוואַכינקע ווײַב, ווי זיי רײַסן אַרויס אונדזערע פֿענצטער, ווי זיי ברעכן אויף אונדזער טיר, נישטערן בא אונדז אין שטוב, באַהאַנגענע מיט קינזשאַלן, מיט העק, מיט אָברעזן. עס האָט מיר געגרוילט דאָס לײַב.

— א נעס, וואָס איר זײַט פּונקט ערעוו אָט דער נאַכט אוועקגעפֿאָרן, — האָט אין א ווײַלע אַרום, צעשטערנדיק די שווערע שטילקײַט, געזאָגט סימכע־כאַים.

— גאָט מײַנער, און אויף וואָס וואַרט איר? — האָט די מאַמע פֿאַרצווייפֿלט אויסגערופֿן. — אויף וואָס? מע זאָל אײַך אויך אויסקוילען? ראַטעוועט זיך. אַנטלויפֿט...

— ווי קאָנען מיר אַנטלויפֿן? — האָט סימכע־כאַים פֿאַרזאָרגט א מורמל געטאָן, — וווּהין לויפֿן?

— וווּהין די אויגן טראָגן, — האָט די מאַמע סימכע־כאַימען געענטפֿערט.

— אַלצדינג איבערלאָזן, אַלצדינג און לויפֿן? — האָט סימכע־כאַים זיך אומגעקוקט צום טאַטן. דער טאַטע איז געזעסן מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ. געשוויגן. קיין איין וואָרט ניט אַרויסגעבראַכט.

— מיר האָבן דאָך איבערגעלאָזט... — די מאַמע האָט עס געזאָגט אַזוי, ווי זי וואָלט איצט אַליין זיך איבערצײַגט, אַז מיר האָבן טאַקע אַזוי געדאַרפֿט טאָן.

— וואָס האָט איר איבערגעלאָזט? די שטוב. קיין ערד האָט איר ניט איבערגעלאָזט, — האָט סימכע־כאַים שטיל באַמערקט (קיין ערד האָבן מיר ניט געהאַט). — און מיר... ווי קאָנען מיר איבערלאָזן די ערד? אונדזער ברויטגעבערן? די קאָרמיליצע אונדזערע, דאָס לעבן אונדזערס?.. די ערד אונדזערע וועלן מיר ניט איבערלאָזן. בעשום־אויפֿן. מיר וועלן זיך באַוואָפֿענען. מיר וועלן ניט דערלאָזן אויף ווײַטער קיין גאַזלאָנישע אָנפֿאַלן. ניט דערלאָזן! — האָט ער מיט פֿולער זיכערקײַט איבערגעזאָגט און דערציילט, אַז מיט עטלעכע טעג צוריק איז אין קאָלאָניע מיט זײַן אָנטייל געשאַפֿן געוואָרן א זעלבשוץ. יעדע נאַכט וועלן פֿינף קאָלאָניסטן לויט דער ריי באַוואַכן מיט ביקסן דאָס

דערפֿל, ניט דערלאָזן קיין באַנדיטישע אָנפֿאַלן. פֿינף ביקסן האָבן זיי שוין, איצט דאַרף ער דאָ, אין הולייַפּאָליע, קריגן פּאַטראָנעס.

— איך מוז אומבאַדינגט קריגן כאָטש עטלעכע צענדליק פּאַטראָנעס צו די ביקסן, — האָט סימכע־כאַיִם פֿאַרזאָרגט דערקלערט.

אויסער אָט דער זאָרג, האָט ער געהאַט נאָך אַ וויכטיקע דייַגע. וועגן אַ מויעל. זייַן גאַטסגע־בענטשטע ליבע פֿרוי עטיע־רייזל האָט מיט מאַזל געבוירן אַ יורעש. דער מויעל אין קאַוואַלעווסק איז פֿאַרשלאָפֿט געוואָרן, ווייל ער, סימכע־כאַיִם, אייַנבעטן דעם שאָכן אונדזערן יעכיִעל־טאַנכומען — ער איז אַ געוויסע צייַט געווען אויך אַ מויעל, — ער זאָל אים טאָן זייער אַ גרויסע טויווע און צו־פֿאָרן מיט אים אויף איין טאָג אין קאָלאָניע מאַלע זייַן דאָס ערשט געבוירן זונעלע.

נאָך דעם, ווי מיר האָבן אָפּגעפּרישטיקט, האָט סימכע־כאַיִם מיטן טאַטן (ליוּוי־יאָסיע האָט אויך געהאָלפֿן) צונויפֿגעקלאַפּט פֿון ברעטער אין עק הויף, אינעם טונקעלן ווינקל, אַ שטעלכל פֿאַר דער בעהיימע. איך האָב קופּעסווייַז אַראָפּגענומען פֿון דעם הויך־אָנגעלאָדענעם וואָגן דאָס פֿריש־שמעקנ־דיקע היי, צונויפֿגעלייגט עס אַקוראַט אין אַ סטויגל לעבן שטעלכל, אָנגעפּאָיעט די בולאַנע (וועלכע איך פֿלעג רייַטנדיק באָדן אין סטאַוואָק), געגלעט מיט פֿאַרגעניגן זייערע שייַנע מאָרדעס, און זיי האָבן צופֿרידן אונטערגעהירזשעט, קאָנטיק, דערקענט מיך... מיר האָט זיך געוואָלט מיט עפּעס נאָך באַהילפֿיק זייַן סימכע־כאַיִמען. איך בין געווען פֿאַרליבט אין אים. בײַ אונדז אין האַלושקעס האָט קיינער ניט געקאָנט אַזוי, ווי ער, האַסטיק יאָגנדיק אויף אַ נאַראָוויסטן אָגער, אַריבערשפּרינגען אַ ברייטע און טיפֿע קאַנאַווע מיט וואַסער אָדער דורכטראָגן זיך מיט אַ ווינט איבער אַ הויכן שטעכיקן פּאַרקן. איך בין פֿאַרכאַפּט געווען פֿון די אויסערגעוויינלעכע פּראָנט־געשיכטעס, וועלכע ער האָט, אומקערנדיק זיך אין אַן אַרומגעסמאַליעטער שינעל פֿון דער מילכאָמע (ווו ער איז אָפּגעווען העכער דרייַ יאָר), דערציילט בעשאַס מיר פֿלעגן אין די אָוונטן זיך צונויפֿקלייַבן אַרום אים בײַ זיי אויף דער פּריזבע. סימכע־כאַיִם האָט מילכאָמע געהאַלטן אין אַ רייַטער־ראָטע, אָנגעגרייַפֿט אויף די דייַטשן, פֿיל מאָל געווען אין פֿייַער, אַרום און אַרום גאָר נאָענט פֿון אים האָבן זיך געריסן סנאַריאַדן, באָמבעס, איבערן קאָפּ האָבן דראָענדיק געפּייַפֿט קוילן און אים האָט קיין איין קויל, קיין איין שפּליטער ניט פֿאַרטשעפּעט. זיך אומגעקערט אַהיים אַ גאַנצער, אַ געזונטער. אַלע אין קאָלאָניע האָבן אים געהאַלטן פֿאַר אַ מאַזלדיקן. איך אויך. איך בין ניספּאָעל געווען פֿון זייַן געוואַגטקייַט, פֿון זייַן שרעקלאָזיקייַט, פֿון זייַן שיינקייַט. אין דערפֿל בײַ אונדז זייַנען געווען באָכערים מיט זייער שיינע אויגן, שיינע ציין, מיט שיינע קוטשמעס האָר. בײַ סימכע־כאַיִמען איז אַלץ געווען שיין, און פֿון זייַן קלוגן שמייכלענדיקן פּאָנעם האָט געלויכטן מיט גוטסקייַט...

ווען מע האָט זיך ספּראַוועט מיטן שטעלכל און די מאַמע האָט אַרייַנגעפֿירט אַהין אונדזער בעהיימע מיטן וויַסן קאָפּ, איז סימכע־כאַיִם אַוועק צו זייַנעם אַ באַקאַנטן, אַן אָדנאָפּאָלטשאַנעץ. איי־גיכן האָט ער זיך אומגעקערט מיט דרייַ צענדליק פּאַטראָנעס, אַ פֿולער מיט גלויבן, אַז די זעלבשוץ, וועלכע ער האָט געשאַפֿן אין קאָלאָניע, וועט ניט דערלאָזן שוין קיין שום באַנדיטישע אָנפֿאַלן. ער האָט אייַנגעבעטן יעכיִעל־טאַנכומען פֿאָרן מיט אים מאַלע זייַן דאָס קינד. יעכיִעל־טאַנכום האָט פֿון מיצווע וועגן מאַסקים געווען.

פֿאַרנאַכט, ווען נידעריקע טונקעלע וואָלקנס האָבן צוגעדעקט אַ שטיק הימל, האָט סימכע־כאַיִם אָנגעהויבן זיך קלייַבן אין וועג.

— נו, קראַסאַוויצעס, שוין צייַט פֿאָרן אַהיים, — האָט ער גוטמוטיק, פּונקט ווי זייַן טאַטע, ווי כאָנע־לייב, זיך אָנגערופֿן צו די בולאַנע, אייַנשפּאַנענדיק זיי אין וואָגן, — אויסגערוט זיך, זיך אונ־טערגעפּאַשעט, און איצט, ליבינקע, הייַדאַ, אינדערהיים וואַרט מען שוין אויף אונדז...

דער טאַטע, די מאַמע, כייַע־כאַנע, פֿייגעלע און איך, מיר אַלע האָבן אַרויסבאַגלייט סימכע־כאַיִמען (יעכיִעל־טאַנכומען האָט ער באַזעצט אָפּן וואָגן לעבן זיך), מיר זייַנען נאָכגעגאַנגען דעם וואָגן אויך נאָך דעם, ווען ער איז שוין אַרויסגעפֿאָרן דורך דעם ברייט צעעפֿנטן הילצערנעם טויער און פֿאַרקע־רעוועט אַראָפּ דער ברייטער, געדיכט־באַגרינטער גאַס. מיר זייַנען נאָך היפּש געשטאַנען, נאָכגעקוקט דעם זיך אַלץ מער דערווייַטערנדיקן וואָגן, ווינטשנדיק סימכע־כאַיִמען (און יעכיִעל־טאַנכומען) אַ גליקלעכן וועג...

פּאַמעלעך גייענדיק, האָבן מיר מיט אַ געדריקטער שטימונג זיך אומגעקערט אין דעם אומהיימ־לעכן אומעטיקן שטיבל, ווו עס איז אָקאָרשט נאָך געווען צוזאַמען מיט אונדז סימכע־כאַיִם.

דאָס האַרץ האָט גענאָגט, ס'האָט זיך מיר געוואָלט וויינען. אַ גאַנצן אָוונט האָט דער טאַטע און די מאַמע מיט בענקשאַפֿט גערעדט וועגן סימכע־כאַיִמען. זיך דערמאָנט, ווי פֿאַראַיאָרן — אַך, סאַראַ טייַערע צייַט איז עס געווען! — האָט דאָס גאַנצע דערפֿל געהוליעט אויף סימכע־כאַיִמס און עטיע־רייזלס כאַסענע, געלויבט סימכע־כאַיִמען, וואָס ער האָט גענומען די אָרעמע קייַלעכדיקע יעסוימע פֿון דער שכייניעסדיקער קאָלאָניע אַזוי ווי זי שטייט און גייט, אָן אַ מינדסטן נאַדן. אַגעוו־אורכע האָט דער טאַטע מיר דערציילט, פֿאַרוואָס מע האָט אים געגעבן אַ צווייענדיקן נאָמען סימכע־כאַיִם.

אין האַלושקעס האָבן קימאַט אַלע געהאַט צווייענדיקע נעמען. אַ נאָמען דעם קינד פֿלעגט מען געווײַנלעך געבן נאָך זיידעס, נאָך באָבעס, נאָך נאָענטע קרובֿים (מיר האָט מען אויך געגעבן אַ צווייענדיקן נאָמען נאָסן־נאָטע). כאָנע־לייב און זײַן ווײַב כיענע־איטקע האָבן אַ נאָמען געגעבן זייער זון ניט אין אָנדענק פֿון די זיידעס אָדער קרובֿים און ניט צוויי נעמען מיטאַמאָל. דעם ערשטן נאָך מען — סימכע האָבן טאַטע־מאַמע אים געגעבן פֿון גרויס פֿרייד (סימכע באַטײַט פֿרייד), וואָס עס איז מיט מאַזל געבוירן געוואָרן אַ ייִנגל (זיי האָבן שוין געהאַט דרײַ טעכטערלעך, דרײַ אונטערוואַקסנדיקע מיידלעך). דעם צווייטן נאָמען האָט מען אים געגעבן אין צען יאָר אַרום. ראַטעווענדיק דעם פֿאַסטעכס ייִנגל, וועלכער איז, גליטשנדיק זיך אַפֿן פֿאַרשנייטן סטאַוואָק, שיר ניט דערטרונקען געוואָרן אין אַ פּאָלאָנקע, האָט סימכע שטאַרק זיך פֿאַרקילט, געווען פֿאַרבײַ. מע האָט דעמלט אין בעסמעדרעש באַם אָפּנעם אָרנקוידעש מיט אַ געוויין, מיט אַ האַרצרײַסנדיקן געבעט צום אייבערשטן אים אָפּגעשריִען און אַלס סגולע, ער זאָל לאַנג לעבן, האָט מען אים צוגעגעבן דעם נאָמען כאַיִם (כאַיִם באַטײַט לעבן), האָט זיך באַקומען סימכע־כאַיִם. די קאָלאָניסטן האָבן שוין דעמלט אים געהאַלטן פֿאַר אַ מאַזלדיקן. פֿיל מאַמעס האָבן זיך געווונטשן, אַז זייערע זין זאָלן זײַן אַזוי געראָטן, אַזוי מאַזלדיק, ווי ער...

בעשאַס מיר האָבן זיך געלייגט שלאָפֿן האָבן מיר צוגעווונטשן אַ גוטע נאַכט איינער דעם אַנדערן און אויך סימכע־כאַיִמען. ער איז דעמלט מיסטאָמע נאָך געווען אין מיט וועג, וועלכער האָט, שלענגלענדיק זיך צווישן די פֿינצטערע נאַקעטע פֿעלדער, געפֿירט קיין האַלושקעס...

צי האָבן מיר דעמלט געקאָנט זיך פֿאָרשטעלן, וואָס עס דערוואַרט אים, סימכע־כאַיִמען, וואָס עס וועט געשען מיט אים מאָרגן אינמיטן העלן טאָג, ווען ער וועט שוין זײַן אין קאָלאָניע, בײַ זיך אינדערהיים...

מיר האָבן מיט אומגעדולד געוואַרט אויף יעכיִעל־טאַנכומען. ער האָט געדאַרפֿט אין אַ טאָג אַרום נאָך דעם, ווי ער איז אָוועקגעפֿאָרן מיט סימכע־כאַיִמען אין קאָלאָניע, זיך אומקערן פֿון דאָרט. סימכע־כאַיִם האָט צוגעזאָגט העניע־ריווען, יעכיִעל־טאַנכומס פֿרוי, אַז מיטוואָך, אימירצעהאַשעם, וועט איר מאַן שוין זײַן אינדערהיים. נאָר מיטוואָך האָט ער זיך ניט אומגעקערט, דאָנערשטיק אויך ניט. העניע־ריוועס האָט שטאַרק זיך באַאומרויִקט, ניט געוווּסט וואָס איבערצוטראַכטן.

— זאָרגט זיך ניט, ער האָט זיך גוט פֿאַרהוליעט דאָרט אויפֿן ברית, — האָבן די שכיינעס זי באַרויִקט.

אומגעקערט זיך האָט יעכיִעל־טאַנכום ערשט פֿרײַטיק שוין נאָך ליכט־בענטשן. אַ דערשלאָגענער, אַ צעבראָכענער. קוים אַריבערטרעטנדיק די שוועל, איז ער אַרײַן צו זיך אין דעם שוואַך באַלויכטע־נעם צימערל (ווי עס האָט, ווי געווײַנלעך, געשמעקט מיט טאַבעק) און אַ פֿאַרכאַלעשטער אומגעפֿאַלן אויף דער שמאָלער הילצערנער קאַנאַפּע.

— וואָס איז מיט דיר געשען? — האָט די פֿרוי אַ דערשראָקענע זיך אָנגעבויגן צו אים.

ער האָט ביטערלעך אַ כריפּע געטאָן, גאָרנישט ניט געענטפֿערט.

— רעב יעכיִעל־טאַנכום, זײַט אַזוי גוט, זאָגט, וואָס איז געשען, — האָט דער טאַטע אַ פֿאַרלוירענער אים געבעטן.

— פֿרעגט ניט... פֿרעגט ניט... — האָט ער, שווער איבערכאַפּנדיק דעם אָטעם, קוים אַרויסגע־בראַכט און פֿאַרשטיקט זיך צעכליפּעט.

ערשט אויפֿן מאָרגן, ווען יעכיִעל־טאַנכום איז געקומען אַ ביסל צו זיך, האָט מען פֿון אים זיך דערוווּסט וועגן דעם שרעקלעכן אומגליק, וואָס איז געשען מיט סימכע־כאַיִמען.

קיין האַלושקעס זײַנען זיי, סימכע־כאַיִם און ער, געקומען צו פֿאָרן בעשאָלעם. איינגיכן האָבן זיך צונויפֿגעקליבן צו סימכע־כאַיִמען אין דער צווייטער העלפֿט יאָמטעווודיק צוגעקליבענער שטוב געמיטלעך אויפֿגעלייגטע קאָלאָניסטן און קאָלאָניסטקעס. עטיע־רייזל האָט מיט צופֿרידנקײַט יעדן איינעם באַגעגנט, באַזעצט, זיך געסטאַרעט, אַז מע זאָל לויט אַלע אײַנגעשטעלטע מינהאָגים פּראַווען דעם ברית. יעכיִעל־טאַנכום האָט אין אַ יאַרמעלקע מיט אַ בראָכע מאַלע געוווּנען סימכע־כאַיִמס יוירעש. דער אוילעם האָט בײַ די געדעקטע טישן צוגעביסן, געטרונקען קעלישעקלעך אייגענעם ווײַן, צוגע־ווונטשן טאַטע־מאַמע פֿיל נאַכעס פֿון זייער זונעלע, דעם זיידן און דער באָבען — נאַכעס פֿונעם אייניקל.

האַלבטאָג, ווען די געסט זײַנען זיך צעגאַנגען, איז כאָנע־לייב מיטן ווײַב, מיט די טעכטער אַוועק אַראָפּ־צו הינטער דער קלוניע אויפֿן ווײַנגאָרטן צונויפֿקלײַבן אין די געפֿלאָכטענע פֿון אָטשערעט קוישלעך רײַפֿע שטענגלעך ווײַנטרויבן — אַ מאַטאָנע דעם מוייל, יעכיִעל־טאַנכומען...

באַלד, מאַמעש אין עטלעכע מינוט אַרום, האָבן פֿאַרבײַ דער הילצערנער ווינטמיל זיך אָנגע־טראָגן דרײַ רײַטער און זיך פֿאַרנומען אין קאָלאָניע. אויף דער מיט גאַס האָבן די רײַטער אַ ווײַלע זיך פֿאַרהאַלטן, ווי זיי וואָלטן באַטראַכט, וווּהין, צו וועמען אַרײַנפֿאָרן, און פֿאַרקערעוועט צו סימכע־כאַיִמען אין הויף. איינער פֿון זיי, אַ שטאַרק טשובאַטער, איז אַראָפּגעשפּרונגען פֿונעם פֿערד, אַ

צעיושעטער זיך אַרײַנגעכאַפּט אין שטוב און באַפֿוילן סימכע־כאַימען אָפּגעבן אים דעם יאָמטעוודיקן פּידזשאַק, וואָס איז געווען אַף אים. סימכע־כאַים האָט א דערצאַרנטער אים א שטוּפּ געגעבן פֿון זיך, און אין דער רעגע האָט פֿון דרויסן זיך דערטראָגן א שיסערײַ. דער באַנדיט איז אַרויסגעלאָפן, זיך אַרופגעכאַפּט אַפן פֿערד און צוזאַמען מיט די איבעריקע אַוועקגעיאָגט אַראָפּ־גאַס, אָפּשיסנדיק זיך פֿון די דרײַ אַנגרײַפנדיקע רײַטער מיט רויטע בענדלעך אַף די היטלען. שוין אַפן צווייטן עק דערפֿל, בא אַווראָם פּוכאָוויטשן אין הויף, האָבן די רײַטער מיט די רויטע בענדלעך אַרומגערינגלט די באַנדיטן, אַנטוואָפֿנט זיי, געבונדן די הענט און אַרײַנגעטריבן אין קלוניע. אַווראָם פּוכאָוויטש האָט געהערט א פֿאַרשטיקט געשריי, א גוואַלד, וואָס האָט זיך דערטראָגן פֿון דער קלוניע. מע האָט, קאַנטיק, שטאַרק געשלאָגן די באַנדיטן. באַלד נאָך דעם האָט מען די באַנדיטן פֿון דאָרט אַרויסגעפֿירט און אַרײַנגעשטופּט אין אַווראָם פּוכאָוויטשעס ליידיקן וואָגן. דער עלטסטער, מיטן רויטן בענדל אַפן הוט, א הויכער, א דאַרער, א געשטופּלטער, האָט געהייסן פּוכאָוויטשן אײַנשפּאַנען זײַנע פֿערד אינעם וואָגן, אַרויספֿאָרן מיט די באַנדיטן אַף דער מיט גאַס, אָפּשטעלן זיך אַנטקעגן דעם זאַהאַן און אײַנדרײַגיך צונויפֿרופֿן אַהין אַלע קאָלאָניסטן און קאָלאָניסטקעס, אַלע, גרויס און קליין, דאָס גאַנצע דערפֿל. ווען די קאָלאָניסטן, ניט אָנהייבנדיק צו פֿאַרשטיין, צוליב וואָס מע רופֿט זיי און וואָס מע וויל פֿון זיי, האָבן זיך צונויפֿגעקליבן אַרום דעם וואָגן, האָט דער עלטסטער, דער געשטופּלטער, זיצנדיק רײַטנדיק אַפן פֿערד, הויך זיך אָנגערופֿן:

— די פֿרעכע באַנדיטן, וועלכע זײַנען אָנגעפֿאַלן אַף אײַך, ליגן געבונדענע אָט דאָ אין וואָגן. זאָגט, וואָס זאָלן מיר טאָן מיט זיי?

קיינער האָט קיין איין וואָרט ניט אַרויסגעבראַכט.

— זאָגט, ייִדן! — האָט ער העכער איבערגעכאַזערט. — וויאַזוי איר וועט הייסן — אַזוי וועלן מיר מיט זיי טאָן.

— צוליב וואָס פֿרעגט איר עס בא אונדז? ניט אונדזער זאַך איז עס, — האָט כאַנע־לייב זייער געלאַסן זיך אָנגערופֿן. — איין ביטע, גוטע־ברידער, האָבן מיר צו אײַך. דאָ בא אונדז אין קאָלאָניע בעטן מיר גאָרנישט ניט טאָן מיט זיי...

— עך, סאַראַ קלוגינקער ייִדליק דו ביסט, — האָט דער עלטסטער מיט אומצופֿרידנקייט אויסגערופֿן, — ניין, אַזוי וועט ניט זײַן. איר דאַרפֿט זאָגן. איר מוזט. זאָגט, צו וועמען אין שטוב האָבן די באַנדיטן זיך אַרײַנגעריסן? צו וועמען?

— צו מיר, — האָט סימכע־כאַים אופֿגערעגט זיך אָנגערופֿן.

— שווײַג. זאָג ניט, שווײַג, — האָט כאַנע־לייב, דער טאַטע, וועלכער איז געשטאַנען לעבן אים, שטיל א שפּעטשע געטאָן.

— צו דיר? נו, גוט, קום אַהער, — האָט דער עלטסטער, אופֿהייבנדיק זיך עטוואָס העכער אַפן זאָטל, א רוף געטאָן סימכע־כאַימען.

— גיי ניט. מע דאַרף ניט. גיי ניט, — דער טאַטע האָט געפּרוּווט אים אָפּהאַלטן, נאָר סימכע־כאַים האָט זיך ניט צוגעהערט צום טאַטנס רייד, ניט געפֿאָלגט (דאָס ערשטע, דאָס אייַנציקע מאָל אין לעבן ניט געפֿאָלגט דעם טאַטן!). זיך דורכגעשטופּט צווישן אוילעם צו דעם עלטסטן, צום געשטופּלטן מיטן רויטן בענדל אַפן הוט.

— דיך, זאָגסטו, האָבן די באַנדיטן באַאוולט, דיך?! — האָט דער געשטופּלטער מיט כויזעק א זאָג געטאָן, אַראָפּרײַסנדיק דאָס רויטע בענדל פֿון הוט. אין דער זעלבער רעגע האָבן די אַנדערע צווי רײַטער אויך אַראָפּגעריסן די רויטע בענדלעך פֿון די היטלען. די דרײַ באַנדיטן, וועלכע זײַנען געלעגן קלוימערשט געבונדענע אין וואָגן, זײַנען גלײַך אַרויסגעשפּרונגען פֿון דאָרט, אַרופגעכאַפּט זיך אַף זייערע פֿערד. פֿאַרכלינענדיק זיך אין א ווילדן געלעכטער, האָט דער געשטופּלטער מיט איין מאַך פֿאַרוואָרפֿן סימכע־כאַימען אַפן האַלדז א שטריק, וועלכע איז צוגעבונדן געווען צו זײַן זאָטל, און האָסטיק א יאָג געטאָן דעם אָגער. אומוואַלגערנדיק זיך אַף דער ערד מיטן קאָפּ אינעם שטויב, האָט סימכע־כאַים נאָך באַוויזן אויסשרײַען „שמע ייִסראָעל" און איז דערשטיקט געוואָרן.

מיט א הוקערײַ, מיט א ווילדן קויטשערײַ, מיט א שיסערײַ האָבן די צעיושעטע באַנדיטן אַוועקגעיאָגט אין גאַלאָפּ צווישן דעם אַף טויט צעפּוזשעטן, דערשיטערטן אוילעם, זיי האָבן געיאָגט איבער דער קרומלעכער גאַס, שלעפּנדיק נאָך זיך דעם זיך באַמבלענדיקן אַף די הרודעס, אינעם שטויב א דערשטיקטן סימכע־כאַימען...

אָט די שוידערלעכע טײַוואָלאַנישע שפּיל איז געשען בא אונדז אינעם קלייניקן ייִדישן דערפֿל, אין האַלושקעס...

אַוועק שוין פֿיל, זייער פֿיל יאָרן, נאָר ביז איצט זע איך פֿאַר זיך מיט א פֿאַרקלעמט האַרץ, ווי די באַנדיטן אַף די צעהיצטע פֿערד שלעפּן איבער אונדזער קרומלעכער שטויביקער גאַס סימכע־כאַימען מיט דער פֿאַרוואָרפֿענער שטריק אַפן האַלדז, איך הער זײַן לעצטן אויסגעשריי „שמע ייִסראָעל"...

א פינצטערע כמאַרע האָט דעמלט אומבעראַכמאָנעסדיק זיך אַראָפּגעלאָזט אויף אונדז. דער טאַטע האָט אויף דער קאַפּאָטע געריסן קריִע, אָן שיך, אין די שקאַרפּעטקעס, זיך געזעצט שיווע אינעם טונ־קעלן שטוב־ווינקל אויפן נאַקעטן דיל. ער, די מאַמע, כײַע־כאַנע, פּייגעלע און איך האָבן ניט געגעסן, געפאַסט...

אין א וואָך אַרום האָבן מיר זיך דערוווּסט וועגן נאָך א שרעקלעכן אומגליק. שאַבעס באַנאַכט זײַנען באַנדיטן אָנגעפאַלן אויף דער ייִדישער קאָלאָניע נאַזאַרעוויטש, וועלכע האָט זיך געפונען זיבן ווערסט פון האַלושקעס. זיי האָבן צונויפגעיאָגט די קאָלאָניסטן צום בעסמעדרעש און מיט שווערדן אַכזאָריעסדיק אומגעבראַכט. וועלוול מעיעראָווס אַכטיאָריק ייִנגל מאַנדל איז אַלפּי נעס געבליבן לעבן. דעם נאַזאַרעוויטשער קאָלאָניסטס ייִנגל מאַנדל — מיכאַיִל וולאַדימיראָוויטש מעיעראָוו — איז איצט א פּראָפעסאָר, א דאָקטאָר פון טעכנישע וויסנשאַפטן, פירט אָן מיט א לאַבאָראַטאָריע אין דער אַלפאַר־באַנדישער וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע, דער פּרעזידיום פון דער וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע האָט אים באַלוינט מיט א גאָלדענער מעדאַל. זײַנע לערנביכער פאַר הויכשולן דערשײַנען אָפט בא אונדז און אין אויס־לאַנד אויף פאַרשיידענע שפּראַכן. ער איז, אַגעוו, א לייענער פון אונדזער זשורנאַל. מיר באַגעגענען זיך אָפט בעשאַס איך בין אין מאָסקווע. מיר, געבוירענע אין די ייִדישע קאָלאָניעס, האָבן וואָס צו דערמאָנען... ביז איצט עקבערט די פראַגע, וועלכע טימאָפּיי האָט פאַרגעבן דעם טאַטן: מיט וואָס האָבן די ייִדישע פּויערים, וועלכע האָבן ערלעך געלעבט, ערלעך באַאַרבעט זייערע פעלדער, זיך פאַרזינ־דיקט, וואָס מע האָט זיי אַכזאָריעסדיק אומגעבראַכט? אין נאַזאַרעוויטש האָבן די באַנדיטן אַפילע ניט געראַבעוועט, גאָרנישט ניט אַוועקגערויבט, נאָר געהאַרגעט, געשניטן מיט די שווערדן. פונוואַנען האָט זיך גענומען בא זיי אַזא רעציכע?!

נאָך אַט די שוידערלעכע געשעענישן בא אונדז אין קאָלאָניע און אין דער הערבײַיקער, אין נאַזאַרעוויטש, האָבן מיר פאַרלאָרן די האָפענונג אויף אומקערן זיך אַהיים, אין דער פאַרלאָזטער שטוב, קיין האַלושקעס. באַטריבטע זײַנען מיר פאַרבליבן אין הולײַפּאָליע.

און די לעוואָנע האָט ווי פריִער סיִוּוי געשײַנט איבער אונדזער דערפל, איבער האַלושקעס...

(פאָרזעצונג קומט)



**טיכאָן ניעפּאָמניאַשטשי**

געלערנטע מער ווי פון דרײַסיק לענדער פאַרנעמען זיך מיט אויספאָר־שונגען אין שטילן אָקעאַן לויט דער צווישנפעלקערלעכער פּראָגראַם „דער מענטש און די ביִאָספערע". די סאָוועטישע וויסנשאַפט־פאָרשערישע שיף „באַ־גאַטיר", וועלכע זעט אויס ווי א גאַנצער אינסטיטוט, איז געוואָרן אַף לאַנגע באַדאַשים זייער היים און ארבעטס־אָרט. די אָפּגעשלאָסענע פון דער יאַבאָשע געלערנטע באַשעפטיקן זיך מיט וויסנשאַפטלעכע פּראָבלעמען, וועלכע באַומ־רויִקן די מענטשהייט. יעדערער פון די פאָרשער, וואָס געפינען זיך דאָ אין דער „קאָמונאַלקע", האָט זײַן פּערזענלעכע וועלט־אַנשויונג און וועלט־באַנעם. אלע צוזאַמען בילדן א קלייניקע מאָדעל פון דער גרויסער וועלט.

ס'איז פאַראַן אַף דער שיף אַן אָרט, ווו די אָנטיילנעמער פון דער עקספּע־דיציע טרעפן זיך אָפט צוזאַמען. דאָס איז דער שיף־באַר. דער בעקאַוועדיקער באַרמען אַרקאַדי איליטש איז אַלעמאָל א ניט־ווילנדיקער אײדעס פון די ווײַט ניט פּאָשעטע צווישנבאַציִונגען פון די בײַוועזנדע. ער אַליין קאָן אויך ניט בלײַבן גלײַכגילטיק צו דעם, וואָס ער זעט און וואָס ער הערט.

אין יאַפּאָנישן האַפן האָבן די אויסלענדישע מיטגלידער פון דער וויסנ־שאַפטלעכער עקספּעדיציע באַקומען מיט דער פּאָטשט באַנדעראָלן מיט אַנטיסאָ־וועטישער דרוק־פּראָדוקציע. די עקספּעדיציע האָט זיך געפונען ווײַט פון דער היים בײַס דעם פּראָוואָקאַציאָנעלן פלוג איבער דער סאָוועטישער טעריטאָריע פון דעם דאָרעם־קאָרײַישן אַעראָפּלאַן־שפּיאָן „באָינג" (הערבסט, 1983). די דאָזי־קע פּאַסירונג ווערט אופגענומען מיצאַד יעדן איינעם אַף א באַזונדערן אויפן, וועלכער אַנטדעקט גאַנץ ווארשײַנלעך דעם כאַראַקטער און טאָך פון די שיף־באַווינער. אין מעשעך פון לאַנגע טעג און נעכט זײַנען די געלערנטע פון פאַרשיידענע לענדער באַשעפטיקט מיט אַלגעמײַנע וויסנשאַפט־פּראָבלעמען. געפינענדיק זיך צוזאַמען אַף א „טעריטאָריע", וועלכע איז באַגרענעצט מיט די וואַסער־ראַכוועסן אַרום דער שיף, אַנטדעקן זיי איינער פאַרן אַנדערן זייערע מאָראַלישע און זיטלעכע נאָרמעס. סאָפּקאָלסאָף קומט מען צו איין אויספיר: ניטאָ קיין אַנדער אויסוועג, אויסער פאַרנונפטיקער מיטאַרבעטערשאַפט אַף צו פאַרהיטן דאָס לעבן פון דער מענטשהײַט. דער ערדקײַלעך איז א קליינע שיף אין דער אַלוועלט. עפשער די איינציקע באַווינטע שיף.

---

אויסצוגן פונעם ראָמאַן „אַף איין שיף".

מ'דאַרף פֿאַרװענדן א סך צײַט און קױעך,
קעדײ ענדלעך דערגרײכן די יוגנט...
פּאַבלאָ פּיקאַסאָ

„...דער גענעם און דער גאַנײדן — זײַנען מיר אַלײן...״ — אַזעלכע װערטער האָט אַניטשקאָװ דערהערט באַם עסטיש נאָך דעם ערשטן טאָג, װען „באַגאַטיר״ האָט זיך נאָך געפֿונען אין האַפֿן, קלײַבנדיק זיך אַװעקשװימען אין די אומבאַװוּסטע װײַטן פֿונעם שטילן אָקעאַן. אין דער קאַיוט־קאָמפּאַניע, באַ א טיש, װאָס איז געװען סערװירט אױף 16 פּערזאָן, זײַנען געזעסן די אָנטײלנעמער פֿון דער צװישנפֿעלקערלעכער עקספּעדיציע: 4 פּױלישע געלערנטע, א דײַטש, א פֿינער, א קובינער, אַן איטאַליענער, א ליבעריער, א פֿראַנצױז... װיאַזױ מע רופֿט זײ, האָט נאָך אַניטשקאָװ ניט געװוּסט, װײַל ערשט הײַנט אינדערפֿרי, נאָך צען טױזנט קילאָמעטער פֿליִען, האָט דער אַעראָפּלאַן זײ געבראַכט אַהער, קײן װלאַדיװאָסטאָק, װוּ מע האָט זיך גלײַך אײַנגעאָרדנט אױף דער שיף. דאָס װעט זײַן ניט נאָר דער װיסנשאַפֿט־אינסטיטוט, נאָר אױך די טעריטאָריע, װוּ ס'װעט זײ אױסקומען צו קאָנטאַקטירן זיך מיט דעם פֿאַרשײדנאַרטיקן אױלעם. באַ אַנדערע טישן זײַנען אױך געזעסן געלערנטע פֿון פֿאַרשײדענע לענדער צוזאַמען מיט סאָװעטישע קאָלעגן. „דער גענעם און דער גאַנײדן — זײַנען מיר אַלײן...״ — דער טיפֿער און אײַנצײַטיק פּאַשעטער זין פֿון דער פֿראַזע האָט דערשטױנט אַניטשקאָװן. ער האָט א ביסל פֿאַרשפּעטיקט צום מיטיק און ניט געװוּסט, װיאַזױ ס'האָט זיך אָנגעהױבן דער שמועס אױף די אײביקע טעמעס: װעגן גוטס און שלעכטס, װעגן לעבן און טױט, װעגן עמעס און שקער, װעגן עכטע און פֿאַלשע לעבנס־װערטן... פֿון קלײנװײַז אָן, נאָך זײַענדיק א קינד, האָט אַניטשקאָװ, כאַװערנדיק זיך מיט די קינדער פֿון די קאָלאָניסטן, װעלכע האָבן געלעבט בײַשכײנעס נאָך פֿון פֿאַר דער רעװאָליוציע, באַהערשט די דײַטשישע און פֿראַנצױזישע שפּראַכן. איצט, הערנדיק די רײד פֿון די מענטשן, װעלכע האָבן מיטגעבראַכט זײערע אורטײלונגען פֿון גײַסטיק־פֿרעמדע געזעלשאַפֿטן, איז ער מיט א באַזונדערן אומרו געװױר געװאָרן װעגן געשעענישן און אָנשױונגען, װעלכע לאָזן איבער א ביטערקײַט אױף דער נשאָמע...

אַניטשקאָװ, א זשורנאַליסט, דערצו נאָך א צװישנפֿעלקערלעכער, װעלכער האָט באַװיזן צו זײַן אין א סך לענדער, מע קאָן זאָגן אין אַלע עקן װעלט, איז געװען גענוג באַגאַבט און דערפֿאַרן, אָבער סײַװי איז אים איצט טשיקאַװע זיך באַקאַנען מיט דער נײַער פֿאַר אים סװיװע.

באַם שכײנעסדיקן טיש, װוּ עס זיצט לאַנע ראַמענסקאַיאַ, קײַכט מען פֿון געלעכטער. װײַזט אױס, אַז לאַנע און אירע קאָלעגן פֿײַניקן זיך ניט אין אַט דער װײַלע מיט אַלװעלטלעכע פּראָבלעמען. זײ זײַנען פֿאַרנומען מיט דעם געװײנלעכן טאָגטעגלעכן שטײגער, מער פֿון אַלץ מיט זײַנע װאָכעדיקע קאָמישע פּראָטים.

און דאָ, באַם טיש, װוּ אַניטשקאָװ זיצט, שמועסט מען װעגן דעם, אַז יעדער מענטש איז א גרױסער באַלכױװ פֿאַר דער אַלװעלט... אַניטשקאָװ אײַלט זיך, ער זאָגט זיך אָפּ צו אױסװאַרטן, קעדײ װיסן, מיט װאָס דער שמועס װעט זיך ענדיקן.

די װיסנשאַפֿטלעכע מיטאַרבעטער האָבן נאָך ניט אָנגעהױבן זײערע אױספֿאָרשונגען, אָבער אַניטשקאָװ מוז שױן אָפּשיקן די ערשטע קאָרעספּאָנדענץ. אין זײַן קאַיוטע אױפֿן טיש האָט װי א שװײַגנדיקער פֿאָרװורף געשטאַרצט אין דער שרײַבמאַשינקע א רײנװײַסע בלאַט פּאַפּיר... דערפֿאַר האָט־ער מיט אײן שלונג זיך אָפּגעפּאַרטיקט מיטן מיטיק און איז געקומען „אױף דער גאַלערע צו רודערן מיט די װעסלעס״. אַזױ רופֿט אָן זײער אַרבעט זײַנער א כאַװער — אַן אָטשערקיסט.

די ניט־געװײנלעכע אַרבעט־באַדינגונגען האָבן אים זײער געשטערט: דער װײניק־באַשײַנטער טיש, דער רױש פֿון די װאַסער־כװאַליעס, דער געפֿילדער פֿון די אַלבאַטראָסן... שװער זיך נעמען פֿאַר דער אַרבעט. די ערשטע טעג אױף דער שיף איז ער אַרומגעגאַנגען א באַרױשטער פֿון די נײַע באַקאַנטשאַפֿטן, פֿון די אומגעװײנלעכע לעבנס־נאָרמעס. ער האָט אָבער געמוזט אָפּשיקן ניט נאָר אינפֿאָרמאַטיװע מיטײלונגען, נאָר א פֿאַרצײכענונג װעגן די צװישנבאַציִונגען פֿונעם מענטשן און דער באַספֿערע... װידער לאָזט אים ניט צורו די פֿראַזע װעגן גענעם און גאַנײדן... װיאַזױ געפֿינט מען אָן אָרט פֿאַר אָט דעם געדאַנק אױפֿן פֿלאַץ פֿון א זײַטל פּאַפּיר, װאָס נעמט אַרײַן דרײַסיק שורעס?

אַניטשקאָװ האָט איבערגעלאָזט באַ דעם ראַדיאָ־טעכניקער די קאָרעספּאָנדענץ, ער זאָל זי גלײַך איבערגעבן אין דער מאָסקװער רעדאַקציע, און אַלײן איז ער אַרײַן אינעם באַר אױסצוטרינקען קאָפֿע, א ביסל זיך אָפּרוען פֿאַר דער װײַטערדיקער אַרבעט. אין באַר, װעלכן די פּאַסאַזשירן רופֿן „דאָס טורעמל״, האָט דער באַרמען אַרקאַדי איליטש סאַדאָװטשיק פֿאַרמאָגט א באַזונדערע צוציִונגס־קראַפֿט. בײסן באַקאַנען זיך האָט ער געזאָגט, אַז מע קאָן אים רופֿן פּאַשעט — פּעטער אַרקאַשע. אױף זײַן שנײװײַסן פּידזשאַק האָבן שימערירט די מעדאַלן „פֿאַר געװאַגטקײַט״ און „פֿאַר באַשיצן אָדעס״. ער האָט גאַנץ פֿרײַ גערעדט אױף עטלעכע שפּראַכן. עמעס — מיט אַן אָדעסער אַקצענט. זײַן אױסשפּראַך האָט פֿאַרװײַלט די באַזוכער. ער אַלײן האָט אױך בײסמײַסע האַנאָע געהאַט.

ווען אַניטשקאָוו האָט צוזאַמען מיט לאַנען דאָס ערשטע מאָל דאָ געטרונקען קאַפע, איז יענע אַנציקט געוואָרן פונעם פעטער אַרקאַשעס כאָכמעס. טאַקע דאַן האָט זי אַנגערופן אים — דער פּאַרשוין פונעם אַנעקדאָטן־לאַנד.

איצט, קלײַבנדיק זיך ערשט ארײַנצוגיין אין „טורעמל", האָט אַניטשקאָוו אַנגעקלונגען לאַנען און געזאָגט: „כ'גיי טרינקען קאַפע". אָבער לאַנע האָט זיך נאָך ניט באַפרײַט, און ער איז אַוועק אַליין.

זיצנדיק בא דער סטאָיקע, האָט ער דערהערט, ווי באַם נאָענטן טיש רעדט מען אַף אַ געהאַקטן רוסיש. דאָרט איז געזעסן דער קובינישער הידראָביאָלאָג ראָבערטאָ לאַפּעס, אַ הויכער ברוינהויטיקער אַטלעט, און דער ברייטפּלײצ־יקער שאַנדאָר מיקלאָש פון אונגאַרן. מע איז געזעסן קאָפּ צו קאָפּ און מיט נײַגער דורכגעקוקט די סלײַדן. ביידע זײַנען געווען זייער פאַרכאַפּט מיט דעם, וואָס זיי זעען. באַם שכייניש ן טיש האָט מען געשמועסט אַף אַ מוירעדיקן געמיש פון ענגליש מיט פראַנצויזיש. אַף וויפל אַניטשקאָוו האָט געקאָנט פאַרשטיין, האָט דער אַמעריקאַנער איכטיאָלאָג אַלען פּאַטערסאָן דערציילט עפּעס אַ פריילעכע מײַסע און טאַקע אַליין דער ערשטער געלאַכט און דערנאָך געפרווט געבן צו פאַרשטיין די, וואָס האָבן אים געהערט, אין וואָס עס באַשטייט דער קאָמישער טאָך פון דער מײַסע. זײַנע מיטשפּרעכער זײַנען געווען: דער מעטעאָראָלאָג פון אַמעריקע ראָבערט ניקאָלן — אַ מאָגערער בלאָנדין, פּיער סערווע — אַ הידראָכעמיקער פון פראַנקרײַך, זייער אַ סאָלידער פּאַרשוין מיט גרויסע ברילן, און זיגפריד שטראַוס — אַ יונגער איכטיאָלאָג פון דײַטשלאַנד מיט אַ קרענקלעך־אָפּגעבלאָזן געזיכט, וואָס איז איבערגעשטראָכן מיט אַ לאַנגן שראַם.

בייס דער פעטער אַרקאַשע האָט אָנגעגאָסן אַניטשקאָוון קאַפע האָט זיך באַוויזן אין דער אויפגעפּראַלטער טיר זייער אַ פריילעכע ראַשיקע קאָמפּאַניע. דער באַרמען האָט אויסגעשלאָסן דעם קאַפעאַגרעגאַט און איז אַוועק אויסהערן די פאַרלאַנגען פון די געקומענע געסט. זיי האָבן געטיטשעט מיט די פינגער אין מעניו, און אַזוי הויך, ווי מע רעדט מיט אַ טויבן, אָנגערופן די רעצעפּטן פון פאַרשיידענע געטראַנקען. דער באַרמען האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ און דערעכאַגעוו באַמערקט אַף ענגליש, אַז דאָס זײַנען רעצעפּטן פון רעפּוּעס, וואָס טויגן אַף לינדערן דעם בויכווייטיק. אַלע האָבן זיך פאַנאַנדערגעלאַכט און אַפילע אַפּלאָדירט דער געלונגענער כאָכמע. דער פעטער אַרקאַשע האָט אַף די פינגער עפּעס אויסגעכעזשבנט און איז אַוועק גרייטן די קאָקטיילן.

— ס'באַקומט זיך בא אײַך זייער פײַן, אַרקאַדי איליטש, — האָט אַניטשקאָוו אָנגערופן דעם באַרמען באַם פאָטערנאָמען. ער האָט געהערט, ווי עס ווענדט זיך צו אים דער יונגער געהילף זײַנער גרישע.

— וואָס דען? ס'איז אַזאַ פּראָפעסיע. אַ באַרמען דאַרף צוטיילן פאַרגעניגן די מענטשן. הײַנט נאָך, אַז די כאָכמע טרעפט אין פּינטעלע...

— יעדעס וואָרט איז בא אײַך אַ פּערל, — האָט באַמערקט אַניטשקאָוו, — פונוואַנען נעמט זיך אַזאַ טאַלאַנט?

— מער פון פערציק יאָר שטיי איך בא דער סטאָיקע, אָן אידעס פון פרעמדע רייד און פון פרעמדער פרייד... איך שפּיל פאַר מײַנע געסט דעם לעץ, — זאָלן זיי לאַכן... עס טרעפט אָבער אויך, אַז מע איז אַ ניט־ווילנדיקער אידעס פון פרעמדן צאַר און ווייטיק...

אין עטלעכע טעג אַרום האָט זיך אַף דער שיף אָנגעהויבן אַ געשפּאַנטקײַט, וואָס האָט גלײַך אַרויסגעשטויסן די זאָרגלאָזע, ניט־געקינצלטע צווישנבאַציִונגען בא דעם עקיפּאַזש און צווישן די געלערנטע.

אַניטשקאָוו איז אַף אַ מינוט אַרײַנגעקומען אויסטרינקען קאַפע. דער באַרמען האָט אים באַגעגנט מיט אַ פרײַנטלעכן באַרעכהאַבע:

— דאַנקען גאָט, וואָס איר האָט זיך באַוויזן!

דער פעטער אַרקאַשע האָט ניט געשמײַעט בא דער סטאָיקע, נאָר די הענט זײַנע האָבן זיך באַוועגט האַסטיק און פלינק: אָט קאָלויִצעט ער דעם שייקער מיט די קאָקטיילן, אָט גיסט ער פאַנאַנדער די געטראַנקען אין די באָקאַלן, לייגט פאַנאַנדער די קוואַדראַטלעך אײַז. די הענט אַרבעטן האַסטיק, נאָר פּונקט ווי אַליין פאַר זיך. ניט דער קאָפּ, ניט די אויגן באַטייליקן זיך ניט אין דער ריטמישער אַרבעט פון די הענט. זײַנע טרויעריקע אויגן באַטראַכטן דעם זאַל, די מענטשן בא די טישלעך, און ס'איז אַ ווונדער, וויאַזוי עס קומט אַזאַ געזיכט מיט אַזאַ אויסדרוקספולן איראָניש־אומעטיקן בליק צו דעם האַלדז זײַנעם — אַ האַלדז פון אַ שווערוואָגיקן רינג־קעמפער. ווען זײַנע אויגן האָט דער פּראָפעסאָר קאַטשניעוו געזאָגט, אַז זיי וואָלטן אַפילע געפּאַסט דעם גרויסן אײַנשטיינען...

— שאָלעם־אַלייכעם, אַרקאַדי איליטש! איר זעט, אַז איר לײַזט בא מיר אַ היפּשע פּויטעקע צו אײַער פּלאַן? — אַניטשקאָוון געפעלן זייער דעם באַרמענס מאַנירן, וועלכע זײַנען אייגנטימלעך זײַנע קיראָוואָגראַדער לאַנדסלײַט. אַזאַ איז געווען די שפּראַך־מאַניר בא די אײַנוווינער פון די דאָרעם־אוקראַאינישע שטעט.

ארקאַדי איליטש האָט זיך אײַנגעבויגן צו אים:

— הערט אויס! ביז ס'איז קליין דער אוילעם, ווילֿ איך זיך דורכבייטן מיט אײַך. מיר זײַנען דאָך קימאַט לאַנדסלײַט. אַמאָל איז קיראָוואָגראַד געווען א שטאָט אין דער אָדעסער גובערניע. איז אָט וואָס, דמיטרי לעאָנידאָוויטש, כ'וויל בא אײַך פרעגן, ווײַל איך האַלט אײַך פאַר א קאָמפּעטענטש. וואָס האָט פּאַסירט? שוין דער צווייטער טאָג, אַז מע קוקט איינער אויפן אַנדערן, ווי לײַמענע גוילעמס... כ'פאַרשטיי גאָרניט. איך האָב געהערט, ווי מע האָט גערעדט וועגן גיפטיקע בריוו און פּאַסקודנע בראָשורן, אונטערגעוואָרפענע דאָ, אויף דער שיף... מיר זײַנען דאָך אייגענע מענטשן, כ'בעט אײַך, זאָגט, וואָס עס קומט דאָ פאָר.

— ס'איז א פּאַשעטע פּראָוואָקאַציע, — האָט געענטפערט אַניטשקאָוו.

— נישקאָשע פון א פּאַשעטער... כ'ווייס ניט, עפשער דאַרף מען עפּעס טאָן? געוויינלעך פילט א בארמען אַלע שווערע הערצער, מע דערציילט דאָך מיר ווייער א סאַך... אָבער איצט גייען אַלע אַרום, ווי דערשלאָגענע. כ'וואָלט געוואָלט וויסן, ווער ס'האָט עס געטאָן? און דער איקער — צוליב וואָס?

— ווער ווייסט... — אַניטשקאָוו האָט קיין כיישעק ניט געהאַט צו שמועסן וועגן דעם.

— שוין מער ווי דרײַסיק יאָר, אַז איך אַרבעט דאָ, נאָר עס זאָל אונדז טרעפן... איצט דאַרף מען אויף אַלעמען קוקן גאָר אַנדערש, ווי ביז אַהער. מע דאַרף א רענטגען־אַפּאַראַט. וואָס זאָל איך טראַכטן וועגן די מענטשן, וועלכע קומען אַהער אַרײַן? דער רוער ווייסט זיי, וואָס מע קען וועגן זיי טראַכטן...

— אומזיסט זײַט איר אַזוי אויפגערעגט. מיסטאָמע איז עמעצן נייטיק, ס'זאָל זיך רודערן דאָ. מע דאַרף זיך ניט אַזוי ערגערן...

— בא אײַך איז טאַקע א ליכטיקער מויעך! אָבער וואָס זאָגט אויף דעם דער נאַטשאַלניק פון דער עקספּעדיציע, דער אַקאַדעמיקער?

— דאָס זעלבע, וואָס איך האָב אײַך געזאָגט. ווייניקער לייגן אַכט דערויף.

— און פונדעסטוועגן איז בא מיר מוטנע אויף דער נעשאָמע. עפּעס האָב איך מוירע, כ'ווייס אַליין ניט פאַרוואָס.

— מיסטאָמע האָט איר מוירע, מע זאָל ניט אוועקגאַנווענען בא אײַך דעם רעצעפּט פון די דערײַבאַסאָווער קאַקטײַלן...

— אוי, ס'כאַכמעט זיך ניט... — האָט געזאָגט דער פּעטער אַרקאַשע.

— אַרקאַדי איליטש, איר פאַרנעמט דאָ אַן אָנגעזעענעם אָרט, און קוקנדיק אויף אײַך, קאָן מען פאַרשטיין, וואָס פאַר א שטימונג ס'איז אויף דער שיף.

— געפונען א הויכגעשטעלטן פּאַרשוין...

— אָט שטעלט זיך פאָר, אַז אײַערע באַזוכער, קוקנדיק אויף אײַך, אויף אײַער פאַרזאָרגט פּנים, פאַרשטייען גלײַך, אַז ס'האָט פּאַסירט אויף דער שיף עפּעס אַזוינס, וואָס איז ווייער ניט אָנגענעם פאַר אַלע אונדזערע.

— עפשער זײַט איר גערעכט... מע דאַרף אָבער האָבן נערוון, ווי שטריק...

— הערמאָנט זיך אין דער מילכאָמע, ווען איר האָט געפירט אייגעם פון די אָדעסער טאַנקען... איר האָט זייער פײַן דערציילט וועגן דעם.

— דאַן איז אַלץ געווען קלאָר. יאָ, די אָדעסער טאַנקען... בלויז אונדזערע באַכאַמים האָבן געקאָנט אַזוינס צוטראַכטן — אַנטאָן דעם טראַקטאָר אין פּאַנצערס, אוועקשטעלן קוילנוואַרפערס און אוועקשיקן א גאַנצע מאַשין־טראַקטאָר־סטאַנציע קעגן די פאַשיסטן. קיין איין אָדעסער באַכמע האָט ניט אויסגענומען אַזוי, ווי די...

ס'זײַנען אַרײַנגעקומען נײַע געסט, צווישן וועלכע עס האָט זיך געפונען פּיטער וואַן דאָו. ער האָט זיך צוגעזעצט צו דער סטאָיקע און זיך באַגריסט. אַרקאַדי איליטש האָט אים געענטפערט אויף ענגליש און געפרעגט, וואָס ער הועט טרינקען. גרייטנדיק דעם באַשטעלטן געטראַנק, האָט דער באַר־מען געפירט מיט אים אַן אַריסטאָקראַטישן שמועס וועגן דעם וועטער.

— וואָס פאַר א וועטער וועט זײַן מאָרגן? — האָט לאַנגזאַם אויסגעפורעמט אין רוסיש די פראַגע וואַן דאָו.

— אַלץ איז אָפּהענגיק פון דעם, וויאַזוי מע וועט דאָרט באַשטימען... — האָט דער פּעטער אַרקאַשע געוויזן מיטן פינגער אין הימל...

וואַן דאָו האָט א זופּ געטאָן פונעם קאָס און זיך געווענדט צו אַניטשקאָוו:

— כ'האָב אײַך געזען אין ביבליאָטעק. איר שרײַבט זייער א סאַך, יאָ?

אַניטשקאָוו האָט ניט געקאָנט פוילן בא זיך צו פרעגן וואַן דאָון וועגן די פּעקלעך אַנטיסאָ־וועטישע בראָשורן. דערווײַל האָט ער פאַרגעזעצט דעם אָנגעהויבענעם שמועס.

— ס'וואָלט נאָך בעסער געווען דורכלייענען אין מאָסקווע די מאַטעריאַלן, מיט וועלכע מע פאַרנעמט זיך דאָ אויף דער שיף. מיסטאָמע זײַנען די מערהײַט מאַטעריאַלן פאַראַן אין די ביבליאָטעקן. — אַניטשקאָוו האָט באַמערקט, אַז וואָס דאָ טראַכט וועגן עפּעס אַנדערש, הערנדיק אים.

— דאָרט קאָנט איר געפינען מאַטעריאַלן פאַר דעם אַרטיקל, וועגן וועלכן מיר האָבן זיך מיט אײַך צונויפגערעדט.

— מעגלעך, אָבער איך קאָן, דוכט זיך, פאָרלייגן אײַך אַ מער אינטערעסאַנטן איניען... פאַר די זשורנאַלן, וועלכע איר שטעלט דאָ פאַר... וועלכע זײַנען איבערגערעכנט אויף אײַער וויזיט־קאַרטל. ס'איז פאַראַן זייער אַן אַקטועלער מאַטעריאַל... — אַניטשקאָוו האָט אַנטשלאָסן זיך אויף אַן אָפענעם געשפּרעך.

— כ'בין גרייט אײַך אויסהערן.

— איר ווייסט שוין מיסטאָמע, אַז אין יאַפּאַנישן פּאָרט זײַנען צוגעשטעלט געוואָרן צוליב עפּעס־וואָס אויף דער שיף פּעקלעך... באַנדעראָלן? — אַניטשקאָוו האָט זיך אײַנגעקוקט אין דעם פּאָנעם פון זײַן מיטשפּרעכער, אָבער גאָרנישט ניט געקאָנט איבערלייענען דאָרט. — איר אַליין האָט דאָך אויף געוויס אויך באַקומען אַ פּעקל? — וואָס דאָ האָט געשוויגן. — אין טאָך האָבן אַלע אַנדערע, באַקאַנענדיק זיך מיטן אינהאַלט פון די בראָשורן, מיט די אייצעס, מע זאָל זיך אָפּזאָגן מיטצואַרבעטן מיט די סאָוועטישע קאָלעגן, געבראַכט די פּעקלעך צו די אָנפירער פון דער עקספּעדיציע און געמאָלדן, אַז זיי באַוויליקן ניט די פּראָוואָקאַציע פון יענע, וועלכע ווילן אַראָפּרײַסן די מיטאַרבעט פון די וויסנשאַפטלער.

— אַלע האָבן געבראַכט? — האָט וואָס דאָ אים איבערגעשלאָגן די רייד.

— כ'מיין, אַז ניט אַלע, נאָר... קימאַט אַלע...

ארקאַדי איליטש האָט זיך צוגעהערט צו דעם שמועס און מיטן גאַנצן האַרצן באַגיטיקט אַניטשקאָווס רייד.

— איז וואָס זשע ווילט איר פון מיר? — האָט וואָס דאָ געשמייכלט...

— עפּשער וועט איר מיר עפּעס זאָגן וועגן דעם געשעענעם, און איך וועל האָבן די מעגלעכקײַט אײַך ציטירן, קעדיי באַקאַנען די לייענער מיט דער מיינונג פון אַן אָנגעזעענעם אַמעריקאַנישן געלערנטן, אַ פאָרשטייער פון „יונעסקאָ"?

וואָס דאָ האָט אויפמערקזאַם געקוקט אויף אַניטשקאָוון, דערנאָך אַ כמיקע געטאָן:

— איר זײַט אָדער נאַיוו... אָדער כיטרע... דאָס, וואָס איר רופט אָן פּראָוואָקאַציע, איז בלויז אַן אויסדרוק פון דער פרײַער מיינונג פון אייניקע וועגן דער האַנדלונג פון אַנדערע.

— אַזוי גאָר! פײַנע רייד! מיט דער זעלבער לאָגיק קאָן מען באַרעכטיקן דעם פאַשיזם.

„עפּשער האָט טאַקע אָט דער טיפּ אָרגאַניזירט די כאַזערײַ", — האָט געטראַכט אַניטשקאָוו, קוקנדיק אויף וואָס דאָ.

— זאָל זײַן ניט באַרעכטיקן, אָבער דערקלערן דאָס אַלץ קאָן מען. אײַך געפעלט ניט דער קאַמף פון אייניקע מײַרעוו־לענדער פאַר לעבנסוויכטיקע שטאַכים. אָבער ס'איז דאָך וואַרשײַנלעך, אַז מער אַנטוויקלטע פעלקער דאַרפן באַהערשן ווייניקער אַנטוויקלטע, קעדיי העלפן דעם פּראָגרעס. דער ווייניקער אַנטוויקלטער דאַרף האַלטן פאַר אַ גליק, וואָס דער מער אַנטוויקלטער איז געקומען צו אים...

— וואַרט אַ מינוט. ס'הייסט, אויב מיר פעלט אײַער לימוזין, אַשטייגער, האָב איך דאָס רעכט אים פאַרכאַפּן?.. ניט שוין זשע ווילט איר ניט פאַרשטיין ווי ניט אָנשטענדיק, ווייך גערעדט, זײַנען אַזעלכע פּרעטענזיעס?

ארקאַדי איליטש האָט אַן אויפגערעגטער זיך צוגעהערט צום שמועס. אַלע באַזוכער האָבן גענומען לייגן אַכט אויף דעם דורכוועטלען זיך צווישן דעם אַמעריקאַנער און דעם רוס.

— איז ווי זשע האַלט מען מיט די געבאָטן „האַרגע ניט... גאַנווע ניט... האָב ניט קיין כיישעק צו דעם, וואָס געהער דיר ניט..."? די געבאָטן האָבן פאַרגעלייגט דער מענטשהײַט ניט מיר, ניט קיין קאָמוניסטן.

ארקאַדי איליטש האָט געוויזן אַניטשקאָוון דעם גרויסן פינגער: אַ צייכן, אַז ער טויגט זיך אויס.

— בא אײַך איז אַ געמיש פון אַרגומענטן.

— ניין. איר האָט ניט וואָס צו ענטפערן. פונדעסטוועגן וועל איך אָנשרײַבן וועגן דער פּראָוואָקאַציע מיט די אַנטיסאָוועטישע אויפרופן. און אויך וועגן דעם, אַז איר, מיסטער וואָס דאָ, באַוויליקט דעם טאַט פון אײַערע מיטדענקער. כ'האָב אײַך ריכטיק פאַרשטאַנען? — אַניטשקאָוו איז שוין געווען זיכער, אַז וואָס דאָ האָט אַן אומדירעקטע שײַכעס צו די פאַסקודנע פּעקלעך.

— כ'האָב אײַך אַזוינס ניט געזאָגט.

— אויב אַזוי באַקומט זיך, אַז איר זײַט ניט מיט די פּראָוואָקאַטאָרן און ניט קעגן זיי? אַזוי קאָן ניט זײַן.

— איך בלײַב בײַ מײַן מיינונג. נאָר איין באַמערקונג וועל איך מאַכן. איר זײַט אַקרעדיטירט אַלס זשורנאַליסט. קיין שום רעכט צושטיין צו מיר מיט אײַערע פּראַגעס האָט איר ניט! כ׳בין געצוווּנגען באַהאַנדלען אײַער אופירונג מיט די אָנפירער פון דער עקספּעדיציע.

— און וואָס בלײַבט מיט אײַער פאַרשלאָג מיטצואַרבעטן אין די זשורנאַלן?

— איר זײַט אַ מאָדנע פּערזענלעכקייט. — וואַן דאָ האָט אַ קרומען שמייכל געטאָן. — כ׳וועל עס האָבן אין זינען. — ער האָט אַ וואָרף געטאָן אַ פּאָר מאַטבייעס אויף דער סטאָיקע, אַראָפּ פונעם שטול און איז האַסטיק אַוועק.

דער פּעטער אַרקאַשע האָט גענומען בײַ אַניטשקאָון דאָס טעפּעלע פון דער קאַווע און דערבײַ אַ פרעג געטאָן:

— איר קאָנט האָבן אומאַנגענעמלעכקייטן?

— אומאַנגענעמלעכקייטן איז אַ רעלאַטיווער באַגריף...

דער פּעטער אַרקאַשע האָט אַ טיפן זיפץ געטאָן:

— ער איז אַ פּאַסקודנער טיפּ, נאָר צווישן זייעריקע — אַ גרויסער פּאַרעץ...

— און אויב אַ פּאָר טאָן אויף דעם פּאַרעץ מיט אײַער אַדעסער טאַנק?..

— אַדרבה, פּרוּווט. עפּשער נאָך אַ גלעזעלע קאַפע?

אַניטשקאָו האָט זיך פאַנאַנדערגעצאַלט. ער האָט געפילט אויף זיך די בליקן פון די מענטשן, וואָס זײַנען געזעסן בײַ די טישלעך. געוווּסט האָט ער, אַז אַ סך קוקן אויף אים מיט באַווייליקונג, ווי דער פּעטער אַרקאַשע, אָבער אייניקע פאַרשטייען ניט, וואָס דאָ קומט פאָר...

דער באַרמען האָט מיט אַן אומרויִקן קוק באַגלייט אַניטשקאָון.

אין באַר איז אַרײַנגעקומען דער פּראָפעסאָר גינזבורג — קימאַט אַ יונגערמאַן, כאָטש מיט אַ מערקבאַרן פּליך. ער האָט בלינדלעך זיך געזשמורעט, זוכנדיק אַ פרײַ אָרט בײַ אַ טיש. אַרקאַדי איליטש האָט אים אָנגעוויזן אויף אַ פרײַען שטול בײַ דער סטאָיקע, און גינזבורג האָט זיך צוגעזעצט.

— וואָס וועט איר עפּעס זאָגן, „באַלעבוס"? — גינזבורג איז פון ריגע, אָבער מיטן פּעטער אַרקאַשע רעדט ער אויפן אַדעסער מאַניר.

— אַ מעשׂוגאַים־הויז! — האָט אַרקאַדי איליטש געענטפערט אויף ייִדיש. זאָגט מיר, סעמיאָן באָריסאָוויטש, איך האַלט אײַך פאַר אַ כאַכעם. וואָס פאַר אַ נאַכעס האָבן זיי פון אַזעלכע שטיקלעך? אַלעמאָל ענדיקן זיך דאָך זייערע פּוסטע געגנג מיט סקאַנדאַלן...

— איך וועל אײַך ענטפערן מיט די ווערטער פון אײַער אַ לאַנדסמאַן, מיט וועלכן מיר זײַנען געשוווּמען אַמאָל אויף איין שיף. ער פלעגט זאָגן: נאַכעס איז דאָס פאַרקערטע צו בראָכעס...

— גוט געזאָגט. אָנגיסן אײַך קאַפע, סעמיאָן באָריסאָוויטש?

— ניין. בעסער טאָמאַטן־זאַפט. און טאָקע מיט אײַז.

גינזבורג און אַרקאַדי איליטש האָבן געשיקט טיף אין דר׳ערד די, וואָס קאַלויִצען דאָס וואַסער אַרום דער שיף און ביכלאַל אַלע סאָנים אונדזערע.

שוין די דריטע וואָך, אַז די וויסנשאַפטלעכע אַרבעטן פירן זיך לויט דער קווערשניט־פּראָגראַם. ס׳הייסט — גיין מיטן אָקעאַן פון צאָפן אויף דאָרעם, דערנאָך לויט די מערידיאַנען. נאָך יעדע פופציק מײַל — אַן אָפּשטעל, קעדיי טאָן די סאַמע וויכטיקסטע אַרבעט, כאָטש דאָס גיין פון סטאַנציע צו סטאַנציע איז אויך ניט קיין פּאַרוּוּלונג: נאָך דער שיף ציִען זיך פאַרשיידענע מעסט־אינסטרומענטן, וועלכע העלפן דערלערנען די שנעלקייט און די ריכטונג פונעם וואַסער־שטראָם, פון דעם פּאַנג־טראָל. דאָס איז אַ מאַטעריאַל פאַר עטלעכע אָטריאַדן, נאָר די הויפּט־אַרבעט און דער וויכטיקסטער אַרויס־באַקום איז אויף די אָפּשטעלן, וועלכע דויערן אַ סך שאָען און אָפט — מעסלעסן.

די שיף געפינט זיך אָפט אין דרייף, ווען דאָס פּאַדערט זיך לויט די וויסנשאַפטלעכע אויפטראַגן — אָבער אָפטער שטייט זי אויף דער אַנקער־קייט. גלײַך נאָך דעם, ווי עס ווערט געמאָלדן אַן אָפּשטעל, זאַמלען זיך צונויף אַלע אָנטיילנעמער פון דער עקספּעדיציע, מע באַהאַנדלט אַלץ, וואָס מ׳האָט אַרויסבאַקומען, און אַלץ, וואָס עס שטייט פאָר צו דערלייזן אויף דער סטאַנציע. ס׳ווערן דורכגעקאָנטראָלירט אַלע מאַכשירים, אַפּאַראַטן, אינסטרומענטן, וועלכע וועלן אַראָפּגעלאָזט ווערן אין וואַסער און דינען אין די לאַבאָראַטאָריעס.

ווען די שיף האָט זיך דערנענטערט צו די דאָרעם־טראָפּיקעס, האָט די זון גענומען אומדער־באַרעמדיק ברענען, אַלע זײַנען געוואָרן ברוינהויטיק, אַלע האָבן געביטן די שטרענגע אָנצוגן אויף לײַכטע, אָפּט מיט „פּליאַזש־מאָטיוון", ווי ס׳האָט געשפּאַסט דער פּראָפעסאָר קאָטשניעוו. די פרויען — אין לײַכטע סאַראַפאַנען. די מערהײַט מענער — אין שאָרטן, אין לײַכטע העמדער מיט קורצע אַרבל, אָדער אין מײַקעס. די זומער־שיך האָבן געדאַרפט זײַן אַזעלכע, ס׳זאָל ניט זײַן גליטשיק אויף דער

באסער שיפדעק. ביז מע הייבט אוף די נעץ־זעק, האלטן זיך די וויסנשאפט־טוער פונדערווייטנס, זיי אבסערווירן דעם פראצעס פון באפרייען די טראלן. דאס איז פאר זיי די פרעליודיע צו דער פאר־שטייענדיקער ארבעט.

גלייך ווי פון א ווונדער־הארן, שיט זיך דער רייכער געפאנג אין א גרויסער גראדעקיקער באליע מיט הויכע בארטן, וועלכע איז אינווייניק פאנאנדערגעטיילט אף סעקציעס. א בלענדיקער נאטיורמארט, אף וועלכן ס׳קוקן פונדערווייטן ניט נאר מיט נייגער, נאר אויך מיט כשאד, די געלערנטע. דערנאך וועלן זיי אוועקטראגן אין זייערע לאבאראטאריעס דאס, וואס זיי קומט. יעדן אטריאד — זיינע קאלבעס, פראבירקעס. מע טראגט אוועק דאס, וואס מע קאן נעמען אין די הענט. אפט טרעפט „סכוירע" פון אזא וואג און פארנעם, אז אין די הענט וועסטו זי ניט נעמען... די דערפארענע וויסנשאפט־טוער גייען צו די טראגבערטעלעך ניט זייער דרייסט און ניט מיט קיין לייכטע הערצער: דא זיינען פאראן א סאך און פארשיידענע פיש, יאם־געוויקסן, מעדוזעס, יאם־שטערנדלעך. א סאקאנע שטעלן מיט זיך פאר די יאם־שלאנגען פעלאמיס, זייער גיפט איז געפערלעכער איידער דער גיפט פון א קאברע און פון אנדערע שלענג.

ווען די מיטארבעטער האבן פאנאנדערגענומען אלץ, וואס האט זיי אינטערעסירט, און אוועקגעטראגן אין זייערע לאבאראטאריעס, ווען דער געפערלעכער און אומנייטיקער געפאנג איז ארויסגעווארפן געווארן צוריק אין יאם, — ערשט דאן נעמט דער קאך די בעסטע פיש אין קאמבוז, קעדיי צוגרייטן פון זיי געשמאקע געריכטן.

אין די פרימארגנס, ווען מע פלעגט אויסלאדן די פיש־נעץ, איז ארקאדי איליטש ניט געווען פארנומען אין באר. מיט גרויס אינטערעס פלעגט ער נאכקוקן, ווי מע קלייבט איבער דעם געפאנג... ס׳האט אים באנג געטאן, וואס ער אליין האט דורכגעלאזט זיין יוגנט, די בעסטע יארן, ווען מ׳האט געדארפט זיך לערנען און ווערן א מענטש... עפשער וואלט ער אויך געווארן אזא געלערנטער, ווי גינזבורג, אדער קאטשניעוו. ניטא וואס צו ריידן. יעדן פייגל איז אנגעצייכנט זיין פלי. דעם סאקאל טראגט מען אף די הענט, פון אן אף קאכט מען א יויך.

ס׳איז פארגעשטאנען פייערלעך דורכגיין דעם צאפן־טראפיק. דער אקאדעמיקער גוראוו האט באשטימט צו דער וויכטיקער געשעעניש אפשטעלן די ארבעט און געבן א מעגלעכקייט די געלערנטע און דעם עקיפאזש זיך אפרוען נאך די אויסמאטערנדיקע וואכן. צוועלף אזיגער האבן אלע פארלאזט די לאבאראטאריעס. דער עקיפאזש האט געדארפט אופהייבן דעם לעצטן נעץ־זאק און אופראמען די שיף, ווי א גוטע באלעבאסטע ראמט אוף די שטוב פאר פייסעך. ארקאדי איליטש האט זיך געכאכמעט מיט אניטשקאוון. אין באר איז געווען פריילעך, יאמטעוודיק. הער פעטער ארקאשע און דער צווייטער בארמען גרישע האבן געשמייעט בא דער סטאיקע און באם קאפע־אגרעגאט. צווישן די געסט זיינען געווען א סאך פון דארעם־רוסלאנד. דערפאר האבן זיך געטראגן איבער די טישלעך ניגונים און לידער פון אדעס, אלטע ראמאנסן און אויך א ציגיינעריש געזאנג.

לויט אלעמענס פארלאנג האט ארקאדי איליטש איינגעשלאסן דעם מאגניטאפאן: דער אוילעם האט געלאכט פון די רעפריזן אין דער אויספירונג פון די באוווסטע אדעסער עסטראדע־ארטיסטן קארצעוו און אילטשענקא. איבערהויפט האבן די כאכמעס אויסגענומען בא די פאליאקן: זיי פארשטייען אף רוסיש און זיינען מעווינים אף א שארפן וויץ... א סאך פון די ביוועזנדע האבן געבעטן דעם פעטער ארקאשע, ער זאל איבערזעצן. זיינע איבערזעצונגען זיינען אויך געווען ווי אנעקדאטן. מ׳האט שוין ניט געוווסט, פון וואס מע לאכט מער: פון דער רעפריזע אדער פונעם בארמענס אויסטייטשן דאס געהערטע... דערנאך פלעג מען אפט הערן, ווי איינער מאכט צום אנדערן: „ווי ארקאדי איליטש זאגט...". ווען ער איז געווען אין קאס אף עמעצן, פלעגט ער זאגן: „אזוי קאן ריידן פון היץ א מעובערעסע מעדוזע", אדער „קריך ניט אין פלעשל — ס׳איז אן אוויירע דאס פלעשל...". ער פלעג זאגן: „אז מע פרעגט בא אן אדעסיט, ווו איז די דעריבאסאווסקע, וועט ער גלייך איבערפרעגן: „פונוואנעט זייט איר?" — ענטפערט מען, אשטייגער, אז פון מאסקווע. דאן זאגט דער אדעסיט: אוי, כ׳האב גלייך פארשטאנען לויט אייער אקצענט... ווען מע האט אים איינגעלאדן צו א גלעזל מאשקע, פלעגט ער זייער קארעקט ענטפערן: „אז אן אלטער ייד טרינקט אויס א קעלישעקל, הייבט זיך אים אן צו דוכטן, אז ער איז פוגאטשאוו".

פיר געלערנטע זיינען געזעסן בא איין טישל און געטרונגען קאפע: דער פאפאשע לאנגע, זייער אן ענלעכער אף מיסטער פיקוויקן מיט זיין בייכל און וווקס; אנטאניא ביאנקאלי, וועלכער האט געקראגן די צונעמעניש „גרויסער כאכעם", אדאנק זיין הויכן שטערן. ער איז זייער ענלעך אפן פראפעסאר מאכאראדזע: אזא לאנגער, א דארער, א באוועגלעכער און רוישיקער. אפילע די וואנצעס פונקט אזעלכע, ווי בא ארטשיל מאכאראדזען. מע זאגט, אז ווען זיי האבן ביידע זיך באגעגנט, האבן

זיי געקוקט איינער אפֿן אַנדערן, ווי מע קוקט אַף זיך אין שפּיגל, דערנאָך זיך פֿאַנאַנדערגעלאַכט און גענומען ריידן צווישן זיך: איינער אַף גרוזיניש, דער צווייטער — אַף איטאַליעניש, נאָר אַלציינס, ווי איין מענטש: געמאַכט מיט די הענט, טעמפּעראַמענטפֿול געפּאַטשט און טאַקע פֿאַרשטאַנען איינער דעם אַנדערן — ביידע זײַנען דאָך דאָרעם־לײַט. דער דריטער מיטשפּרעכער איז געווען אינגאַנצן אַן אַנדערער איידער סעניאָר ביאַנקאָלי — אַ באָבערדלטער ריז, יוכאַן פּיולקענען. מע דערציילט, אַז דער שיף־קאָך האָט גאַנץ ערנסט אים פֿאַרגעלייגט צווייענדיקע פֿאַרציעס, נאָר יוכאַן האָט זיך אָפּגעזאָגט. ער איז אַ גוטמוטיקער, שטיפֿערישער פֿאַרשוין, ווייסט אַ ביסל רוסיש, פּרוּווט זעלבשטענדיק, אָן דעם איבערזעצער, באַנעמען דעם פֿעטער אַרקאַשעס (ער רעדט אַרויס „אַריקידיס") אַנעקדאָטן, פֿאַרשטייט אויך דײַטש און איז אַ געניטער מיטשפּרעכער פֿאַר דעם פּאַפּאַשע לאַנגע אין טיפֿסייכלדיקע שמועסן. דער פֿערטער באַם טיש איז ראָבערט ניקאָלז.

אַניטשקאָוו זעט זיי אַלעמען אָפּט צוזאַמען. ווײַזט אויס, אַז דאָס איז איין קאָמפּאַניע. ס'איז נאָר אַ כידעש, וואָס גאַנץ אָפּט זיצן זיי און שווײַגן. ביאַנקאָלי בלעטערט די אַלטע צײַטונגען, וועלכע דער פֿעטער אַרקאַשע היט אָפּ „ספּעציעל אַף טשיקאַוועס". פּיולקענען מיטן פּאַפּאַשע לאַנגע שפּילן אין שאָך. לאַנגע טראַכט און קלײַבט מאַשינעל איבער די לופּעס, וועלכע ליגן בײַ אים אין אַלע קעשענעס און הענגען אַפֿילע אָנגעסילעט אַף אַ טאַשמע איבערן האַלדז. און נאָך לאָזט ער ניט אַרויס פֿון די הענט דעם קליינעם און קורצן ציבעק.

אַניטשקאָוו, איסקראָוו און סערווע האָבן זיך אײַנגעאָרדנט בײַ דער סטאָיקע, ניט ווײַט פֿון מאַכאַראַדזעס קאָמפּאַניע, ווו ס'זײַנען געזעסן לאַנגע, בורמין און גינזבורג.

— מיר פֿאַרווײַלן זיך? — האָט זיך אָנגעפֿרעגט אַרקאַדי איליטש בײַ אַניטשקאָוון.

— יאָ, מיר פֿאַרווײַלן זיך. נאָר מיר ווייסן נאָך ניט, צי ס'וועט אויסקומען דעם גאָראַדאָוואָי צובינדן צום בער, — האָט געענטפֿערט אַניטשקאָוו מיט אַ וויץ פֿון דעם אַלטן סאָכרים־שטאַנד. בורקאָווסקי האָט זיך צעלאַכט. סערווע און איסקראָוו האָבן ניט פֿאַרשטאַנען, ס'איז אויסגעקומען אויסצוטײַטשן פֿאַר זיי.

— כ'נעם די כאָכמע אין מײַן אַרסענאַל, — האָט געזאָגט אַרקאַדי איליטש, גרייטנדיק פֿאַר די געסט די קאָקטיילן. — בִּכלאַל, האָב איך שוין אַמאָל געהערט עס, נאָר פֿאַרגעסן.

— כאָכמעס און אַנעקדאָטן זײַנען די רייצנדיקע געווירצן צו אײַערע קאָקטיילן, און זיי ציִען צו דעם אוילעם צו אײַך.

— וואָס הען מיינט איר? — אַרקאַדי איליטש האָט געוואָלט פֿאַרשאַפֿן פֿאַרגעניגן די סימפּאַטישע מענטשן, — אָדער איך שטיי און שווײַג, ווי אַ ליימענער גוילעם, אָדער ס'איז אײַך פֿריילעך... איר געדענקט מיסטאַמע ווי איינמאָל איז פֿאָרגעקומען אַ באַגעגעניש בײַ אונדז אין אָדעס. איינער, וואָס פֿאַרהיקעט זיך, פֿרעגט באַם אַנדערן: „זאָגט מיר, ביטע, ווו איז דאָ אַ שול פֿאַר שטאַמלערס?" — דער צווייטער פֿרעגט: „נאָך וואָס דאַרפֿט איר אַ שול, איר פֿאַרהיקעט זיך אַזוי אויך גאַנץ גוט..."

אַניטשקאָוו, בורקאָווסקי און איסקראָוו האָבן זייער געלאַכט און איבערגעזעצט דאָס געהערטע סערווען. די פֿריילעכע אַטמאָספֿער בײַ דער סטאָיקע האָט צוגעצויגן אַהער נאַלקאָווסין און מיגולסקען — גרויסע פֿאַרערער פֿון אַרקאַדי איליטשס הומאָר. דערנאָך זײַנען צוגעגאַנגען פּיולקענען, לאַנגע, ניקאָלז.

— מע דאַרף מיר געבן אַ צוגאָב צום געהאַלט פֿאַר מײַנע כאָכמעס. ס'איז דאָך אַ גאַנצער פֿאַרמעגן... יאָ, איר האָט געהערט, ווי דער מיסטער באָב גייט אַמאָל און זעט, ווי איינער טראָגט אַף דער פּלייצע אַ גרויסן זייגער, וואָס שטייט געוויינלעך אפֿן דיל. מיסטער באָב שטעלט אָפּ דעם איינעם און זאָגט צו אים, ווײַזנדיק אפֿן האַנטזייגער: „צי ווייסט איר, אַז איצט טראָגט מען זייגערס אַף דער האַנט?"

ווידער אַ געלעכטער. איצט זײַנען שוין צוגעגאַנגען בורמין, זאַריטש, לאַנגע, קאָלאָבקאָווע, אויך מאַכאַראַדזע.

אַרקאַדי איליטש איז צוגעגאַן צו אַ טישל אין זאַל:

— אויב איר ווילט הערן מײַן פּלאַפּלערײַ, איז זאָל עס שוין זײַן מיט אַ דאָסטאַוועקע אַהיים, צום טיש, ווי מע זאָגט. זיצט געזונטערהייט און באַשטעלט בײַ מיר, וואָס איר ווילט, און איך וועל, גרייטנדיק פֿאַר אײַך, וואָס מע דאַרף, זיך פּאַוואָליע כאָכמענען...

די געסט האָבן ווידער זיך אויסגעזעצט אַף די ערטער, און אַרקאַדי איליטש האָט זיך גענומען פֿאַר זײַנס:

— אָט הער מיסטער באָב פֿאָרט אַנומלטן אין אַ קופּע פֿאַר צוויי מענטשן. דער צווייטער איז געווען אַ שווײַגער, און מיסטער באָב שווײַגט אויך. מיטאַמאָל גיט דער שאָכן אַ קוק אפֿן זייגער, נעמט אַרויס אַ פֿלעשעלע מיט פּילן, ציילט אָפּ עטלעכע, עפֿנט דעם פֿענצטער און שיט זיי אַרויס. דער באַן לויפֿט, און די צוויי שווײַגן. אין אַ שאָ־צוויי אַרום גיט דער שאָכן ווידער אַ קוק אפֿן זייגער, נעמט עטלעכע פּילן און וואַרפֿט זיי אַרויס דורכן פֿענצטער. האָט שוין מיסטער באָב ניט אויס-

געהאַלטן און אַ פֿרעג געטאָן: „סער, נאָך וואָס דאַרפֿט איר קויפֿן פּילן, אויב איר נעמט זיי ניט איַין?" דער שאַכן ענטפֿערט: „ס'איז ניט קיין רעפֿוע, נאָר פּי־מאַ־זשאַ". — „וואָס איז עס „פּי־מאַ־זשאַ"?" — אינטערעסירט זיך מיסטער באָב. — „אַ מיטל קעגן טיגערס". — ענטפֿערט דער שאַכן קאַלטבלוטיק. כּי־דעשט זיך מיסטער באָב: „כ'ווייס אָבער, אַז דאָ, וווּ מיר געפֿינען זיך, זײַנען ניטאָ קיין טיגערס..." זאָגט דער שוויַגער: „דערפֿאַר טאַקע וואַרף איך ניט קיין עמעסדיקע פּילן, ס'איז פֿאַלשע פּי־מאַ־זשאַ..."

דער פֿעטער אַרקאַדי האָט געשמייכלט, באַטראַכט די אַאודיטאָריע מיט אַ בליק, וואָס איז פֿול מיט סייכל און אומעט, ווי בײַ אַ מיד־געוואָרענעם קלוגן לײַט.

אַ היפּשע גרופּע אָנטײלנעמער פֿון דער עקספּעדיציע האָט אַרומגערינגלט כּענשעלן און וואַן דאַון. מע האָט וועגן עפּעס געטײַנעט זייער אויפֿגערעגט. אַניטשקאָוו האָט זיך צוגעהערט, און צו אים איז דערגאַנגען, אַז מע שמועסט וועגן אַן עראָפּלאַן.

— מיסטער אַניטשקאָוו, — האָט אים אַ רוף געטאָן וואַן דאַו, — איר האָט שוין געהערט?

אַניטשקאָוו און לאַנע זײַנען צוגעגאַנגען נענטער.

— אײַערע האָבן אַראָפּגעשלאָגן אַן עראָפּלאַן מיט פּאַסאַזשירן. — זײַן קאָל איז פֿול געווען מיט גיפֿט. לעבן אים זײַנען געשטאַנען אויסלענדישע געלערנטע, און ער האָט געוואָלט זיי אָנרייצן אַף די סאָוועטישע זשורנאַליסטן. לאַנע האָט זיך דערשראָקן, גלײַך ווי זי וואָלט פֿון זײַן מויל דער־הערט, אַז עס האָט ווידער זיך אָנגעהויבן אַ מילכאָמע. אַניטשקאָוו האָט זי אָנגענומען פֿאַר דער האַנט און קימאַט רויִק געפֿרעגט:

— פֿונוואַנען ווייסט איר דאָס? — ער האָט פֿאַרשטאַנען, אַז וואַן דאָו, כּענשעל און אַנדערע זײַנען נאָרוואָס געווען אין טעלעוויזיע־סאַלאָן, ווו אַניטשקאָוו האָט זיך ניט דערוואַרט אַף קיין ענטפֿער און איז אוועק מיט לאַנען אין טעלעוויזיע־סאַלאָן. דאָרט האָבן זיך געפֿונען נאָך עטלעכע געלערנטע. זיי האָבן געוואַרט, עפּשער וועט מען איבערגעבן די נײַס מיט מער פּראָטים. דערווײַל האָט מען גע־קוקט געווײנלעכע כראָניק. ווען אַניטשקאָוו איז צוגעוווינט געוואָרן צו דער האַלב־פֿינצטערניש אין סאַלאָן, האָט ער דערזען קאָטשניעוון, דאָס פֿאַרפֿאַלק פּערגאַטשאָוו, ניניעל אַלעקסאַנדראָוונען, איס־קראָוון און נאָך עטלעכע מענטשן פֿונעם עקיפּאַזש. זיי זײַנען געזעסן אָפּגעזונדערט פֿון די אויסלענ־דער, וועלכע האָבן זייער טעמפּעראַמענטפֿול גערעדט וועגן דעם, וואָס עס האָט פּאַסירט. די נײַס האָט איבערגעגעבן אַ פֿרעמדע טעלעקאָמפּאַניע. די טראַנסלירונג איז געגאַן דורך דעם ספּוטניק־פֿאַר־בינדלער. לאַנע און אַניטשקאָוו האָבן דערזען פֿרײַע בענקלעך ניט ווײַט פֿונעם אַרײַנגאַנג, און ביז זיי האָבן זיך דערקליבן צו זיי, האָבן זיי באַוויזן צו דערהערן, אַז דער עראָפּלאַן איז אַרויסגעפֿלויגן פֿון אַן אַמעריקאַנער אַעראָדראָם, פֿאַרפֿלויגן טיף אַף דער סאָוועטישער טעריטאָריע, וווּ מע האָט אים אַראָפּגעשלאָגן.

אַניטשקאָוו האָט זיך אײַנגעבויגן צו לאַנען:

— זיץ אַ ווײַלע. כ'וועל זיך באַלד דערוויסן בײַ קאָטשניעוון, וואָס דאָס איז פֿאַר אַ מײַסע.

— מע דאַרף ניט, — האָט לאַנע אָנגעכאַפּט אים פֿאַר דער האַנט, — לאָז מיך ניט איבער אַליין. כ'האָב מורע.

פֿאַר זייערע בענקלעך זײַנען געזעסן ביאַנקאָלי, ניקאָלז, פּעטערסאָן און אויַט, וועלכע האָבן צווישן זיך גערעדט וועגן דער זעלבער נײַס. נאָר בײַ זיי האָט אַניטשקאָוו ניט געוואָלט זיך אָנפֿרעגן. לויט זייערע רייד האָט ער פֿאַרשטאַנען, אַז זיי וועלן אים אינפֿאָרמירן ניט אָביעקטיוו.

מיטאַמאָל איז אַף אַ ווײַלע אויסגעלאָשן געוואָרן דער עקראַן און גלײַך נאָך דעם איז דערשינען דאָס פּאָנעם פֿון אַ קאָמענטאַטאָר, וועלכער האָט מיטגעטײלט אַף ענגליש: „אײַער קאָרעספּאָנדענט דושים ספּעלמאַן האָט געפֿונען אָט די מאַפּע און טאַקע זיך דערוווּסט אייניקע פּראָטים, וועלכע כ'איַל זיך אײַך איבערגעבן..." — דאָס געזיכט מיט אַ שווערן פֿערדישן קינבאַק האָט געלויכטן און מאַמזעריש געווינקט צו די צושויער: „אײַער דזשים וועט אײַך ניט אונטערפֿירן... אָט זעט. דאָס איז אַליאַסקע און דאָ איז דער פּונקט אַנקאָרידזש — דער אַעראָפּאָרט, פֿונוואַנען ס'איז אַרויסגעפֿלויגן לויטן רייס דער „באָינג־747", וועלכער געהערט צו אַ דאָרעם־קאָרייִשער אַוויאַ־קאָמפּאַניע. ער איז געפֿלויגן קיין טאָקיאָ. די פּונקטיר־ליניע ווײַזט אָן די צווישנפֿעלקערלעכע לופֿט־טראַסע, וועלכע גייט דורך אַף עטלעכע הונדערט מײַל פֿון דער סאָוועטישער קאַמטשאַטקע און אַף אַ פּאָר צענדליק מײַל פֿון די קורילער אינדזלען, ווו ס'געפֿינען זיך געהיימע מיליטערישע אָביעקטן... אײַער דזשים ספּעל־מאַן האָט ניט אומזיסט געפּאַטערט צײַט: כ'האָב גלײַך זיך פֿאַרבונדן מיט באַהאוונטע מענטשן. דאָס זײַנען אַזעלכע ספּעציאַליסטן, וועמענס נעמען איך קאָן דערווײַל ניט אָנרופֿן..."

די, וואָס זײַנען געשטאַנען און געררייכערט פֿון יענער זײַט טיר, האָבן גלײַך זיך געלאָזט צום טעלעוויזאָר. ס'זײַנען אַרײַן אויך עקיפּאַזש־לײַט, צווישן וועלכע אַניטשקאָוו האָט באַמערקט אַבאַזיאַנען, די ביבליאָטעקערן אירינע אַלעקסאַנדראָוונען, דעם באַצמאַן טשורינען, דעם מעכאַניקער וואָלקאָוון, אייניקע מאַטראָסן און אויך דעם בארמען אַרקאַדי איליטש.

„...זיי זאָגן, — האָט פאָרגעזעצט דער קאָמענטאַטאָר, — אַז אין יענע קאַנטן זײַנען אָפּט האַרבע וועטערס, און דעם „באָינג" האָט געקאָנט אָפּטראָגן אין אַ זײַט פון דער טראַסע, טיפער צו די רוסישע בערגן, דער אעראָפּלאַן האָט אפילע געקאָנט פאַרלירן די אָריענטאַציע. עפשער האָט עפּעס געטראָפן מיט די נאַוויגאַציע־מאַכשירים... ווען די רוסן האָבן אַנטפּלעקט דעם אעראָפּלאַן, האָבן זיי קלוימערשט ניט פאַרשטאַנען, אַז עס איז אַ גרויסער אַוויאַ־לײַנער. זיי האָבן ניט געהאַט קיין שום רעכט אַזוי אַכזאָריעסדיק זיך באַגיין מיט אים... אויך דאָס, וואָס דערווײַל איז נאָך ניטאָ קיין אָפיציעלע מיטיי־לונגען פון מאָסקווע, רעדט וועגן דעם, אַז דאָס איז געווען אַ באַוווּסטזיניקע אַכזאָריעס. זיי האָבן באַרבאַריש אומגעבראַכט מער ווי 200 פּאַסאַזשירן. איצט האָבן זיי זיך דערשראָקן, וואָס עס וועט זאָגן אַף דעם די וועלט. זיי זוכן אַרגומענטן, קעדיי פאַרענטפערן זיך... אַ שרעקלעכע נײַס, טײַערע פרײַנט מײַנע! אײַער דזשימי ספּעלמאַן האָט קיינמאָל ניט באַהאַלטן פון אײַך ניט קיין שלעכטס, ניט קיין גוטס. איצט געזעגן איך זיך מיט אײַך. און אויב ס'וועט זיך אָנהייבן אַ מילכאָמע, וועט איר אַליין זיך דערוויסן, — האָט אַ שפּאַס געטאָן דער קאָמענטאַטאָר, — שליסט ניט אויס די אויפנעמערס, אײַער דזשימי אײַלט זיך קריגן פאַר אײַך פרישע נײַס".

אַלע בײַוווּזנדע אין טעלעוויזיע־סאַלאָן זײַנען געווען ביז גאָר אויפגערודערט. מע האָט געבויט פאַרשיידענע האַשאָרעס. „וואָס זשע פונדעסטוועגן האָט פּאַסירט? די רוסן האָבן ניט געקאָנט, רעאַ־גירנדיק אַף דער פּראָוואָקאַטאָרישער אויפירונג פון זייערע אַנטיפּאָדן, באַגיין אַזאַ אומענטשלעכן טאַט", — האָט געזאָגט סערווע. „די טעלעקאָמענטאַטאָרן ווייסן בלויז איינס: מע דאַרף באַ אַלעמען אַרויסרופן פײַנטשאַפט, אויפגעבראַכטקײַט, צאָרנדיקן פּראָטעסט קעגן די רוסן", — האָט באַמערקט ריטשאַרד גרין. „ווי פאַרשטייען ניט די מענטשן, וועלכע זײַנען פעיִק צו דענקען, אַז פון קאַדמוינים האָט יעדער דאָס רעכט צו אָפּרעכענען זיך מיט אַ גאַזלען, וואָס איז אַרײַנגעקראָכן אין זײַן שטוב", — האָט געמאָדלן לאַנגע. מיגולסקע האָט ביכלאַל זיך געכידעשט, וואָס קיינער פון די קאָמענטאַטאָרס האָט אַפילע ניט געזאָגט, וויפל צײַט דער „באָינג" האָט זיך געפונען איבער דער סאָוועטישער טעריטאָריע; מע ווייסט נאָך אַפילע ניט קיין פּראָטים, אָבער באַלד מאַכט מען שולדיק דעם ראַטנפאַרבאַנד... לאָפּעס האָט זייער זיכער געזאָגט: „קיינמאָל האָבן די באַוואָפנטע קרעפטן פון פּסר פּאַשעט אַזוי ניט גע־קאָנט זיך באַגיין מיטן „באָינג" — אָן וואָרענונג, אָדער ניט פאָרלייגן קיין לאַנדונגס־פּלאַץ. ווײַזט אויס, אַז ס'איז פאָרגעקומען עפּעס אײַנגאַנצן אַנדערש, אומגעווײנלעכס..." סערווע האָט אונטערגע־שטראָכן, אַז איבערהויפּט איצט ווילן ניט די רוסן קיין שום קאָנפליקטן. איצט, ווען אַמעריקע וויל פאַרפלאַנצן גאַנץ „אייראָפּע מיט ראַקעטעס, איז עמעצן זייער לויִנבאַר קאָמפּראָמעטירן די סאָוועטן. אויב אַזוינס איז געשען און דעם אעראָפּלאַן האָט מען אַראָפּגעקלאַפּט, דאַרף מען פאַרשטיין, אַז עמעצער פּלײַסט זיך זייער, אין אַ „גוטן מוט" באַשולדיקן די רוסן.

אַרקאַדי איליטש האָט זיך צוגעהערט צו דעם, וואָס מע האָט גערעדט. ער האָט געהאַלטן אין איין ווישן דעם שווייס פון שטערן מיט דער סאַלפעטקע און געשוויגן, ניט געוואָלט אַרויסווײַזן דעם אומרו.

— מיסטער סערווע, — האָט זיך אָפּגערופן כענשעל, — דאַכט זיך, אַז איר זײַט ניט קיין מיט־גליד אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, נאָר איר אורטיילט ווי אַן עכטער רויטער.

— אויב איר קאָנט ניט לײַדן די רויטע פאַרב, — האָט געענטפערט סערווע, — איז צוליב וואָס געפינט איר זיך אַף דער רויטער שיף און פאַרוואָס טראָגט איר רויטע העמדער?

— ס'איז דעמאַגאָגיע, — האָט כענשעל געוואָלט זיך אויסדרייען, ער האָט דערפילט אַף זיך די בליקן פון די רוסן און אויך פון די אויסלענדישע קאָלעגן.

סערווע איז באַשטאַנען אַף דעם, אַז „אויב די רוסן האָבן אַראָפּגעקלאַפּט דעם „באָינג", זײַנען זיי געווען געצוווּנגען אַזוי צו טאָן, מע האָט ספּעציעל פּראָוואָצירט זיי. ס'איז קיין צווייפל ניט, אַז אײַנגיכן וועלן באַוווּסט ווערן אַלע פּראָטים... די רוסן דאַרפן לאַכלוטן ניט אַזאַ אַקציע".

— עמעצן איז זייער לויִנבאַר צו האַלטן אָנגעצויגן דאָס ציִנגל און דראָען... — האָט פאָרגע־זעצט סערווע. — ניט איין ציִנגל, ניט איין בויגן־שנור זײַנען אָנגעצויגן. די פײַלן זײַנען אָנגעצילט קעגן רוסלאַנד. זייער מעגלעך, אַז באַ עמעצן קאָן פאַרשטאַרט ווערן די האַנט פון אַזאַ געשפּאַנטקײַט, און ער וועט אַרויסלאָזן זײַן פײַל...

גרין איז נאָך קיינמאָל ניט געווען אַזוי אויפגערודערט: „אַ כידעש, וואָס ביז איצט זײַנען די רוסן ניט אַרויס פון די קיילים. וויפל קאָן מען לײַדן?"

אַניטשקאָוו, לאַנע, קאָטשניעוו, מאַכאַראַדזע, איסקראָוו, גינזבורג זײַנען געשטאַנען אין אַ רעדל און זיך ניט געמישט אין שמועס, וועלכן עס האָבן געפירט די אויסלענדער. סערווע האָט געזאָגט זײַנע קאָלעגן, אַז דאָס איז זייער אײדל פון זייער זײַט. „זיי האָבן, מיסטאַמע, פון וואָס צו ריידן צווישן זיך, — האָט געזאָגט שטראַוס, — כ'פאַרשטיי, אַז זיי באַציִען זיך אָפּט צו אונדז אָן אַ באַזונדערער סימפּאַטיע". „פאַרוואָס זאָלן זיי אונדז סימפּאַטיזירן? — האָט געפרעגט סערווע, — מיר זײַנען דען ניט

שולדיק אין דעם, וואָס עס קומט פֿאָר אויף דער וועלט? מיר דאַרפֿן אָנערקענען, אַז ניט שטענדיק פֿאַר־נעמען מיר פּאַרנונפֿטיקע פּאָזיציעס..."

די רוסישע גרופּע האָט פֿאַרלאָזט דעם סאַלאָן.

— וואָס זשע וועט זײַן? — האָט אַרקאַדי איליטש געפֿרעגט בײַ אַניטשקאָוו.

— מע וועט שוין זען. דערווײַל האָבן מיר נאָך ניט געהערט אונדזערע אָפּיציעלע מיטיילונגען.

— טאַקע דאָס איז די מײַסע, — האָט אַ זיפֿץ געטאָן אַרקאַדי איליטש, — אָבער מע קען זײַן זיכער, אַז זיי ליגן ווידער...

— איר זײַט גערעכט, אַרקאַדי איליטש, — האָט אַניטשקאָוו געזאָגט און זיך געווענדט צו זײַנע פֿרײַנט. — עפּשער וועלן מיר זיך צוזאַמענקלײַבן בײַ מיר?

— ס'איז אַ געדאַנק. — האָט אײַנגעשטימט קאָטשעניעוו.

אין דער קאַיוטע האָט אַניטשקאָוו קיִדעמקאַל גענומען זיך אַ ביסל אויפֿראַמען. אים האָט גע־האַלפֿן לאַנע.

— אַלנפֿאַלס, די סיטואַציע איז ניט קיין געשמאַקע... אַפֿילו דער „שטילער" כּענשעל העצט אונטער... — האָט קאָטשעניעוו געזאָגט מיט פֿאַרדראָס, — שווער צו זאָגן, מיט וואָס די מײַסע קאָן זיך ענדיקן. כ'האָב זייער ניט ליב אין אַזאַ צײַט צו זײַן ווײַט פֿון דער היים...

— אָט אַזוי קאָן זיך אָנהייבן אַ מילכאָמע, — האָט אַ זיפֿץ געטאָן לאַנע. — ווער ווייסט, עפּשער פֿליִען שוין ראַקעטעס איבער אונדזערע קעפּ אַהין און צוריק...

— נערוויר זיך ניט, — אַניטשקאָוו האָט אַרופֿגעלייגט די האַנט אויף איר פּלייצע, — כאָטש... אַז מע דערמאָנט זיך, וויאַזוי ס'האָט זיך אָנגעהויבן אין 41־טן...

עמעצער האָט אָנגעקלאַפּט אין טיר. די סטיואַרדעסע האָט פֿון דער שוועל געמאָלדן:

— אונדזערע מיטיילונגען דורך דער ראַדיאָ... גייט גיכער.

(סאָף קומט)



**קינסטלער וויקטאָר וועקסלער** (אָדעס)

פונעם פאָלקס-מויל




א סאך מעלאכעס
ווייניק בראכעס


קליינע קינדער לאזן ניט שלאפן
גרויסע קינדער לאזן ניט לעבן



דער וואָגן רוט זיך אָפ ווינטער
דער שליטן רוט זיך אָפ זומער
דאָס פערד - קיינמאָל ניט

# דער פרילינג־גערויש פון בעריאָזעס

## א באנאכטיקער גאַסט

То ли смеюсь от горя,
То ли от счастья плачу...
*О. Чухонцев*

א שמעטערלינג גרינג איז אריין דורך מײַן אָפענעם פענצטער.
פון דורכזיכטיק־ל׳וואָניקן זײַד זײַנע פליגעלעך דינע.
דער באנאכטיקער גאַסט האָט דין א זשומע געטאָן, ווי א דימענט,
ווי גלײַך ער האָט מיר א שטילן געיאָמער געבראַכט פון מײַן שענסטער.

גאָט מײַנער! אָ, וואָס פאר א גליק איז א שאַרך צו דערהערן צוקאָפּנס,
ווען ס׳הארץ באם פּאָעט הערט ניט אויף וועגן דעם צו טרוימען,
צי ווען מיט א שורע א נײַער ער שוועבט אין די רוימען,
און ס׳הארץ איז מיט אומרו פארפולט, ווי מיט זון־שײַן א טראָפּן.

ווען כ׳האָב בא דעם לעמפּל באקוקט זײַנע פליגעלעך שטײַפע,
זײַן בײַכל זײַן גאָלדנס באקוקט כ׳האָב געהאָרכזאם, מיט סייכל, —
דאַן האָב איך פארשטאַנען, אז ער איז א גאַסט פון די הימלשע הייכן,
ווי אַן איינמאָליקער, גאָלדענער יאָמער א דורכזיכטיק־לײַכטער...

די אויגן בא אים — צוויי פלאַמיקע זוימען פון פעדער־באַכיינטע,
געברענט האָבן וואונדערלעך־העל, געררופן, געשטארקט זיך.
ווער פון אײַך וואָלט ניט אײַנליבן זיך אין זײַן שיינקײַט?
אין זײַן בלישטשענדיק רוקנדל, אין די פליגעלעך צארטע?

איך האָב אין זײַן הארצן דערהערט א פרילינג־גערויש פון בעריאָזעס,
אנטפּלעקט, אז מיט דופּטיקע האָניקע קווייטן ער ווייעט,
א גערויש פון א בלעטערפאַל, אָדער פון זײַדענע שנייען
פארשיט מיט לעוואָניקע קלאַנגען צעצוויטעטע גראָזן.

ווי א שוועבנדיקע פײַער־קווייט איבער זוניקע פעלדער,
ווי ארום ניט געפינען קיינמאָל וועסט קיין קוסט קיין פארדארטן,
ער שוועבט מיט זײַן הימלשער שיינקײַט, א פלאַטערדיק־צארטער,
כאָטש זײַן אַנטאָן געוועבט האָבן בליצן און ס׳גרינס פון די וועלדער.

אָ, ווען דער שמעטערלינג זאָל זיך דערוויסן, ווי ס׳הארץ מײַנס נעמט קלעמען,
ווען אליין צווישן נאַכט איך בענק נאָך מײַן ליבע מײַן שיינער,
ווי געהאָרכזאם כ׳באַטראַכט אים און ווייס ניט אליין, בעעמעס,
צי לאַך איך פון טרויער און צאַר, צי פּאָשעט פון גליק איצט וויין איך...

## כ׳האָב געפּרעגט

— וואָס געבן וועסטו, בארג טשאטיר־דאג, פאר מײַן ליד?
— די שטאַרקייט כ׳וועל שענקען פון שטאָלצן גראַניט,
די פרילינג־הייך מײַנע, וואָס העל איז און פריש,
די הייך, וואָס דערגרייכט בלויז א ווינט און א הירש.

— דו ענטפער מיר, וואָלקן, וואָס בלאָנקעסט אום בלינד,
באַלוינען מיט וואָס וועסט מײַן מוזע אצינד?
— מײַן פרוכטבאַרע פײַכטקייט כ׳וועל שענקען איר שיין,
קעדיי ווי א שלאַקסרעגן זאָל זי אליין
דאָס האַרץ דאָס פאַרליבטס און דעם צוויט און די קווייט,
אַרומוואַשן ריין סײַ פון צאַר, סײַ פון לייד...

— אָ, וואַרעמער ווינט, דו ניט שווײַג, רוף זיך אָפּ,
וואָס שענקען וועסטו איר אין ווילדן גאַלאָפּ?
— מײַן אָטעם מײַן פרײַען כ׳וועל אָפּגעבן איר,
מיט מוט און מיט פרייד זאָל איר האַרץ זײַן באַצירט;
אַז יעטווידעס וואָרט אירס, וואָס שיין איז און בײַ,
זאָל, פּונקט ווי דער נאַכטיגאַל, אָטעמען פרײַ.

— ניט שווײַג, גיב אַן ענטפער, אָ, הימלשע ווײַט,
וואָס וועסטו דער ליד מײַנער שענקען אין שטרײַט?
— א סנאָפּ, כ׳וועל פון זוניקע שטראַלן מיט צוויט
איר שענקען, אַז זײַן זאָל א יונגע דײַן ליד.
אַז יעטווידע שורע זאָל שאַרף זײַן אַזוי,
ווי קײַלעכיק־שאַרף ס׳איז דאָס דימענטל טוי.

— אָ, ערד מײַנע, מאַמע, דײַן סאָד מיר פאַרטרוי:
וואָס שענקען הײַנט וועסטו מײַן ליד און מײַן טרוים?
— כ׳וועל שענקען איר שטאָלצקייט און דראַנג און געדולד,
מיט וועלכן דאָס לעבן איז איבערגעפולט, —
אַז אָפּרופן זאָל זיך אין איר אױף א קאָל
די שטים פון דער קווייט און די שטים פון דעם שטאָל...

## די שוואַרצע שוואַן

די שוואַרצע שוואַן איז שלאַנק און שלאָפלאָז אָן א שיר,
זי שווימט און שלײַפט איר שפיגל־וואַסער שײַנעם.
מיט שטראַליק־שטײַפער רו איר שטאָלצקייט שימערירט,
איר שרעק איז, ווי די שאַרף פון שווערד, דער שלאָג פון שטיינער.

זי שטויסט דעם שײַנעם שטראָם, וואָס שוימט און שרײַט
און שפּילט זיך מיט איר פּראַכט און וויל ניט שטאַרבן.
דער זון־שטראַל דין איבער שוואַרצאַפּלען טוט א שרײַב,
און שאָטנס שפרײַזן שטום, ווי שטומע שפּאַרבערס.

די שוואַרצע שוואַן, זי שימערירט און שעפּטשעט שטיל:
— איך בין די שקיִע — אָט די שאַפונג־שאָ פון דעם באַגינען.
ס׳איז אומשטערבלעך די שפּיל פון שטראַל מיט שאָטנס גרינע.

און זי, ווען מען מיט שטערן־שײַן געזעטיקט ז׳דאָס געפיל,
די אָוונטיקע זון, וואָס שפּיגלט זיך אין טײַך, ווי אין א שפּיגל,
מיט שוואַרצן פליגל דעקט זי צו און ווערט אַנשוויגן...



יוסף בורג

# ער וועט פֿאַרבלײַבן אין אונדזער זכּרון



די פּלוצעמדיקע ידיעה, אַז ס'איז אומגעקומען בערל רויזן, האָט אַ ריס געטאָן אין האַרצן, כאָטש דער געדאַנק האָט מיט דער ידיעה ניט געקאָנט שאָלעם מאַכן. מיט אַ פּאָר טעג פֿאַר דעם אומגליק האָב איך מיט אים גערעדט דורכן טעלעפֿאָן, ווי מיר פֿלעגן עס אָפֿט טאָן, לאַנג און אָנרעגנדיק געשמועסט וועגן זײַנעם אַן אַרטיקל, וואָס איז געבליבן ניט פֿאַרענדיקט, ווען ס'האָט זיך איבערגעריסן זײַן לעבנסוועג.

געשען איז עס דעם 12־טן אויגוסט נײַן אין אָוונט. אַ קלײנינקע רגע, אַ פּלוצעמדיקע רגע, און דער טויט האָט אים דעריאָגט אויף איינער פֿון די קעשענעווער גאַסן, ווו ער איז געווען צוגאַסט און ווו אַן אָנלויפֿנדיקער אויטאָמאָביל „זשיגולי" איז אים איבערגעפֿאָרן. ס'איז אַוועק פֿונעם לעבן אַ הויכקוואַליפֿיצירטער איבערזעצער אויף ייִדיש, אַ ליטעראַטור־פֿאָרשער, איינער פֿון די היטער פֿון דער ייִדישער שפּראַך און ליטעראַטור.

איך לויף דורך אין געדאַנק די אַלע יאָרן, וואָס מיר האָבן זיך געקענט. איך זע דעם אָנהייב פֿון אונדזער פֿרײַנטשאַפֿט, וועלכע האָט אָנגעהאַלטן מיט טרויעריקע מלחמה־איבערײַסן קימאַט אַ האַלבן יאָרהונדערט.

געווען איז עס אין די דרײַסיקער יאָרן, ווען פֿון בעסאַראַבער שטעט און שטעטלעך האָט, ווי פֿון אַן אויפֿגעריסענער דאַמבע, אַ כוליע געטאָן קיין טשערנאָוויץ אַ שטראָם ייִדישע יוגנט, וועלכע איז געווען אויסגעבענקט נאָך דער גרויסער וועלט, אָנגעלאָדן מיט הייסן אויפֿברויז פֿון ראַדיקאַלע ראָמאַנטישע שטימונגען. עס האָט מיטאַמאָל זיך פֿריידיק־יונג צעקלונגען אַ קוואַליק, פֿאַרביק ייִדיש לשון און מיט אַ נײַעם ניגון אָרגאַניש זיך אַרײַנגעוועבט אין דעם טומל פֿון די שטאָטישע אַרבעטער־קוואַרטאַלן. אַ גאַנצער דור יונגע שרײַבער מיט וואַרעמע הערצער און לײַדיקע קעשענעס, געבענטשטע מיט פֿאַנטאַזיע, מיט אַ נײַעם ווילן צו לעבן און שאַפֿן, האָט אַרײַנגעטראָגן פֿריש געזאַנג, אַ קלונג געטאָן מיט נעמען, נײַע, אומבאַקאַנטע, וואָס זײַנען אָבער גיך געוואָרן נאָענט און היימיש. בערל רויזן איז געווען איינער פֿון זיי.

איך זע פֿאַר זיך דעם וועג זײַנעם, וואָס נעמט דעם אָנהייב אין אַ קליין בעסאַראַבער שטעטעלע באַם דניעסטער, מיט אַ טאַטן אַ שויכעט, וואָס האָט אַרײַנגעקנעלט אין אים חכמעס האַטוירע, און מיט אָרעמע הינטערגעסלעך, ווו ער האָט אײַנגעזאַפּט דאָס ייִדישע פֿאָלקס־געמיט.

מיט אָט די צוויי איידלשטיינער האָט ער אַריבערגעשפּאַנט די שוועל פֿון דעם טשערנאָוויצער ייִדישן שול־פֿאַרײַן, אין וועלכן עס האָט זיך דאַן אָפּגעשפּילט דאָס פּראָגרעסיווע ייִדישע קולטור־לעבן.

איך דערמאָן זיך בערל רויזנס דעביוט אין דעם וואַרשעווער זשורנאַל „ייִדיש פֿאַר אַלעמען", ווו עס איז געקומען צום אויסדרוק זײַן באַגײַסטערטער גלויבן אינעם קיום פֿון דעם ייִדישן וואָרט.

בערל רויזן האָט דערנאָך דורך אַלע יאָרן געטראָגן אָט די ליבשאַפֿט. זי האָט זיך אָפּגעזעצט אין זײַן האַרץ, דורכמאַכנדיק אַלע באַרג־אַרויפֿן און באַרג־אַראָפּן, ביז ער האָט נאָך אַ לאַנגן איבערײַס ווידער אָנגעהויבן זיך צורירן צום ווײַסן בויגעלע פּאַפּיר. און עס האָבן איינס נאָכן אַנדערן זיך גענומען באַווײַזן ליטעראַטור־קריטישע עסייען. זײַנע אַרבעטן האָבן זיך געדרוקט אין „סאָוועטיש היימלאַנד" און אין פֿיל אַנדערע אויסגאַבעס. באַזונדערס האָט ער זיך קוינע שעם געווען אַלץ גלענצנדיקער איבערזעצער פֿון רוסיש, ענגליש, דײַטש. ער האָט אין אַ קורצער צײַט געגעבן דער סאָוועטישער ייִדישער ליטעראַטור מײַסטערהאַפֿטע איבערזעצונגען פֿון ווערק, פֿאַרעפֿנטלעכטע אין „סאָוועטיש היימלאַנד". אָט די איבערזעצונגען זײַנע טיילן זיך אויס מיט דער שיינקייט פֿונעם וואָרט. ער האָט אין זיי קרעפֿטיק אַרויסגעבראַכט דעם טיפֿן פֿאַרוואָרצלטן בעסאַראַבער פֿאָלקס־ייִדיש, וואָס פֿאַרמאָגט כיין און אייגנאַרט.

עס איז אַוועק אין זײַן אייביקער רו אַ שיין עטיש געשטאַלט. אין אונדזער זכּרון וועט פֿאַרבלײַבן דער כאַווער און פֿרײַנט בערל רויזן.

טשערנאָוויץ, 3·III·86

כ'האָב, ווי איר ווייסט, בוואוסטזיניק דערמאָנט מיין
איבערזעצונג פון גר. אַבראַווידזעס אַרטיקל.

ווייזט איך איבערזעצונג פון מײַן
שטיקל דערציילונג פון אַ קירגיזישן שרײַבער.

מיט די בעסטע גרוס פון
מיר און מײַן פרוי.
אײַער [signature]

מוסא מוראטאליעוו

# צוטרוי

זשאַקיפּן האָט זיך נאָר וויער געוואָלט שלאָפן, נאָר ער איז אופגעשטאַנען, זיך אָנגעטאָן, אַראָפּ־גענומען די צווייררעדיקע ביקס פונעם האָקן און אַרויסגעגאַנגען פון דער יורטע. די אויגן האָבן זיך אים נאָך געקלעפּט, און ער איז שיר ניט אַרופגעטראָטן אף אוטשאַרן, וועלכער איז געלעגן אַ צונויפגע־קאָרטשעטער ווי אַ בייגל און געשלאָפן אף דער שוועל. פאַרשלאָפענערהייט האָט זיך זשאַקיפּן גע־דוכט, אַז עס ליגט דאָרט אַ שטיק האָלץ, וואָס עמעץ האָט פאַרשלעפּט צו זײַן טיר.

דאָס הויף־הינטל איז אופגעשפּרונגען, מיט האַנאָע זיך אויסגעצויגן און, דרייענדיק מיטן עק, זיך גענומען אונטערשפּרינגען פאַר די פיס פונעם באַלעבאָס: ווי דו זעסט, הייסט עס, בין איך גרייט צו גיין, וווּהין דו וועסט הייסן.

זשאַקיפּ האָט געציטערט פאַר קעלט, ער האָט אַ קוק געטאָן אפן הימל. ציַיט זיך לאָזן אין וועג אַרײַן! עס האָט ערשט קוים־קוים אָנגעהויבן שאַריִען אף טאָג. ער האָט אַריבערגעוואָרפן די ביקס אפן אַקסל און זיך געלאָזט גיין אין דער ריכטונג צום וואַלד, וועלכער האָט אַרומגערינגלט דעם אַאיל פון אַלע זײַטן, ווי אַ שוואַרצע וואַנט.

אוטשאַר איז נאָכגעגאַנגען דעם באַלעבאָס פוסטריט. אַמאָל אַרויסגעלאָפן פאָרויס, אַמאָל גע־בליבן הינטערשטעליק און אַרומגעשמעקט די ביימער פון אַלע זײַטן, אַלץ געזוכט, צי ס'האָט זיך עפּעס אַ פרעמדע כיַיע באַנאַכט ניט געיאָוועט אין זײַן קיניגרײַך און איבערגעלאָזט נאָך זיך אַ שפּור, אַ פרעמדן ריעך.

זשאַקיפּ האָט דעם הונט קיינמאָל ניט גענומען מיט זיך. אף יאַגד האָט מען זיך מיט אים נאָר גוט אָנגעמוטשעט. ער פלעגט אַרומהאָוועז אין וואַלד אַן אַ טאַלק אַהין און אַהער און דערמיט נאָר אָפּשרעקן דאָס געווילד. און אויב ער איז עטוואָס אָפּגעשטאַנען, פלעגט ער זיך לאָזן לויפן דעריאָגן דעם באַלעבאָס מיט אַזאַ אימפּעט, אַז מע האָט זיך געקאָנט דערשרעקן — עפּשער יאָגט דיר נאָך עפּעס אַ ווילדע כיַיע! ווײַזט אויס, אוטשאַר האָט דאָס אַליין אויך פאַרשטאַנען, און דערפאַר טאַקע פלעגט ער באַגלייטן זײַן באַלעבאָס נאָר ביז אַ באַשטימט אָרט, ביז די ברייט־צעצווײַגטע דזשירגאַנאַק־קוסטעס. דאָ פלעגט ער בלײַבן שטיין און מיט טריבע אויגן נאָכקוקן זשאַקיפּן, ביז יענער איז פאַר־שוווּנדן געוואָרן צווישן די ביימער. דאָס מאָל איז אויך אַזוי געווען, צוגעלאָפן ביזן דזשירגאַנאַק־



מוסא מוראַטאַליִעוו איז געבוירן געוואָרן אין 1942 אין אַט־באַשי, קירגיזיע. אין 1970 האָט ער פאַרענדיקט דעם ליטעראַרישן אינסטיטוט אַף מ. גאָרקיס נאָמען. אַוטאָר פון די ראָמאַנען „די קוקאַווע פונעם כוידעש מײַ", „געלער שניי", פון גרעסערע דערציילונגען און נאָוועלעס. זײַנע ווערק זײַנען איבערגעזעצט אַף רוסיש, עסטאָניש, לעטיש און אַנדערע שפּראַכן. וווינט אין מאָסקווע.

---

קוסט, האָט אַוטשאַר זיך אָוועקגעזעצט אַף די הינטערשע לאַפּעס און שטיל נאָכגעקוקט מיט אַ סומנע בליק דעם זיך דערווײַטערנדיקן באַלעבאָס. זשאַקיפּ איז פאַרשוווּנדן הינטער די ביימער, דער הונט האָט זיך אומגעקערט צוריק אין אַאַיל.

אין וואַלד איז געווען קאַלט, נאַס און פינצטער, נאָר זשאַקיפּן זײַנען געווען גוט באַקאַנט אַלע וועגן און סטעזשקעס. ער האָט גוט געוווּסט, ווען און וווּ מע דאַרף פאַרקערעווען. יעדעס ווינקעלע האָט ער געקענט און איז אַרומגעגאַנגען אין וואַלד אַזוי זיכער און רויִק, ווי בײַ זיך אין היימישן אַאַיל.

זשאַקיפּ האָט זיך געאײַלט, געוואָלט אָנקומען צום אונטערשטן זומפּ נאָך פאַר זון־אויפגאַנג. לויט זײַן כעזשבן האָבן זיך דאָרט געדאַרפט יאָווען די איילנהירשן. נעכטן שפּעט אָפּדערנאַכט, ווען ער האָט זיך אומגעקערט אַהיים פון דער אַרבעט אַלס שוימער אין דער וואַלד־ווירטשאַפט, האָט ער באַמערקט זייערע פרישע שפּורן. פאַר איין נאַכט האָבן די איילנהירשן ווײַט אַוועקגיין ניט געקענט. זיי האָבן, וואַרשײַנלעך, איבערגענעכטיקט ערגעץ־וווּ אין דער וואַלד־געדיכטעניש, און באַגינען וועלן זיי געוויס אַרויסגיין זיך פּאַשען צום זומפּ, ווּ דאָס גראָז וואַקסט געדיכט און זאַפטיק.

אינעם אַאַיל, וועלכן עטלעכע מישפּאָכעס האָבן יעדן זומער אויפגעשטעלט אַף אַ גערוימער לאָנקע אינמיטן וואַלד, זײַנען אַלע מענער געווען געניטע יעגער. אייגנטלעך, האָבן זיי טאַקע צולים יאַגד זיך פאַרזאַמלט אַהער זומערצײַט, געקומען צו פאָרן מיט האַק־און־פּאַק, מיט ווײַב־און־קינד, מיט די בעהיימעס, מיטן גאַנצן פאַרמעגן.

יעדעס מאָל, ווען די מענער האָבן געהאַט אַ פרײַען טאָג פון דער אַרבעט אין דער וואַלד־ווירטשאַפט, פלעגן זיי אַרומבלאָנקען מיט די ביקסן אין וואַלד, געכאַפּט האָזן, פאַזאַנען, קוראָפּאַטקעס. ווען זיי האָבן זיך אָנגעשלאָגן אַף שפּורן פון איילנהירשן, האָבן זיי געווײנלעך אַף זיי קיין אַכט ניט געלייגט: אומזיסטע מי — אויסשפּירן און דערשיסן אַזאַ פלינקן, פילעוודיקן און פאַרזיכטיקן באַלכײַ האָט זיך נאָך קיינעם ניט אײַנגעגעבן. בלויז איין זשאַקיפּ האָט די האָפענונג ניט פאַרלוירן. עס האָט זיך אים שטאַרק געגלוסט ברענגען אַהיים פון דעם יאַגד אַ הערנערדיקן איילנהירש. און זאָלן אַלע אײַנוווינער פונעם אַאַיל זען, זיך וווּנדערן און מעקאַנע זײַן.

אין אַאַיל האָט זשאַקיפּ זיך גערעכנט פאַרן בעסטן שיסער, און דערפאַר טאַקע האָט מען אים גערופן זשאַקיפּ־מערגען — דער, וואָס שיסט גלײַך און טרעפט אין פינטל". אַ מאַזלדיקער איז ער אויך געווען. זעלטן איז געשען, ער זאָל זיך אומקערן פונעם וואַלד מיט ליידיקע הענט.

יונגע כעווריע האָט מען טאָמיד געקאָנט זען, ווי זיי דרייען זיך אַרום זשאַקיפּן, גייען אים נאָך פוסטריט, בעטנדיק, ער זאָל זיי אויסלערנען גוט שיסן. קימאַט יעדן זונטיק פלעגט ער צונויפנעמען אַ כאָפּטע ייִנגלעך און גיין מיט זיי אין וואַלד וואָס ווײַטער פונעם אַאַיל, אַף אַ לאָנקע, און דאָרט געדולדיק זיי לערנען, וויאַזוי מע דאַרף זיך צילעווען, געוויזן, וויאַזוי שנעל, שטײַף און פעסט צולייגן די ביקס צום אַקסל, נאָכאַמאָל און ווידעראַמאָל טרענירט און געשטעלט אָפּן אָרט די אומזיכערע, אומדערפאַרענע הענט פון די קינפּטיקע יעגער. נאָך יעדן לימעד פלעגן די כעווריע בעטן דעם פעטער זשאַקיפּ, ער זאָל זיי ווײַזן זײַן מײַסטערשאַפט. זשאַקיפּ האָט דערפון האַנאָע געהאַט. אָט האָט ער אויפגעהויבן זײַן ביקס, אָנגעצילט זיך און גיך און פלינק געטראָפן אין אַ שטעקן אָדער אין אַ צווײַג,

וואָס די כעוורעליײַט פֿלעגן אונטערוואַרפֿן אײַנדערלופֿטן. דערנאָך פֿלעגט ער אַרויסנעמען פֿון דער קעשענע אַ ריין טיכעלע און זאָרגפֿעליק אויסווישן אַלע מעטאַלענע טײלן פֿון דער ביקס. די ייִנגלעך זײַנען געשטאַנען ווי באַצויבערטע און נאָכגעפֿאָלגט מיט די אויגן יעדע מינדסטע באַוועגונג זײַנע, ניט רירנדיק זיך פֿון אָרט. זשאַקיפֿ האָט גוט געוווּסט, אַף וואָס זיי וואַרטן. שמייכלענדיק, פֿלעגט ער אויפֿכאַפּן די צוויירעריקע ביקס, אַרויסשלעפּן די פּאַטראָן־היליזעס, וועלכע האָבן זיך נאָך גערויכערט, און צעטײלן זיי צווישן די בעסטע טאַלמידים ווי אַ באַלױנונג.

ניט אומזיסט האָט מען געהאַלטן זשאַקיפֿן פֿאַרן בעסטן, סאַמע דערפֿאַרענעם יעגער. קײנעם זײַנען אַזוי גוט, ווי אים, ניט געווען באַוווּסט פּיל וואַלד־סודות. ער האָט געקענט די געוווינהײַטן און די אויפֿפֿירונג פֿון די באַלעכאַים, זייערע מאַניפֿאַרגעס, זייערע כיטרע שטיקלעך, קײנמאָל זיך ניט טויע געווען בײַסן פּעסטשטעלן פֿאַרפּלאָנטערטע שפּורן. ער האָט געקענט גײן איבערן וואַלד קימאַט אָן אַ גערויש, האַגאַם געוווּסט: ווי פֿאַרזיכטיק דער יעגער זאָל זיך ניט סטאַרען צו באַוועגן, וועט די כײַע דאָך דערהערן דעם הילך פֿון זײַנע טריט, דערפֿילן, אַז אַ מענטש דערנעענטערט זיך, און זי וועט זיך פֿאַרטײַען אין איר באַהעלטעניש אין די געדיכטענישן פֿונעם וואַלד.

עס ברעכט זיך מיט אַ קנאַק דאָס צווײַגל אונטער דעם מענטשנס פֿוס, עס ציטערט לײַכט די ערד און וואָרנט די כײַעס, אַז עס קומט אַ סאַקאָנע, די געפֿאַר איז נאָענט. דער גאַנצער וואַלד פֿאַרטײדיקט די כײַעס, פֿאַרדעקט זיי מיט געדיכטע קוסטעס, מיט רוישיקע בלעטער, פֿאַרשטעלט זיי מיט בײמער־שטאַמען. די נאַטור־פֿאַרבן אַפֿילע העלפֿן די כײַעס זיך צוצופּאַסן, זיך אויסבאַהאַלטן, אויסמײַדן אַ פֿרעמד שלעכט אויג. שווער קומט אָן דעם מענטשן אַרויסצורײַסן די כײַע פֿון דער דאָזיקער אַלזײַטיקער אַרוועס פֿונעם וואַלד, און אַזוי גײט עס פֿון זינט די וועלט שטײט — אַן אָנגעשטרענגטער געראַנגל צווישן יעגער און דעם וואַלד: ווער וועמען וועט איבערכיטרעווען?

„פֿאַרוואָס זשע פֿאַלט די כײַע דאָך אַרײַן דעם מענטשן אין די הענט אַרײַן, ניט קוקנדיק אַף אַזאַ זיכערער שוץ?” — האָט ניט אײנמאָל זיך אַלײן געשטעלט די פֿראַגע זשאַקיפֿ. אויך איצט האָט ער זיך וועגן דעם פֿאַרטראַכט — בײַ דעם באַלכײַ איז דאָך דאָס געהער שאַרפֿער, ווי בײַם מענטשן, דאָס אויג זעט בעסער און דער כויש־האַרייעך איז אַן אויסגעצײכנטער. מיט אָט די מײַלעס קען דאָך דער באַלכײַ, ווי נאָר ער דערפֿילט די געפֿאַר, טײקעף באַהאַלטן זיך אין אַ ווײַטן העק, דאָרט איבערוואַרטן מיט אײַנגעהאַלטענעם אָטעם די סאַקאָנע. ס'וויל זיך אים אָבער אַ קוק טאָן אַפֿן מענטשן. פֿונוואַנען שטאַמט דאָס דאָזיקע געפֿיל פֿון צוטרויִלעכקײַט? צוטרוי... אָט וואָס עס האַרגעט אַוועק די כײַע. מע דאַרף אויך נעמען אין אַכט די מוטערלעכע זאָרג פֿון דער כײַע פֿאַר אירע קינדער. אײַנשטעלנדיק דאָס אײגענע לעבן, וועט אַ כײַע אָפּטמאָל אָפּווענדן די אויפֿמערקזאַמקײַט פֿונעם יעגער אַף זיך גופֿע, כּדי אָפּצוראַטעווען אירע קינדער.

זשאַקיפֿ האָט זיך דערמאָנט, וויאַזוי פֿאַראַיאָרן האַרבסט האָט ער זיך אָנגעשטויסן אַף אַ פֿעלדהון (קוראָפּאַטקע) מיט אירע קינדערלעך. די אײפֿעלעך האָבן טײקעף ווי אַרבעס זיך צעשאָטן, אַנטלאָפֿן אין פֿאַרשיידענע זײַטן, נאָר די מוטער־קוראָפּאַטקע האָט, נאָך אײדער די קינדערלעך האָבן באַוויזן זיך באַהאַלטן אין די קוסטעס, אָנגעהויבן אַרומשפּרינגען אַהין־אַהער פֿאַר זשאַקיפֿן. מיט די פֿליגל האָט זי געשאַרט איבער דער ערד, גלײַך ווי זיי וואָלטן געווען איבערגעבראָכן. דער יעגער האָט אויסגעצײכנט גוט געוווּסט, אַז די קוראָפּאַטקע איז אַ פֿאַרזיכטיקער פֿויגל, צוקומען צו איר אַף צו שיסן פֿונדערנאָענט איז גאָרניט אַזוי פּאָשעט, און ער האָט זיך גענומען מיט נײַגעריקײַט באַאָבאַכטן, וואָס די מוטער וועט ווײַטער טאָן. שאַרף פֿאַרקערעוועט, האָט ער זיך געלאָזט גײן גלײַך צום קוסט, וווּ עס האָבן זיך פֿאַרשטעקט עטלעכע פֿון אירע קינדערלעך. די איבערגעשראָקענע מוטער האָט, קוואָקענדיק, גלײַך זיך גענומען פֿליִען ניט הויך איבער דער ערד, צוזעשט מיט דער גאַנצער קראַפֿט פֿון איר ברוסט זיך אָנגעשטויסן אין דער כאַליעווע פֿון זײַן שטיוול, דערנאָך קלוימערשט טויט געפֿאַלן אַף דער ערד מיט צעשפּרייטע פֿליגל, גלײַך ווי זי וואָלט געזאָגט: נאַ, נעם מיך, נאָר טשעפּע ניט מײַנע קינדער. זשאַקיפֿ האָט זיך אָנגעבויגן, אויסגעשטרעקט די האַנט, נאָר דער פֿויגל איז אין אײן אויגנבליק אָפּגעשפּרונגען אין אַ זײַט. דער יעגער האָט ניט־ווילנדיק אַ שפּאָן געטאָן פֿאָרויס, נאָר די קוראָפּאַטקע האָט ווידעראַמאָל איבערגעכאַזערט איר גיכן לעפּישן שפּרונג. זשאַקיפֿ האָט מיטאַמאָל ראַכמאָנעס באַקומען אַף איר און אַף אירע אײפֿעלעך, באַוווּנדערט, ווי שטאַרק עס איז דער מוטערלעכער אינסטינקט. די מוטער איז גרײט שטאַרבן, אַבי אָפּצוראַטעווען דאָס לעבן פֿון די קינדער. „נו. לעב שוין...” — האָט ער דאַן געזאָגט דעם פֿויגל און זיך אומגעקערט צוריק.

ביז דער אונטערשטער סאַזשלקע איז שוין געווען ניט ווײַט צו גײן. דאָס געדיכטע גראָז איז דאָ געוואַקסן הויך, קימאַט זשאַקיפֿן ביזן גאַרטל. די הויזן זײַנען נאַס געוואָרן אַף דורך און דורך פֿון דעם שפּעדיקן טוי, און ער האָט אינגאַנצן געציטערט, דורכגענומען פֿון דער שטעכיקער קעלט.

דער קאַיאַריקער נעפּל איז פּאַמעלעך זיך צעגאַנגען, שטיקער בלויער הימל האָבן אַרויסגעשײַנט פֿון צווישן די צווײַגן. דער וואַלד איז געוואָרן שיטערער און שיטערער, און זשאַקיפֿ איז געבליבן

שטיין אַף אַ האַכוועסדיקער גרינער לאָנקע. דאָס איז טאַקע געווען די אונטערשטע סאַזשלקע, וווּהין עס האָבן געדאַרפט, לויט זייַן כּעזשבן, קומען די איילנהירשן אַף פּאַשע.

זשאַקיפּ האָט אָפּגעזוכט אַ ברייט־צעצווייַגטן בוים באַם עק פון דער לאָנקע, אַרופגעקראָכן, זיך באַקוועמער אייַנגעמאָסטעט אין אַ צעצווייַגונג און, האַלטנדיק די ביקס גרייט, גענומען וואַרטן, אַז די איילנהירשן זאָלן זיך באַווייַזן.

זיצן אַפן בוים איז געווען אומבאַקוועם, די פיס זייַנען איינגיכן פאַרשטאַרט געוואָרן. ער אָבער איז גערולדיק געזעסן אומבאַוועגלעך, קעדיי מיט גאָרניט אַרויסגעבן זייַן אָנוועזנהייַט.

אָנשפּיצנדיק די אויערן, האָט ער זיך צוגעהערט צום מינדסטן שאָרך אין וואַלד, זיך אייַנגעקוקט מיט געשפּאַנטקייַט אין די אומבאַוועגלעכע קוסטעס, געוואָלט אויסגעפינען דאָס אָרט, וווּ זיי האָבן זיך פאַרטייַעט. עס האָט לאַנג ניט געדויערט, און ער האָט זיי דערזען, ווי זיי ליגן אַלע שטילערהייט אין דער געדיכטעניש: דער סטאַדע־פירער מיט די צעצווייַגטע הערנער, די איילנהירשיכע און צוויי קליינע הירשעלעך. זיי זייַנען אַלע געווען העל־רויטלעכע מיט נאָך העלערע פלעקן אַף די זייַטן. ער האָט זיי באַטראַכט, ווי זיי ליגן און מאַלעגיירן די גאַנצע צייַט. זשאַקיפּן האָט זיך פאָרגעשטעלט, אַז ער געפינט זיך אויך לעבן זיי, גלעט זיי און קיצלט הינטער די אויערן, קלאַפּט זיי לייַכט אין דער פּלייצע, הייבט זיי אויף פון דער ערד. עס האָט זיך אים געוואָלט זיי אונטערטרייַבן, זיי זאָלן זיך גיכער רירן פון אָרט. אָט שטעלט זיך אים פאָר, אַז ער שפּיליעט אָפּ זייַן רימען, פאַרוואַרפט אים אַף די הערנער פונעם איילנהירש און פירט אים אוועק פון דער געדיכטעניש צו זיך אַף דער לאָנקע. די איבעריקע הירשן הייבן זיך אויך אויף און גייען נאָך אָן כיישעק אַף זייַן שפּור...

און פּלוצעם... די צווייַגן פונעם געדיכטן נוסן־וועלדל האָבן זיך צענומען און פּונקט טאַקע פון דער זייַט, פונוואַנען זשאַקיפּ האָט אין דימיען געבראַכט צו פירן זייַן איילנהירש אַפן רימען, איז פּאַמעלעך אַרויסגעגאַנגען אַף דער לאָנקע אַ פייַער־רויטער איילנהירש מיט אַ שטאָלץ־אױפגעהויבענעם, פאַריסענעם הערנערדיקן קאָפּ. ער האָט אויסגעזען פּונקט אַזוי, ווי דער, וואָס זשאַקיפּ האָט זיך פאָרגעשטעלט אין דימיען, מיט אַלע פּישטשעווקעס.

אַרויסקומענדיק פונעם וואַלד, האָט זיך דער איילנהירש אָפּגעשטעלט, לייַכט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און זיך אַרומגעקוקט אין בײדע זייַטן, צי איז ניט פאַראַן קיין סאַקאָנע. דערנאָך האָט ער מיט ברייט־צעעפנטע נאָזלעכער אייַנגעאָטעמט די האַרבסטיקע לופט. נאָכאַמאָל, נאָר שוין ניט אַזוי גיך, געשאָקלט מיטן קאָפּ, און עס זייַנען נאָך אים שרעקעוודיק און באַוועגנדיק די צאַרטע אויערן אַרויסגעקומען נאָך דרייַ הירשן: אַן איילנהירשיכע מיט אירע יונגע קינדער. זיי האָבן פאַרזיכטיק געשפּאַנט מיט די דינע געטאָקטע פיסלעך און זייַנען אַרויסגעקומען אינמיטן דער לאָנקע...

זשאַקיפּ איז געבליבן זיצן ווי געפּלעפט פונעם צונויפפאַל פון דעם פרייַען פאַנטאַסטישן געדאַנק מיט דער ווירקלעכקייַט, און ער האָט לאַכלוטן פאַרגעסן אין דער ביקס, געווען אַנציקט פונעם בילד, וואָס דער טאַבון הירשן האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט.

„ווי פּראַכטיק שיין!“ — האָט ער שיר ניט אויסגעשריגן אַף אַ קאָל.

דאָס ערשטע מאָל אין לעבן איז אים אויסגעקומען צו זייַן אַזוי נאָענט צו די פאָרזיכטיקע באַלעכאַיִם.

די איילנהירשן האָבן, ניט פילנדיק קיין שום סאַקאָנע, זיך גענומען צופּן דאָס גראָז. זיי האָבן זיך געפּאַשעט לויט דער ריי. ווען צוויי האָבן זיך אָנגעבויגן צום גראָז, האָבן די אַנדערע צוויי זיך אַרומגעקוקט אין אַלע זייַטן.

„די וועכטער שטייען וואַכזאַם אַף זייער פּאָסטן! — האָט זשאַקיפּ אַ טראַכט געטאָן, דערמאָנענדיק זיך זייַן דינסט אין דער אַרמיי, — און ווער האָט עס זיי אויסגעלערנט אַזאַ קלוגע וואַכזאַמקייַט?“

דערבייַ האָט זשאַקיפּ באַמערקט, אַז די רער פון זייַן ביקס איז אָנגעצילט גלייַך אין דער ברוסט פונעם סטאַדע־פירער. דער מעהאַלעך איז ניט קיין גרויסער, דער אָנציל איז אַ זיכערער, ער דאַרף נאָר אַ קוועטש טאָן דאָס צינגל און טייקעף איבערפירן די רער פון דער ביקס אַף דער איילנהירשיכע. אָן שוועריקייַטן קאָן ער זי אויך אַוועקלייגן. אַזאַ זעלטענע גוטע געלעגנהייַט האָט ער נאָך קיינמאָל ניט געהאַט. זעלטן־ווען, מיט אַ יעגער זאָל טרעפן אַזאַ גליק.

נאָר זשאַקיפּ האָט זיך פּלוצעם דערפילט ניט מיט אַלעמען — אָט וועט ער אויסשיסן, און דער דאָזיקער פּראַכטיק־שיינער איילנהירש וועט שווער אַ פאַל טאָן אַף דער ערד, קאָנוווּלסיוו זיך צאַפּלען, ליגנדיק אין אַ קאַליוזשע בלוט. זייַנע גרויסע פּיַכט־שוואַרצע אויגן וועלן פאַרצויגן ווערן מיט אַ טויטלעך הייַטל...

דער איילנהירש האָט בייסמייַסע אױפגעהערט קייַען דאָס גראָז און איז ווי פאַרשטאַרט געוואָרן, קוקנדיק אַף דער צעצווייַגונג פונעם בוים, וווּ זשאַקיפּ איז געזעסן. דער איילנהירש איז געווען אַזוי נאָענט, אַז זשאַקיפּ האָט דייַטלעך געקאָנט זען די פאַרטריקנטע גרעזלעך, וועלכע האָבן זיך צוגעקלעפּט צו זייַנע הערנער.

„זיי וועלן באַלד פאַרשווינדן ווערן“, — האָט ער אומעטיק אַ טראַכט געטאָן.

נאָר דער אײלנהירש האָט װידער רױק אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און פֿאַרגעזעצט צופּן דאָס גראָז. זשאַקיפּ האָט געקאָנט שװערן, אַז דער הירש האָט אים געזען. פֿאַרװאָס זשע האָט ער זיך ניט אַ ריס געטאָן פֿונעם אָרט, ניט אַנטלאָפֿן, מיטנעמענדיק מיט זיך זײַן גאַנצע מישפּאָכע? קאָן דען געמאָלט זײַן, אַז ער האָט אין אים, אין זשאַקיפּן, ניט כױשעד געװען קײן סױנע?

„פֿאַרװאָס שיסטו ניט, װאָס װאַרטסטו?" — האָט זשאַקיפּ זיך אַלײן אונטערגעטריבן, נאָר זײַן פֿינגער איז גלײַך װי פֿאַרשאַרצט געװאָרן אױפֿן ציִנגל פֿון דער ביקס און ער איז ניט געװען אימשטאַנד אים צו באַװעגן. „נײן! שיסן אין אַזאַ פּראַכט?.."

פּלוצעם האָט דער שאַרפֿער געשרײ פֿון אַ סאָראָקע צעשפּאָלטן די שטילקײַט. אין זעלבן אױגנבליק איז די סטאַדע פֿאַרשװוּנדן געװאָרן, גלײַך װי זי װאָלט צעגאַנגען געװאָרן אין דער לופֿט. בלױז לױטן קלאַפּן פֿון די קאָפּיטעס, װאָס איז אַלץ שװאַכער געװאָרן, האָט מען געקענט פֿעסטשטעלן, אין װעלכער זײַט פֿונעם געדיכטן װאַלד די אײלנהירשן זײַנען אַנטלאָפֿן.

זשאַקיפּ איז געװען זײער בײז סײַ אױף זיך אַלײן, סײַ אױף דער סאָראָקע. ער האָט אַרױפֿגעקוקט צום שפּיץ בױם, דערזען די סאָראָקע, די פּלאַפּלערן, און אױסגעשאָסן אין איר.

„שױן! אױף דער לאָנקע האָב איך מער ניט װאָס צו טאָן, — האָט ער געטראַכט מיט פֿאַרדראָס, — די אײלנהירשן װעלן אַהער שױן קײנמאָל מער ניט צוריקקומען".

ער איז אַראָפּגעשפּרונגען אױף דער ערד, אָנגעטאָן די ביקס אױפֿן אַקסל און פּאַמעלעך זיך געלאָזט גײן אין װאַלד. װען ער זאָל דערצײלן אין אײַל, אַז ער איז געװען אױף אַ מעהאַלעך פֿון צען שפּאַן פֿון די אײלנהירשן און האָט ניט אױסגעשאָסן, װעט אים סײַװיסײַ קײנער ניט גלײבן, מע װעט נאָר כױזעק מאַכן פֿון אים... דאָס דאַרף מען קענען! און װער? זשאַקיפּ, װעלכן מע רופֿט אין אײַל זשאַקיפּ־מערגען! װאָס האָט מיט אים געטראָפֿן? ער איז צעקװאַטשעט געװאָרן, זיך פֿאַרכאָלעמט און דורכגעלאָזט אַזאַ גינסטיקע געלעגנהײַט. ער איז אַ נאַר, אַן אָפּגעריסערנער נאַר!

װען ער איז שױן געװען ניט װײַט פֿונעם אײַל, האָט ער גענומען גײן שנעלער, קעדײ כאָטש גיכער זײַן בײַ זיך אין דער יורטע און, גאָט באַהיט, קײנעם ניט באַגעגענען אױפֿן װעג. דאָס ערשטע מאָל אין לעבן קערט ער זיך אום פֿון דעם יאַגד מיט לײדיקע הענט, און ער װעט ניט האָבן גאַרניט, קײן שום שיראַלגאַ צו געבן עמעצן אַ מאַטאָנע.

אין אָװנט איז זשאַקיפּ געגאַנגען אַהײם פֿון דער אַרבעט אַ פֿאַרטראַכטער, אַ שװײַגנדיקער. ער האָט זיך ניט אָפּגעשטעלט, קעדײ דורכשמועסן זיך מיט די כאַװײרים, אױף זײערע שפּאַסן ניט רעאַגירט, אױף די פֿראַגעס גאָרנישט ניט געענטפֿערט.

— װאָס איז מיט דיר געשען? — האָט אים אַ שטורך געטאָן אין דער זײַט דער שאָכן אַסמאַן. — דו שװײַגסט אַ גאַנצן טאָג. עפּעס ביסטו מיר ניט פֿרײלעך. עפּשער גײט דיר ניט גוט אױף דעם יאַגד?.. — פּלוצעם איז ער אַנשװיגן געװאָרן און זיך אָנגעבױגן צו דער ערד. — גיט נאָר אַ קוק! שפּורן פֿון אײלנהירשן!

אַלע האָבן גענומען באַטראַכטן די פֿרישע שפּורן, װעלכע האָבן זיך בױלעט אָנגעזען אױפֿן שנײ, קװער איבערגעשניטן די סטעזשקע, אױף װעלכער זײ זײַנען געגאַנגען.

— פֿיר אײלנהירשן זײַנען דורכגעגאַנגען: צװײ דערװאַקסענע און צװײ יונגיטשקע... און ערשט ניט לאַנג צוריק, — האָט עמעצער געזאָגט מיט אַ זיפֿץ.

— זשאַקיפּ, דיר פֿליִען דאָך געבראָטענע טױבן אין מױל אַרײַן! — האָט אַסמאַן זיך צעלאַכט. — דו האָסט זיך ניט אײן מאָל באַרימט, אַז דו װעסט אונטערשיסן אַן אײלנהירש. און דאָ, װי דו זעסט, שפּאַנען זײ אַרום בישכײנעס מיט אונדזער אײַל.

זשאַקיפּ האָט קײן װאָרט ניט געענטפֿערט.

— עפּעס געפֿעלסטו מיר ניט, ברודערל. ס'האָבן בײַ דיר אָנגעהױבן ציטערן די הענט...

זשאַקיפּ האָט מיט אַנטשלאָסנקײַט אַרױסגעשטאַמלט:

— זאָל מײַן נאָמען ניט זײַן זשאַקיפּ, אױב כ'װעל זײ ניט אָפּזוכן!

צו דער װעטשערע האָט ער זיך אַפֿילע ניט צוגערירט. געכאַפּט די ביקס און זיך טײקעף געלאָזט גײן צום אָרט, װוּ די שפּורן פֿון די אײלנהירשן האָבן איבערגעשניטן די סטעזשקע. אָט זײַנען זײ — די צעשפּאָלטענע טלאָען ברײט צעשפּרײט אין בײדע זײַטן. דאָס זײַנען די שפּורן פֿונעם סטאַדע־פֿירער, װעלכער האָט זיכער און ניט געאײַלט געפֿירט נאָך זיך זײַן מישפּאָכע. אָט זײַנען די שפּורן פֿון דער אײלנהירשיכע און באַלד נאָך זײ די צװײ קלײנע אײלנהירשעלעך.

די שפּורן האָבן געפֿירט צו טשאַר־אױיִאַ, צום אָרט, װוּ די קאָרנקראָען בױען זײערע נעסטן. אין מעשעך פֿונעם גאַנצן זומער האָט מען פֿון דאָרט געהערט אַ קראַקערײַ, דערפֿאַר זײַנען די יעגער אַהין קײנמאָל ניט געגאַנגען. װאָס פֿאַר אַ יאַגד איז מעגלעך בישכײנעס מיט די דאָזיקע שרײַענדיקע פֿײגל?

איצט האָט אין טשאַר־אױיִאַ געהערשט אַ ניט־געװײנלעכע שטילקײַט. די קאָרנקראָען זײַנען שױן לאַנג אַװעקגעפֿלױגן און אױף די בײמער האָט מען נאָר געקענט זען די צעקװידערטע קױשלעך פֿון

זייערע נעסטן, וועלכע האָבן זיך געהוידעט פֿונעם ווינט אַף די ביימער און דערמאָנט וועגן פֿאַרגאַנ־גענעם רוישיקן זומער.

די שפּורן פֿון די אײלנהירשן האָבן, אַרומבייגנדיק טשאַר־אויאַ, געפֿירט אין דער געדיכטעניש פֿון וואַלד. די דזשירגאַנאַק־קוסטעס האָבן זיך אַזוי פֿעסט צוזאַמענגעפֿלאָכטן און איבערגעפֿלאָכטן, אַז עס איז געווען שווער צו באַגרײַפֿן, וויאַזוי די אײלנהירשן האָבן געקאָנט דורכגיין דורך אַזאַ געדיכ־טעניש. גיין אַף זייער שפּור איז אין אייניקע ערטער מעגלעך געווען נאָר קריכנדיק אַף אַלע פֿיר און ערטערווײַז פּאָשעט קריכנדיק אויפֿן בויך, נאָר דאָס האָט זשאַקיפּן ניט אָפּגעשטעלט. ער האָט זיך גע־סטאַרעט ווי ווײַט מעגלעך שטילער זיך באַוועגן פֿאָרויס, אַלץ ווײַטער און ווײַטער.

אינגיכן האָט ער באַמערקט אַף דער ערד פֿרישן, נאָך וואַרעמען קויט. קלאָר, אַז די אײלנהירשן זײַנען ערגעץ גאָר נאָענט.

„באַר־אָו! באַר־אָו!" — האָט ער אומגעריכט דערהערט דאָס געשריי פֿונעם אײלנהירש. דאָס איז געווען אַזוי אומגעריכט, אַז זשאַקיפּ האָט אַזש א ציטער געטאָן. ס'האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז דער אײלנהירש האָט געשריגן הינטער דער פּלייצע. מיט א פֿאַרהאַלטענעם אָטעם איז ער געבליבן שטיין אומבאַוועגלעך. ס'איז אים געווען באַוווּסט, אַז אַזוי שרײַען אײלנהירשן, ווען זיי דערשפּירן, אַז עמעצער דערנעענטערט זיך צו זיי. אַזוי פּרוּוון זיי דערגיין, צי דער סוינע, וועלכן זיי זעען דערווײַל ניט, וועט זיך דערשרעקן און אַנטלויפֿן. אויב ניט, הייסט עס, אַז מע דאַרף זיך ראַטעווען, וואָס גיכער אַליין אַנטרונען ווערן.

דאָס געשריי האָט זיך איבערכאַזערט. זשאַקיפּ איז נאָך אַלץ געשטאַנען, ניט רירנדיק זיך פֿון אָרט פּונקט ווי פֿריִער. ענדלעך האָט ער דערהערט, ווי דער אײלנהירש האָט א טופּע געטאָן מיטן פֿוס. דאָס האָט געהייסן: „קיין סאַקאָנע איז ניט פֿאַראַן, און מ'מעג זיך ווײַטער רויִק פּאַשען".

דער יעגער האָט פֿאָרזיכטיק אויסגעדרייט דעם קאָפּ און דערזען צווישן די קוסטעס א לאָנקע, ניט קיין גרויסע, גאָר־גאָר נאָענט. ער האָט זיך בעסער צוגעקוקט דורך דעם רויטלעך־געלן געבלעטער און באַלד דערזען די רויטע אײלנהירשן.

נעענטער פֿון אַלע איז צו אים געווען דער פֿאָטער אײלנהירש. מיטן אויפֿגעהויבענעם קאָפּ מיט די צעצווײַגטע הערנער אַף צוריק איז ער געשטאַנען א מאַיעסטעטישער און אומאָפּהענגיקער און רויִק געקוקט אַף זשאַקיפּן. קיין שרעק אין זײַנע אויגן איז ניט געווען צו באַמערקן, בלויז נײַגעריקײַט. זשאַ־קיפּן האָט זיך געדוכט, אַז דער הירש האָט אים דערקענט. אַזוי זײַנען זיי א ווײַלע געשטאַנען איינער קעגן אַנדערן — די כײַע און דער מענטש — און זיך געקוקט אין די אויגן.

„אַנטלויף ניט! — האָט זשאַקיפּ שטום געבעטן מיטן בליק, — אַנטלויף ניט! איך וועל דיר קיין שלעכטס ניט טאָן. דו גלייבסט מיר ניט? נאַ, זע, איך שטעל אַוועק מײַן ביקס אין א זײַט..." און ער האָט טאַקע, ניט אַראָפּלאָזנדיק קיין אויג פֿונעם הירש, מיט א פֿאָרזיכטיקער באַוועגונג אָנגעשפּאַרט די ביקס אין א בוים. דער אײלנהירש האָט זיך ניט גערירט פֿונעם אָרט און זשאַקיפּ האָט געשפּאַנט נעענטער צו אים. דער אײלנהירש איז פּונקט ווי פֿריִער געבליבן שטיין אויפֿן אָרט, ווי ביז איצט. ער האָט נאָר אָנגעבויגן דעם קאָפּ און, ווי וואָרענענדיק, אויסגעשטעלט פֿאָרויס די הערנער. זשאַקיפּ האָט געטאָן נאָך א שפּאַן. אים האָט זיך אויסגעוויזן, אַז דער באַלכײַ קוקט איצט אַף אים מיט א פֿאָרוווּרף. נאָך א שפּאַן, א צווייטער... דער אײלנהירש האָט מיטאָמאָל שאַרף א פֿאָכע געטאָן מיטן קורצן עק, און די יונגע אײלנהירשלעך זײַנען קעהערעף־אין פֿאַרשוווּנדן פֿון דער לאָנקע. זייער פֿאָטער האָט זיך נאָך אַף א טייל פֿון א מינוט פֿאַרהאַלטן, גלײַך ווי ער וואָלט געזאָגט זשאַקיפּן: „איך האָב דיר פֿאַר־טרויט, מענטש, געדענק עס..." און טייקעף איז ער פֿאַרשוווּנדן אין וואַלד אינאיינעם מיט זײַן מישפּאָכע.

אומקערנדיק זיך אַהיים, האָט זשאַקיפּ דעם גאַנצן וועג זיך געזידלט: „וואָס טוט זיך עס מיט מיר? עס הייבט זיך מיר ניט אויף די האַנט אויפֿן אײלנהירש, און טו עפּעס! וואָס זשע פֿאַר א יעגער בין איך? מיט וואָס האָט ער מיך אַזוי פֿאַרקישעפֿט?"

עס זײַנען אים ניט אַרויס פֿון זיקאָרן דעם אײלנהירשס צוטרוילעכע פּײַכט־שוואַרצע אויגן. „ער איז ניט אַנטלאָפֿן דערפֿאַר, ווײַל ער האָט מיך דערקענט. יאָ, געוויס, דערפֿאַר..." אים האָט זיך זייער געוואָלט, אַז עס זאָל טאַקע זײַן אַזוי.

זשאַקיפּ האָט געוווּסט, אַז פֿאַרהיימישן דעם אײלנהירש איז ניט מעגלעך, דער מענטש וועט קיינמאָל ניט אונטערטעניק מאַכן די דאָזיקע פֿרײַע, ווילדע קײַבערענען.

„נאָר וויאַזוי זשע האָט זיך דעם ערשטן מענטשן אײַנגעגעבן צו פֿאַרהיימישן דעם בופֿל־אָקס, לעמאָשל? דאָס ווילדע פֿערד? — האָט ער גייענדיק געקלערט, — וואַרשײַנלעך, אַז ער האָט זיי ניט געשראָקן, ניט געשלאָגן, נאָר צו זיך צוגעצויגן מיט צוטרוי. יאָ, מיט צוטרוי... אַלע אונדזערע שטוב־באַלעכאַיִם זײַנען אַמאָל געווען ווילד. און איצט זאָרגט דער מענטש פֿאַר זיי, קאָרמעט זיי, שטילט זייער דורשט, כאָוועט אויס זייערע קינדער. אָבער קיינער פֿון די שטוב־כײַעס האָט ניט אַזאַ שטאָלצן מאַיעסטעטישן אויסזען. דאָס האַרץ הייבט אַזש אָן פֿלאַטערן, ווען דו קוקסט אויפֿן הירש".

אין אַאיל האָט זשאַקיפּ צערטלעך געגלעט זײַן הינטל, וואָס איז מיט אימפּעט אים אַנטקעגנגעג־

לאָפֿן. נאָר אַרומשמעקנדיק דעם באַלעבאָס, איז אוטשאַר פֿון אים אָפּגעטראָטן אַ ניט צופֿרידענער — ווידער געקומען אָן געפֿאַנגו!

קאַיאַר האָט זשאַקיפּ דערהערט, ווי אַן אײַלנהירש שרײַט ערגעץ ניט ווײַט פֿונעם אַאיל. ער האָט זיך אויפֿמערקזאַם צוגעהערט, צי דאָס איז ניט, צומאָל, זײַן באַקאַנטער אײַלנהירש? נאָר ער האָט דעם געדאַנק ניט צוגעלאָזט — וויייניק אײַלנהירשן פֿאַראַן אין וואַלד? ווידער אַנשלאָפֿן וועלן האָט ער אָבער שוין ניט געקאָנט. עס האָט זיך אים אַלץ אויסגעדוכט, אַז זײַן באַקאַנטער אײַלנהירש רופֿט אים צו הילף.

„וואָס טוט זיך עס מיט מיר? איך בין דאָך ניט קיין קינד, — האָט זשאַקיפּ זיך געפּרוּווט באַרויִקן, — וואָס קריכן מיר אין קאָפּ אַזעלכע נאַרישקײַטן? קען דען געמאָלט זײַן, אַז אַ קײַבערען זאָל זיך פֿאַרכאַווערן מיט אַ מענטשן, אים רופֿן צו הילף?”

זשאַקיפּ האָט אַרופֿגעשלעפּט די דעק איבערן קאָפּ, פֿעסט צוגעמאַכט די אויגן און באַלד נאָכדעם מיט באַשלאָסנקײַט אַראָפּגעשפּרונגען פֿונעם בעט: „ניין, דאָס איז אַ געשריי, וואָס רופֿט צו הילף, איך גיי צו זיי! עפּשער ניטיקן זיי זיך אין מיר. זיי געטרויען מיר...”

אַרויסגייענדיק פֿון דער יורטע, האָט ער אַ פֿאַרוווּנדערטער אויסגערופֿן: „היי־היי!” אַלץ אַרום איז געווען באַדעקט מיטן ערשטן געפֿריר. יעדעס צווײַגעלע האָט געפֿינקלט, יעדעס גרעזעלע איז געווען אײַנגעטונקען אין פֿריר־טוי.

אוטשאַר איז ווי אַלעמאָל געלעגן באַם אַרײַנגאַנג אײַנגענורעט, צונויפֿגעקאַטשעט ווי אַ בייגל. ער האָט אויפֿגעהויבן דעם קאָפּ, גלײַכגילטיק אַ קוק געטאָן אויפֿן באַלעבאָס: איך וועל ניט גיין דיר באַגלייטן, האָט עס געהייסן, דו קומסט דאָך סײַוויסיי צוריק אָן גאָרניט. און ער האָט ווידער זיך אײַנגענורעט, פֿאַרמאַכט די אויגן.

אין וואַלד איז געווען ליכטיקער ווי געוויינלעך. זשאַקיפּ איז אַ לאַנגע צײַט געגאַנגען אין דער ריכטונג, פֿונוואַנען ער האָט געהערט דאָס באַאומרויִקנדיקע געשריי פֿונעם אײַלנהירש, געזוכט די שפּורן. נאָר ערשט אין אַ שאָ אַרום האָט ער זיי געפֿונען. יאָ, דאָס זײַנען געווען די שפּורן פֿון זײַנע אײַלנהירשן. ער האָט זיך צוגעקוקט און געזען, אַז דאָס מאָל זײַנען זיי געווען אומזיכערע. די שאַרפֿע שפּיצן פֿון די קאָפּיטעס זײַנען טיף אַרײַנגעגראָבן, און די ערד איז צעדרויבלט אַרום אויפֿן שניי. קלאָר, אַז די אײַלנהירשן זײַנען פֿון עמעצן אַנטלאָפֿן, זיך געראַטעוועט פֿון אַ פֿאַרפֿאָלגער. פֿון וועמען זשע? לעבן די שפּורן פֿון די הירשן האָט מען בוילעט געזען די שפּורן פֿון קירזעווע שטיוול מיט אויסגעטראָטענע קנאַפּל. זשאַקיפּ האָט אַלץ פֿאַרשטאַנען. מיט ציטעריקע הענט האָט ער צורעכט געמאַכט די ביקס אויף דער פּלייצע, זיך אַראָפּגעזעצט און גענומען אויפֿמערקזאַם באַטראַכטן די שפּורן. דער וואַלד האָט געשטערט דעם פֿאַרפֿאָלגער, ווי זיי האָבן נאָר געקענט, האָבן די ביימער און קוסטעס זיך געשטעלט אים אין וועג מיט שטרויך־געדיכטעניש, מיט שטעכיקע צווײַגן און טיפֿע וואַלדברוכן, דער פֿאַרפֿאָלגער האָט אָבער דאָס געיעג ניט אָפּגעשטעלט.

זשאַקיפּ איז געלאָפֿן אויף די שפּורן. פּלוצעם זײַנען זיי זיך שאַרף צעגאַנגען אין פֿאַרשיידענע זײַטן. דער אײַלנהירש האָט פֿאַרקערעוועט צום טײַך. די קירזעווע שטיוול האָבן זיך געיאָגט נאָך אים, און דאָס קייטעלע שפּורן פֿון דער אײַלנהירשיכע און פֿון אירע קינדער האָבן זיך אַוועקגעצויגן אין דער טיף פֿונעם וואַלד.

„ער האָט אים אַוועקגעפֿירט! סאָראַ בראַווער הירש! — איז דורכגעלאָפֿן זשאַקיפֿן אַ געדאַנק אין קאָפּ. — אָפּגעצויגן אויף זיך דעם סוינע!”

די שפּורן פֿונעם אײַלנהירש האָבן אַרויסגעפֿירט זשאַקיפֿן אויף אַן אָפֿענער וואַלד־לאָנקע.

„זע, וואָס ער טוט! זע נאָר, וואָס ער טוט! — האָט זשאַקיפּ אַ פֿאַרצווייפֿלטער אַרויסגערעדט מיט אַ קרעכץ, — אויף אַזאַ אָפֿן אָרט וועט אַפֿילע אַ קינד טרעפֿן אין ציל! אַזוי ריזיקירן מיט זיך! אַזוי אײַנשטעלן דאָס לעבן!..”

נו אָט — ער האָט שוין געוווּסט פֿון פֿאָרויס, וואָס ער וועט באַלד זען: אויפֿן מיט געפֿריר באַדעקטן גראָז האָבן זיך גערויטלט טראָפּנס בלוט, גלײַך ווי עמעץ וואָלט מיט אַ ברייטער האַנט צעוואָרפֿן רײַפֿע קליוקווע. דער שפּור פֿונעם אײַלנהירשס הינטערשטן רעכטן פֿוס איז שוין ניט געווען קיין גלײַכמעסיקער. זשאַקיפּ האָט פֿאַרשטאַנען, אַז די וווּנד פֿונעם סטאַדע־פֿירער איז ניט קיין טויטגעפֿערלעכע, נאָר אויך ניט קיין לײַכטע — וויפֿל ווייטיק, וויפֿל לײַדן האָט זי פֿאַרשאַפֿן דער באַלכײַ!

„עס זאָל דיר אָפּדאַרן די האַנט! אַזוי שיסט מען?” — האָט זיך מיט כּעס אויסגעזידלט זשאַקיפּ. ער איז געלאָפֿן מיט אַלע קויכעס, עפּשער וועט ער קענען דעם אײַלנהירש מיט עפּעס העלפֿן, אים אַראָפּראַטעווען פֿון אַ לאַנגזאַמען טויט.

די בלוטיקע שפּורן האָבן געפֿירט צום מעשופּעדיקן ברעג פֿונעם טײַך, גלײַך ווי דער אײַלנהירש וואָלט געהאַט באַשלאָסן, אַז אויב עס איז אים שוין אַזוי באַשערט, וועט ער זײַן לעצטן זיפֿץ אַרויסלאָזן אונטערן אָפֿענעם הימל.

ווען זשאַקיפּ איז אַרויף אויפֿן באַרג־שיפּוי, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, שווער אָפּעטעמענדיק. זײַנע

הענט האָבן זיך הילפֿלאָז אַראָפּגעלאָזט. ער האָט פֿונסנײַ דערזען דאָס, וואָס עס האָט זיך אים פֿון פֿריִער פֿאָרגעשטעלט. אַ סטײַע טומלדיקע סאָראָקעס האָט זיך געפּאָרקעט אין אַ ברייטער קאַליוזשע בלוט. דאָס גראָז אַרום איז געווען צעטראָטן, אויסגעטאָפּטשעט פֿון די קירזעווע שטיוול.

די סאָראָקעס האָבן זיך דערשראָקן, דערזעענדיק דעם מענטשן. זיי זײַנען זיך צעפֿלויגן אין פֿאַרשיידענע זײַטן און זיך אויסגעזעצט אויף די נאָענטע ביימער.

זשאַקיפּ איז געשטאַנען און טרויעריק געקוקט אויף דעם טונקל־רויטן בלוטיקן פֿלעק, וועלכער איז צוביסלעך פֿאַרקילט געוואָרן. דאָס ערשטע מאָל אין לעבן האָט אַ געוויינלעכער יאַגד אויסגעזען אין זײַנע אויגן, ווי אַ שרעקלעכער מאָרד. ער אַליין האָט דאָך פֿיל מאָל און אַזאַרט פֿון דעם יאַגד געטאָן דאָס זעלבע און קיינמאָל זיך ניט פֿאַרטראַכט, ווי שוידערלעך דאָס איז. און איצטער...

ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט צום טײַך, מיט אַ ריס צעשפּיליעט דעם קראַגן פֿון זײַן פֿעלצל, זיך אָנגעבויגן און עטלעכע מאָל אָפּגעגאָסן דאָס צעהיצטע פּאָנעם מיט אײַז־קאַלט וואַסער. דאָ ניט ווײַט האָט ער דערזען די שפּורן פֿונעם ניט־גלײַכן געראַנגל פֿון דעם באַלכײַ און דעם מענטשן. דער ראַנד פֿונעם ברעג טײַך איז געווען שטאַרק צעראָיעט, ווי עס זעט אויס, האָט דער הירש ניט לײַכט זיך געלאָזט טייטן.

זשאַקיפּ האָט זיך פֿאָרגעשטעלט, וואָס דאָ איז פֿאָרגעקומען מיט עטלעכע שאָ צוריק. דער איילנ־הירש האָט זיך אַרײַנגעוואָרפֿן אין אַ ניט־טיפֿן טײַך מיט דער האָפֿענונג אָוועקצוגיין פֿון זײַן פֿאַר־פֿאָלגער צום צווייטן ברעג, נאָר ער האָט זיך אויסגעגלישטשט אויף אַ שטיין, און דער יעגער אין די קירזעווע שטיוול האָט אים דעריאָגט. דאַן האָט דער איילנהירש זיך אַ ריס געטאָן אויף צוריק, נאָכשלעפּנדיק דעם פֿאַרווונדעטן פֿוס, האָט ער זיך אָנגעשטרענגט אַרופֿצודראַפּען זיך אויפֿן אָפּריס באַם ברעג. הרודעס ערד האָבן זיך געשאָטן אַראָפּ, און דער יעגער אין די קירזעווע שטיוול האָט אים בײַסמײַסע געשלאָגן מיט דער קאָלבע פֿון דער ביקס. ווײַזט אויס, אַז אַ ליידיקע פּאַטראָן־הילזע איז געבליבן שטעקן אין דער ביקס. דעם איילנהירש האָט זיך דאָך אײַנגעגעבן אַרופֿצודראַפּען זיך אויפֿן ברעג. ניין, ער האָט אָן קאַמף זיך ניט אונטערגעגעבן! ווען ער איז שוין געשטאַנען אויף דער ערד, האָט ער ראַפּטום זיך אויסגעדרייט מיט די הערנער צום סוינע. דאָס בלוט האָט אַלץ געשטראָמט פֿון דער וווּנד, און מיט דעם זײַנען אויסגעגאַנגען די לעצטע קויכעס. דער יעגער האָט פֿלינק אומגעוואָרפֿן דעם הירש אויף דער ערד און מיטן מעסער איבערגעשניטן אים דעם האַלדז. דער באַלכײַ האָט לאַנג נאָך זיך געבריקעוועט, פֿאַרגיסנדיק דאָס בלוט אין אַלע זײַטן, ביז ער איז געבליבן ליגן אומבאַוועגלעך...

— אַ וויסטע, פֿינצטערע קלאָלע אויף דײַן קאָפּ, פֿאַרשאָלטן זאָלסטו ווערן אויף אייביק, אַזאַ שוי־דערלעכער יאַגד! — האָט זשאַקיפּ געיאָמערט.

איצט האָט ער שוין די אַנדערע שפּורן אויך באַמערקט — די איילנהירשיכע מיט אירע צוויי קינדער זײַנען געקומען צום אָרט, וווּ עס איז אומגעקומען זייער פֿירער און זיך אומעטיק אַרומגע־דרייט, ניט געקענט זיך באַשליסן אָוועקצוגיין אָן אים. דערנאָך האָבן זייערע שפּורן געפֿירט צום טײַך. זיי זײַנען פֿאַרשוווּנדן אין וואַסער און זיך ווידער באַוויזן אויפֿן אַנדערן ברעג.

— וואָס זשע טוט מען? וויאַזוי העלפֿן כאָטש די צוויי קליינע הירשעלעך? — זשאַקיפּ האָט ניט געוווּסט, מיט וואָס ער האָט זיך פֿאַרזינדיקט, נאָר געפֿילט האָט ער, אַז ער איז אין עפּעס שולדיק. ער האָט זיך אַריבערגעקליבן אויף דער צווייטער זײַט טײַך, זיך אַרומגעקוקט. אויפֿן ברעג, פֿונוואַנען ער איז געקומען, זײַנען די סאָראָקעס ווידער זיך צונויפֿגעפֿלויגן אויפֿן פֿאַרבלוטיקטן אָרט. ער האָט פֿאַר כּעס אַראָפּגעריסן די ביקס פֿון דער פּלייצע און אויסגעשאָסן. די פֿייגל זײַנען זיך צעפֿלויגן אין אַלע זײַטן.

זשאַקיפּן איז ווי לעבעדיק פֿאַר די אויגן ווידער געשטאַנען דער איילנהירש, דער סטאַדע־פֿירער, פּונקט ווי דעמלט אין דער לאָקערונג. עס האָט זיך אים געדוכט, אַז אָט ליגט דער מעכטיקער הירש דאָרט אויפֿן אָרט, וווּ עס האָבן נאָרוואָס אַרומגעהאַוועט די סאָראָקעס. די פֿײַער־רויטע וואָל פֿון זײַן קערפּער איז געדיכט פֿאַרגאָסן מיט בלוט. איבער אים איז געשטאַנען אָנגעבויגן אַ ברייטע אײַנגע־האָרבעטע פּלייצע אין אַ גרוי וואַטאָווע רעקל. אין דער האַנט באַם מענטשן האָט אַ בליץ געטאָן דאָס קלינגל פֿון אַ מעסער.

פּלוצעם האָט דער איילנהירש אויפֿגעהויבן זײַן פּרעכטיקן קאָפּ מיט די צעצווײַגטע הערנער, אַ קוק געטאָן מיט אַ לאַנגן טרויעריקן בליק אויף זשאַקיפּן און געזאָגט:

„ווען ניט דו, וואָלט איך קיינמאָל ניט צוגעלאָזט אַ מענטשן מיט אַ ביקס אַזוי נאָענט צו מײַן געזינד. דו האָסט מיך געלערנט האָבן צוטרוי. צוליב וואָס האָסטו עס געטאָן? קעדיי אַ צווייטער זאָל מיך דערהרגענען? ניט שוין זשע האָסטו עס געוואָלט?”.

דאָס קייטל שפּורן פֿון די פֿאַריאָסעמטע הירשן האָט זיך געצויגן אַרויף אויפֿן באַרגיקן שיפּוע, און פֿון פֿאָרנט האָט זיך דײַטלעך געלאָזט זען אײַנגעטראָטן אויף דעם פֿאַרוויאַנעטן גראָז אַ שפּור פֿון דעם קליינעם איילנהירשעלע, דעם נײַעם סטאַדע־פֿירער.

# מאָנאָלאָג וועגן א פריינט

מיין פריינט איז אלט געוואָרן 60 יאָר. 40 פון זיי דינט ער דער קונסט: דעם טעאַטער, קינאָ, דער טעלעוויזיע, עסטראַדע. נאָך מער, העכער 20 יאָר איז ער פאַרוואַלטער פון דער טרופּע פונעם טעאַטער.

פאַרוואַלטער פון דער טרופּע? מיט וואָס עסט מען דאָס? — וועט פרעגן א ניט־באַהאַוונטער לייענער. אָ, דאָס איז א שטעלע אָף ניט מעקאַנע צו זיין! אויסגלייכן אַלע אַקטיאָרישע ווידערשפּרוכן, נעמען אין אַכט די כאַראַקטערס און די זעלבסט־ליבע באַם צונויפשטעלן די גראַפיקן (ווער שפּילט היינט — דער ערשטער צי דער צווייטער באַשטאַנד אַקטיאָרן), נאָכשפּירן נאָך דעם פּראָפעסיאָנעלן צושטאַנד, נאָך דער דיסציפּלין... ניט קיין דאַנק־באַרע אַרבעט! וויפל סאָנים קאָן מען אַנלעבן! אָבער גריגאָרי מאָיסיעוויטש ליאַמפּען גיט מען ניט סטאַם אָף קאָוועד, — מע האָט אים ליב.

גרישע! באַליידיק זיך ניט, וואָס די דערציי־לונג וועגן דיר, דעם גלענצנדן אַקטיאָר, וועלכער האָט געשפּילט אין טעאַטער און קינאָ צענדליקער ראָלן, האָב איך אָנגעהויבן ניט פון דעם, וואָס עס דוכט זיך דיר, אַז דאָס איז ס'סאַמע וויכטיקע. און ווירקלעך, אין דיין פּראָפעסיאָנעל לעבן איז עס בלויז א דערגאַנצונג צום וויכטיקסטן, אָבער אין זיטלעכן הינזיכט איז עס א מאָל קימאַט א פּרעצע־דענטלאָזער. ליב האָבן, טאַקע ליב האָבן א פאַר־וואַלטער פון א טרופּע, ווי מע האָט ליב ליאַמפּען אין טעאַטער אָף קליין־בראָנע, ווו ער אַרבעט שוין 25 יאָר, קאָן מען בלויז א גוטן, דעריקער א גע־רעכטן און אָרנטלעכן מענטשן. ווער ווייסט, עפּ־שער איז עס היינט און טאָמיד וויכטיקער פון אַל־דאָס איבעריקע, האַגאַם מע זאָגט, אַז א גוטער מענטש איז נאָך ניט קיין פאַך.

אויך די דאָזיקע פּראָפעסיע האָט אָבער באַ־הערשט דער פאַרדינסטפולער אַרטיסט פון דער רעפּובליק ג. מ. ליאַמפּע, און באַהערשט האָט ער זי אין דער פולער מאָס.

אַזוי האָט שוין געטראָפן אין זיין לעבן, אַז ער האָט געשפּילט אָף צוויי שפּראַכן — אָף רוסיש און אָף יידיש.

אין 1944, אָנקומענדיק אין דער סטודיע פּו־נעם גאָסעט, מיט וועלכער עס האָט אָנגעפירט שלוימע מיכאָעלס, און שפּעטער, אַרבעטנדיק שוין אין רוסישן טעאַטער, האָט ער זיך אויסגעלערנט ניט נאָר שפּילן, נאָר אויך דענקען אָף אַן אַנדער שפּראַך. גיט א פּרוּוו דענקען אָף רוסיש און שפּילן אָף אַן אַנדער שפּראַך... אָדער דענקען אָף אַן אַנדער שפּראַך, און שפּילן אָף רוסיש! גרישע ליאַמפּען איז אויסגעקומען אָנהייבן זיך לערנען אַפּסניי.

אַזאַ איז שוין געווען זיין גורל. א זון פון קעסיידער וואַנדערנדיקע יידישע אַקטיאָרן, איז ער געבוירן געוואָרן בייס גאַסטראָלן פון טאַטע־מאַמע אין וויטעבסק. אין פאָלק זיין פון וואָרט „א קינד פון די קוליסן". און הינטער די קוליסן, ווו עס האָבן זיך גרימירט די אַקטיאָרן, און אָף דער בינע האָבן זיך געפונען זיינע ריאַלע עלטערן — באַוווסטע, אויסגעצייכנטע אַקטיאָרן. די מוטער, ריווע רופּינע, ווי עס ווערט געזאָגט אינעם 4־טן באַנד פון „דער געשיכטע פונעם סאָוועטישן טעאַטער" אָף דער זייט 641, איז „איינע פון די שעפּערנס פונעם ערשטן מעלוכישן יידישן טעאַטער, און שפּעטער — אַן אָנגעזעענע אַקטריסע פון אָט דעם טעאַטער". דער פאָטער, מאָריס ליאַמפּע, א געבוירענער אין וואַר־שע, אַן אַקטיאָר און רעזשיסער. די מוטער לעבט ביז היינטיקן טאָג. דער פאָטער איז שוין לאַנג ניטאָ. די דייטשישע פאַשיסטן האָבן אים דער־מאָרדעט אין 1941. אָבער ביז דעם איז ער אַרומ־געפאָרן מיט דער טרופּע, וועלכע ער האָט גע־גרינדעט, די גאַנצע וועלט. אין די לעצטע יאָרן, אין 1940 און 1941, האָט ער געאַרבעט אין ווילנער טעאַטער.

ווען גרישע ליאַמפּע איז אלט געוואָרן 3 יאָר, איז ער קראַנק געוואָרן אָף טובערקוליאָז פונעם רוקנביין, און 9 יאָר האָט מען אים געהיילט. צוערשט איז ער געלעגן פאַרקאָוועט אין גיפּס, מע האָט צוגעבונדן דאָס ייִנגל צום בעט, ער זאָל זיך ניט רירן. אַרום און אַרום לויפן אַקטיאָרישע און ניט־אַקטיאָרישע קינדער, שטיפן, און דו ליגסט, און דערנאָך געוווין זיך צו צו א גיפּס־קאָרסעט, הייב אָן צו מאַכן די ערשטע ניט־דרייסטע טריט.

און מיין פריינט האָט אויסגעלערנט זיך אַרומ־גיין אַזוי, אַז ער איז דערנאָך אַוועק אין א האָס־טיקן טאַנץ אינעם באַוווסטן ספּעקטאַקל פון דעם גאָסעט „פרייליכס", וועלכן ס'האָט אויפגעפירט שלוימע מיכאָעלס אין 1946. דעמאָלט איז גריגאָרי ליאַמפּע אלט געווען 20 יאָר, און ער האָט פאַר־ביטן אַליין זוסקינען, עפּשער דעם סאַמע מערקווירדיקן אַקטיאָר פונעם יידישן טעאַטער.

מיטן ספּעקטאַקל „פרייליכס", וועלכן עס האָט אויסגעפירעמט אַלעקסאַנדער טישלער, האָבן מיכאָעלס און דער גאָסעט אָף זייער אויפן אָפּגע־פייערט דעם זיג איבערן פאַשיזם. דאָס, וואָס אין צושוויער־זאַל איז ניט געווען קיין איין מענטש, וועלכער עס האָט ניט פאַרלוירן עמעצן פון זיינע נאָענטע, דאָס, וואָס עס איז פאָרגעקומען אָף דער בינע, איז געוואָרן באַזונדערס באַדייטונגספול.

דער ספּעקטאַקל האָט זיך אָנגעהויבן מיט אַן אייגנאַרטיקן רעקוויעם. אפן פאָן פון שוואַרצן סאַ־מעט האָט זיך באַוויזן אונטער די קלאַנגען פונעם





גריגאָרי ליאמפע און זײַנע ראָלן. אויבן (רעכטס) — דער באַדכן („פּרײַלעכס״), דאָקטער רונגע („זיבן אויגנבליקן פֿון פֿרײַ־ לינג״), אַרן דער שנײַדער („דער זעקסטער״)






אָרקעסטער א טרויער־מענוירע. פּלוצעם האָבן ניצאָכנדיקע קלאַנגען פון פאַנפאַרן איבערגעריסן די טרויעריקע מוזיק. אַף דער בינע איז האַסטיק ארויסגעשפרונגען דער באַדכן — זוסקין, פאָכענדיק מיט א פאַרשיידנקאָליריק טיכל, און האָט מיט א שאַרפער באַוועגונג פאַרלאָשן די טרויער־ליכט. אזוי האָט זיך אָנגעהויבן דער כאַסענע־קאַרנאַוואַל — איינער פון די סאַמע העלע, טעאַטראַלע און איינצײַטיק איינער פון די סאַמע באַדײַטנדיקע ספּעקטאַקלען פונעם גאָסעט, וועלכער איז געשאַפן געוואָרן מיט דער קישעפדיקער רעזשיסור פון שלוימע מיכאָעלסן און מיט די אָנשטרענגונגען פון אַלע אָנטיילנעמער זײַנע.

דאָס אַלץ האָט גריגאָרי ליאַמפּע געזען, זײַענדיק זוסקינס א שילער, פונעם זאַל, פון הינטער די קוליסן, געזען מיט די אויגן פון אַן אַקטיאָר אין די מאַסן־סצענעס פון אָט דעם ספּעקטאַקל.

שפּעטער האָט געטראָפן אומגלייבלעכס: איינמאָל האָט דער יונגער אַקטיאָר פאַרביטן זוסקינען. אָבער דאָס אומגלייבלעכע איז געווען דאָס, וואָס פאַרביטן האָט ער אים לויט זײַן, זוסקינס, איניציאַטיוו, און ניט קעגן יענעמס ווילן, וואָס עס טרעפט, צום באַדויערן, גאַנץ אָפט און איז באַוווּסט אַפילע לויטן וואָדעוויל „לעוו גוריטש סיניטשקין".

אינעם טאָג פון זײַן דעביוט האָט גרישען פון אינדערפרי אָן געוואָרפן א פיבער. בינימין זוסקין איז געקומען אין טעאַטער א שאָ פאַר דעם אָנהייב פונעם ספּעקטאַקל און געזאָגט דעם דעביוטאַנט: „האָב ניט קיין מוירע, איך בין באַנאַנד מיט דיר!" — און דעם גאַנצן ספּעקטאַקל איז ער געשטאַנען אין אָרקעסטער.

נאָך מיכאָעלסעס טויט איז דער גאָסעט געקומען אַף גאַסטראָלן קיין לענינגראַד. דעמאָלט האָבן אָפט זיך געהערט שטימען: „וואָס וועט זײַן מיטן טעאַטער? אָן מיכאָעלסן וועט ער אומקומען".

לענינגראַד האָט געוואַרט אַפן טעאַטער. דער טראַגישער טויט פון מיכאָעלסן און דער גלענצנדיקער ספּעקטאַקל „פרייליכס", וועלכן די שטאָט האָט נאָך ניט געזען, האָבן צוגעצויגן די אויפמערקזאַמקײַט פון דער לענינגראַדער געזעלשאַפטלעכקײַט. און דעמאָלט האָט זוסקין, וועלכער איז געשטאַנען בעראָש פונעם טעאַטער, און דאָס איז פאַר אים, דעם אַקטיאָר, געווען ניט געוויינלעך, אָנגענומען אַן אומדערוואַרטן, לויטן ערשטן קוק, באַשלוס: דעם ערשטן ספּעקטאַקל „פרייליכס" וועט שפּילן דער יונגער אַקטיאָר גריגאָרי ליאַמפּע. פאַרוואָס? צוליב וואָס? די לענינגראַדער צושויער, וואָס האָבן פאַרפולט די געבײַדע פונעם גרויסן דראַמאַטישן טעאַטער, וווּ עס זײַנען דורכגעגאַנגען די גאַסטראָלן, האָט מיט דונערנדיקע אַפּלאָדיסמענטן באַגעגנט „זוסקינען". און פּלוצעם האָבן זיך דערהערט שטימען פון די ערשטע רייען: „דאָס איז דאָך ניט זוסקין!"

וואָס עס האָט אין אָט דער רעגע איבערגעלעבט גריגאָרי ליאַמפּע, ווייסט בלויז ער אַליין, אָבער דאָס, וואָס אין סאָף פונעם ספּעקטאַקל האָט מען פּופּצן מאָל געעפנט דעם פאָרהאַנג און די גאַליאָרקע האָט געשריגן: „זוסקין, בראַוואָ!", מייַנענדיק, אַז אויב א דערפאָלג, הייסט עס, אַז עס האָט געשפּילט זוסקין, — אַזאַ איז געווען די ליבע צו אָט דעם אַקטיאָר, — דאָס איז א פאַקט.

לענינגראַד. ווײַסע נעכט. שפּאַצירנדיק נאָכן ספּעקטאַקל איבער דער שטאָט מיטן שרײַבער עמאַנויל קאַזאַקעוויטש, דעמאָלט שוין דעם אַוטאָר פון דער גלענצנדער גרעסערער דערציילונג „גרינע שאָטנס", האָט גריגאָרי ליאַמפּע געשטעלט אים א פראַגע: פאַרוואָס האָט ווענִיאַמין לוואָוויטש אָפּגעגעבן דעם פּרעמיערע־ספּעקטאַקל אים, גרישע ליאַמפּען, אָפּזאָגנדיק זיך פון א פערזענלעכן טריומף?

דער קלוגער עמאַנויל קאַזאַקעוויטש האָט געענטפערט: „זוסקין האָט אין זײַן לעבן געהאַט ניט איין דערפאָלג. אים איז וויכטיקער געווען צו באַווײַזן, אַז עס זײַנען פאַראַן יונגע קויכעס, אַז דער גאָסעט לעבט". דער דערפאָלג פונעם יונגן אַרטיסט איז אָפּגעמערקט געוואָרן אין דער צײַטונג „לענינגראַדסקאַיאַ פּראַוודאַ".

פאַר דרײַ יאָר אַרבעט אין גאָסעט האָט ג. ליאַמפּע געשפּילט נײַן ראָלן, און צווישן זיי, אויסער דעם באַדכן אין „פרייליכס", הערשעלען אינעם ספּעקטאַקל „הערשעלע אָסטראָפּאָליער", האָצמאַכן אין דער „קישעפמאַכערן", פּערטשיקן אין „טעוויע דער מילכיקער". פאַר דרײַ יאָר אינעם גאָסעט האָט ער זיך אויסגעלערנט ניט נאָר רעדן, נאָר שפּילן און טראַכטן אַף ייִדיש, דער שפּראַך, וואָס האַגאַם ער האָט זי געהערט פון קינדווײַז אָן, איז זי געווען ניט די ערשטע, שטייגערישע שפּראַך זײַנע.

אין 1950, ווען ליאַמפּע איז אָנגעקומען אינעם מאָסקווער געגנטלעכן טעאַטער אַפן נאָמען פון א. נ. אָסטראָווסקין, איז אים אויסגעקומען צו דורכמאַכן א פאַרקערטן פּראָצעס — ווידער זיך לערנען טראַכטן און שפּילן אין דער רוסישער שפּראַך.

און האַגאַם די צוועלף יאָר פון דעם וואַנדערלעבן אינעם געגנטלעכן טעאַטער זײַנען געווען ניט קיין פּאָשעטע, דערמאָנט זיי ליאַמפּע מיט דאַנקבאַרקײַט ביז הײַנטיקן טאָג. ער האָט געשפּילט א מאַסע ראָלן — פון לאָפּע דע וועגאַ און באָמאַרשע ביז אַנאַטאָלי סאָפראָנאָוון און אַלעקסאַנדער שטיינען. די באַליבטע ראָל פונעם אַקטיאָר איז געווען פיגאַראָ אין באָמאַרשעס קאָמעדיע. ג. ליאַמפּע וואָלט געקאָנט זאָגן וועגן זיך מיט די ווערטער פונעם העלד פון דער קאָמעדיע: „איך האָב אַלץ געזען, מיט אַלץ זיך באַשעפטיקט, אַלץ אויסגעפּרוּווט..."

אין 1962 איז ער לויט א קאָנקורס אויפגענומען געוואָרן אין מאָסקווער דראַמאַטישן טעאַטער אַף קליין־בראָנע, און ער דינט אים מיט לײַב און לעבן ביז הײַנטיקן יובליי־טאָג. אויפגענומען ליאַמפּען אַף דער אַרבעט האָט א. א. גאָנטשאַראָוו, און באַלד טאַקע אים באַשטימט אַף צוויי הויפּטראָלן. ניט נאָר באַשטימט, נאָר זיי רעפּעטירט מיטן אַרטיסט, און דאָס איז א סאַך וויכטיקער, און, צום באַדויערן, ניט שטענדיק טרעפט עס. איינע פון זיי, די ראָל פונעם פּראָקוראָר בערטאָליע אינעם ספּעקטאַקל לויט דער פּיעסע פון מאַרסעל עמע „דער דריטער קאָפּ", וועלכן ס'האָט אויפגעפירט

א. א. גאָנטשאַראָוו, רעכנט אַליין ליאַמפּע אַלס זײַן סאַמע געלונגענע אַרבעט אויף דער בינע פֿונעם טעאַטער.

אַלס לייענער ווייס איר, אַז אין אַ זשורנאַל־אַרטיקל איז ניט אָנגענומען צו אָנרופֿן ציפֿערן, פּרוּוו, לעמאָשל, איבערעכענען און דורכאַנאַליזירן 60 ראָלן ליאַמפּעס אין דער טעלעוויזיע, 50 ראָלן אין קינאָ, אַ קאָלאָסאַל גרויסע צאָל אַרויסטרע־טונגען אויף דער עסטראַדע. ניט באַוווּנדערן אָבער כאָטש אייניקע פֿון זיי איז ניט מעגלעך.

מיר איז אויסגעקומען צו שפּילן מיט ליאַמ־פּען אינעם ספּעקטאַקל „דאָן זשואַן", וועלכן ס'האָט אויפֿגעפֿירט א. וו. עפֿראָס. מיר ביידע זײַנען געווען אינעם צווייטן באַשטאַנד. איך האָב דובלירט ני־קאָלײַ וואָלקאָוון אין דער הויפּט־ראָל, און ליאַמפּע אין דער צווייטראַנגיקער ראָל — אַרקאַדי פּעסע־לעוון. איך האָב זייער ליב געהאַט סײַ אָט דעם ספּעקטאַקל, סײַ די ראָל, און האַגאַם דימאַנש האָט זיך געפֿונען אויף דער בינע אַ מינוט צען, איז די סצענע מיט אים געווען איינע פֿון מײַנע באַ־ליבטסטע, און גריגאָרי ליאַמפּע איז געווען דער באַליבטער פּאַרטניאָר. דאָן זשואַן נאַרט אָפּ, איז־דיעקוועט זיך איבער דעם נאַיווען קרעדיטאָר די־מאַנשן... און ליאַמפּען באַהעפֿטן זיך וווּנדערלעך צוויי אייגנשאַפֿטן — ער איז אייגנצײַטיק סײַ קלוג, סײַ נאַיוו. אַ וווּנדערלעכע באַהעפֿטונג, וואָס זאָגט אייִדעס וועגן דעם מענטשנס גוטסקײַט.

ג. ליאַמפּע איז אַ טעמפּעראַמענטפֿולער אַק־טיאָר, וועלכער פֿאַרמאָגט אַן אויסגעצייכנטן גע־פֿיל פֿון הומאָר, דערבײַ אַן אומיטלבאַרן, פֿאָלקס־טימלעכן הומאָר. מיט דעם איז ער רירנדיק אויף דער בינע און אויפֿן עקראַן. די דאָזיקע אייגנשאַפֿט האָבן ליב אויסנוצן יענע רעזשיסערן, וועלכע לאַדן אים אײַן אין די ספּעקטאַקלען.

אויך איך, בין אין מײַן רעזשיסערישער טע־טיקײַט ניט געווען קיין אויסנאַם. ווען איך האָב אויפֿגעפֿירט אין טעאַטער מײַן ערשטן ספּעקטאַקל לויט ל. זאָרינס פּיעסע „די פּאָקראָווסקער טויערן", האָט ליאַמפּע באַקומען די ראָל פֿון וועליוראָוון, דעם „עסטראַדע־שטערן", וועלכער וווינט אין אַ קאָמונאַלער קוואַרטיר. אינעם פֿילם, וואָס כ'האָב געשטעלט לויט מ. סעבאַסטיאַנס פּיעסע „דער נאָ־מענלאָזער שטערן", האָט ער געשפּילט די ראָל פֿונעם פּראָווינציעלן לערער פֿון מוזיק אודריו.

ליאַמפּע האָט געשפּילט אין יעדער אַרבעט מײַנער: אין „פּאָפּעטשיטעל" לויט א. אָסטראָווסקיס פּיעסע „דער לעצטער קאָרבן", אין דער ראָל פֿון שפּריכן אין מ. לערמאָנטאָווס „מאַסקאַראַד" אאַוו. אַ ניט־באַהאַוונטער מענטש קאָן זאָגן: „הייסט עס, אַז ראָלן ווערן געגעבן לויט דער פֿרײַנטשאַפֿט..." „ניין, — וועל איך ענטפֿערן, — ראָלן טייל איך פֿאַ־נאַנדער, אַרויסגייענדיק פֿון די אַקטיאָרשע פֿעי־קײַטן. אָבער די ליבע צו אַן אַקטיאָר, דער אָפּשײַ צו זײַן טאַלאַנט — דאָס פֿאַרנעמט ניט דאָס לעצטע אָרט".

און איך שעם זיך ניט אָנערקענען אין ליבע גריגאָרי ליאַמפּען. איך בין פּאָשעט אַנציקט פֿון אים אינעם פֿילם „סאַנטאַ עספּעראַנסאַ", אין דער הויפּט־ראָל פֿונעם לאַגער־קאָמענדאַנט, אין „דאָס פֿאַלן פֿון קאָנדאָר", ווו ער שפּילט דעם אַמעריִ־קאַנער ראַטגעבער. ליאַנפּע האָט זיך פֿאַרגעדענקט אין די באַוווּסטע פֿילמען „17 אויגנבליקן פֿון פֿרילינג" און „באַוואָפֿנט און זייער געפֿערלעך". ער שפּילט ראָלן גרויסע, קליינע, קלייניקע. טאָמיד מיט ליבע, אָפּגעבנדיק אַלע קויכעס.

און נאָך איז גריגאָרי ליאַמפּע גלענצנדיק, ווען ער זינגט אונטערן אַקאָמפּאַנעמענט פֿון אַ גיטאַ־רע, ריזיקירט אַפֿילע אַליין צו שאַפֿן מוזיק אויף סערגײ יעסענינס לידער, און דאָס פּובליקום הערט אויסגעצייכנט אויף די עסטראַדע־קאָנצערטן דאָס גע־זאַנג פֿונעם אַרטיסט.

איך טרעט אַרויס צוזאַמען מיט ליאַמפּען אויף שעפֿערישע אָוונטן. שפּילנדיק מיט אים סצענעס פֿון „דאָן זשואַן", טראַכט איך, אַז איך דאַרף זײַן דאַנקבאַר דעם גורל פֿאַר אַזאַ פּאַרטניאָר. דער זאָל ענטפֿערט אויף מײַנע געדאַנקען מיט שטאַרקע אַפּלאָדיסמענטן, וועלכע איך טראָג אָפּ פֿריִער פֿאַר אַלץ גרישע ליאַמפּען, מײַן טײַערן פֿרײַנט.

מיכאַיִל קאָזאַקאָוו,
פֿאָלקס־אַרטיסט פֿון רספֿסר, לאַורעאַט פֿון
די מעלוכע־פּרעמיעס
פֿון פֿססר און רספֿסר





אין 1936 זײַנען דער באַוווּסטער רוסישער סאָוועטישער שרײַבער יעווגעני פּעטראָוו און דער דראַמאַטורג נ. שמאַין געקומען קיין ביראָבידזשאַן צוליב שעפערישע איניאַנים. פון לינקס אַף רעכטס: יע. פּעטראָוו, נ. שמאַין און די בירעבידזשאַנער שרײַבערן ליובע וואַסערמאַן

אפן וועג קיין ביראָבידזשאַן האָט די אַנגעזעענע אַמעריקאַנער זשורנאַליסטקע גינאַ מעדעם זיך אָפּגעשטעלט אין מאָסקווע. גינאַ מעדעם (ערשטע ריי, צווייטע פון רעכטס), שמועל האַלקין און יעכעזקל דאָברושין (צווייטע ריי, פון לינקס), שמועל גאָדינער (דריטע ריי, ערשטער פון לינקס). 1931



## פונעם ביראָבידזשאַנער אַלבאָם



די אַרטיסטן פונעם ביראָבידזשאַנער ייִדישן מעלוכע־טעאַטער פאָרן אַרויס אַף גאַסטראָלן אין די ייִשוּווים פון דער געגנט. 1936

כאַנע וויינערמאַן און עזרא פיניבערג (צווייטע ריי, דריטער און פערטער פון רעכטס) צווישן ביראָבידזשאַנער ייִדישע שרייבער און קולטור־טוער. 1938



## דער רעדאקציע פון דער צײַטונג „פאָלקס־שטימע"

טײַערע פרײַנט!

אין צוזאמענהאנג מיטן 40־יאָריקן יובילײ פון דער „פאָלקס־שטימע" שיקן מיר איבער אירע שעפער און לײענער אונדזער הארציקן גרוס און די בעסטע װוּנטשן. מיר לעבן אין א צײַט פון גרויסע ענדערונגען אין די קויכעס־פארהעלטענישן אין דער װעלט, אין דער פסיכאָלאָגיע און אין דעם װעלט־באנעם פון יעדן מענטשן. די מיטלען פון מאסן־אינפאָרמאציע, די צײַטונגען און זשורנאלן פאָרמירן איצט א נײַעם עטאפּ אינעם זעלבסטבאװוּסטזײַן, װעלכער איז אקטיװ געװענדט צום קאמף פאר פארמײַדן א נוקלעארע קאטאסטראָפע, קעדײ זיכערן די עצם עקזיסטענץ פון דער מענטשהײַט אף דער שװעל פונעם דריטן יאָרטויזנט.

אין אָט דער גורלדיקער צײַט איז די פּאָזיציע פון דער פּראָגרעסיװער ייִדישער פּרעסע און ליטעראטור אָן ספק א פּרינציפּיעלע און קאָנסעקװענטע: מיר באקעמפן דעם קריגערישן נאציאָנאליזם, די אנטפּלעקונגען פון פעלקער־האס, שטרעבנדיק קאָנסאָלידירן אלע פּראָגרעסיװע קויכעס אין דער ייִדישער סװיװע ארום די אידייען פון שאָלעם, פּראָגרעס און סאָציאלער גערעכטיקײַט.

די רעדקאָלעגיע און רעדאקציע פון „סאָװעטיש היימלאנד" װינטשן דער שװעסטער־צײַטונג „פאָלקס־שטימע", זי זאָל אלס װירדיקע טריבונע פון די ייִדן אין פאָלקס־פּוילן דערגרייכן נאָך א גרעסערן אָנזען צװישן די ברייטע מאסן לײענער.

רעדאקציע פון „סאָװעטיש היימלאנד"

## צו די פײַערונגען אין װארשע

די געזעלשאפטלעכקײַט פון פאָלקס־פּוילן האָט ברייט אָפּגעמערקט דעם 40־יאָריקן יובילײ פון דער ייִדישער װאָכנשריפט „פאָלקס־שטימע". אפן פארברייטערטן יובילײ־פּלענום פונעם פּרעזידיום פון דער הויפּט־פארװאלטונג פונעם קולטור־אופקלערערישן פארבאנד פון די ייִדן אין פּוילן זײַנען מיט באגריסונגס־רעדעס ארויסגעטראָטן פאָרשטייער פונעם צענטראַל־קאָמיטעט פון דער פּוילישער פאראייניקטער ארבעטער־פּארטיי, זשורנאליסטן, געזעלשאפטלעכע און קונסט־טוער. א גרופּע מיטארבעטער פון דער צײַטונג איז אָפּגעמערקט געװאָרן מיט מעלוכע־באלוינונגען. די „פאָלקס־שטימע" האָט צום יובילײ ארויסגעלאָזט א יאָמטעװ־נומער.

צו די פײַערונגען פון דער שװעסטער־צײַטונג איז קײן װארשע געקומען דער הויפּט־רעדאקטאָר פון „סאָװעטיש היימלאנד" ארן װערגעליס, װעלכער איז ארויסגעטראָטן מיט א באגריסונגס־רעדע אפן יובילײ־פּלענום.

# אונדזערע
## פובליקאציעס

מיר הייבן אָן צו דרוקן א סעריע אַרטיקלען וועגן דער געשיכטע פון דער יידישער שפּראַך. די ערשטע פובליקאציע פון דער אַרבעט געהערט צום סאמע אָנהייב פון די צוואנציקער יאָרן און איז ווייניק באַוווּסט.

בענציען רובשטיין איז געווען א מיטאַרבעטער פונעם מענדעלע־מוזיי אין אָדעס. געשטאָרבן אין 1935.

### בענציען רובשטיין

# די אנטשטייונג און אנטוויקלונג פון דער יידישער שפּראַך

## 1. א קורצער געשיכטלעכער איבערבליק

די ערשטע געשיכטלעכע דאָקומענטן וועגן די יידן אין דייטשלאַנד, וועלכע מיר פאַרמאָגן, געהערן צום פערטן יאָרהונדערט. זיי דערציילן אונדז וועגן א באַדייטנדיקער צאָל יידישע אומפרייע און פרייע ערדאַרבעטער, ווי אויך פון ערד־אייגנטימער, וואָס האָבן צו יענער צייט געלעבט אין דער געגנט פונעם טייך ריין און אין אנדערע טיילן פון גערמאניע, באַזונדערס אין קעלן[1].

ס'איז אָבער קיין ספק ניט, אַז דער אָנהייב פון דער יידישער קאָלאָניזאציע אין גערמאניע געהער צו א סאַך פריערע צייטן.

די רוימישע אימפּעריע, וועלכע האָט געהאַט גענוג געלעגנהייטן צו איבערצייגן זיך אין דער קאָמפּעטענץ פון דער יידישער באַפעלקערונג צו יענער צייט (די אָפטע און פאַרביסענע מרידות פון די יידן), האָט גיך פאַרשטאַנען, וויאַזוי אויסצונוצן דעם דאָזיקן פאַקטאָר לטובֿת אירע אינטערעסן. די יידן ווערן אין גרויסע מאסן צוגעצויגן צו מיליטער־דינסט אין די אַלגעמיינע רוימישע לעגיאָנען, ווי אויך אַלס באַזונדערע יידישע אָפּטיילונגען, כדי צו היטן די מלוכה־גרענעצן און באַטייליקן זיך אין קאַמף קעגן פאַרשיידענע רויבער און פּיראַטן. אַזוי, צום ביישפּיל, האָט טיבעריוס אין 19־טן יאָר לויט דער קריסטלעכער צייטרעכענונג אָפּגעשיקט א גרופּע פון 400 קריגספעיקע יידן קיין סאַרדיניע, כדי זיי זאָלן דאָרט פירן דעם קאַמף קעגן די רויבער. יוסף פלאוויוס דערציילט, אַז בייס ער איז אַרומגעפאָרן דעם רויטן ים האָט אין דער יידישער רייטער־אָפּטיילונג, וואָס האָט אים באַגלייט, זיך געפונען א שטאַרקער און מרטיקער מאַן מיטן נאָמען מאַסאַלאַם (משולם?), וועלכער איז געווען אָנערקענט סיי פון די גריכן, סיי פון די באַרבאַרן, אַלס ערשטער און בעסטער בויגן־שיסער. דערביי, ווען יוסף פלאוויוס רעדט וועגן דער דאָזיקער ספּעציעלער יידישער רייטער־אָפּטיילונג, רופט דאָס בא אים קיין שום פאַרווונדערונג ניט אַרויס, און ס'ווייזט זיך דעריבער

[1] Social- und Wirtschaftsgeschichte der Juden in Mittelalter und der Neuzeit v. Georg Caro Bd. I, S. 27 u. 35.

אויס, אַז דאָס איז ניט געווען קיין איינצל־דערשיינונג.

ווי סאָלדאַטן פון דער רוימישער אַרמיי און ווי קריגס־געפאַנגענע, וואָס זיינען אַלס קנעכט פאַנאַנדערגעשיקט און פאַרקויפט געוואָרן אין אַלע עקן פון דער אימפּעריע, האָבן די ייִדן שוין אין גאָר פריִע צייטן געמוזט דערגרייכן די וויייטסטע צאָפן־פּראָווינצן פון דער רוימישער אימפּעריע — די גערמאַנישע געגנטן.

וועגן דעם קולטורעלן מאַצעוו און דער שפּראַך פון די ייִדן אין דער רוימישער אימפּעריע (אַכוץ אַלעקסאַנדריִע) האָבן מיר זייער ווייניק ידיעות. די מאַצייוועס, וועלכע זיינען ביז איצט געפונען געוואָרן אין רוים, וואָס אַ טייל פון זיי געהערן צום ערשטן און צווייטן יאָרהונדערט לויט דער קריסטלעכער ציילונג, זיינען אַלפי ראָוו גריכישע און בלויז טיילווייז רוימישע מיטן צוגאָב פון איינצלנע העברעיִשע ווערטער „מנוחה“, „שלום“, „אמן“. ייִדישע מאַצייוועס מיט אויסשליסלעך העברעיִשע אויפשריפטן האָט מען ביז איצט ניט געפונען. אויך קיין אַנדערע סימאָנים און שפּורן פון העברעיִש אָדער אַ העברעיִש־אַראַמעיִש שפּרעכנדער ייִדישער באַפעלקערונג אין רוים זיינען ביז איצט ניט אַנטדעקט געוואָרן.

צווישן די ייִדישע סינאַגאָגעס אין רוים איז אויך געווען איינע, וואָס האָט זיך גערופן די „סינאַגאָגע פון די העברעיער“. דער היסטאָריקער שירער מיינט דעריבער, אַז דאָס איז געווען די קהילה (סינאַגאָגע) פון די פּאַלעסטינער ייִדן, וואָס האָבן זיך ניט אַסימילירט שפּראַכלעך און האָבן באַנוצט זייער ייִדישע (העברעיִש־אַראַמעיִשע) שפּראַך לעכאָלהאַפאָכעס אין זייער רעליגיעז לעבן (טפילעס אדג.) און האָבן זיך גערופן „העברעיער“ אין קעגנזאַץ צו די „העלעניסטן“, בא וועמען די גריכישע שפּראַך האָט אויך באַהערשט דאָס רעליגיעזע לעבן.

די דאָזיקע מיינונג איז אָבער ניט קיין ריכטיקע. אויף איינער פון די ייִדישע מאַצייוועס אין רוים איז אויסגעקריצט אין לאַטיין אַן אויפשריפט: „דאָ זיינען באַגראָבן אַליפּיס טיבעריוס (Alypis Tiberius) און זיינע זין יוסטוס און אַליפּיס (Justuset Alypis) — העברעיער.

פון דער לאַטייניִשער אויפשריפט איז צו זען, אַז מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט אַסימילירטע ייִדן, וואָס ברויכן שוין די רוימישע שפּראַך אַפילע אין זייער רעליגיעזן לעבן און דאָך ווערן זיי אויף דער מאַצייווע גערופן „העברעיער“. באַהויפּטן, אַז מיטן נאָמען „העברעיער“ איז באַצייכנט דאָס לאַנד, פונוואַנען זיי זיינען געקומען, איז ניטאָ קיין שום גרונט, ווייל פון אַזאַ מינהעג צו באַצייכענען אויף די מאַצייוועס דאָס אָפּשטאַמונגס־לאַנד איז אין די היסטאָרישע דאָקומענטן, ווי אויך אויף די מאַצייוועס פון די רוימישע ייִדן, קיין שום שפּור ניטאָ. מיר זיינען דעריבער מאַסקים מיט דער מיינונג פונעם היסטאָריקער דערענבורג, אַז מיט דעם דאָזיקן נאָמען — „העברעיער“ — זיינען אין רוים באַצייכנט געוואָרן די שוימרוינים. ווייל אַזוי האָבן זיי אויך גערופן די גריכן אין קעגנזאַץ צו יעהודים (יודעי).

אויב מיר וועלן דאָך פון דעם אַלעמען ניט דרינגען, אַז אין רוים איז לאַכלוטן ניט געווען קיין העברעיִש אָדער העברעיִש־אַראַמעיִש־שפּרעכנדיקע באַפעלקערונג (צוליב דער שטענדיקער ייִדישער עמיגראַציע פון פּאַלעסטינע קיין רוים, ווי אויך צוליב דער גרויסער צאָל ייִדישע קריגס־געפאַנגענע, וואָס די רוימער פלעגן אָוועקפירן פון ערעץ־ייִסראָעל נאָך יעדער מערידע, האָט רוים געהאַט אַ קעסיידערדיקן און צאָלרייכן צופלוס פון העברעיִש־אַראַמעיִש־שפּרעכנדיקע ייִדן), איז אָבער בעלי סאָפעק דאָס אַלץ אַ געזונגנדער באַווייז, אַז אַפילע אין רוים, ווו ס׳האָט זיך קאָנצענטרירט אַ גרויסע ייִדישע באַפעלקערונג, איז די שפּראַכלעכע צוזאַמענגיסונג פון די ייִדן מיט דער ניט־ייִדישער באַפעלקערונג פאָרגעקומען זייער האַסטיק, אַזוי אַז שוין אינעם ערשטן און אין צווייטן יאָרהונדערט זיינען די הערשנדיקע שפּראַכן בא די רוימישע ייִדן געווען גריכיש אָדער לאַטיין, און העברעיִש־אַראַמעיִש האָט בלויז געשפּילט אַ נעבן־ראָליע.

נאָך מער אומגינסטיק זיינען געווען די באַדינגונגען פאַרן קיִעם פון דער העברעיִש־אַראַמעיִשער שפּראַך אין די קלענערע גרופּעס ייִדישע קריגס־געפאַנגענע, קנעכט און סאָלדאַטן, וואָס זיינען צעשפּרייט געווען איבער די וויייטסטע פּראָווינצן פון דער רוימישער אימפּעריע. דעריבער טאַקע האָט דאָ די שפּראַכלעכע אַסימילאַציע פון די ייִדן מיט דער אַרומיקער באַפעלקערונג פון די דאָזיקע רוימישע פּראָווינצן, מיט וועלכע זיי האָבן צוזאַמענגעלעבט, געמוזט זיין נאָך אַ שנעלערע, ווי אין דער הויפּט־שטאָט.

ס׳איז דעריבער מער ווי וואַרשיינלעך, אַז צום מאָמענט, ווען די דייטש־שפּראַכיקע באַרבאַרן האָבן באַקומען די פּאָליטישע הערשאַפט אין גערמאַניע, איז שוין דאָ קיין העברעיִש־אַראַמעיִש־רעדנדיקע ייִדישע באַפעלקערונג ניט געווען, און די ייִדישע „ציוועס ראָמאַני“ (רוימישע בירגער) האָבן זיך שפּראַכלעך ניט אונטערשיידט (עפּשער מיט קליינע אומבאַדייטנדע אויסנאַמען) פון די איבעריקע ניט־ייִדישע „ציוועס ראָמאַני“.

נאָך דעם, ווי די גערמאַנישע באַרבאַרן האָבן אָנגענומען דעם קאַטוילישן גלויבן פון די רוימער, האָט זיך אָנגעהויבן אַן ענגער געזעלשאַפטלעכער פאַרקער צווישן די געוועזענע „רוימישע בירגער“ און די באַרבאַרן, וואָס עס האָט פאַרהעלטניסמעסיק גיך געבראַכט צו קולטורעלער און שפּראַכלעכער צוזאַמענגיסונג פון די דאָזיקעביידע, פריִער פיינטלעכע טיילן. די רעליגיעז־באַזיגטע און אומקולטורעלע באַרבאַרן האָבן שפּראַכלעך באַזיגט זייערע מער קולטורעלע רעליגיעזע און פּאָליטישע באַזיגער, די פריִערדיקע „רוימישע בירגער“, וואָס האָבן געלעבט איינצלווייז אינעם גרויסן יאַם פון די באַרבאַרישע מאַסן.

די פאַרהעלטניסמעסיק גיכע שפּראַכלעכע אַסימילאַציע פון די געוועזענע „רוימישע בירגער“ מיט די דייטשישע באַרבאַרן ווייזט אַמבעסטן, ווי אומגינסטיק ס׳זיינען געווען די באַדינגונגען פאַר באַזונדערע שפּראַך־אינדזלען אינעם דייטש־שפּרעכנדיקן יאַם פון די באַרבאַרן, און ס׳איז דעריבער קיין כידעש ניט, וואָס אויך די קליינע ייִדישע גרופּקעס און אומפרייע ערדאַרבעטער און סאָלדאַטן, ניט געקוקט אויף זייער רעליגיעזן סעפּאַראַ־

טיזם, האָבן ניט געקאָנט אנטקעגנשטיין דעם שפּראַכלעכן אסימיליאציע־שטראָם, און צוזאמען מיט די איבעריקע „ציוועס ראָמאני״ האָבן זיי זיך שפּראַכלעך צוזאמענגעגאָסן מיט די באַרבאַרן.

אָבער גראָד פון דעם מאָמענט הייבט זיך אָן די אייגנאַרטיקע אנטוויקלונגס־געשיכטע פון אונדזער ייִדיש־דײַטשישער שפּראַך.

שוין לאַנג נאָך דעם, ווי די ייִדן אין גערמאַניע האָבן זיך שפּראַכלעך צוזאמענגעגאָסן מיט די דײַטש־שפּרעכנדיקע אַרטיקע אײַנוווינער, האָט זיך אָנגעהויבן א קעגנזײַטיקע דערשײַנונג אין אונדזער שפּראַכלעך־קולטורעל לעבן. די דײַטשישע שפּראַך, נאָך דעם, ווי זי איז אַרײַנגעדרונגען אינעם לעבן פון די דײַטשישע ייִדן און האָט זיי פולקום באַהערשט, הייבט זיך אָן צוריק צו דערווײַטערן בעהאַדראַגעדיק פונעם אורשפּרינגלעכן שוירעש און ווערט ענדלעך פאַרוואַנדלט אין מויל פון די ייִדן, וואָס זעצן פאָר זייער לעבן און שאַפן אין דער דײַטש־שפּרעכנדיקער סוויווע, אין א זעלבשטענדיקער ייִדיש־דײַטשישער שפּראַך, וואָס אונטערשיידט זיך זייער שטאַרק פון דעם אַרומיקן קריסטלעכן דײַטש און איז קימאַט לאַכלוטן ניט פאַרשטענדלעך די דײַטש־רעדנדיקע שכיינים.

די אנטשטייונג פון ייִדיש־דײַטש, דאָס הייסט דער מאָמענט, ווען די דײַטשישע שפּראַך פון די גערמאַנישע ייִדן האָט אָנגעהויבן אָפּצוטיילן זיך פון דער שפּראַך פון דער אַרומיקער קריסטלעך־דײַטשישער באַפעלקערונג, געהער צו די גאָר אַלטע „פאַרהיסטאָרישע״ צײַטן, וואָס האָבן אונדז ניט איבערגעלאָזט קיין שום געשיכטלעכע דאָקומענטן וועגן דעם לעבן און שאַפן פון די דײַטשישע ייִדן. אָבער אַפילע אין דער ייִדישער שפּראַך, וואָס ווערט פון אונדז הײַנט־צו־טאָג געברויכט, זײַנען דאָ פיל באַווײַזן פון דער אוראַלטער אָפּשטאַמונג פון ייִדיש־דײַטש. לויט דער אויספאָרשונג פון ד״ר יאַנקעוו גערזאָן, געפינען זיך נאָך באַם איצטיקן מאָמענט אין דער געברויכלעכער ייִדישער שפּראַך א סאַך ווערטער און פאָרמען פון אַלט־דײַטש, וואָס זײַנען פרי פאַרלוירן געגאַנגען פון דער דײַטשישער שריפט, און רעד־שפּראַך (לעמאָשל, ביין־קנאָכן, קריצן, אָנהייבן, שמעקן, איטלעכער און פיל אַנדערע[1]), וואָס ווײַזט, אַז די ייִדישע שפּראַך האָט זיך אָפּגעטיילט פון איר דײַטשישן שוירעש נאָך אין דער צײַט, ווען די דאָזיקע ווערטער זײַנען געווען אַלגעמיין געברויכלעך, דה. אין גאָר אַלטע צײַטן.

אויך אין די דאָקומענטן, וואָס מיר פאַרמאָגן בענעגייע דער דאָזיקער פראַגע, באַגעגענען מיר שוין שפּורן און אָנדײַטונגען און שפּעטער אויך דירעקטע באַווײַזן אָפן דאָזיקן פּראָצעס. אין יענע פריִערע צײַטן האָט די דײַטשישע שפּראַך פון די גערמאַנישע ייִדן פאַרמאָגט ווערטער, וואָס האָבן לעגאַמרע געפעלט אין דער דײַטשישער שפּראַך פון דער אַרומיקער קריסטלעכער באַפעלקערונג.

די האַנטשריפטלעכע איבערזעצונג פון א מאַכזער, וואָס שטאַמט מיסטאַמע פון 14־טן יאָרהונדערט (אַלנפאַלס, ניט שפּעטער פונעם 15־טן יאָרהונדערט) און געפינט זיך אין דער מינכענער ביבליאָטעק, אנטהאַלט זייער פיל העברעיִשע ווערטער — תפלה, זכות, רשעים; אבות, מלאכים, תשובה און אַנד., — וועלכע האָבן זיך שוין אײַנגעבירגערט אין דער ייִדיש־דײַטשישער שפּראַך פון גערמאַנישע ייִדן פון יענער צײַט. ס׳געפינען זיך אויך א ריי פאַרייִדישטע דײַטשישע ווערטער — בורצום (אָנשטאָט מטה״דיט פאַרטזאַם), ניַיערט אדג., וואָס עס ווײַזט אָן סאָפעק, אַז צו יענער צײַט האָט שוין די ייִדיש־דײַטשישע שפּראַך זיך שטאַרק אונטערשיידט פון דער דײַטשישער שפּראַך פון דער אַרומיקער דײַטשישער באַפעלקערונג.

באַזונדער בולעט איז צו זען דעם כילעק צווישן ייִדיש־דײַטש און דײַטש אינעם 15־טן יאָרהונדערט אין דײַטשלאַנד — פון דער האַנטשריפטלעכער איבערזעצונג פון די 12 קליינע נעוויִים, פון וועלכע ס׳ווערט געבראַכט אויסצוגן בא מ. גרינבוימען („ייִדיש־דײַטשישע כרעסטאָמאַטיע״). דאָ געפינען זיך שוין אין א באַדײַטנדיקער צאָל פאַרייִדישטע דײַטשישע ווערטער און אַנדערע פרעמדווערטער: קדשה, זונה, סטונדערין אָנשטאָט שטונדעוועהלער אאַז.

ס׳איז אויך דאָ אין דער דערמאָנטער נעוויִים־איבערזעצונג א גאַנצע ריי דײַטשישע פאָרמען, וואָס זײַנען געברויכט געוואָרן בלויז אין דער עלטערער דײַטשישער שפּראַך.

די דײַטשישע ווערטער זײַנען דאָ אָפט געבראַכט מיט געוויסע ענדערונגען, וואָס ווײַזן אויך, אַז זיי פלעגן פון דער ייִדישער באַפעלקערונג געברויכט ווערן אַנדערש, ווי פון דער קריסטלעכער באַפעלקערונג.

אָנהייבנדיק פונעם 16־טן יאָרהונדערט, האָבן מיר שוין דירעקטע און גאַנץ באַגלייבלעכע ידיעס, ווי ווײַט דער ייִדיש־דײַטש פון די גערמאַנישע ייִדן האָט זיך אונטערשיידט פון דער שפּראַך פון דער אַרומיקער דײַטשישער באַפעלקערונג.

פאול עמיליוס, אין זײַן הקדמה צו דער אַרויסגעגעבענער ייִדיש־דײַטשישער ביבל־איבערזעצונג אין 1544 יאָר, באַמערקט, אַז דערמיט האָט ער געוואָלט דערווײַזן, אַז ס׳איז א טעות, וואָס די קריסטן מיינען, אַז די ייִדן רעדן נאָך אַדהײַנט העברעיִש. פון דעם איז צו זען, אַז ייִדיש־דײַטש האָט זיך אַזוי שטאַרק אונטערשיידט פון דער אַרומיקער דײַטשישער שפּראַך, אַז די קריסטלעכע דײַטשישע באַפעלקערונג האָט לאַכלוטן ניט פאַרשטאַנען זייערע ייִדישע שכיינים, בייס יענע האָבן גערעדט צווישן זיך, און זיי האָבן געקאָנט מיינען, אַז זייערע ייִדישע שכיינים רעדן צווישן זיך העברעיִש.

אַז די דאָזיקע ווערטער אַנטשפּרעכן דערווירקלעכקײַט, איז צו זען פון די ייִדיש־דײַטשישע ספאָרים און איבערזעצונגען פון יענער צײַט („ספר התשבי״, ספר מדות״, „ארחות צדיקים״, „ספר שמות דברים ע״י אליהו בתור אשכנזי הלוי״, לעוויטאַס טילים־איבערזעצונג מיט זייער אומגעהייער גרויסער צאָל ספּעציפיש־ייִדישע ווערטער, וואָס זײַנען געווען אומבאַקאַנט דער דײַטשישער באַפעלקערונג, ווי אויך פאַרייִדישטע און אַלטע דײַטשישע ווערטער און פרעמדווערטער (טראָפּפן,

[1] Dr. Jacob Gerzon „Die Juedisch-deutsche Sprache“, Frankfurt a/M. 1902.

טראָפּפּע, געווינערן, לאַמעל, שעכטן, שלאַק, שפּרייטן, קעריך, פּוילצייל, אָורן, בענטשן, נעבעך, פּאַמעלעך, גרײַז, קאַטאָוועס, מושיט (אָדער מעשיטן), אָפּמעקן, איבלען, נײַערט, וועהטאָג, עלטער, צוועהל (טוך), איטליגער, לאַנצים אדג.). אויך א צאָלרײַכע מאַסע העברעיִשע ווערטער האָבן צו יענער צײַט פּולקום זיך אײַנגעבירגערט אין דער ייִדיש־דײַטשישער שפּראַך פון די גערמאַנישע ייִדן. די ריין דײַטשישע ווערטער געהערן אלפּי ראָוו צו דער קאַטעגאָריע ווערטער, וואָס זײַנען שוין צו יענער צײַט פאַרשוווּנדן געוואָרן פונעם אַלגעמיינעם דײַטשישן געברויך, אָדער זיי האָבן פאַרבאַהאַלטן זייערע פריִערדיקע, צו יענער צײַט שוין ניט־געברויכלעכע פאָרמען און פאָנעטישע אייגנאַרטיקײַטן, און ס׳איז דעריבער לאַכלוטן זיך ניט צו וווּנדערן, וואָס די ארומיקע דײַטשישע באַפעלקערונג האָט זיי (לעכאָלהאַפּאָכעס ניט אַלעמאָל) ניט פאַרשטאַנען, בייס זיי האָבן גערעדט צווישן זיך.

בענעגייע צום 17־טן יאָרהונדערט ווערט די שפּראַכלעכע אָפּגעזונדערטקײַט פון די ייִדן אין דײַטשלאַנד באַשטעטיקט דורך אַזעלכע וויכטיקע און באַגלייבטע איידעס, ווי יאָהאַן בוקסטאָרף און וואַגענזייל, וואָס זײַנען געווען די גרעסטע באַרסמיכעס אין ייִדישע אָנגעלעגנהײַטן און זײַנען נאָך דערצו געווען די ערשטע און וויכטיקסטע פאָרשער פון דער ייִדישער שפּראַך און ליטעראַטור. אויב בוקסטאָרף באַקלאָגט זיך בלויז אף דעם, אז די ייִדן מישן ארײַן אין זייער דײַטש א סאך העברעיִשע ווערטער און פאַרדאַרבן די אייגנטלעכע דײַטשישע אויסדרוקן, באַהויפּטעט שוין וואַגענזייל, אז אדאנק דער פאַרדאַרבונג פון די דײַטשישע ווערטער, דער שאַפונג פון נײַע און דעם צומיש פון העברעיִשע, האָט זיך די דײַטשישע שפּראַך פון די ייִדן אזוי שטאַרק געענדערט און אָפּגעטיילט פונעם דײַטשישן שוירעש, אז ווער ס׳הערט זיי רעדן צווישן זיך, איז זיכער, אז זיי ריידן אויסשליסלעך העברעיִש, ווו קיין איינציק וואָרט איז ניט פאַרשטענדלעך.

זייער אינטערעסאַנט איז אין דעם פּראַט די באַמערקונג פונעם רויפע לייב וואַליך פון פראַנקפורט וועגן דער שפּראַך פון דער פראַנקפורטער ייִדישער באַפעלקערונג פון זײַן צײַט. אין אפּרעל 1716 האָט ער אָנגעשריבן א לויב־געזאַנג לעקאָוועד דעם נײַגעבוירענעם קרוינפּרינץ פון עסטרײַך לעאָפּאָלד אף הויכדײַטש. וואַרשײַנלעך, האָט מען אים פירגעוואָרפן, פאַרוואָס ער האָט ניט געשריבן דעם דאָזיקן לויב־געזאַנג אף העברעיִש, און ער פאַרענטפערט זיך מיט דעם, וואָס ער האָט געוואָלט דערווײַזן דער קריסטלעכער באַפעלקערונג, אז אויך די ייִדן קענען זייער האָכדײַטש.

ווי ס׳איז צו זען, האָבן א סאך פראַנקפורטער דײַטשן ניט געגלייבט, אז זייערע ייִדישע שכיינים קענען זייער האָכדײַטש, און דאָס איז דער בעסטער סימען, ווי שטאַרק ס׳האָט זיך אונטערשיידט די שפּראַך פון די פראַנקפורטער ייִדן פון דער שפּראַך פון דער ארומיקער דײַטשישער באַפעלקערונג.

פראַנקפורט איז קיין אויסנאַם ניט. אין משך פון 17־טן—18־טן יאָרהונדערט ווערן די ייִדן זייער אָפט באַשולדיקט אין דער דײַטשישער ליטעראַטור, אז זיי באַנוצן זיך מיט אן אומפאַרשטענדלעכער שפּראַך, קעדיי אָפּצונאַרן די קריסטלעכע קוינים. אין זעלבן פּעריאָד ווערט אין דײַטשלאַנד ארויסגעגעבן א פאַרהעלטנישמעסיק באַדײַטנדיקע צאָל לערנביכער, וועלכע האָבן דעם ציל צו באַקאַנען די קריסטלעכע באַפעלקערונג מיט דער ייִדישער שפּראַך.

מיר פירן אונטער א קורצן סאַכאַקל פון דעם אנטוויקלונגס־כאַראַקטער פון דער ייִדישער שפּראַך אין דײַטשלאַנד.

לאַנג נאָך דעם, ווי די ייִדן האָבן זיך שפּראַכלעך אינגאַנצן אסימילירט מיט דער דײַטשישער באַפעלקערונג (מיטן אויסנאַם עפּשער פאַר רעליגיִעזע באַגריפן, וועלכע האָבן צו זיך קיין גלײַכן ניט אין די גערמאַנישע שפּראַכן), האָט זיך אינעם שפּראַכלעך־קולטורעלן לעבן פון די דײַטשישע ייִדן אָנגעהויבן א קעגנזעצלעכע דערשײַנונג — א שפּראַכלעכע סעפּאַרירונג פון זייערע קריסטלעכע שכיינים, ניט געקוקט אף דעם, וואָס זיי זײַנען געבליבן וווינען אין דער שפּראַכלעך־קולטורעלער סוויווע, וואָס האָט זיי צוערשט שפּראַכלעך אינגאַנצן באַהערשט. דער דאָזיקער פּראָצעס פון שפּראַכלעכער אָפּווײַכונג האָט זיך בא דער ייִדישער באַפעלקערונג אָנגעהויבן גאָר לאַנג צוריק, אַלנפאַלס ניט שפּעטער ווי צום אָנהייב פון דער צווייטער העלפט פונעם מיטלאַלטער. בעהאַדראָגעדיק האָט זיך די ייִדישע שפּראַך אין דײַטשלאַנד אף אזויפיל געענדערט, אז שוין צום סאָף פון דעם מיטלאַלטער איז זי געוואָרן אומפאַרשטענדלעך פאַר דער ארומיקער קריסטלעכער באַפעלקערונג.

נאָך דעם דאָזיקן קורצן געשיכטלעכן איבערבליק פון דער אנטוויקלונג פון דער ייִדישער שפּראַך אין דײַטשלאַנד, וועלן מיר פּרוּוון פעסטשטעלן די היסטאָרישע, פּאָליטישע און עקאָנאָמישע סיבעס, וואָס האָבן ארויסגערופן די דאָזיקע אייגנאַרטיקע אנטוויקלונג פון אונדזער שפּראַך.

(פאָרזעצונג קומט)

## לעטערנדיק זשורנאַלן און צײַטונגען

# א רעפּאָרטאַזש אין דער תל-אביווער צײַטונג „דער וועג“:

# פיר געקומענע פונעם סאָוועטנפאַרבאַנד דערציילן...

וואלערי שלומאיעוו, 39 יאָר אלט, זײַן פרוי און זייערע פינף קינדער האָבן געלעבט אין סאָוועטנפארבאנד, אין דער טשעטשענאָ-אינגושישער רעפּובליק אף קאווקאז. פון דאָרט זײַנען זיי געקומען קיין ייִסראָעל אין 1974. אין זײַן געבורטשטאָט האָט שלומאיעוו געארבעט אף דער אײַזבאַן, אין ייִסראָעל האָט ער ניט געקאָנט געפינען קיין באשעפ-טיקונג לויט זײַן פאך.



וואלערי שלומאיעוו

— נאָכן באזעצן זיך אין ייִסראָעל, — דער-ציילט ער, — בין איך געווען באשעפטיקט אף א מיליטערישער אונטערנעמונג אין מעשעך פון פינף מיט א האלבן יאָר. אין 1979 האָט מען מיך פון דאָרטן אָפּגעזאָגט, און א יאָר מיט א כוידעש האָב איך דערנאָך געארבעט אף אן אנדערער מיליטערי-שער אונטערנעמונג. אָבער אויך פון דאָ׳טן האָט מען מיך צוזאמען מיט נאָך 400 ארבעטער פאר-קירצט. ווײַטער איז מיר אויסגעקומען צו ארבעטן אין פארשיידענע ערטער — צו עטלעכע כאָדאָשים אין יעדן אָרט, און סאָפּקאָלסאָף בין איך פארבליבן אָן א באשעפטיקונג. קיין שטיצע אלס ארבעטלאָ-זער באקום איך ניט, ווײַל מע זאָגט מיר, אז איך האָב ניט קיין רעכט אף אזא שטיצע — אין פאר-לויף פונעם לעצטן יאָר האָב איך ניט אָנגעזאמלט גענוג ארבעטסטעג.

מיר שטעלן אים א פראגע:

— פארוואָס האָט איר באשלאָסן איבערפאָרן קיין ייִסראָעל?

ער ענטפערט:

— ווען ייִדן האָבן אָנגעהויבן פאָרן קיין ייִס-ראָעל, איז דאָס געווען ווי א מאגייפע. מיר האָבן ניט געוווּסט, וואָס עס טוט זיך אין אָט דעם לאנד. אין סאָוועטנפארבאנד האָבן מיר ניט געהאט קיין שום פּראָבלעמען. ס׳איז געווען ארבעט וויפל מיר האָבן געוואָלט.

— ווי־אזוי האָבן אײַערע ארבעטס־כאוויירים רעאגירט אף אײַער באשלוס צו פאָרן?

— ווען זיי האָבן דערהערט, אז מיר קלײַבן זיך אין וועג, האָבן זיי אונדז געזאָגט: פאָרט ניט, דאָס איז א קאפּיטאליסטיש לאנד, ס׳וועט אײַך דאָרט זײַן ניט גוט״. האָב איך זיי געענטפערט, אז ס׳איז א ליגן... אין סאָוועטנפארבאנד זײַנען געבליבן מײַנע צוויי שוועסטער מיט זייערע מישפּאָכעס, ווי אויך אונדזערע עלטערן און זעקס שוועסטער און ברי-דער פון מײַן פרוי. איך האָב זיי פונדאנען אָנגעש-ריבן: קומט ניט אהער, איך לעב דאָ, ווי אין א טפיסע...

— ווי־אזוי באטראכט איר איצט דאָס לעבן דאָרט, אין סאָוועטנפארבאנד?

— דאָס לעבן דאָרט איז אין א מיליאָן מאָל בעסער, איידער אין ייִסראָעל. דאָרט באקומט יעדע מישפּאָכע אורלויב, פארברענגענדיק אין אָפּרו־הײַ-זער, אפן כעזשבן פון דער אונטערנעמונג. די שול איז אן אומזיסטע, און די געזונט־פארהיטונג איז אויך אומזיסט. אין ייִסראָעל דארף מען, לעמאָשל, אויסגעבן א כוידעש־געהאלט אף צו היילן די ציין...

וועז ס׳וואָלט נאָר מעגלעך געווען צוריקפאָרן, וואָלטן מיר דאָס געטאָן כאָטש היינט.

יאיר מאטווייעוו. ער איז אלט 43 יאָר. געקומען קיין ישׂראָעל אין 1974, נאָך דעם, ווי ער האָט זיך דערוווּסט, אז די אנדערע ייִדן פון קאווקאז האָבן באשטימט זיך אוועקלאָזן אין דער פרעמד. ער האָט אויך ניט געוואָלט הערן די וואָרענונגען.



יאיר מאטווייעוו

— ל׳ויטן פאך בין איך א שווייסער. דער די־רעקטאָר פון מײַן אונטערנעמונג האָט מיך ארויס־גערופן צו זיך און געזאָגט: „איך ווייס גוט, וואָס עס באטײַט א קאפּיטאַליסטישע מעדינע, און דעריי־בער זאָג איך אײַך, איר זאָלט ניט פאָרן, איר לעבט דאָך דאָ ניט שלעכט”. איך האָב אים ניט געוואָלט הערן. „אויב אזוי, — האָט ער געזאָגט, — פאָרט!” אויך מײַן מאמע און מײַן טאטע האָבן געפּרוווט מיך אָפּהאלטן, און איך בין מיט זיי געווען בארוי־געז עטלעכע כאָדאָשים. כ׳האָב פארלאָזט מײַנע על־טערן און די ברידער און בין געקומען אהער, געמיינט, אז דאָ וועט מיר זײַן בעסער.

און ווײַטער:

— אין דער לעצטער מינוט, ווען כ׳האָב שוין געהאלטן די בילעטן אין דער האנט, האָט מײַן פרוי אויך געפּרוווט מיך אָפּהאלטן פון פאָרן און פאָרגעלייגט איבערצוגיין ווינען אין איר געבורט־שטאָט ברעסט. נאָר כ׳האָב דערווידערט. די פרוי מײַנע האָט זיך געלערנט אין אן אינסטיטוט פון אויסלענדישע שפראכן, נאָר זי האָט איבערגעריסן איר לער. אין ישׂראָעל האָט זי דורכגעמאכט א קורס פון פראקטישע קראנקן־שוועסטער, און זי אר־בעט איצט אין א שפּיטאָל. איך אליין האָב זיך אײַנגעאָרדנט אף א מיליטערישער אונטערנעמונג און געארבעט דאָרט פונעם יאָר 1975. אין 1978 האָב איך אף דער ארבעט זיך צעשעדיקט דעם רוקנביין און געבעטן, מע זאָל מיר געבן א לײַכטערע ארבעט, אָבער מע האָט ניט באפרידיקט מײַן באקאָשע, און כ׳בין אין 1984 געצווונגען גע־ווען צו פארלאָזן די אונטערנעמונג. אין נאָיאבער 1985 האָט מען מיך אָפּערירט, און זינט דעמלט בין איך אן אינוואליד. אין די ערשטע דרײַ כאָדאָשים האָט מען מיר געצאָלט 100 פּראָצענט געהאלט פאר אינוואלידישקײַט, דערנאָך האָט די מעדיצינישע קאָ־מיסיע באשטימט, אז כ׳בין אן אינוואליד בלויז אף 28 פּראָצענט, און פאר אזא אינוואלידישקײַט באַ־קומט מען שוין גאָרניט. קיין ארבעט האָט מען מיר ניט געגעבן, קיין שטיצע אויך ניט — פון וואָס זשע זאָל איך לעבן? דאָס וויל קיינער ניט וויסן. כ׳האָב זיך געווענדט צו דער היסטאדרוט, געזאָגט, אז איך האָב צוויי קינדער — דער זון האלט באם מאָביליזירן זיך אין דער ארמיי, די טאָכטער דארף זיך אָנהייבן לערנען אין דער מיטלשול, פאר דער דירע דארף איך צאָלן 120 שעקאָלים א כוידעש, הײַנט פאר עלעקטרע, וואסער, טעלעפאָן, גאז... וויאזוי קאָן איך עקזיסטירן בלויז אף איין געהאלט פון מײַן פרוי?

ער איז פארצווייפלט:

— כ׳ווייס ניט, וואָס צו טאָן. איך בין געווען אינעם ארבעטס־אמט און געפרעגט, עפּשער קאָנען זיי מיר געבן ארבעט, אפילע פאר אן אסעניזאטאָר, האָבן זיי אָפּגעזאָגט. וואָס זשע בלײַבט מיר צו טאָן? גאנווענען? איך קאָן ניט לויפן אין אלע אמטן, און כ׳האָב ניט קיין געלט אף אן אדוואָקאט...

— ווען מע האָט געזאָגט, אז מע פאָרט, בין איך אויך געפאָרן, — האָט זיך אָנגע־שלאָסן אין געשפּרעך אווראָם אבראמאָוו. לויטן פאך איז ער א שפּײַז־אינזשעניער. אין זײַן געבורטשטאַט איז ער געווען די־רעקטאָר פון א גרויס געשעפט פון שפּײַז־פּראָדוקטן, געהאט א דירע אין שטאָט, א זומער־ווינונג אויסער דער שטאָט און אן



אווראָם אבראמאָוו

אווטאָמאָביל. ווען ער איז געקומען קיין ישׂראל, האָט מען אים געשיקט אַרבעטן אין אַן אוניווערמאַג.

— דאָרט, — דערציילט ער, — האָב איך זיך גע־פילט זייער שלעכט. איווריט האָב איך ניט געקענט, און כ׳האָב געהאַט גרויסע שוועריקייטן. כ׳האָב גע־דאַרפט אָפט גיין אין פּיכטן קעלער פונעם מאַגאַ־זין, די פּיס האָבן מיר גענומען וויי טאָן, און א גאַנצע וואָך בין איך געלעגן אין שפּיטאָל. ווען כ׳האָב פון דאָרט זיך אויסגעשריבן, האָט מען מיך אָפּגעזאָגט פון דער אַרבעט.

אַבראַמאָווס צאָרעס האָבן זיך ערשט אָנגעהויבן:

— כ׳בין אָנגעקומען אַרבעטן אין א פּאַפּיר־פאַבריק. דאָרט בין איך אַראָפּגעפאַלן פונעם קאָנ־ווייער אויף אַן אײַזערנעם שטעקן. כ׳בין געלעגן אין שפּיטאָל, נאָר מע האָט ניט געפונען, אַז אין רוקן איז פאַראַן א שפּאַלט. צוויי וואָכן בין איך אָפּגע־לעגן אינדערהיים, און ערשט דעמלט האָט מען אויס־געפונען, אַז א שפּאַלט איז דאָ. צו דער פריִערדי־קער אַרבעט האָב איך זיך שוין ניט געקאָנט אומ־קערן. כ׳בין אָנגעקומען אויף דער גומי־פאַבריק „אַליאַנס“ און געאַרבעט דאָרט דרײַ יאָר. אין 1985 האָט מען מיך פון דער פאַבריק „פאַרקירצט“. אין מעשך פון 6 כאָדאָשים האָב איך באַקומען שטיצע אַלס אַרבעטלאָזער, אָבער אַט איז שוין א האַלב יאָר, ווי איך באַקום ניט קיין שום שטיצע. מײַן פרוי פאַרדינט 400—450 שעקאָלים א כוידעש, מער פון א העלפט פון אַט דעם געהאַלט גייט אַוועק אויף דירע־געלט. וויאַזוי זשע קאָן מען אַזוי לעבן? בײַ־פּראַט נאָך, אַז דער זון, א שאָפער לויטן פאַך, איז אויך אַרבעטלאָז...

אַטאַניעל פּאַסכאָוו, וועלכער איז אַלט 58 יאָר, דאַרף שוין ניט זאָרגן פאַר זײַנע קינדער. צוויי זין אַרבעטן אין „אַליאַנס“, איינער — אין א ווורשט־פאַבריק. די טאָכ־טער איז א קראַנקן־שוועסטער אין א שפּי־טאָל. וואָס זשע מאַטערט אים?

— איך בין געקומען קיין ישׂראל אין אַפּריל 1975, — דערציילט ער, — אין סאָוועטנפאַרבאַנד האָב איך געאַרבעט אויפן אײַזנבאַן־טראַנספּאָרט, און דאָ האָב איך זיך אײַנגעאָרדנט אויף א מיליטערישער אונטערנעמונג, ווו איך בין קראַנק געוואָרן, לײַד פון א הויכן בלוטדרוק. צוערשט האָט מען מיך איבערגעפירט אויף א לײַכטערער אַרבעט, דערנאָך אײַנגאַנצן אַרויסגעוואָרפן אויף דער גאַס. אין מעשך פון זיבן כאָדאָשים האָב איך געזוכט א באַשעפטי־קונג, לעסאָף אָנגעקומען אין א מאַרגאַרין־פאַבריק, פון דאָרט איבערגעגאַנגען אין „אַליאַנס“, ווו כ׳האָב געאַרבעט פיר יאָר. נאָכדעם בין איך געווען א סאַניטאַר־אַרבעטער, צוויי מיט א האַלב יאָר געווען באַשעפטיקט אויף אַן עלעקטראָסטאַנציע, שפּעטער — צוויי יאָר בײַ שווערער פיזישער אַרבעט אויף א פּאַפּיר־פאַבריק, פאַרדינט 350 שעקאָלים א כוידעש. מע האָט מיך פאַרקירצט, און זינט דעמלט זוך איך א באַליביקע באַשעפטיקונג.

מיר פרעגן אים:

— וואָס טראַכט איר, ווען איר פאַרגלײַכט די אַרבעטס־באַדינגונגען דאָ מיט די באַדינגונגען פון דער אַרבעט אין סאָוועטנפאַרבאַנד?

— דאָ וועל איך קיינמאָל ניט דערגרייכן אַזעל־כע באַדינגונגען, וועלכע כ׳האָב געהאַט דאָרט. דאָ איז זייער שווער איבער די אָפטע פאַרקירצונגען און איבער דער באַציִונג צום מענטשן. דאָרט באַ־צייט מען זיך צו אַן אַרבעטער מיט קאָוועד און אָנערקענונג, און אויב עס געשעט עפּעס מיט אײַך, נעמט מען עס גלײַך אין אַכט. דאָ אָבער זאָגט מען אָפּ אין אַזעלכע פאַלן איינס און צוויי פון דער אַרבעט. אין סאָוועטנפאַרבאַנד פלעג איך צוויי מאָל אין יאָר פאָרן אויף אָפּרו, 70 פּראָצענט פון די הוי־צאָעס אין די אָפּרו־הײַזער האָט געצאָלט דער פּראָ־פאַריין. דאָ קאָן איך ביכלאַל זיך ניט פאַרגינען צו נעמען אורלויב.

די געקומענע פונעם סאָוועטנפאַרבאַנד, מיט וועלכע מיר האָבן געשמועסט, ווילן אַרבעטן, זיי זײַנען אָבער אַרבעטלאָז און פאַרצווייפלט.

## די פראַנצויזישע צײַטונג „מאָנד“ וועגן דער לאַגע פון די סאָוועטישע ייִדן, וועלכע זײַנען אַרויסגעפאָרן קיין פּשא

די צײַטונג „מאָנד“ האָט פאַרעפנטלעכט אַן אַרטיקל פון איר ספּעציעלן קאָרעספּאָנ־דענט אין ניו־יאָרק בערנאַר געט „נאָסטאַל־גיע און טרוימען פון סאָוועטישע ייִדן־עמי־גראַנטן אין ניו־יאָרק“.

צווישן דעם מאַגאַזין פון מאָדערנע קליידער „ליובאָוו“ און דעם רעסטאָראַן „פּרימאָרסקי“, אַנט־קעגן דער קאַפע „טאַשקענט“, אין ביכער־מאַגאַזין „טשאַרנאָיע מאָרע“ צווישן די פּאָליצעס מיט ביכער אויף רוסיש גייט פאַרצווייפלט אַרום אַהין און צוריק א מענטש פון א יאָר פופציק. אַזאַ מין מענטש קאָן מען געפינען אויך אין באָסטאָן, לאָס־אַנדזשעלעס אָדער פילאַדעלפיע. נאָר די גרעסטע קאָלאָניע האָט זיך געשאַפן אויף די ברעגן פון גודזאָן אין ברײַטאָן־ביטש.

אַלס קלאַל פונדעסוועגן זיך דאָ אײַן די נײַ־אָנ־געקומענע, און אַהער קערן זיי זיך אום פון די

וווינונגס־קוואַרטאַלן, וואָס די דערווייַטערטקייַט זייערע איז גלייַך פּראָפּאָרציאָנעל צו דעם סאָציאַלן דערפֿאָלג פֿון זייערע איינוווינער. זיי קומען אהער, קעדיי זיך דערמאָנען די פֿאַרגאַנגענהייַט און איינקויפֿן דאָס נייטיקע אַף א וואָך. אין א קליינעם ראַיאָן, וועלכער ציילט איינגאַנצן עפּעס א צענדליק קוואַרטאַלן און געפֿינט זיך איינמיטן די נעגערשע און פּוערטאָ־ריקאַנער ראַיאָנען, רעדט מען אויסשליסלעך אַף רוסיש (אָדער אַף גרוזיניש), און אַף די ראָגן פֿאַרקויפֿן לאַטיין־אַמעריקאַנער, וועלכע רעדן אַפילע ענגליש קוים־קוים, רוסישע צייַטונגען.

אַלעקס, וועלכער איז געקומען פֿון טביליסי אין 1980, פֿאַרדינט אין זייַנע 26 יאָר 5 דאָלאַר פֿאַר א שאָ, אַרבעט אין אַן אַפּטייק, וואָס געהערט א גרוזינערן און אַן אוקראַינערן, וועלכע האָבן ערשט ניט לאַנג צוריק סאָפּקאָלסאָף אַליין אויסגעצאָלט זייערע כויוועס. אַף אַזאַ געהאַלט קאָן מען אין ניו־יאָרק לעבן בלויז זייער קאַרג. ער האָפּט אָבער געפֿינען א שותּף, קעדיי פֿאַרפֿירן אַן אייגן געשעפֿט. דאָס וועט זייַן גאָר ניט גרינג.

מישע איז געווען אינגאַנצן 13 יאָר אַלט, ווען ער איז אין 1977 אַוועקגעפֿאָרן פֿון לוואָוו מיט זייַן טאַטן. ער זאָגט: „איך הער ניט אויף צו פֿרעגן באַ זיך, צי וואָלט איך ניט דערגרייכט מער, ווען איך וואָלט געבליבן דאָרט. איך האָב זיך געלערנט גוט און וואָלט פֿאַרווירקלעכט מייַן טרוים צו ווערן א לערער פֿון פֿיזקולטור. אין אַמעריקע האָב איך ניט געקאָנט זיך לערנען גוט, ווייַל איך ־ווייס שוואַך ענגליש און הערצו האָב איך געפּאַטערט צופֿיל צייַט אַף געשלעגן מיט די, וואָס פֿלעגן זיך וואַרפֿן אַף מיר, שרייַענדיק: „רוס! רוס!”

מישע מיינט אויך (אַזוי ווי א סאַך אַנדערע עמיגראַנטן פֿון פֿססר), אַז אין די פֿאַרייניקטע שטאַטן ווערן באַגאַנגען צופֿיל פֿאַרברעכנס, און די פֿאַראַנטוואָרטלעכקייַט פֿאַר דעם לייגט ער אַרויף אַף די נעגערס און פּוערטאָ־ריקאַנער, „וועלכע זייַנען דאָסראָוו פֿאַרברעכער”. „יאָ, יאָ, דאָסראָוו — איך ווייס, וואָס איך זאָג”, — באַהויפּטעט ער און גיט גלייַך צו: „איך פֿאַרשטיי די דאָזיקע סיטואַציעס, ווייַל אין אַמעריקע, ווען א מענטש האָט ניט קיין אַרבעט אָדער פֿאַרלירט זי, קאָן ער גאַנץ פּאָשעט אַרייַנפֿאַלן אין ייִעש, און דאַן בלייַבט נאָר איין שפּאַן ביז צו ווערן א גאַנגסטער”.

„אין פֿססר, — זעצט ער פֿאָר, — האָבן אַלע אַרבעט, זאָל זייַן אַפילע מיט א קליינעם געהאַלט; באַ א מענטשן קומט קיינמאָל ניט אויף דאָס געפֿיל, אַז ער איז א פֿאַרשטויסענער”.

מישעס פֿאָטער איז געשטאָרבן אין אַמעריקע, ס׳איז געשטאָרבן אויך זייַן ברודער. באַ זייַן שוועסטער איז א נערוון־דעפּרעסיע. דער יאַט פֿאַרדינט אָפּן לעבן מיט צושטעלן פֿאַר קליענטן אוטאָמאַשינען, גענומענע אַף פּראָקאַט. פֿאַר א רייס באַקומט ער זייער ווייניק. ער האָט אָנגעהויבן זייַן לעבן ניט געלונגען, און אַף א דערפֿאָלג האָפּט ער ניט אין אַמעריקע. דערפֿאַר זאָגט ער מיט פֿאַרביטערטקייַט: „אויב צו דעם עלטער פֿון 30 יאָר וועל איך ניט זייַן בעיעכוילעס באַזאָרגן פֿאַר דער מישפּאָכע דאָס לעבן, וועל איך מאַכן אַן אָנפֿאַל אַף א באַנק אָן שום האָפֿענונג אַף א דערפֿאָלג, נאָר קעדיי מע זאָל מיך הארגענען”.

אַזאַ מיינונג איז ברייט פֿאַרשפּרייט צווישן דער אַמעריקאַנער יוגנט פֿון סאָוועטישער אָפּשטאַמונג, ווייַל באַ די סאָוועטישע עמיגראַנטן ווערט אין א סאַך א גרעסערער מאָס, איידער אין א באַליביקער אַנדערער עטנישער גרופּע, ניט מעגלעך צו געפֿינען אַן אָרט אין דער געזעלשאַפֿט.

לויט אַן אָנפֿראַגע, וועלכע עס האָט דורכגעפֿירט דער ראַט פֿון ייִדישע פֿעדעראַציעס און צדאָקע־פֿאָנדן, מיינט די איבערוועגנדיקע מערהייַט ייִדן, וועלכע האָבן עמיגרירט פֿון פֿססר, אַז די באַציִונגען צווישן מענטשן און דאָס קולטור־לעבן זייַנען א סאַך רייַכער אין סאָוועטנפֿאַרבאַנד, איידער אין די פֿאַרייניקטע שטאַטן.

■ ■ ■

ניקאָלײַ יאַקוטסקי

# ייִדן אין יאַקוטסק

אין סאָף פון די 20־ער יאָרן פונעם 17־טן יאָרהונדערט זײַנען קיין יאַקוטיע געקומען די ערשטע רוסישע קאַזאַקן. צום אָפּגעווײַטערטן אַף טויזנטער קילאָמעטער פון דער הויפּט־שטאָט פונעם צאַרישן רוסלאַנד אומהיימלעכן קאַנט, ווו דער ווינטער ברענגט מיט זיך די שטאַרקסטע פרעסט און זומערצײַט ברעכן אויס ניט זעלטן וואַלד־סרייפעס איבער דער גרויסער היץ, האָבן זיי זיך דערקליבן מיט גרויסע שוועריקײַטן. אַף די אומגעהײַערע ראַכוועסן פון יאַקוטיע, אין אירע אורוועלדער, האָבן די יעגער דעראָבערט דאָס טײַערסטע רויכוואַרג. פילצאָליקע טײַכן זײַנען רײַך געווען מיט פיש. דערצו נאָך האָט די אַבאָריגענישע באַפעלקערונג פונעם לאַנד — די יאַקוטן, עווענקן און די פעלקערשאַפטן פונעם טונדרע־צאָפן, די עווענען, יוקאַגירן, טשוקטשן — זיך באַצויגן גוט צו די נײַגעקומענע רוסן. ערד און וואַסער האָט געסטײַעט פאַר אַלעמען.

אין אַ צײַט אַרום האָבן צווישן די אײַנוווינער פון יאַקוטיע זיך באַוויזן פאָרשטייער פון אַ סאַך נאַציאָנאַליטעטן. אײנע זײַנען צוגעצויגן געוואָרן אַדאַנק די פרײַע ערד־שטאָכים און דעם רײַכן געיעג, אַנדערע זײַנען פאַרשיקט געוואָרן אַהער מיצאַד דער צאַרישער רעגירונג. צווישן זיי זײַנען געווען אויך ייִדן. לויט דער ערשטער אַלרוסלענדישער פאָלקסציילונג פונעם 1897 יאָר האָבן אין יאַקוטסק געלעבט 356 ייִדן (די אַלגעמיינע באַפעלקערונג פון דער שטאָט האָט דאַן באַטראָפן 6 טויזנט נעפאַשעס), נאָך עטלעכע צענדליק ייִדן זײַנען צעזייט און צעשפרייט געווען איבער די אומגעגנטן. זייערע קינדס קינדער, וואָס זײַנען אין יאַקוטסק געבוירן געוואָרן און ווינען דאָרט איצט, זאָגן וועגן זיך: „מיר זײַנען היגע — יאַקוטיאַנער...”

באַיאָרטע יאַקוטסקער ייִדן, געבוירענע נאָך אין אָנהייב פונעם איצטיקן יאָרהונדערט, רעדן ייִדיש, אייניקע קענען לייענען און שרײַבן אַף זייער מאַמע־לאָשן.

אין יאַקוטסק, דער הויפּט־שטאָט פון דער יאַקוטישער אווטאָנאָמער סאָוועטישער סאָציאַליסטישער רעפּובליק, האָב איך זיך באַגעגנט מיט אַ געוועזענעם לערער, איצט אַ פּענסיאָנער — יאַקאָוו איזראַילעוויטש קערשענהאָלץ. זײַן פאָטער איזראַיל יאָסיפאָוויטש, וועלכער איז געבוירן געוואָרן אין 1881 און איז געשטאָרבן אין 1961, האָט געפירט אַ מין פּינקעס פון די יאַקוטישע ייִדן. זײַנע נאָטיצן זאָגן אײדעס וועגן דעם, אַז די ערשטע ניט־גרויסע גרופּע פאַרשיקטע ייִדן איז געקומען קיין יאַקוטיע אין 1862. נאָכדעם פלעגט מען, אין מעשעך פון פינף יאָר, שיקן אַהער פאַרטיִעסווײַז ייִדן פון פוילן. די אַזויגערופענע „פרײַע אַרויסשיקונג” האָט געדויערט פינף יאָר. ווען די צאָל פאַרשיקטע ייִדן אין יאַקוטסק איז געוואָרן אַ באַדײַטנדיקע, האָבן זיי געגרינדעט זייער קעהילע. די קעהילע האָט, צווישן אַנדערס, געהאָלפן אירע מיטגלידער צו געפינען אַ וווינונג, בפּראַט ווען ייִדישע מישפּאָכעס פלעגן זיך איבערקלײַבן פון די אַרומיקע דערפער אין דער שטאָט יאַקוטסק.

אַ גרויסע גרופּע פאַרשיקטע ייִדן־איבערוואַנדערער איז געקומען קיין יאַקוטיע אין 1877 פון אוקראַינע און ווײַסרוסלאַנד. דעמאָלט האָט די קעהילע באַקומען אַ דערלויבעניש צו שאַפן אַפן מײַרעוו־ראַנד פון דער שטאָט, אין אַ סאָסנע־וועלדל, אַ ייִדישן בעסוילעם און אויסבויען אין יאַקוטסק אַ סינאַגאָגע.

אין די נאָטיצן פון ייִסראָעל קערשענהאָלץ ווערט באַשריבן די פילאָריקע געשיכטע פון אַ סאַך ייִדישע מישפּאָכעס. דער ערשטער פון דער קערשענהאָלץ־פאַמיליע איז אין יאַקוטיע געווען ייִסראָעלס פאָטער יויסעף, אַ געבוירענער אין קראָקע אין 1847. פאַר אָנטיילנעמען אינעם פוילישן אופשטאַנד איז ער פאַרשיקט געוואָרן אין מיזרעך־סיביר. יאַקוטיע, און, פּינקטלעכער, דאָס דאָרף בעסטיאַך, איז געוואָרן דאָס אָרט, ווו עס זײַנען געבוירן געוואָרן זײַנע זעקס קינדער. יויסעף קערשענהאָלץ האָט זיך פאַרנומען מיט איבערטרײַבן דאָס פי פון אַ פי־הענדלער אַף די לענער גאָלדגרובנס. אין 1893 האָט אַ רויבער אים דערהאַרגעט. נאָכן אומגליק האָט די יאַקוטסקער ייִדישע קעהילע געהאָלפן דער 46־יאָריקער אַלמאָנע גיטע מאָיסייעוונע אַריבערפאָרן מיט די קינדער אין דער שטאָט יאַקוטסק. דאָרט זײַנען די יונגע קערשענהאָלצס אויסגעוואַקסן, פאַרפירט מישפּאָכעס, אויסגעקליבן פאַר זיך באַשעפטיקונגען.

מיר דערוויסן זיך פון די נאָטיצן וועגן דעם סאָציאַלן באַשטאַנד פון דער ייִדישער באַפעלקערונג. צווישן די יאַקוטישע ייִדן זײַנען פאַר דער רעוואָליוציע געווען בלעכערס, שמידן, שטוקאַטורן, באַלעגאָלעס, קליינע הענדלער. אייניקע, מער פאַר־

מעגלעכע ייִדן, האָבן געלערנט זייערע קינדער אין פּראָגימנאַזיע, אין דער לערערישער סעמינאַריע. פיל פון זיי פלעגן ווערן קאַנצעליאַריע־אָנגעשטעלטע, אַנדערע — פּריקאַזטשיקעס בא סאָכרים.

ווי עס איז געווען אויבן דערמאָנט, האָט אין יאַקוטסק פונקציאָנירט א סינאַגאָגע. ראַבאָנים פלעג די קעהילע איינלאַדן פון אַנדערע סיבירער שטעט אָדער פונעם אייראָפּעיִשן רוסלאַנד. דער לעצטער ראָוו איז געווען ארן סטראַד, וועלכער איז געקומען צו פאָרן פון אוקראַינע קיין יאַקוטסק אין 1900. ער האָט זיך אומגעקערט קיין אוקראַינע אין 1930, ווייל דער ראַט פון דער קעהילע האָט ארויסגעטראָגן א באַשלוס וועגן פאַרמאַכן די שול, אַף וויפל די צאָל גלויביקע איז געוואָרן גאָר א קליינע. איינער פון דעם ראָווס געבוירענע אין יאַקוטסק קינדער, מאַטוויי סטראַד, האָט אין די יאָרן פון דער ראַטנמאַכט באַקומען יורידישע אוניווערסיטעט־בילדונג און געאַרבעט אין די דרייסיקער יאָרן אַלס פּראָקוראָר פון דער יאַקוטישער אוטאָנאָמער סאָוועטישער רעפּובליק.

מע דאַרף אָפּמערקן, אַז די ייִדן אין יאַקוטיע האָבן שוין בימיי דעם צאַריזם ניט איין מאָל געשלאָסן נאַציאָנאַל־געמישטע הייראַטן. כ׳וועל ברענגען א פּאָר אינטערעסאַנטע ביישפּילן. ייִצכאָק גאָלדמאַן, וועלכן מע האָט פאַרשיקט אין ווערכנעווילויער אולוס פונעם ווילויער קרייז, האָט זיך פאַרליבט אין א יאַקוטקע און געהאַט מיט איר א זון. ער האָט אָבער ניט געוואָלט איבערגיין אינעם קריסטלעכן גלויבן, און זיין ווייב האָט ניט געוואָלט זיך מעגייער זיין. לויט א דערגרייכטן העסקעם, האָט מען דעם ניי־געבוירענעם געשמאַדט און געגעבן אים דעם נאָמען אַבראַם. זיין פאַמיליע איז געבליבן דעם טאַטנס — גאָלדמאַן, דער פאָטערנאָמען איז געווען דעם שמאַד־פאָטערס — ספּירידאָנאָוויטש. אַבראַם ספּירידאָנאָוויטש גאָלדמאַן, א געבוירענער אין 1906, האָט אין די יאָרן פון דער ראַטנמאַכט זיך געלערנט, איז געוואָרן א קאָמיוגיסט און שפּעטער — א קאָמוניסט, געווען אַף פאַראַנטוואָרטלעכער פּאַרטיייִשער און סאָוועטישער אַרבעט. בעשאַס דער גרויסער פאָטערלענדישער מילכאָמע האָט ער געאַרבעט אַלס פאָרזיצער פון א ראַיאָנישן אויספּירקאָם. פאַר דער אָפּגעטאָנענער אַרבעט אַף צו מאָביליזירן די רעסורסן פונעם ראַיאָן צו היילף דעם פראָנט איז א. גאָלדמאַן באַלוינט געוואָרן מיטן אָרדען פון דער פאָטערלענדישער מילכאָמע.

איסיי שישליאַניקאָוו איז געווען לויט דער אָפּשטאַמונג א רוס, מע האָט אים גערופן איוואַן. פאַרליבט זיך אין א ייִדישקע, האָט ער געביטן זיין נאָמען אַף איסיי. בייס דער גרויסער פאָטערלענדישער מילכאָמע האָט זיין אייניקל, מיכאַיל שישליאַניקאָוו, א דראַגער אינעם טרעסט „אַלדאַנזאָלאָטאָ", זיך דערשלאָגן אויסשליסלעכע דערפאָלגן, און אים, איינעם פון די ערשטע אין יאַקוטיע, איז פאַר דעם צוגעייגנט געוואָרן דער הויכער טיטל העלד פון דער סאָציאַליסטישער מי.

יאַקוטישע ייִדן זיינען אין די יאָרן פון דער גרויסער פאָטערלענדישער מילכאָמע געווען אין די רייען פון די פאַרטיידיקער פונעם היימלאַנד,




די מאַצייווע אַפן קייווער פון ב. רובינשטיין

העלדיש געקעמפט קעגן די דייטשיש־פאַשיסטישע פאַרכאַפּערס. מע קאָן דאָ דערמאָנען די מיליטערישע פליִער יורי שאַפער און יוסעף רייס, די ברידער געדאַליע און מוישע אַלפעראָוויטש (ביידע זיינען העלדיש געפאַלן אין שלאַכט אין 1942; אגעוו, זייער עלטערער ברודער לייב האָט בייסן בירגערקריג אָנגעפירט מיט א רויטן אָטריאַד און איז אומגעקומען אין 1921 אין קאַמף מיט די ווייס־באַנדיטן). ביז בערלין איז מיט שווערע שלאַכטן דערגאַנגען אוראָם ראַבינאָוויטש, זיין ייִנגערער ברודער שלוימע איז העלדיש אומגעקומען אין 1944 באַם באַפרייען דאָס שטעטל טשודנאָוו אַף דער אוקראַינע. מע קאָן ברענגען פיל אַזעלכע ביישפּילן.

איך בין א יאַקוטישער שריפטשטעלער, א יאַקוט לויט דער נאַציאָנאַליטעט, איך שאַף מיינע ווערק אַף יאַקוטיש און אַף רוסיש. דאָס לעבן פון די ייִדן אין אונדזער ווייטן קאַנט זע איך, ווי מע זאָגט, פון דער זייט, אָבער ס׳דוכט זיך מיר, אַז איך ווייס עס ניט שלעכט. באַזונדערס אימפּאָנירן מיר די טיפע רעוואָלוציאָנערע טראַדיציעס פון מיינע ייִדישע פריינט, וועגן וועלכע איך וויל דאָ נאָך עטוואָס זאָגן.

אן אייביקער פאָרוואורף דער אַלטער וועלט, דעם צאַריזם, איז דער קייווער אַפן ייִדישן בע־

סוילעם אין יאקוטסק, אין וועלכן עס זיינען באער־דיקט די אופגעהאנגענע אין אווגוסט 1889 פאליטישע פארשיקטע ל. מ. קאהאן־בערנשטיין און א. ל. גאוסמאן. זיי זיינען באשולדיקט געווארן אלס הויפט־ארגאניזאטארן פון א באוואפנטן ווידערשטאנד מיצאד די פאליטישע פארשיקטע קעגן די צארישע מאכט־ארגאנען. וועגן דעם ווילט זיך דערציילן גענויער.

אין אנהייב מארט 1889 האט דער יאקוטסקער וויצע־גובערנאטאר אסטאשקין אפגעגעבן א פאראָרדענונג, מע זאל איבערפירן אפן צאפן, קיין סרעדנע־קאלימסק, אין געפערלעכע פאר יענער צייט ערטער, א גרויסע גרופע פאליטישע פארשיקטע, צווישן וועלכע עס זיינען געווען עטלעכע יידן. די פארשיקטע זיינען מאסקים געווען זיך אוועקלאזן אין וועג באַ דעם טנאַי, אז זיי וועלן גיין אן א קאנוואי, אף וויפל זיי זיינען ניט קיין ארעסטאנטן. דאן האבן זיך אף זיי ארופגעווארפן די סאלדאטן. אינעם געשלעג האט מען געשאסן פון ביידע זייטן. צוויי פארשיקטע זיינען אומגעקומען, עטלעכע האבן געקראגן וואונדן. א פארשיקטער האט אויסגעשאסן אינעם וויצע־גובערנאטאר אסטאשקין, וועלכער איז אנגעקומען אפן ארט פונעם געשלעג און זיך אפגעזאגט ארויסצורופן א דאקטער און געבן הילף די פאראוואונדעטע, בייס די סאלדאטן האבן פארגעזעצט צו ווילדעווען.

אין רעזולטאט פון אט דער געשעעניש זיינען איבערגעגעבן געווארן צום געריכט די פאליטישע פארשיקטע קאהאן־בערנשטיין, גאוסמאן און זאטאוו, וועמען מע האט געהאלטן פאר די הויפט־איניציאטארן פונעם באוואפנטן ווידערשטאנד די מאכט־ארגאנען. זיי זיינען פאראורטיילט געווארן צו טויט־שטראף דורך אופהענגען. דער אורטייל איז אויסגעפילט געווארן אינעם הויף פון דעם יאקוטסקער אסטראג קאיאר דעם 7־טן (19־טן) אווגוסט 1889. לויט דער היסטאריע פון דער יידישער קעהילע זיינען די קערפערס פון ל. קאהאן־בערנשטיין און א. גאוסמאן געבראכט געווארן צו קוווּרע אפן יידישן בעסוילעם. אין די ערשטע יארן פון דער ראטנמאכט האט מען אף זייערע קווארים אופגעשטעלט א דענקמאל. אף צוויי טאוולען, וואס זיינען צוגעפעסטיקט צום קיווער־צאם, זיינען אויסגעקריצט זייערע לעצטע ווענדונגען צו די כאווירים:

„עס קאן זיין, אז איר וועט זיך
דערוווארטן אף דער גליקלעכער מינוט,
ווען דאס באפרייטע היימלאנד וועט
באגעגענען זיינע געטרייע ליבנדיקע
און געליבטע קינדער מיט אפענע
ארעמס און צוזאמען מיט זיי פייערן
דעם גרויסן יאמטעוו פון דער פרייהייט!

אייער לעוו בערנשטיין.

נאכאמאל — זייט געזונט, טייערע פריינט! כ׳קוש אייך שטארק.
יאקוטסק, 1889. דעם 6 אווגוסט".

„אלע כאווירים גיט איבער מיין
הייסן גרוס און דעם לעצטן זייט־געזונט!



א. גאלדמאן (רעכטס) און דער אווטאר פון דער פארצייכענונג

אויב איר וועט ווען־עס־איז דערלעבן
ביז די פריידיקע טעג, וועט מיין געדאנק, אויב מע קאן זיך אזוי אויסדריקן, זיין מיט אייך.

איך שטארב מיטן גלויבן אינעם
טריומף פון דעם עמעס!
זייט געזונט, ברידער!
7/8—1889. 0 אזייגער 43 מינוט
באנאכט. אייער א. גאוסמאן.
יאקוטסקער טורמע".

מע דארף זאגן, אז די פאליטישע פארשיקטע האבן ביכלאל איבערגעלאזט וועגן זיך אין יאקוטיע א גוטן זיכארן. אף אייביק זיינען אריין אין דער געשיכטע פונעם יאקוטישן פאלק די נעמען פון די באלשעוויקעס־לענינצעס נאגין, באבושקין, וואראווסקי, פעטראווסקי, ארדזשאניקידזע, אוריצקי, יאראסלאווסקי און פיל אנדערע.

יעמעליאן יאראסלאווסקי... וועמען איז ניט באוווסט אט דער נאמען! ער איז פארשיקט געווארן קיין יאקוטסק אין 1913 (דעמאלט איז ער נאך געווען באוווסט אונטער זיין נאמען — מיניי איזראיל־לעוויטש גובעלמאן). צוזאמען מיט זיינע כאווירים לויט דער פארשיקונג גריגארי פעטראווסקי און סערגא ארדזשאניקידזע האט ער ארגאניזירט אין יאקוטסק אין דער סוויווע פון דער שטודירנדיקער יוגנט א קרייזל „יונגער סאציאל־דעמאקראט". פון די מיטגלידער פון אט דעם קרייזל — יאקוטישע באכערים און מיידלעך — האבן זיי דערצויגן איבערגעגעבענע באלשעוויקעס. אין 1932 האט יעמעליאן יאראסלאווסקי אנגעשריבן די פאלגנדע שורעס: „מיר האבן, אין אונטערשייד פון די פריערדיקע פארשיקטע, זיך געזעגנט מיט יאקוטיע ניט ווי מיט א פארשאלטן לאנד. ניין, מיר זיינען אוועקגעפארן, ליב האבנדיק דאס דאזיקע לאנד און דאס פאלק, מיט וועלכע מיר האבן אינאיינעם דורכגעפירט די פעווראל־מארט־רעוואלוציע".

אן אינטערעסאנטער פאקט: די פארשיקטע באלשעוויקעס האט ארויסגעפירט איבער דעם לענע־טייך דער קאפיטאן נאום סאמוילאוויטש גאראוואצקי, א געבוירענער אין יאקוטסק, וועלכן מע האט שפעטער מיט רעכט גערופן „אדמיראל פון

די סיבירער טײַכן". אין דעם בוך „יאַקוטיע אונטער דער פאָן פונעם אָקטיאַבער" זײַנען פאַראַן אַזעלכע שורעס: „ניט קיין קליינע באַדײַטונג פאַר דער אַנטוויקלונג פונעם סאָוועטישן טײַך־פלאָט אין יאַקוטיע האָט געהאַט דער פאַקט, וואָס אין 1918 איז אַפן צאַד פון דער ראַטנמאַכט איבערגעגאַן דער דאַמפּער „לענאַ" בעראָש מיטן קאַפּיטאַן נ. ס. גאָראָוואַצקי".

נאום גאָראָוואַצקי (1975—1881) האָט דורכגעפירט 62 נאַוויגאַציעס אַפן גרויסן סיבירער טײַך לענע. אָנפירנדיק אין די ערשטע נאָך־רעוואָליוציע־יאָרן מיט דעם יאַקוטישן שיף־פּאַרקער, האָט נ. ס. גאָראָוואַצקי אָפּגעגעבן א סאַך קויכעס דער צוגרייטונג פון קאַדרען פאַרן לענער טײַך־פלאָט. הייליק היטן אָפּ דעם אָנדענק פון נאום סאַמוילאָוויטשן די יאַקוטישע טײַך־לײַט. איינע פון די מאָטאָר־שיפן פונעם לענער שיף־פּאַרקער טראָגט דעם נאָמען „קאַפּיטאַן גאָראָוואַצקי".

און אויך איצט מיִען זיך אין אַלע אָפּצווײַגן פון דער פאָלקסווירטשאַפט פון דער סאָוועטישער יאַקוטיע, אין דער וויסנשאַפט, בילדונג און מעדיצין, די יאָרשים פון פאַרשיקטע ייִדן־איבערוואַנדערער, ווי אויך, שוין אין די באַדינגונגען פון דער הײַנטצײַטיקער הויך־אינדוסטריעלער סאָוועטישער יאַקוטיע, נײַ־צוגעקומענע פאַרשטייער פונעם ייִדישן פאָלק. א סאַך פון זיי זײַנען פאַר זייער איבערגעגעבנער מי אָפּגעמערקט מיט רעגירונגס־באַלוינונגען.

אויב עמעצער כידעשט זיך, וויאַזוי ייִדן האָבן געקאָנט לאָזן טיפע וואָרצלען אין אַזאַ „אומהיימלעכן קאַנט", ענטפערן זיי מיט ווירדע: „שענער און רײַכער פון דער יאַקוטישער ערד איז ניטאָ!"




דער סטענד אין דער פאַרייניקטער יאַם־פּאַרוואַלטונג אין יאַקוטסק: „דער אַדמיראַל פון סיבירער טײַכן" — וועגן נ. ס. גאָראָוואַצקין

# כאַיִם טאַמאַרקין

אין עלטער פון 92 יאָר איז אין מאָסקווע געשטאָרבן דער קולטור־טוער און זשורנאַליסט כאַיִם טאַמאַרקין.

געבוירן אין אן ארבעטער־מישפּאָכע אינעם שטעטל קאָראָסטישעוו, זשיטאָמירער געגנט, איז כ. טאַמאַרקין צו 16 יאָר אוועקגעפאָרן פון דער היים, זיך פאַרבונדן מיט פאַרשיידענע ארבעטן אין אָדעס, וואַרשע, קיִעוו. נאָך דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע לערנט ער זיך אין דער קיִעווער דראַמאַטישער סטודיע „קולטור־ליגע", שפּעטער דינט ער אין דער רויטער ארמיי, באַטייליקט זיך אין די שלאַכטן אפן פּוילישן און קרימער פראָנט. נאָכן אומקערן זיך קיין קיִעוו ווערט ער אן אַקטיאָר אין טעאַטער „אָנהייב", זעצט איבער און באַארבעט פאַרן טעאַטער אייַנאַקטערס, וואָדעווילן, אינסצעניִרט פּיעסעס פאַר קינדער.

אין 1922 פאָרט כאַיִם טאַמאַרקין אריבער קיין מאָסקווע, ארבעט אין דער טעאַטראַלער שאָלעם־אַלייכעם־סטודיע, אין דער טעאַטער־סטודיע „פרייַקונסט". שפּעטער איז ער א קאָרעקטאָר אין פאַרלאַג „עמעס", ארבעט אינעם טעאַטראַלן קאָנצערט־אָפּטייל פון דעם מאָסקווער צענטראַלן הויז פון דער רויטער ארמיי. בייַ דער גרויסער פּאָטערלענדישער מילכאָמע איז ער אפן פראָנט.

זינט עס האָט אָנגעהויבן צו דערשייַנען „סאָוועטיש היימלאַנד" ווערט כ. טאַמאַרקין אן אַקטיווער געזעלשאַפטלעכער פאַרשפּרייטער פונעם זשורנאַל, פאַרעפנטלעכט א ריי ווערק — זיכרוינעס וועגן דעם קולטור־לעבן אין וואַרשע ערעוו דער רעוואָליוציע, וועגן דעם בירגערקריג אף דער אוקראַינע, וועגן די ערשטע טריט פון א ריי יידישע טעאַטערס, נאָטיצן וועגן זייַנע לאַנדסלייַט דאָוויד האָפשטיין און שיפרע כאָלאָדענקאָ, פאַרצייכענונגען און הומאָרעסקעס.

קאָוועד זייַן אָנדענק!

# מישע מאָגילעוויטש

אין קיִעוו איז אין עלטער פון 66 יאָר געשטאָרבן דער יידישער סאָוועטישער דיכטער מישע מאָגילעוויטש.

מ. מאָגילעוויטש איז געבוירן געוואָרן אין 1920 אינעם שטעטל טשערנאָביל, קיִעווער געגנט. דאָרט האָט ער פאַרענדיקט א זיבניאָריקע שול, דערנאָך זיך געלערנט אין קיִעוו. אין די ערשטע טעג פון דער גרויסער פּאָטערלענדישער מילכאָמע גייט ער אוועק אפן פראָנט, באַטייליקט זיך אין שווערע שלאַכטן, ווערט פאַרווונדעט. פאַר געוואַגטקייַט באַלוינט מען אים מיט שלאַכט־אָרדענס און מעדאַלן. נאָך דער מילכאָמע קערט ער זיך אום קיין קיִעוו, ארבעט אלס מייַסטער אפן קיִעווער זאַוואָד „קעראַמיק", באַקומט דעם טיטל „פאָרדינסטפולער בויער".

שרייַבן לידער האָט מ. מאָגילעוויטש אָנגעהויבן נאָך אין די שול־יאָרן. זייַנע ווערק דרוקן זיך אין דער צייַטונג „דער שטערן". זינט עס האָט אָנגעהויבן צו דערשייַנען דער זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד" פאַרעפנטלעכט ער א גרויסע צאָל לידער־ציקלען, ווערט א מיטגליד פונעם שרייַבער־פאַרבאַנד. זייַן לידער־זאַמלונג „אָפנהאַרציקייַט" איז דערשינען אין מאָסקווער פאַרלאַג „סאָוועטסקי פּיסאַטעל" אין 1981. אין קיִעוו לאָזט מ. מאָגילעוויטש ארויס דרייַ ביכער לירִיק אין דער איבערזעצונג אף אוקראַיניש („דאָס האַרץ פונעם פידל", „לעבן", „אומדערמידלעכקייַט"). אין 1986 האָט דער מאָסקווער פאַרלאַג „דעטסקאַיאַ ליטעראַטוראַ" ארויסגעלאָזט זייַנע קינדער־לידער. אינגיכן דאַרף אינעם פאַרלאַג „סאָוועטסקי פּיסאַטעל" ארויסגיין א נייַער בוך זייַנער אין דער איבערזעצונג אף רוסיש.

ערע זייַן אָנדענק!

# בראָניע סינעלניקאָווע

אין מאָסקווע איז אין עלטער פון 77 יאָר געשטאָרבן די דיכטערין בראָניע סינעלניקאָווע. זי האָט פרי פאַרלאָרן די עלטערן און איז אויפגעצויגן געוואָרן אין בערדיטשעווער קינדערהיים. דאָרט האָט זי געשריבן אירע ערשטע לידער. נאָכן אריבערפאָרן קיין מאָסקווע ארבעט זי אלס קאָרעקטאָר אין דער צייַטונג „דער עמעס", שפּעטער איז זי א ביבליאָטעקערן אינעם ארבעטער־קלוב „קאָמוניסט".

בראָניע סינעלניקאָווס לידער האָבן זיך אָפט געדרוקט אין דער פאַרמילכאָמעדיקער פּרעסע. אין די לעצטע יאָרן זייַנען א ריי אירע פּאָעטישע ציקלען געווען פאַרעפנטלעכט אין זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד".

קאָוועד איר אָנדענק!

## פון ייִסראָעל פּראָטעסטירט




„צי איז יערוכאַם אַ באַזונדערע מעדינע?" — פרעגן די אַרבעט-לאָזע פון דעם דאָזיקן שטעטל אויף זייער דעמאָנסטראַציע




„אָפקים — אַ שטאָט, וואָס אירע אײַנוווינער הונגערן" — מיט אַזעלכע פּלאַקאַטן זײַנען אַרויס אויף דער גאַס די אַרבעטלאָזע פון דער דאָזיקער שטאָט



אַ דעמאָנסטראַציע קעגן דער אַרבעטלאָזיקייט און קעגן דעם אָפּשאַפן דעם יאָקרעס-צוגאָב

## פון ייִסראל פּראָטעסטירט



די קראַנקן־שוועסטער פון די שפּיטאָלן האָבן דערקלערט אַ שטרייק. זיי באַהאַנדלען די לאַגע אַף איינער פון זייערע פּאַרזאַמלונגען




די אַרבעטער פון בעט־שעוואַ זײַנען געקומען קיין טעל־אַוויוו דעמאָנסטרירן קעגן פאַרמאַכן זייער אונטערנעמונג

די הויצאָעס, וועלכע עס פאַרשווענדט די ייִסראַעל־רעגירונג אַף מיליטאַריזירן די אינדוסטריע, פון איין זײַט, און דאָס פאַרמאַכן אונטערנעמונגען, פון דער צווייטער זײַט, רופן זיך אָפּ אַף דער עקאָנאָמישער לאַגע פון דעם לאַנד און אַף דעם לעבנס־ניוואָ פון דער באַפעלקערונג. עס וואַקסט די אַרבעטלאָזיקייט, עס שטײַגן די פּרײַזן אַף סכוירעס פון ברייטן געברויך. די אײַנוווינער פון דער מעדינע פּראָטעסטירן קעגן אַזאַ פּאָליטיק. וועגן דעם זאָגן אײדעס פילצאָליקע דעמאָנסטראַציעס, וועלכע קומען פאָר איבעם לאַנד.

# מאַטעריאַלן פאַר אַ לעקסיקאָן
## פון דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור

### האַראָוויץ, ש.
### (דאַטעס אומבאַוווּסט)

— פּעדאַגאָג. געלעבט אין קיִעוו
און אין כאַרקאָוו. אין די יאָרן
1928—1936 געווען אַ מיטאַרבעט־
טער אינעם זשורנאַל „ראַטנבילְ־
דונג”, וווּ פאַרעפנטלעכט אַרטיק־
לען וועגן פּעדאַגאָגישע פראַגן,
ווי אויך רעצענזיעס. אַוטאָר פון
לערנביכער פאַר דער ייִדישער
שול.

ווערק: (צוזאַמען מיט ב. גור־
טיאַנסקין) ליטעראַרישע כרעסטאָ־
מאַטיע פאַרן 4־טן קלאַס. קיִעוו,
אוקרמעלוכענאַצמינדפּאַ ר ל אַ ג,
1941; כרעסטאָמאַטיע פון ליטע־
ראַטור פאַרן 10־טן קלאַס פון
דער מיטלשול. קיִעוו—כאַרקאָוו,
אוקרמעלוכענאַצמינדפאַרלאַג, 1935.

ביבליאָגראַפיע: לעקסיקאָן פון
דער נײַער ייִדישער ליטעראַטור,
ב. 3.

### הורוויץ, כאַיִם-דוויוו
### (1865—1927)

— זשורנאַליסט, קולטור־טוער.
געבוירן אין האָרקי, מאָהילעווער
געגנט, ווײַסרוסלאַנד. אין 1900
שטודירט אין בערלין סאָציִאַלע
וויסנשאַפטן, איבערהויפּט פּאָלי־
טישע עקאָנאָמיע, באַקומען דעם
דאָקטאָר־טיטל פאַר דער דיסער־
טאַציע „די אַנטוויקלונג פון די
מענטשלעכע באַדערפענישן און
די סאָציִאַלע דיפערענצירונג פון
דער געזעלשאַפט”. זיך באַפרײַנ־
דעט מיטן שרײַבער דאָוויד פּינ־
סקי און צוזאַמען מיט אים גע־
פירט אַ קולטור־טעטיקײַט צווישן
די בערלינער ייִדישע סטודענטן.
געדרוקט אין פאַרשיידענע ייִדי־
שע, העברעיִשע און רוסישע
צײַטשריפטן דערציילונגען און
סקיצן, פּאָפּולער־וויסנשאַפטלעכע
אַרבעטן. אין 1901—1903 געווען
מיטרעדאַקטאָר (צוזאַמען מיט
מ. ספּעקטאָרן) פון די צײַטונגען
„די ייִדישע פאָלקס־צײַטונג” און
„די ייִדישע פרויען־וועלט”. נאָך
דער גרינדונג פונעם פּעטערבור־
גער „פרײַנט” (1903) געוואָרן
איינער פון זײַנע מיטאַרבעטער
און מיטגליד פון דער רעדאַקציע.
געדרוקט אין „פרײַנט” פּובליציס־
טישע אַרטיקלען און געפירט די
אָפּטיילונג „פון ייִדישן עקאָנאָ־
מישן לעבן”. שפּעטער געווען
איינער פון די טעאָרעטיקער פון
דער ייִדישער קאָאָפּעראַטיווער
באַוועגונג און פאַרעפנטלעכט אַ
ריי אַרטיקלען און בראָשורן וועגן
דער דאָזיקער פראַגע. געווען אַ
דער טאָגבלאַט” (1917—1918),
מיטאַרבעטער אין „פּעטראָגראַ־
„הײַנט”, „מאָמענט”, „ייִדישע
וועלט”, „ייִדישע קאָאָפּעראַציע”.
נאָך דער אָקטיאַבער־רעוואָלוציע
געלעבט אין מינסק, ווילנע, וואַר־
שע, זיך געדרוקט אין די דאָר־
טיקע צײַטונגען, שפּעטער אַרי־
בערגעפאָרן קיין מאָסקווע, גע־
דרוקט אַרטיקלען אין „עמעס”
און אין אַנדערע אויסגאַבעס, גע־
ווען טעטיק אין די עקאָנאָמישע
און וויסנשאַפטלעכע מעלוכע־אָר־
גאַניזאַציעס.

ווערק: קאַרל מאַרקס' לערע
(זשורנאַל „דאָס לעבן”, פּעטער־
בורג, 1905), „די סאָציִאַליסטישע
פּאַרטייען אין רוסלאַנד”, „אַ
בריוו צו דובנאָוון”, „די ייִדישע
עקאָנאָמישע לאַגע אין רוס־
לאַנד” (דאָרט), „סאָציִאַל־
עקאָנאָמישע לאַגע אין רוסלאַנד”
(דאָרט), „סאָציִאַל־עקאָנאָמישע
טיפּן אין דער נײַער ייִדישער לי־
טעראַטור” (זשורנאַל „די צו־
קונפט”, ניו־יאָרק, 1911); ייִדישע
קלאַסן און פּאַרטייען, אַ סאָציִאָ־
לאָגישער עטיוד. פּעטערבורג,
1918; (צוזאַמען מיט י. נאָוואַ־
קאָווסקי) די קאָאָפּעראַציע און
דאָס ייִדישע שטעטל. מאָסקווע,
צענטרפאַרלאַג, 1929.

ביבליאָגראַפיע: ז. רייזען, לעק־
סיקאָן, ב. 1; אַ. רייזען, עפּיזאָדן
פון מײַן לעבן, ב. 2, ז. 68, ב.
3, ז. 60—61; ש. ראָזענפעלד,
זשורנאַל „צוקונפט”, ניו־יאָרק,
מײַ 1936; מ. קיטאַי, אונדזערע
שרײַבער און קינסטלער. וואַר־
שע, 1938; ש. גינזבורג, אַמאָלי־
קער פּעטערבורג. ניו־יאָרק, 1944,
ז. 192; ד. פּינסקי, זשורנאַל „צו־
קונפט”, ניו־יאָרק, מײַ 1945;
וול. גראָסמאַן, אַמאָל און הײַנט,
פּאַריזש, 1955, ז. 22; לעקסיקאָן
פון דער נײַער ייִדישער ליטע־
ראַטור. ב. 8.

### הער, מייער (1891—?)

— פּובליציסט, לינגוויסט, איבער־
זעצער. געבוירן אין ריגע. פאַר
רעוואָליוציאָנערער טעטיקײַט
פאַרשיקט געוואָרן אין 1914 קיין
סיביר, פונוואַנען זיך אומגעקערט
נאָך דער פעוורואַל־רעוואָליוציע.
אין 1917 אָפּגעדרוקט אַן אַרטיקל
וועגן י.־ל. פּערעצן אין רוסישן
„וועסטניק סיבירסקיך יעווּ־
רעיעוו”. אין 1919 געווען רע־
דאַקטאָר פון דער באָלשעוויסטי־
שער צײַטונג „איזוועסטיִאַ פּאָל־
טאַווסקאָוואָ סאָוועטאַ” און פון
דער ייִדישער צײַטונג „דער קאָ־
מוניסטישער געדאַנק”. פאַרעפנט־
לעכט ליטעראַריש־קינסטלערי־
שע אַרטיקלען אין ווילנער
„טאָג”, אין וואַרשעווער „ביכער־
וועלט”. געלעבט אין פּוילן, פונ־
וואַנען מע האָט אים אַלס קאָמו־
ניסט אַרויסגעשיקט אין 1922 קיין
פּססר. געווען רעדאַקטאָר פון אַ
ריי פאַריִאָדישע אויסגאַבעס, גע־
שריבן פילאָלאָגישע אַרבעטן, זיך
פאַרנומען מיט איבערזעצונגען,
געדרוקט אַרטיקלען אינעם זשור־
נאַל „אָפן שפּראַכפראָנט”, אין די

